# ייִדישע שריפטן

## זאמלבוך





1948 לאָדזש תש"ח

# יידישע שריפטן

## ליטעראריש זאמלבוך

פאַריין פון ייד' ליטעראַטן און זשורנאַליסטן אין פוילן

תש"ח לאָדזש 1948

רעדאַקציע:

לייב אָליצקי
ישראל אַשענדאָרף
בינעם העלער

רעדאַקציע־קאָלעגיע:

רחל אויערבאַך, אלחנן וואָגלער, אברהם זאַק,
בער מאַרק און אפרים קאַגאַנאָווסקי.

Printed in Poland by Union of Jewish Writers and Journalists

Nakładem Związku Literatów i Dziennikarzy Żyd. w Polsce, Łódź, Narutowicza 32

Składano i tłoczono w drukarni „OGNIWO", Warszawa, Targowa 33. — B - 52624



די יידישע שרייבער אין פוילן, נישט געקוקט אויף די שווערע איבערלעבונגען בעת דער מלחמה, האָבן נישט אויפגעהערט צו שאַפן. און ווען אַפילו אין אַ סך פון זייערע שאַפונגען איז דאָמינירנדיק דער טרויער, איז דאָס שאַפן גופא, פאַר זיך אַליין — אַ פריידיקע דערשיינונג.

מיר גיבן איצט אַרויס דאָס צווייטע זאַמלבוך „יידישע שריפטן". פון ערשטן ביז דעם צווייטן זאַמלבוך, זענען אַוועק אַ צוויי יאָר. דאָס איז אַ גענוג לאַנגע צייט. מען טאָר אָבער די צייט נישט האַלטן פאַר אַ בלויז, ווייל אין משך פון דער דאָזיקער צייט האָבן מיר אַרויסגעגעבן דעם חודש־זשורנאַל „יידישע שריפטן", אין וועלכן עס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן די שאַפונגען פון אַלע יידישע שרייבער, וואָס לעבן אין פוילן.

פונדעסטוועגן האָבן זיך פאַר דער צייט אָנגעזאַמלט ביי די שרייבער אַ רייַ מאַטעריאַלן, וואָס האָבן צוליב זייער גרויס, אָדער צוליב אַנדערע סיבות, זיך נישט צוגעפאַסט און נישט געקענט געדרוקט ווערן אין זשורנאַל. אין אונדזער זאַמלבוך באַמיען מיר זיך קודם כל פאַר די דאָזיקע אַרבעטן געבן אַן אָרט.

מיר האָבן זיך באַמיט, אַז אַלע יידישע שרייבער, וואָס לעבן אין פוילן, זאָלן געבן צום זאַמלבוך זייער צושטייער.

אפרים קאַגאַנאָווסקי

# לעצטער וועג

(קאַפּיטל פון אַ דערציילונג)

1

## פאַר גאָרנישט

אַזוי ווי פאַר פיל טויזנטער יידישע פאַמיליעס אין פּוילן איז דאָס יאָר טויזנט ניינהונדערט ניין און דרייסיק געווען דאָס לעצטע, איז דאָס יאָר אויך דאָס לעצטע געווען פאַר דער פאַמיליע ב.

נאָך מיט אַ צייט פאַר דער מלחמה, אין די לעצטע עטלעכע יאָר, וואָס זענען, דאַכט זיך, מיט אַן אויסערגעוויינלעכער שנעלקייט געלאָפן, עפּעס ווי זיי וואָלטן זיך געטראָגן באַרג אַראָפּ, איז די פאַמיליע ב. פאַרערעמט געוואָרן, ווי פיל אַנדערע פאַמיליעס אין פּוילן, נאָכדעם ווי ב. האָט פאַרלוירן זיין פּאָסטן אין דער באַנק צוליב דעם וואָס ער איז געווען אַ ייד.

די קריסטלעכע באַנק־באַלעבאַטים האָבן לאַנג געזוכט אַן אויסרייד אים פּטור צו ווערן, כאָטש ער האָט זייט לאַנגע יאָרן דאָרט געאַרבעט און געווען פאַררעכנט פאַר דעם בעסטן און געוויסנהאַפטסטן אָנגעשטעלטן. אָבער נאָכדעם ווי זיי האָבן באַקומען אָנצאָליקע אויפפאָדערונגען פון פאַרשידענע אַנטיסעמיטישע קליענטן, דראָונגען און שטעכיקע זידל־ווערטער אין די העצערישע באַיקאָט־צייטונגען וועגן „פאַרקויפן פּוילן צו די „זשידעס", וועגן „אויסהאָדעווען אַ שונא פונעם פּוילישן פאָלק", איז ב. ענדלעך אַרויסגערופן געוואָרן צום ה' דירעקטאָר.

ווייטער איז דאָס שוין געגאַנגען ווי אין אַלע טויזנטער פאַלן פון יענע טעג. דער זייער אויסגעאיידלטער ה' דירעקטאָר האָט אַראָפּגעלאָזן זיין פיינעם, גרויען קאָפּ, און מיט אַ ציטערנדיקער גאָמבע, ווי עס וואָלט אים קאַלט געווען, האָט ער מער מיט די ציין ווי מיטן מויל אַרויסגעשטופּט פון זיך די צוגעגרייטע ווערטער וועגן דעם: „אַז ער באַדויערט זייער... דער ה' ב. דאַרף אַליין פאַרשטיין... אַלס קולטור־מענטש... דער גייסט פון דער צייט... אדרבא... דער ה' ב. איז אַן אָנגעשטעלטער אָן פאָרוואורף... אָבער מיר זענען נישט אַליין... מיר זענען אויך אָנבאַלאַנגען... קאָניוקטור... די בעסטע רעקאָמענדאַציעס... מיט פאַרגעניגן... אָבער..."

ב. איז געווען אַ „קולטור־מענטש", און ער האָט פאַרשטאַנען... ער האָט נאָר נישט פאַרשטאַנען אין וואָס האָט מען פּלוצלינג דערזען זיין יידישקייט.

ב. האָט, ווי אַ גרויסער טייל יידישע אַרבעטער־אינטעליגענץ אין פּוילן, פון זיין פריסטער יוגנט זיך אַוועקגעריסן פון אַלע ספּעציפישע יידישע לעבנס־פאָרמען און אַריינגעפלאָכטן זיך אין דעם לעבנס־שטייגער פונעם לאַנד. ער האָט געענדיקט אַ פּוילישע שול, וועלכע איז אַנטשטאַנען אין די ערשטע יאָרן פון פּוילנס זעלבשטענדיקייט, אַ שול, וואָס האָט געגלאַנצט מיט דעם פּעטס פון איבערגעזעטיקטן שאָוויניזם. ער האָט אַריינגעזאַפּט אין זיך דעם גאַנצן בוימל, מיט וועלכן ס'איז געשמירט געוואָרן די מאַשין פון פאַרגעטערונג און געזאַלבטקייט פון דער רעפּובליק און אירע שעפער. ער איז געווען פון די געשווירענע קאָנסומענטן פון אַלע ליפערונגען אין דער קולטור פונם לאַנד, וואָס איז, מער ווי פאַר אַלע בירגער, כאַראַקטעריסטיש געווען פאַר — יידן. ער איז געווען אין קורס פון יעדער טעאַטער־פּרעמיערע, פון יעדער ווערניסאַזש, איינער פון די ערשטע אָפּנעמער פון יעדן ניי־דערשינענעם בוך. און אַדאַנק דעם, וואָס ער איז אַפילו אויסערלעך ווייניק ענלעך געווען אויף אַ ייד, האָט זיך פאַר אים געעפנט די שטרענגע טיר פון דעם נישט־יידישן אַרבעטס־פּלאַץ.

אָבער איצט, ווען ער האָט צום לעצטן מאָל פאַרלאָזן די שוועל פון דער שפּיגלדיקער באַנק־טיר, האָט זיך אויף אים גראָד אָנגעטראָגן פיל דערמאָנונגען פון זיין יידישער היים און פאַר אַלעמען דער טויט פונעם פאָטער, וואָס איז אויפן יידישן שטייגער געלעגן אויף דער ערד, אויף אַ ביסל שטרוי, צוגעדעקט מיט אַן אַלטן, שוואַרצן מלבוש.

אָט דאָס חשכות פונם יידישן טויט האָט אין אים דעמאָלט אַרויסגערופן אַ גרויס ווידערגעפיל צו די אַלטע יידישע געזעצן. ער האָט זיך אַפילו דעמאָלט געפּרוּווט קעגנשטעלן די שוואַרצע יידן אויפן בית־עולם, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט, ווי אַ סטייע רויב־פייגל, און אים געהייסן זאָגן די שוואַרצע, שרעקיקע, אַלטע, יידישע ווערטער, וואָס ער האָט שוין נישט געקאָנט, און נישט געדענקט, און נישט פאַרשטאַנען. די אַלטע יידישע קלוגשאַפט פון אָפּגעבן דעם מת דער ערד אָן אַ טרומנע פון האָלץ אָדער בראָנז, האָט פאַר אים אויסגעזען ווילד, באַרבאַריש. ער האָט געגלויבט, אַז עס איז שענער באַגראָבן צו ווערן אין אַ רייך אינקרוסטירטער טרומנע, ווו דער שימער פון פאָרם ברענגט אַריין אַזוי פיל טרייסט און מילדערונג ביי דער גרויזאַמקייט פון טויט.

איצט פאַרלאָזנדיק צום לעצטן מאָל די באַנק־טיר, ווו ס'איז אים נאָך לאַנגע יאָרן געבליבן נאָר אַ געפיל פון ברענענדיקער שאַנדע און אַ טיפער שטאָך פון שפּאָט איבער זיין יידישקייט, האָט ער דערפילט, אַז יענער טונקעלער טאָג פונעם פאָטערס טויט, באַגלייט אים, לויפט אים נאָך, אים איז איצט קלאָר געוואָרן, אַז די וועלט פון רייכע פאָרמען לאָזט אים נישט אַריין, וואַרפט אים אַרויס, פונקט ווי די שטרענגע, שפּיגלדיקע טיר פון דער באַנק.

* * *

אין דעם זומער נאָכמיטאָג, האָט די שטאָט געלויכטן ווי אַן איידלשטיין. די זון איז געשטאַנען הויך, מיט אַ ווייסלעכן פלאַם איבער די קאָפּולן, גזימסן און בליצנדיקע שפּיצן פון די הייזער. איבער דעם שטיין און אַספאַלט פונעם ברוק, איבער דעם בעטאָן פון די הייזער איז די ליכט געלעגן אויסגעשפּרייט, ווי אַ ווייכע, וואַרעמע זייד. עס איז געווען די נאָכמיטאָג־שעה, ווען די שטאָט האָט געבלאַנקט אין איר גאַנצער רייכטום

געזאַמלט פון פיל יאָרהונדערטער. דאָס איז געווען די שעה, ווען אין דער ליכט האָבן זיך אַלע קלאַנגען צונויפגעגאָסן אין איין האַרמאָנישן ריטם. די גאַס האָט געשטראָמט, וויברירט אין אַ ווייך־געדעמפטן אימפעט, וואָס האָט אָנגערעגט צו באַוועגונג, ווי צום פליען.

אָט די ווונדערבאַרע שטאָט האָט ב. געקאָנט פון קינדווייז אָן. זי איז געוואַקסן צוזאַמען מיט אים, שענער, רייכער און באַקוועמער געוואָרן פון טאָג צו טאָג. ער איז געווען צונויפגעוואַקסן מיט אַלע אירע ווינקעלעך, מיט אַלע אירע פאַרקן, אַלייען, סקווערן, מיט די נעפלדיקע בריקן איבער דער אַלטער, גרויער ווייסל, וואָס גיסט אַריין אַזאַ פריידיקן אומעט אין די הערצער פון אירע באַוווינער.

אַדורכשניידנדיק די ווימלענדיקע „קראָקעווער פאָרשטאָט", וואָס האָט איצט, אין דער ליכט, געבלאַנקט מיט איר אַלטער, שטרענגער, קאַטוילישער אַרכיטעקטור און יחוסדיקער פאַטין, האָט ב. זיך אַראָפּגעלאָזן באַרגאַראָפּ מיט אַ קורצער גאַס, וואָס האָט זיך אָפּגעשניטן איבער דעם ווייסל־ברעג מיט אַ גרין־בלוילעכן, נעפלדיקן לאַנדשאַפט. אַ לאַבירינט גאַסן און געסלעך, אַ קנופּ פון גאַסן און געסלעך, ווי אַן אַלטער, רייכער שטיך. דאָס גרויע זילבער פון דער ווייסל האָט זיך ערשט אויסגעמישט מיט דעם לילן שטויב פון דער הויכער זון־ליכט, וועלכע האָט גערייצט און גערופן מיט איר פאַרבענקטער ווייט פון סודותדיקע וועלדער און ליבע, דרימלענדיקע שטעט און שטעטלעך.

אַזוי האָט ער אין דעם פאַרנאַכט אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די אַלע ליבע און היימישע גאַסן, ווי ער וואָלט זיך אויף לאַנג געוואָלט מיט זיי אָנזעטיקן. ער האָט אין דעם טאָג דערפילט, אַז אַלץ ווערט דאָ פאַר אים וואָס אַמאָל פרעמדער און בייזער, ווי עפּעס אַ פאַרביסענער שונא וואָלט זיך אַוועקגעשטעלט צווישן אים און דער שטאָט.

דאָס געפיל פון פרעמדקייט האָט ב. דערפילט ערשט אין דעם טאָג, ווען ער האָט באַקומען דעם ערשטן בייזן פּאַטש פון זיינע קריסטלעכע באַלעבאַטים. אים זענען קלאָר געוואָרן אַ סך שווערע און פאַרפלאָנטערטע, אָנגעווייטיקטע פראַגן, וועגן וועלכע עס איז פאַר די לעצטע יאָרן אַזוי פיל גערעדט געוואָרן. ב. האָט זיי אַלץ אָפּגעשטופּט פון זיך, נישט געוואָלט זיך אַריינטראַכטן, און אויך איצט האָט זיך אים נישט געגלוסט גלויבן, אַז אין דעם ליכטיקן, ריינעם שימער פון די אַזוי גוט באַקאַנטע גאַסן גייט אַרום אַ שטעכיקער ווינט, וואָס צילט אין אים, וואָס וויל אים אומברענגען. ער האָט זיך איצט דערמאָנט אין צענדליקער פאַלן מיט זיינע נאָענטע מענטשן, וואָס זענען געטראָפן געוואָרן פון דעם זעלבן, וואָס אים האָט געטראָפן היינט.

און ווידער זענען דאָס געווען מענטשן, וואָס האָבן אים דערנענטערט צו זיין יידישקייט, און אים האָט אַרומגענומען אַ קיינמאָל נאָך נישט געפילטער עלנט, ווי אַ מענטש, וואָס פאַרבלאָנדזשעט אין אַ פרעמדער, דראָענדיקער וויסטעניש.

ער האָט זיך פּלוצלונג דערשראָקן פאַר דער הינטערשטאָטישער ליידיקייט, וואָס האָט קיל און סודותדיק געקוקט אויף אים פון דער ווייט, ווי עפּעס אַ טריבאויג פון אוראַלטע צייטן, וואָס וואָלט אים געוואָרנט און דערציילט פון שרעקן, וואָס גייען נאָך אַרום נישט געזעגנערהייט. און ער האָט זיך איליק אומגעקערט צוריק מיט דעם פאַרלאַנג, זיך אַריינצופלעכטן אין דער ענגשאַפט פון די מיט מענטשן פאַרפינטלטע גאַסן.

די גאַס האָט זיך געוויגט אין אַ יום־טובדיקן, ליכטיקן ריטם, אויף די טראָטואַרן איז געווען ענג פון די געדיכטע מענגעס מענטשן, וואָס האָבן זיך געטראָגן האַרמאָניש און זיכער מיט אַ שפּאַצירנדיקן טראָט. נאָר ערטערווייז האָבן זיך מיט גערודער און שיכורע, אומזיכערע טריט אָנגעטראָגן צעכראַסטעטע יונגען מיט פּעק צייטונגען און בלעטלעך אונטערן אָרעם.

זיי האָבן געבליצט מיט שיכורער העזה אין די אויגן. פון זייערע צעשריגענע, קרומע מיילער האָט זיך געריסן אַ הייזעריקער הילך:

— יידן אַרויס! וואָן!... קויפט נישט ביי קיין יידן!... העלפט אַרויסטרייבן די יידן פון פוילן!...

זיי האָבן געפאָכעט מיט די בלעטלעך איבער דער גאַנצער ברייט פונעם טראָטואַר. אַרום זיי האָט זיך געטראָגן אַ פריילעכער גערודער און אויפגערעגטקייט. ליידיקגייער און גאַסן־יונגען, מיט די הענט אין די הויזן־קעשענעס, „פייגל" פון דער אונטערוועלט, וואָס האָבן דערפילט דעם ריח פון הפקרות און פאַרברעכן, האָבן זיך איינגעקנעטן אין דעם גערודער.

די אויפגעהויבנקייט פון דער גאַס האָט דאָס מאָל מאָדנע זיך אָפּגעשלאָגן אויף ב—ן. ער איז אַראָפּ פון טראָטואַר אויפן ברוק, נישט קלערנדיק צוליב וואָס ער טוט דאָס. עס איז אים פּלוצלונג ענג געוואָרן.

טייל פון די דורכגייער האָבן געקויפט די בלעטלעך מיט ערנסטער זאָרג, טייל מיט אַ פאַרשעמטן שמייכל, אַנדערע זענען שנעל פאַרבייגעגאַנגען, קוקנדיק פאַר זיך, ווי זיי וואָלטן נישט געוואָלט אין זיך אַריינגעמען די דיסהאַרמאָנישע אויסגעשרייען, וואָס האָבן אומהיימלעך זיך אַריינגעריסן אין דעם ריטם פון דער ליכטיקער גאַס.

עס זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט און באַדויערנדיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

ב. האָט איצט אַרומגענומען מיט זיין בליק דעם ווינקל שטאָט. דאָס איז געווען דאָס סאַמע האַרץ פון דער אַלטער הויפּט־שטאָט. אויף דעם הינטערגרונט פון אַ גאַנצער קייט אַלטע קלויסטערס, וואָס האָבן אין זייערע ווענט געטראָגן די געשיכטע פון אַלטע, פאַרטונקלטע צייטן, האָט זיך אויפגעהויבן דאָס שטאָלצע געשטאַלט פונעם מיצקיעוויטש־דענקמאָל. ב. האָט געקוקט אויף דעם געהעמערטן פון אייזן, רייך־געפאָרמטן באַריער און די אינקרוסטירטע לאַמטערן, וואָס האָבן פייערלעך באַוואַכט דעם דענקמאָל, אויף די הויכע, נישט באַרירטע, מאַרמאָר־טרעפּ, אויף וועלכע עס איז געלעגן אַ יום־טובדיקע ריינקייט און דערהויבנקייט.

ב. האָט זיך דערמאָנט, וואָס ער האָט געהערט אין די קינדער־יאָרן, אַז דער באַריער און די לאַמטערנס זענען געהאַמערט געוואָרן מיט די הענט אַלס מתנה פון דעם דאַנקבאַרן פאָלק פאַר זיין גרויסן, נאַציאָנאַלן דיכטער. איצט האָבן פּלוצלונג די הענט, וועלכע האָבן דאָס אייזן געבויגן און געהאַמערט, אים אָנגעהויבן שרעקן. די צלמער אויף די קלויסטערס האָבן געבליצט מיט גאָלד אין דער ליכטיקער הויך. די שטרענגע רייכקייט פון דעם ווינקל שטאָט האָט אין אים שטענדיק אויפגעהויבן דעם געניוס פון שיינקייט און האַרמאָניע. איצט האָט זיך אַלץ אויף אים אַ לייג געטון מיט אַ פרעמדער, בייזער שווערקייט. און דאָ, אין דער פיינלעכער ענג־

שאַפּט האָט ער מיטאַמאָל דערזען אַ ייד. אַ ייד מיט אַ ווייסער באָרד אין אַ גראָער, לאַנגער קאַפּאָטע.

דאָס איז געווען אַ געפּוצטער וואַרשעווער ייד פון יחוסדיק־סוחרישן שטאַנד, פון תורה און אַלטער יידישער לעבנס־ווייזהייט. פון די יידן, וועלכע מ׳האָט נאָך געקאָנט זען נאָר אין די פּוילישע שטעט. אַ פאָרשטייער פון דעם טייל יידן, וואָס האָבן אין דער ערד פונעם לאַנד, פון הונדערטער יאָרן, געלאָזן די טיפסטע און ברייטצעוואַקסענע שטאַמען. איינער פון די, וואָס האָבן ווי מיט כישוף געבויט הייזער און פאַרוואַנדלט ליידיקע, וויסטע פּלעצער אין בלענדיקע נעסטן, געדיכט באַזעצטע און באַוווינטע הייזער און גרויסשטעטישע גאַסן. דאָס איז געווען איינער פון די געוואַשענע און געקעמטע יידן אין פּוילן, וואָס האָבן צו זייער תורה צוגעבוצט דעם פּריצישן גלאַנץ און פיינע זיטן, וואָס זייערע טאַטעס און זיידעס האָבן אַרויסגעטראָגן, דרייענדיק זיך אַרום די פּריצישע הייף. די געשיכטע פונעם לאַנד האָבן זיי געקאָנט לייענען אויסגעקריצט מיט פייער און בלוט אויף דער הויט פון זייערע זיידעס.

ב. אַליין איז אַרויסגעקומען פון אַזאַ שטאַם, אַזוי ווי דער גרעסטער טייל יידישע אינטעליגענטן אין פּוילן. און ווען ער האָט איצט, אין דעם ווינקל, דערזען דעם ייד אין דער דראָענדיקער ענגשאַפט, אויף דעם פאָן פון די טונקעלע קלויסטערס, וואָס האָבן געשימערט מיט מיטלאַלטערלעכער, טריבער אייביקייט, אויף די שטאָלצע דענקמעלער, וואָס האָבן זיך געריסן אַרויף אין דער קלאָרקייט פונעם ליכטיקן הימל, האָט אים ווי שטענדיק, אָנגעפילט אַ וואַרעמקייט פון דעם אַלטן וווּנדערלעכן געמיש, ווי אַ מערקווירדיקער קאַפּריז פון דער געשיכטע.

אָבער איצט, זעענדיק די צעשפּילטע יוגנט, וואָס האָט זיך מענגעסווייז אָנגעטראָגן, וואָס האָט שפּאַצירט מיט זיכערקייט און גאווה, מאַרשירט און געזוכט עפּעס אַ טאַט אויסצולאָדן די אָנגערייצטקייט פון די אומאויפהערלעכע אויסרופן, האָט ב. דערפילט אַ שטעכיקן שווידער פון אומהיימלעכקייט.

ער האָט געזען פונדערווייטן, ווי דער ייד איז אויך, אַזוי ווי ער, אַרויסגעשטופּט געוואָרן דורך דער ענגשאַפט און איז אַראָפּ פונעם טראָטואַר. דאָס איז, דאַכט זיך, געווען נאָר אַ צופאַל, ווייל די רעדלעך יוגנט אויפן טראָטואַר האָבן איצט, ווי געוויינלעך, געשטופּט, געשטויסן איינער דעם אַנדערן. אַזוי ווי יונגע חיהס, וואָס פאַלן אָן אויף זיך כלומרשט שפּילנדיק זיך, האָבן זיי זיך געקלאַפּט איבער די קליינע שילער־היטעלעך און בערעטן, באַהאָפטענע מיט פאַרשידנאַרטיקע עמבלעמען און אוזאָרן.

דער ייד איז אַראָפּגעטרעטן פון טראָטואַר. ער איז, זעט אויס, מיד געוואָרן פון דער ענגשאַפט. ווען אָבער ב. האָט זיך באַגעגנט מיט זיין בליק, האָט ער פּלוצלונג אין די אויגן פון דעם געפּוצטן ייד דערזען אַ משונהדיקע דערשלאָגנקייט, וואָס האָט גאָרנישט געהאַט קיין געמיינזאַמס מיט דער גרויסער, בלאַנקענדיקער, אייראָפּעישער שטאָט אַרום. זייערע בליקן האָבן זיך איצט עפּעס איבערגעגעבן, עפּעס אַ סיגנע פון יאָרהונדערטער, אפשר וועגן דעם, אַז זייערע עלטער־זיידעס האָבן אויך אַזוי, אַמאָל, אין די אַלטע, טונקעלע צייטן, אין דעם זעלבן ווינקל שטאָט, אויף דעם זעלבן פּלאַץ, אָפּגעטרעטן דעם טראָטואַר פאַר דעם זעלבן, צעשפּילטן, יובלדיקן עולם.

אָבער איצט איז דער ברוק נישט געווען קיין אָרט פאַר קיין געמיטלעכע שפּאַצירער. פון אַלע זייטן זענען מיט אימפּעט און הייסן בענזין־אָטעם אָנגעלאָפן הונדערטער מאַשינען. אַ קאַליידאָסקאָפּ פון פאַרביקע רעדער, גלאָז און מעטאַל האָט וויברירט אין אַ ריטמישן געיעג. ב. האָט געקוקט ווי אין איין מינוט איז דער געפּוצטער ייד געקנייטשט געוואָרן. זיין לאַנגע קאַפּאָטע האָט זיך צעשפּרייט ווי אַ קלייד, ווען ער האָט קרום אַ לויף געטון, אויסמיידנדיק די מאַשין, וואָס האָט זיך ווייך געגליטשט נעבן טראָטואַר. זיינע באַוועגונגען האָבן איצט אויסגעזען, ווי ער וואָלט זיך כסדר צוגערירט צו עלעקטרישע דראָטן. די שאָפערן האָבן אַרויסגעשטעקט זייערע קעפּ פון די בלאַנקענדיקע לימוזינעס און מיט איבערגעטריבענעם בייזער און שפּאָט אָנגעשריגן אויף דעם שפּרינגענדיקן ייד. די יוגנט אויפן טראָטואַר האָט איבערגעכאַפּט דעם חוזק, און ווען דער ייד האָט צוריק אַרויפגעשפּאַנט אויפן טראָטואַר, איז גראָד אָנגעלאָפן אַ רעדל יוגנט מיט צעפּלאָשענע בלעטער אין די הענט.

דער ייד האָט שלעכט אויסגערעכנט און איז גראָד אַריין אין דער סאַמע מיט פון דעם צעשפּילטן רעדל יוגנט. דעמאָלט האָט איינער פון זיי אים דערזען. דאָס איז געווען אַ יונגער, שלאַנקער, בלאָנדער שילער, מיט אַ ראָז, וואַרעם פּנים. דערזעענדיק דעם יידן איז זיין פּנים נאָך ראָזער און וואַרעמער געוואָרן:

— וואָס איז... — האָט ער אַ געשריי געטון — וואָס שטופּסטו דיך... „זשיד"! — און ער האָט אים אַ שטופּ געטון פון זיך.

דער ייד האָט אַ פאַל געטון, דאָס קליינע, יידישע היטל איז אַראָפּגעפאַלן, און ער איז געבליבן מיט אַן אָפּגעדעקטן, גרויען קאָפּ.

אַרום דעם ייד איז געוואָרן געדיכט, אַזוי אַז אים איז שוין איצט שווער געווען צו זען. מ׳האָט נאָר געזען ווימלען זיין גרויען קאָפּ, וואָס האָט ווי אויסגעטאַנצט עפּעס אַ משונהדיקן טאַנץ.

אַ קליינער, גראָב־אָנגעטוענער יונג, מיט ברייטע, ווי הילצערנע, פּלייצעס און קורצע, קלאָציקע פיס, האָט אַרויסגעכאַפּט די האַנט פון די הויזן־קעשענעס און זיי אַ וואָרף געטון דעם יידן אין פּנים אַריין. [illegible] איז דער ייד שוין געלעגן אויף דער ערד, און צו ב—ן האָט זיך נאָר דערטראָגן זיין קורץ, רייסנדיק געשריי.

אין דעם אויגנבליק האָט ב. ווידער נישט געדענקט, אַז ער איז אַ ייד. ער האָט געהאַט גענוג ווערטער אין זיין פיינער, פּוילישער שפּראַך, וואָס האָבן באַדאַרפט ווירקן אויף די גאַסן־יונגען. פאַר אים איז קלאָר געווען, אַז ער געפינט זיך אין סאַמע האַרץ פון דער אַזוי גוט געשיצטער שטאָט, וואָס ווערט געזיט דורך טויזנטער אויגן, וווּ קיינער קאָן נישט פאַרמיידן די פאַרגעשריבענע שטראָף פאַר נישט ריכטיק אַריבערגיין די גאַס, וווּ ביי דער לייכסטער באַרירונג פון צוויי דורכגייער קומט דער איידעלער: „פּשעפּראַשאַם". אים האָט זיך געדאַכט, אַז מיט איין וואָרט וועט ער אָפּשטעלן די שענדלעכע עקזעקוציע איבער [illegible] גרויען, פאַלנדיקן קאָפּ פון דעם יידן. אָבער זיין שטים האָט מיטאַמאָל פאַרלוירן דעם מעטאַל פון זיין גוטער, פּוילישער שפּראַך, און זי איז געוואָרן מאָדנע ענלעך צו דעם קרעכצנדיקן אויסגעשריי פון דעם באַפאַלענעם ייד.

קיין צוריקגאַנג האָט ער אָבער שוין נישט געפֿונען. ער איז שוין איצט געשטאַנען אין דערמיט טראָטואַר אויף דעם יידנס אָרט. אויף אים האָט זיך גערוקט עפּעס אַ פרעמדע, מוטנע פאַליע פון אומגליק. ער איז געוועזן אַרומגענומען, ווי מיט אַ צוים פון שטעכיקן דראָט, פון די ווייסלעכע, פאַרשנדיקע, מיט שטעכיקער רוגזה, בליקן, וועלכע עס איז איצט עפּעס קלאָר געוואָרן.

דאָ האָט ב. געפּרוווט עפּעס זאָגן, אָבער נישט דאָס וואָס ער האָט געוואָלט. דאָס אַלץ האָט געדויערט אַ מאָמענט. „אַ שלעכטער טאָג" — איז אים דורכגעלאָפן אַ געדאַנק. עס איז אים אָנגעשווומען דער געשפּרעך מיט דעם באַנק־דירעקטאָר. ער האָט זיך פאַרשעמט, ווי ער וואָלט געשטאַנען נאַקעט אינמיטן דער גאַס, און מיט־אַמאָל האָט ער דערפילט אַ שאַרפן, רייסנדיקן ווייטיק אין פּנים. עס האָט אים אַ בליץ געטון פאַר די אויגן, און ער איז צוגעפאַלן צו דער וואַנט. ער האָט נאָך באַוויזן צו זען, ווי נישט ווייט פון אים איז האַלב־זיצנדיק געלעגן דער ייד.

ב. האָט געוואָלט טון אַ סך זאַכן. ער האָט געוואָלט שרייען. ער האָט דאַכט זיך געשריגן: „הינט!", „באַנדיטן!", „אויסוואָרפן!". ער האָט געוואָלט שלאָגן, ווערגן, און נאָך מער פון אַלעם האָט ער געוואָלט פאַרשווינדן, נישט־ווערן פון דער ברענענדיקער שאַנדע, וואָס האָט זיך אַריינגעשטאָכן אין אים, ווי אַ דינער, שאַרפער שפּיז.

פון דעם אַלעם אָבער האָט ער מיט אַ משונהדיקער פאַמעלעכקייט פאַרריכט דעם צעקנייטשטן הוט און זיך דערנענטערט צו דעם ייד. ער האָט אים געוואָלט אַוועקשטעלן מיט זיך, כדי צוצוגעבן וועלכן עס איז זין זיין משונהדיקער לאַגע. דער ייד אָבער האָט זיך דערווייטערט פון אים, זוכנדיק זיך אַ וועג פון דער בייזער ענגשאַפט, און ב. האָט, אַליין נישט וויסנדיק ווי אַזוי, זיך געלאָזן נאָך אים.

אַן עלטערער קריסט איז צוגעגאַנגען נעבן אים און שטילערהייט אים צוגעוואָרפן עטלעכע ווערטער:

— אויסוואורפן... לאָבוזעס, די היינטיקע יוגנט...

ערשט איצט האָט ב. דערפילט, ווי אַ האַלבער קאָפּ צוזאַמען מיטן אויער פלאַמט ביי אים און טראָגט, ווי מען וואָלט אים צוגעבונדן אַ פאָדעם צו דער באַק און געצויגן. ער האָט אַרויסגענומען דאָס נאָז־טיכל און זיך אָפּגעווישט דאָס פּנים. אויפן טיכל איז געבליבן אַ טונקעלער רויטער פלעק. ער האָט נאָכאַמאָל אַ וויש געטון, און אַ צווייטער רויטער פלעק האָט זיך איינגעגעסן אין טיכל.

ב. האָט נאָך דערכאַפּט די גיכע, כמעט לויפנדיקע טריט פון דעם יידן. זיין לאַנגע קאַפּאָטע האָט נישט שיין זיך געהויבן און זיך געפּלאָנטערט צווישן זיינע טריט.

ב. איז מעכאַניש אָפּגעגאַנגען אַ שטיק וועג און איז שטיין געבליבן נעבן אַ גלאַנציקן שוי־פענצטער. מיין גוט, וואָס עס איז אַרויס פון דער שטיקנדיקער און דראָענדיקער ענגשאַפט! דאָס בלאַנקענדיקע שוי־פענצטער האָט געשפּילט מיט אַ רייכן שימער פון אויסגעזוכטער קאָסמעטיק. פיינע, דיסקרעטע פלאַקאַנען, קרישטאָל־געשליפענע, געפּאַקטע אין געשמאַקפולע פוטליאַרן, לעדערנע קעסטעלעך, אין וועלכע עס איז געלעגן אַ שטילער, פריידיקער סוד פון גוטן לעבן. גאַנצע פּיראַמידן פיינע זייף און קעלניש וואַסער. ב. האָט נישט איינמאָל געקויפט אין דעם דאָזיקן מאַגאַזין אָט די ליבע קליינינקייטן, וואָס ברענגען אַריין אַזאַ חשק צום לעבן. ער וואָלט אויך איצט עפּעס עמיצן אויף להכעיס געקויפט אָט די פיין־דערפרישנדיקע וואַסער און זייף. אים האָט זיך געוואָלט וואָס גיכער אָפּוואַשן זיך פון דער פרעמדער גראָבער האַנט, וועלכע ער האָט נאָך געפילט אויף זיין פּנים. און דאָ האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער איז אָן אַ פּאָסטן, אַז דער היינטיקער טאָג איז דער ערשטער, דער אָנהויב פון אַ שווערער, אומזיכער לעבן פול מיט דאגהס און הכנעה.

„אַרבעטסלאָז" — איז אים אַרויסגעפאַלן פון מויל דאָס נייע, מאָדנע וואָרט, וואָס מ'האָט איצט אַזוי אָפט באַגעגנט אין די צייטונגען. ער האָט אַ שמייכל געטון. דאָס וואָרט האָט שטענדיק פאַר אים געהאַט עפּעס אַ פאַרדעכטיקן ריח פון גאַסן־אומרוען, עפּעס אַ טשאַד פון נישט געזעענע שריפות. „אַרבעטסלאָז". ער האָט אין זיין געדאַנק צוגעפּאַסט דאָס וואָרט צו זיך, און אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס וואָרט וועט קיינמאָל נישט קלעפּן צו אים, ניין, ער איז רעדוצירט צוליב... צוליב... „קאָניוקטור"... צוליבן: „גייסט פון דער צייט"... אין אַלע שפּיגלען פון דעם שוי־פענצטער האָט ער מיטאַמאָל דערזען ווי זיין פּנים קרימט זיך אויס אין אַ משונהדיק געלעכטער.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט. מענטשן האָבן געשטראָמט איבערן טראָטואַר. די גאַס איז געווען פאַרגאָסן מיט אַ לילער ליכט פונם שפּעטן נאָכהאַלבן טאָג. ער האָט געקוקט פונדערווייטנס און געזען ווי די רעדלעך יוגנט האָבן אַלץ גערויעט אויף יענעם אָרט, און ער האָט דערבליקט ווי איינציקע מענטשן פאַרלאָזן דעם טראָטואַר מיט איילנדיקע טריט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען יידישע דורכגייער, וואָס מיידן אויס די צעשפּילטע אָנפאַלער. ער איז אַ ווײַלע געשטאַנען ביים ראָג, וווּ צוויי גאַסן האָבן זיך איבערגעקרייצט און געוואַרט ביז וואַנען עס וועט זיך באַווייזן די גרינע ליכט אין דעם סיגנאַליזאַטאָר.

צוזאַמען מיט דעם שטראָם מענטשן האָט ער זיך אַ לאָז געטון און זיך פאַרהאַלטן אין דער מיט פון דעם ברייטן, גלאַנציקן אַספאַלט פונעם ברוק, וואָס האָט איצט אין שפּעטן נאָכהאַלבן טאָג אָפּגעשלאָגן מיט אַ לילער, איידעלער ליכט.

אויף דעם קיילעכיקן, שטיינערנעם פּאָדיום איז ווי אַ מאָנומענט געשטאַנען דער וואַך־פּאָליציאַנט. זיין בלויער מונדיר איז געלעגן ווי אויסגעגאָסן אויף זיין שלאַנקער, מוסקולירטער פיגור. דער מעטאַלענער זוים אויף דעם טיפן דאַשעק פון זיין היטל האָט געשטראַלט מיט אַ ראָזער ליכט פון דער זון, וואָס האָט זיך ערגעץ אונטער די הויכע דעכער געזעצט.

דער פּאָליציאַנט האָט אויפגעהויבן די האַנט צום ראַנד פון זיין בלוי היטל, ווען ב. האָט זיך געווענדט צו אים, און צוגעבויגן זיין געזונטן, רויטן אויער:

— איר זענט באַפאַלן געוואָרן אויף דער גאַס? דורך וועמען?

— פון כוליגאַנעס...

— איר קאָנט זיי?...

— איך קאָן זיי פון זען... איר דאַרפט זיי אויך קאָנען... זיי גייען דאָ אַרום פראַנק און פריי איבער אַלע גאַסן...

— איר קאָנט מיר זיי אָנווייזן?

ב. האָט זיך דערפילט נאַריש און איבעריק. זיין איראָניע איז אַריין אין דעם רויטן, געזונטן אויער אָן אַן אָפּקלאַנג. ער האָט אַרויסגענומען דאָס טיכל און געוויזן די בלוט־פלעקן. דער פּאָליציאַנט האָט געמאַכט אַ גראַנדיעזע באַוועגונג, און מיט אַ שמייכל אויף זיינע ראָזע דינע ליפּן האָט ער געזאָגט:

— פאַרוואָס האָט איר זיי נישט פאַרהאַלטן?...

פון ביידע זייטן זענען ווי צוויי אַרמייען, געשטאַנען רייען זידנדיקע אויטאָמאָבילן. עס האָט זיך באַוויזן דער רויטער סיגנאַל און די מאַשינען האָבן אַ שווים געטון פונעם אָרט מיט אַ הייסן אימפּעט. זיי האָבן זיך דורכגעגליטשט נאָענט און הייס געאָטעמט אויף אים, ווי הינט, וואָס רינגלען אַרום אַ פרעמדן. ער האָט געמוזט נאָך אַ ווײלע שטיין נעבן פּאָליציאַנט, וואָס האָט איצט פאַר אים אויך אויסגעזען ווי אַ טייל פון דער מעכאַנישער בלינדער קראַפט. ב. האָט געוואַרט אויף דעם גרינעם סיגנאַל, און ער האָט זיך דערפילט ווי אַ טרינקענדיקער אין אַ צעבושעוועטן ים. ער האָט אַריינגעקוקט אין די מאָטאָרן פון די אויטאָמאָבילן. ער האָט ערשט מיט אַ מאָדנער דייטלעכקייט געזען די בלאַנקענדיקע מעכאַניזמען און אים האָט זיך אַנטפּלעקט די פייערלעכע, שטרענגע ריינקייט, וואָס ליגט אין די געדערעם פון די מאַשינען, און ער האָט נאָך מער דערפילט, אַז ער איז אַ קליין און נישטיק ווערעמל, וואָס וועט באַלד צעטרעטן ווערן און מיט צעבראָכענע טריט האָט ער זיך אַוועקגעלאָזן מיט דער שטראָמענדיקער גאַס.

עס איז אים געבליבן נאָר דער וועג אַהיים, צו זיין ווייב און צו זיין קינד. אָבער די גאַס, מיט וועלכער ער איז געגאַנגען, האָט נישט געפירט אַהיים. עס איז אים געווען מאָדנע שווער אַהיימצוטראָגן דעם „שלעכטן טאָג” מיט דעם אָפּזאָג פונם פּאָסטן, די פלאַמענדיקע באַק און די בלוט־פלעקן אויפן טיכל. זיין קאָפּ האָט איצט שנעל געאַרבעט, ווי אַלץ וואָלט דאָרט געווען איבערגעקערט, און ער האָט זיך פּלוצלונג דערמאָנט אַ ווערטל, וואָס ער האָט געהערט פון זיינעם אַ פריינד, אַן אַלטן באַנק־באַאַמטן, אַז אינעם קאָפּ פון אַ גוטן באַנקאָנגעשטעלטן דאַרף זיין אַזאַ אָרדנונג, ווי אויף זיין ביוראָ־טיש. ער האָט זיך איצט פאָרגעשטעלט ווי אין זיין קאָפּ ליגן איבערגעקערט די טישן מיט די שטולן. די פּאַפּירן ליגן צעוואָרפן... און צעקנייטשט...

אַ געווינטער צו מוסטערהאַפטער אָרדנונג, איז אים אַריבער אַ גרויל איבער דער הויט, און די פּיין פון אַ מענטש, וואָס איז געבליבן הענגען אין דער לופט, איז אים באַפאַלן. מאָרגן אין דער פרי וועט ער, נאָך לאַנגע יאָרן, נישט אַרויסגיין ביין אַזייגער אַ פריש געגאָלטער און גוט־געוואַשענער מיט דעם גוטן געפיל פון זיכערן, געאָרדנטן לעבן. אים איז באַפאַלן אַ נאָך קיינמאָל נישט געפילטע שרעק. עס האָט אים פּלוצלונג געדאַכט, אַז ער האָט מער נישט קיין רעכט צו גיין איבער די אויסגעצירטע גאַסן.

אַ לילער נעפל, געמישט מיט דער גאָלדענער ליכט פונעם זון־פאַרגאַנג, האָט זיך איצט אויפגעהויבן. די שטאָט האָט אויפגענומען דעם אָוונט מיט אַ רוישיקער צעוויגטקייט. די קאַפע־טעראַסן האָבן זיך אָנגעפילט מיט מענטשן, און די פאַרביקע נעאָן־ליכט־רעקלאַמען האָבן אויפגעצאַפּלט מיט רופנדיקע ווונקן אויף די טונקל־געוואָרענע הייזער.

אַ טויט־מידקייט איז אים מיטאַמאָל באַפאַלן, ער האָט פאַרגעסן אָן אַלע הייזער און שטובן און פריינד, וואָס ער האָט דערוואָרבן פאַרן גאַנצן לעבן אין דער שטאָט. עס האָט אים אויסגעוויזן, אַז ער איז מיטאַמאָל אָפּגעשניטן געוואָרן פון אַלע מיטמענטשן. ער האָט געוואָלט מיט עפּעס זיך ראַטעווען, כדי צו דערהאַלטן די גלייכגעוויכט. ער האָט געוואָלט ביי זיך פועלן, אַז דער היינטיקער „שלעכטער טאָג” איז נאָר אַ צופאַל, אַז דאָס לעבן וועט אַריבערשטראָמען און גיין ווייטער, ווי פריער. אָבער אַלץ אַרום אים האָט ווי געשריגן: ניין! אַז פון ערגעץ גייט אַ טשאַד, אַ וואָלקן, וואָס וועט אויף לאַנג פאַרטונקלען אַלץ אַרום. ער האָט עס דערפילט מיט עפּעס אַן אינסטינקט, מיט וועלכן חיות פילן פאַר אַן ערד־ציטערניש. אפשר צום ערשטן מאָל אויף זיין לעבן האָט זיך אויף אים אַ לייג געטאָן די אייביקע, יידישע פּיין און שרעק פאַר דער גרויסער פאַרוויסטונג, וואָס גייט אויף דעם אַלעם, וואָס איז געווען פאַר אים און דאַרף זיין נאָך אים.

טאָג נאָך טאָג זענען געבראַכט געוואָרן שוידערלעכע ידיעות פונעם שכנישן דייטשלאַנד און אירע נייע הערשער, ווו די אויסראָטונג פון יידן איז געוואָרן דער ערשטער געזעץ אין זייער מלוכה־אָרדנונג. טויזנטער יידן זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע היימען אינמיטן דער נאַכט, אונטער קלעפּ און טויט־דראָאונגען. זיי זענען געיאָגט געוואָרן איבער דער פּוילישער גרענעץ, ווו זיי זענען געהאַלטן געוואָרן ווי פאַרברעכער אין דעם באַרימטן „זבאָנשין־לאַגער”. אַ טייל פון די פאַרטריבענע האָט מען נאָך געקאָנט זען אין די קאַפעען, אָנגעטון אין דעם לעצטן, נאָך עלעגאַנטן מלבוש, מיט מאַניערן פון ווילדערצויגענע מענטשן. אָבער אַ וויסטער עלנט און פאַרשעמקייט איז געלעגן אין זייערע פאַרלאָשענע אויגן.

ב. האָט לאַנג אַרומגעוואַנדלט פון איין גאַס אין דער אַנדערער. אַרום די הייזער האָבן זיך אויסגעשפרייט ווי ליל־בלויע טעפּיכער, און דער אָפּגעקילטער הימל האָט אויסגעזען ווי פלאַטין. ערטערווייז האָבן זיך אָנגעצונדן לאַמטערן, ווי בלייכע לבנות. אָבער ב. האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון דעם געפיל פון אַ גנב, וואָס באַנוצט זיך מיט אַ פרעמד פאַרמעגן.

מיטאַמאָל איז ער אַריין אין אַ שטילער, זייטיקער גאַס און איז שטיין געבליבן פאַר אַן אַלט, גרוי הויז. דער טויער איז באַוואַכט געווען פון אַן עלטערן פּאָליציאַנט.

עפּעס האָט אים אַ שטויס געטאָן, עפּעס אַ באַגער צו בלייבן אין אָרדנונג מיט זיך אַליין:

— איז דאָ אַ פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט?

— ווי איר זעט, — האָט דער פּאָליציאַנט קאַלט געענטפערט און אָנגעוויזן מיט זיין ברייטן, בלויען אַרבל אויף אַ קליין, רויט שילדל אָנגעשריבן מיט געלער שריפט. ב. האָט אַריינגעשפּאַנט אינעם טויער, און דער גאָלדענער לינדער פאַרנאַכט איז מיטאַמאָל פאַרלאָשן געוואָרן.

• • •

די טונקעלע, אויסגעטרעטענע טרעפּ האָבן שוין דאָ געהאַט יענעם אומהיימלעכן ריח פון טורמעס, שפּיטאָלן און ווילטעטיקע אַנשטאַלטן. די לאַנגע, טונקעלע

קאָרידאָרן האָבן אָנגעוואָרפן דאָס שווערע געפיל פון פאַרשפּאַרטקייט. די פּאָליציי־פונקציאָנאַרן האָבן דאָ, האַלב־אויסגעטועטע ווי ביי זיך אין דער היים, גערוישט ווי שילער ביים איבעררייס אין אַ שול. זיי האָבן גערעדט מיט הילכיקע, זיכערע שטימען, און זייערע שווערע, באַשטיוולטע פיס האָבן זיך געהויבן אַראָפּ און אַרויף איבער די טונקעלע טרעפּ.

ב. איז שטיין געבליבן. עס איז אים מיטאַמאָל אויסגעקומען ווילד, וואָס ער איז דאָ אַהערגעקומען. ער האָט אַלץ צונויפגעשטעלט ווערטער, וואָס זאָלן איבער־געבן דאָס וואָס מיט אים איז געשען. אים האָט זיך גע־דאַכט, אַז דאָס קאָן נישט זיין אַזוי פּשוט, ווי עס גע־שעט מיט אַנדערע אין טויזנטער פאַלן. אים האָט זיך געדאַכט, אַז וועגן דעם קאָן ער נישט רעדן אַזוי פּשוט, ווי עס רעדן דאָ די מענטשן אַרום. ער האָט אויך גע־קלערט וועגן דעם געשלאָגענעם יידן, וואָס איז זיכער געלאָפן זאָגן אַ תפילה און דאַנקען גאָט, וואָס מ'האָט אים נישט דערהרגעט. אָבער ב. גלויבט נישט, אַז דאָס איז גענוג. ער האָט געענדיקט די שול, ווו מ'האָט אים געלערנט זיין אַ גוטער בירגער. ניין, ער מוז בלייבן אין אָרדנונג מיט זיך אַליין.

פון אַ זייטיקער טיר האָט מען אַרויסגעפירט צוויי אַרעסטירטע. זייערע קורצע, אַרומגעפליקטע הויזן האָבן דערציילט פון לאַנגן אַרומוואַלגערן זיך אויף האַרטע בענק און פּאָדלאָגעס. זיי זענען געגאַנגען אין דער ברייט, און ב. האָט באַמערקט ווי זייערע הענט זענען צונויפגעשלאָסן מיט איין קורץ, אייזערן קייטל. צוויי ברייטפּלייציקע פּאָליציאַנטן זענען געגאַנגען נאָך זיי. די אַרעסטירטע האָבן גערעדט צווישן זיך מיט מונטערע, כמעט פריילעכע שטימען, די פּאָליציאַנטן האָבן זיי נאָכ־געיאָגט:

— נו, נו, געגאַנגען... אַ ביסל ווינציקער שמועסן...

— וואָסי, — האָט געענטפערט איינער פון די גע־קייטלטע — וואָס יאָגסטו?... מיר וועלן גאָרנישט פאַר־שפּעטיקן... אויב דו האָסט נישט קיין צייט, קאָנסטו דיר גיין... מיר וועלן אַליין טרעפן... מיר ווייסן דעם וועג...

די פּאָליציאַנטן האָבן ראַשיק געלאַכט, און ב. האָט דערפילט אַ געפיל פון קנאה צו די אַרעסטאַנטן. ער האָט מיטאַמאָל אַנטדעקט, אַז ער איז נאָך קיינמאָל אַזוי פריי און הפקר נישט געווען ווי די צוויי צונויפגעקייטלטע מענטשן. די פּאָליציאַנטן האָבן צווישן זיך גע־שמועסט וועגן די אַרעסטאַנטן:

— דאָס זענען באַוווסטע „פייגעלעך"... — האָט איינער געזאָגט.

— אָבער קלוגע יונגען... — האָט דער צווייטער אַ קרעכץ געטון און אין דעם קרעכץ איז געלעגן אַ סך באַוווּנדערונג און מיטגעפיל.

* * *

אויף דער מאַטער שויב פון דער גלאָז־טיר איז געווען אויפגעשריבן: „דיזשורני". ב. האָט געעפנט די טיר. דער דיזשורני איז געזעסן ביי אַ טיש און אַריינ־געקוקט אין אַ פּאַפּיר. עס איז געווען טונקל. נאָר דער זון־פאַרגאַנג האָט אַרומגעצאַפּלט אויף דער פענצטער־ראַם. ביי אַ זייטיק טישל איז געזעסן אַ בלאָנד מיידל מיט הויך־פאַרדרייטע לאָקן און נאַקעטע, בלייכע הענט. פאַר איר איז געשטאַנען אַ שרייב־מאַשין.

דער דיזשורני איז געזעסן ברייט, דער הויכער קאָלנער פונעם בלויען מונדיר איז געווען אויפגעקנעפּלט, אָן אַ היטל. זיין קאָפּ איז געווען בידעריק געשוירן, און זיינע האַרטע טונקל־בלאָנדע האָר האָבן פאַרדעקט אַ האַלבן שטערן. איין פוס אין אַ לאַנגן שטיוול האָט ער אַרויסגעוואָרפן וויט פון זיך, דער שטיוול האָט גע־גלאַנצט מיט אַ ווייסן בליאַסק.

דאָס מיידל האָט איצט נישט געקלאַפּט אויף דער מאַשין, זי האָט געהאַלטן אירע פולע, בלייכע, גע־צערטלטע הענט אויפן טיש. און ווען ב. האָט געעפנט די טיר, האָט ער נאָך געהערט איר צעפּעסטעטע גע־לעכטער. זעט אויס, אַז דער דיזשורני האָט זי געוויילט:

— וועגן וואָס?... — האָט ער אומצופרידן אַ פרעג געטון, קוקנדיק איבער ב־ן.

דאָס מיידל האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטן פון געלעכטער:

— אַך, פּאַניע קאַטעק, זענט איר אַ וויצלער... כאַ־כאַ־כאַ! — זי האָט געעפנט אַ זייטיקע שמאָלע טיר און מיט אַ געלעכטער אַהין פאַרשוווּנדן. דער פּאַן קאַטעק איז מיטאַמאָל געוואָרן ערנסט און געפרעגט:

— מיט וואָס קאָן איך דעם הער דינען?...

ב. האָט מיטאַמאָל אַוועקגעוואָרפן אַלע ווערטער, וואָס ער האָט צוגעגרייט. און ווידער האָט זיך אים אַריינגעפּלאָנטערט אין געדאַנק דאָס משונהדיקע וואָרט: „אַרבעטסלאָזער". עס וואָלט גוט געווען צו זאָגן דעם ה' קאַטעק: „איך בין אַן אַרבעטסלאָזער". אָבער געזאָגט האָט ער קעגן אַלע געזעצן פון דעם פּוילישן רעדנס־אַרט:

— איך בין באַפאַלן געוואָרן אויף דער גאַס... מען האָט מיך געשלאָגן...

— אויף וואָס פאַראַ גאַס?...

— אויף דער „קראַקעווער פאָרשטאָט".

— די קראַקעווער פאָרשטאָט איז גרויס... נאָר אַ האַלבע גאַס גייט אַריין אין אונדזער „רעוויר".

— איך ווייס... דאָס איז געשען אין אייער רעוויר...

— ווער האָט אייך געשלאָגן?...

דאָס מאָל האָט ב. הויך געענטפערט:

— שילער... סטודענטן און אַנדערע אויסוורפן...

דער דיזשורנער האָט פלוצלונג צוגענומען זיין אַרויסגעוואָרפענעם פוס און זיך אויפגעשטעלט, ווי ס'וואָלט אים עפּעס קלאָר געוואָרן:

— וואָס הייסט: סטודענטן און אַנדערע אויסוורפן?...

— אַזוי איז עס געווען...

דער פּאָליציאַנט האָט ערשט אויף אים אַ קוק גע־טון, ער האָט אַ דריק געטון אַ קנעפּל אויפן טיש און געפרעגט:

— ווען איז דאָס פאָרגעקומען?

— מיט אַ שעה צוריק...

די טיר האָט זיך געעפנט, און עס איז אַריינגע־קומען אַ הויכער, יונגער פּאָליציאַנט. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט גלייך קעגן דעם דיזשורנעם:

— פּאַניע... וואָס ווייסט איר פון דער „קראַקעווער פאָרשטאָט"... מיט אַ שעה צוריק?

— קליינע פאַרפאַלן, „פּאַניע דיזשורני"...

— איר קאָנט גיין... אַ דאַנק...

דער פּאָליציאַנט איז אַרויס, דער ה' קאַטעק האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט:

— פאַרוואָס האָט מען איך געשלאָגן?... האָט ער שטיל געפרעגט.

— פאַר גאָרנישט...

— פאַר גאָרנישט... גלאַט, אַזוי... דאָס איז דאָך נישט מעגלעך...

ב. האָט געשוויגן. ווידער האָט ער געפילט אַ שאַנדע, ווי ער וואָלט געשטאַנען נאַקעט אויף דער גאַס. דער פּאָליציאַנט האָט שטיל איבערגעחזרט:

— פאַר גאָרנישט... פאַר גאָרנישט שלאָגט מען נישט... אפשר האָט איר אייך מיט וועמען צעקריגט?...

— ניין, מען איז מיך באַפאַלן... און אַנדערע אויך...

אויף דער צונג האָבן געצאַפּלט צענדליקער ווערטער, קלאָרע, דייטלעכע, אָבער זיי האָבן נישט געוואָלט אַראָפּ פון דער צונג. דער ה׳ קאָטעק איז מיטאַמאָל געוואָרן זאַכלעך:

— אייערע דאָקומענטן...

ב. האָט דערלאַנגט זיין פּאַספּאָרט.

דער דיזשורני האָט לאַנג געקוקט, געבלעטערט, און מיטאַמאָל האָט ער זיך דערוואָרעמט:

— ווי שטייט דאָ פאַרשריבן?... שמעון ש... ווי הייסט דער פאָטער?... משה... אַזוי, משה... „פאַר גאָרנישט"... יאָ, יאָ, משה... „וויזנאַניע זשידאָווסקיע"... שוואַרץ אויף ווייס... פאַר גאָרנישט!... וואָס זשע וואָלט איר געוואָלט... מיר זאָלן יעדן פון אייך היטן?.. ניין מיין הער... פאַר גאָרנישט שלאָגט מען נישט... ביי אונדז... פוילן איז נאָך נישט קיין וויסטער וואַלד...

און ווען ב. איז שוין געווען אונטער דער טיר, האָט ער נאָך געהערט די איינגעגעסענע, שפּאָטישע שטים פונעם דיזשורני:

— כע, כע „פאַר גאָרנישט"...

//////////////////////////////////

## אברהם זאַק

# וואַרשע אין פייער

לירישער רעפּאָרטאַזש

### דער אָנהויב

אַ פרייטיק. אַ קלאָרער באַגינען
פון פוילישן פרי־האַרבסט אין שטאָט.
אַ הימל קוקט בלוי דורך גאַרדינען,
די זון טוט מיט שטראַלן אַ שאָט.

און פּלוצלונג — אַ רוישן, אַ קנאַלן.
עס האָט זיך גאָר נאָענט צעקראַכט.
סירענעס צעטראָגן סיגנאַלן.
אַ ל י אַ ר ם! די שטאָט איז דערוואַכט.

דאָס איז נישט קיין פּראָבע, קיין רמז —
דער שונא אין לופטן גאָר הויך.
דאָס איז עס דער אָ נ ה ו י ב, דער א מ ת.
אַ סימן — די קנוילן פון רויך...

עס וואָרנט דער ראַדיאָ צעצויגן:
„אַ־ל־י־אַ־ר־ם פאַר וואַרשע"... „ס׳קומט אָן"...
דער ערשטער שגעון אין אויגן.
דאָס ערשטע מאָל פליט מען אין „סכראָן"...

„זעניטקעס" פון פלעצער עס קנאַלן.
פאַריאָגט ווערט פון אויבן דער פיינט.
סירענעס צעטראָגן סיגנאַלן:
געענדיקט! געווג איז אויף היינט...

### מיר גראָבן אָקאָפּעס...

מיר גראָבן אָקאָפּעס לענג־אויס פון דער ווייסל.
מען אַרבעט מיט אייפער, מיט ברען.
פון מוראַנאָוו, נאַלעווקעס, פון שוויענטאָ־יערסקע
עס זענען דאָרט יידן געווען.

סיי יידן פון „שטיבל", מיט בערד און אין קאַפּלען,
סיי יידן „גלוחים" אין ריי...
מיט רידלען און לאָמען, מיט העק און מיט קירקעס —
שנעל וואַקסן די גריבער ביי זיי.

רבנים אין שטריימלעך, דיינים אין פאות,
און דיכטער עס זענען אויך דאָ. —
אַלץ שטייט ביי דער אַרבעט, מען גראָבט מיט התמדה.
אַלץ הערט איצט דעם רוף פון דער שעה...

מיר גראָבן אָקאָפּעס פאַר שורות „זעניטקעס",
צום שוץ קעגן פיינט פון דער הויך...
רבנים אין שטריימלעך, דיינים אין פאות,
און שרייבער פון צייטונגען אויך...

### אַזאַ לויטערער סעפּטעמבער

אַזאַ קלאָרער, לויטערער סעפּטעמבער
און דער הימל בלוי.
נאָר פון אויבן האָגלט עס מיט אומקום
אימהדיק אַזוי.

מחנות, מחנות פליען זיי, ווי „פויגל",
פונעם טויט געשיקט.
קראַכן ווענט און ס׳וויקלען זיך די שריפות,
און אַ רויך עס שטיקט.

ס׳ברענט אויף נאַלעווקעס, אויף מאַרשאַלקאָווסקע —
אַלע גלייך אַצינד.
גורל אויסגעגלייכט האָט ייד און קריסט היינט —
אַלע ווי און ווינד...

ס׳ברענט בעלוועדער, און עס ברענט די דזשיקע —
ס׳איז איין ווייגעשריי!
ס׳קראַכן ווענט, עס פאַלן איינעט בלאָקן,
מענטשן אונטער זיי...

אין די „סכראָנעס" אַזאַ שווערע ענגשאַפט.
אויבן — שדים־שפּיל...
„וועט עס טרעפן? וועט עס ווייטער פליען
אין אַן אַנדער ציל?"...

„איז עס שוין אַצינד די שעה די לעצטע?״...
„איז עס וויסטער גזר?״...
ווער אין פחד, ווער אין שטילער תפילה
צו דעם גאָט דעם האַר...

אַזאַ קלאָרער, לויטערער סעפּטעמבער...
וואַרשע, גורל־שטאָט!
ביסט אין קלעם פון שטן און פון משחית,
ס׳האָט פאַרלאָזט דיך גאָט.

## ביים ראַדיאָ

אין אונטן, נאָך די „נאַליאָטן״,
מען זיצט ביי דעם ראַדיאָ געשפּאַנט.
וואָס זאָגט איצט פּאַריזש? וואָס רעדט לאָנדאָן?
אַלץ רעדט וועגן פּוילן דעם לאַנד.

מען רעדט וועגן דייטש דעם אַגרעסאָר,
מען רעדט וועגן דייטש דעם באַרבאַר...
נאָר ווו איז די הילף? וועט זי קומען
צו וואַרשע אין שעה פון געפאַר?...

נאָר ווו איז די הילף? וועט זי קומען
נאָך איידער די שטאָט ווערט פאַרברענט?
מען וואַנדערט פון פּאַליע צו פּאַליע
ביים ראַדיאָ מיט ציטעריקע הענט.

„האַלאָ, האַלאָ! דאָ רעדט וואַרשע״...
עס ווערט דאָס געהער מער געשפּאַנט.
ווי תמיד, עס רעדט איצט סטאַזשינסקי,
שוין הייזעריק דער קאָמענדאַנט:

„...און ווידער אַ טאָג איז פאַרגאַנגען,
„ס׳איז רויט אונדזער הימל פון בראַנד...
„נאָר מוטיק! די הילף איז שוין נאָענט...
„עס שטרעקן די פריינד אונדז אַ האַנט״...

— — — — — — — — — — —

עס דרייען די פינגער דעם ווייזער —
ס׳איז וואַרשע די טעמע פון וועלט...
וועט קומען די הילף?... ס׳קומט דער ענטפער
צומאָרגנס, ווען טאָג זיך נאָר שטעלט:

דער שונא אויפסנייַ איבער וואַרשע...
בהלה, און שרפה, און טויט...
און ווידער דאָס קראַכן פון בלאָקן,
און ווידער דער הימל איז רויט...

## צעטומלטע נעכט

צעטומלטע נעכט אין דער הויפטשטאָט.
פאַרטונקלונג. קיין שיין, קיין לאַמטער.
עס דונערט פון הינטער דער ווייסל.
עס שטומט נישט דעם שונאס געווער.

עס וואָיעט מעטאַל איבער הייזער
און פליקט דורך דעם חושך און נאַכט.
עס לעכערן ווענט זיך און קרישלען,
עס רייסט זיך אין לופטן און קראַכט.

צעטומלטע נעכט... קאַנאָנאַדע...
ווי נעבעכדיק ווערט דער בעטאָן.
אין פחד מען לויפט פון חדרים,
אין פחד מען לויפט פונם „סכראָן״...

עס ווילט זיך נישט ווערן פאַרשאָטן,
עס גלוסט זיך נישט ווערן צעדרענגט.
ווי היט מען דאָס ביסעלע יאָרן,
וואָס גאָט האָט דעם מענטשן געשענקט?...

## אַ גאַס

ס׳ליגט אַ לאַמטערן מיט קאָפּ מיט צעפּלאַצטן
טויט, אויסגעצויגן אין מיסט.
שיבעס אויף שטיינער צעקרימט ווי פון קראַמפּן,
טראַמוואַי צעניזוקט און וויסט.

קופּעס פון ציגל. דאָ־דאָרטן אַ הרוג
הפקרדיק ליגט אויפן ברוק.
איילן דורך מענטשן דורך גרויל און סכנה,
קיינער צו זיי טוט קיין קוק.

ליגט אויף דערנעבן אַ פערד — אַ נבלה:
אויגן פאַרשטאַרטע און גרויס.
שטייט איבער אים ווער און שניידט מיט אַ מעסער,
שניידט גיך דאָס פלייש פון אים אויס.

## דערוווייליקע קברים

אויף קראַשינסקי־פּלאַץ, אין קליינעם גרינעם סקווערל,
וואַקסן קברים אויס אַ גאַנצע צייל:
ווייט איז דער בית־עולם, הימל שיט מיט פייער —
גראָבט מען קברים דאָ אויף גיך, דערווייל...

ליגט דאָ ייד און קריסט — פאַרברידערט איצטער אַלע,
ס׳האָט איין גורל זיי געבראַכט אַהער...
סטאַרטשען נאָר צוקאָפּנס ברעטעלעך מיט נעמען,
וואַרטן אויף לוויה, אויף אַ טרער...

## ערב ראש השנה

אַ טאָג פון טויט, אַ טאָג פון שרפות.
געשפּרייט האָט זיך אַ רויטער ים.
די נאַלעווקעס און פראַנציסקאַנער,
די גענשע, דזשיקע — אַלץ אין פלאַם!

אויף מוראַנאָוו, אויף שווענטאָ־יערסקע,
אויף מילע, סטאַווקע — וואָלקנס רויך.
מען זעט קיין הימל נישט, נאָר קנוילן,
נאָר שוואַרצע קנוילן אין דער הויך...

געטראָפן האָט עס היינט אין „סכראָנעס״,
אין טויערן, אויף טרעפּ, אין שטוב.
אַ יעדע גאַס איז אַ בית־עולם,
כאָטש אָן אַ קבר, אָן אַ גרוב...

דאָס האָבן זיי, די לופט־משחיתים,
לכבוד יום־טוב עס געטאָן.
מיט פולווער און מיט בליי פאַרשאָטן
דעם גאַנצן יידישן ראַיאָן.

אַ טאָג פון טויט, אַ טאָג פון שרפות...
און ווען לסוף דער טאָג אַוועק —
מיט יידן פול געווען די גאַסן,
געיאָגט פון וואַנזין און פון שרעק.

געדראַנג אויף ברוק, מיט גלאָז צעזעצטן,
שגעון־יאָמער אין דער לופט — —
עס שרייען קינדער: „מאַמע!״ „מאַמע!״
דאָ־דאָרט איר קינד אַ מאַמע רופט.

געדראַנג פון לעש צו מוראַנאָווסקע,
פון מוראַנאָווסקע צו דער לעש...
דורך גלאַזוואַרג, לעדער און דורך שאַכטלען,
דורך באַלן, שטאָפן, שוכוואַרג, וועש...

און ווען ס'איז אָנגעקומען אָוונט,
די ראש־השנהדיקע נאַכט —
פאַרשפּרייט האָט זיך אַ רויטער הימל
אַריבער וואַרשעס טויטער פּראַכט...

נאָר ווו־נישט־ווו אין סומנע הויפן,
צווישן שאָטנס פון אַ שול —
געזאַמלט האָט מען זיך צו מעריב.
גאָטס הויז געווען מיט יידן פול...

פאַרקלונגען האָט מיט „שמע ישראל״
אין יום־נוראימדיקער נאַכט — — —
פאַרשפּרייט האָט זיך אַ רויטער הימל
אַריבער וואַרשעס טויטער פּראַכט...

## נישטאָ שוין קיין וואַסער

נישטאָ שוין קיין וואַסער, נישטאָ שוין קיין ליכט מער,
שטום איז דער ראַדיאָ שוין אויך.
עס טרייסט שוין נישט מער איצט די שטים פון סטאַזשינסקין.
ס'וויקלט זיך וואַרשע אין רויך.

פאַרחלשטע ליגן שוין קינדער אין „סכראַנעס״,
טוליען צו מאַמעס זיך צו — — —
עס פאַלן איין ווענט און זיי ברענגען די מענטשן
אייביקע, אייביקע רו — — —

עס פאַלן איין ווענט, און עס ווילדעווען שרפות,
דונערן פאַלן אויף שטאָט!
דער הימל איז דול, און די ערד איז משוגע —
ווו זשע, ווו זיצט איצטער גאָט? — — —

## קאַפּיטולאַציע

פון וויסל־ברעגעס, פון די פאָרטן,
פון ציטאַדעל — פון אומעטום
עס ציען פוילישע „קאָמפּאַניעס״,
זיי גייען טריב, זיי קריכן שטום...

פאַרשמוצט פון וואָכן אין אָקאָפּעס,
אָן לידער גייט דאָס מיליטער...
די קעפּ געזונקען, גייט מען לייגן
אויף פּלאַץ קראַשינסקי דאָס געווער...

עס וואַקסן אויסעט גאַנצע קופּעס
פון ביקסן, ביקסן דאָ און דאָרט.
עס קומען שטומע די „קאָמפּאַניעס״
און שטום צעגייט מען זיך, אָן וואָרט...

ס'איז נישט קיין מאַרש פון פרייד, פון יובל.
אָן לידער גייט דאָס מיליטער...
ווער ווייסט, ווען ס'וועלן וואַרשעס העלדן
זיך ווידער נעמען צו געווער? — — —

## דייטשישע שטיוול

עס טרעטן שוין דייטשישע שטיוול אויף גאַסן.
עס הילכט שוין מיט פרעכן געזאַנג...
פון וואָלסקע ביז פּראַגע, אויף נייוועלט, קראַקאָווסקע —
עס גרילצט ווילד אַ רעדער־געקלאַנג.

עס ציען זיך האָרדעס אין גרינע מונדירן,
אין העלמען, אין מעש און אין שטאָל —
מיט פנימער ווילדע, מיט בליקן פאַרשייטע,
עס ציען זיך האָרדעס אָן צאָל.

זיי שרייען און יובלען צווישן די חורבות
און פרעכער אַלץ ווערט זייער ליד.
עס טרעטן שוין דייטשישע שטיוול אויף גאַסן
און ס'קוקט צו מיט אומרו דער ייד — — —

## „יודע, העראַוס!״

די „נאָבעלע״ דייטשן, זיי טיילן היינט זופּ
און לעבעלעך ברויט...
ס'איז פול שוין דער פּלאַץ און די רייען ווי לאַנג
פון מענטשן פון נויט...

עס קריכט אום אַ „פּיקלהויב״ צווישן המון
און נישטערט און זוכט.
צעדונערט זיין קול זיך: — דו יודע, העראַוס!
— פערעקע, פערפלוכטע!...

דאָס האָט אים אַ „נאָבעלע״ „פּאַני״ געצייגט:
— טו יודע, פּאַן האַנס!...
איז קירצער געוואָרן אַביסל די ריי
און גרעסער איר שאַנס...

און ווען שוין „פאַראייביקט״ די „נאָבעלע טאַט״
דורך פילם עס זוערט —
אַ סוף צו דער זופּ און אַ סוף צו דעם ברויט,
וואָס קוים וועם באַשערט...

## דער „פריזירער״

ער קומט אויף נאַלעווקעס טאָג־טעגלעך,
דער עלעגאַנטער אָפיציר:
לאַקירטע שטיוול, ווייסע הענטשקעס
און אויף דער ברוסט מעדאַלן פיר.

— דו יודע, האַלט! — ער כאַפּט אַ זקן
מיט הדרת־פנימדיקער באָרד.
— די מיצע אַב! — ער שמייסט זיין היטל,
און ס'ברענט ווי קויל דעם ייד דאָס אָרט.

ער ציט פון טאַש אַרויס אַ שערל
(קיין הענטשקע ציט ער נישט אַראָפּ...)
און מיט אַ זעץ אין קין דעם זקן
דאַן הויבט ער אויף דעם יודן־קאָפּ.

ער שערט, ער שערט אַראָפּ די באָרד אים,
ער שערט אַראָפּ אים נאָר איין זייט...
צופרידן בלייבט ער פון זיין „מיסיע" —
דערזעט אַן אַנדער באָרד נישט ווייט...

— דו יודע, האַלט!.. — אַזוי כסדר
דאָ־דאָרט עס שערט דער אָפיציר:
לאַקירטע שטיוול, ווייסע הענטשקעס
און אויף דער ברוסט מעדאַלן פיר...

## דורך נאַלעווקעס

דורך נאַלעווקעס אַ לויפנדיקע מחנה יידן —
צונויפגעכאַפּט פון טראָטואַר, פון גאַס.
— שנעל! שנעל! — עס יאָגן דייטשן זיי און שטויסן,
די פּנימער פון שוויס און אַנגסטן נאַס.

— שנעל! שנעל! איר יודן־באַנדע! דאַנערוועטער! —
דורך נאַלעווקעס אַ מחנה יידן פליט:
אין קאַפּאָטעס, אין קאַפּלען, טלית־קטנס,
און „עלעגאַנטן" אין מאָדערנע היט...

אַ יאָגעניש, — כאַטש שפּיי אויס די נשמה.
אויף אַרבעט טרייבט מען עס צום קאָמענדאַנט.
און ס'מאַכן לוסטיק זיך די כאַפּערס, די געפרייטערס,
און ליאַרעמען מיט אויטאָמאַט אין האַנט...

## האַנדל, האַנדל...

באַזאַרלעך ביי חרובע הויפן,
אויף ראָגן, אויף סקווערן.
עס מסחרן איידעלע „פּאַניס",
עס מסחרן הערן.

עס קריכט שוין די נויט אין די הייזער.
זי שאַנעוועט קיינעם.
און טיפוס געוואָרן אַ גאַסט איז
ביי יונגע, ביי זקנים.

פאַרקויפט מען אַלץ אויס. וואָס פלעגט תמיד
דאָס לעבן באַצירן:
אַ זילבערנעם פוקס, אַ בריליאַנטל
און זילבער־געשירן...

אויף נאַלעווקעס גייט אויך אַ „מסחר"
אויף די טראָטואַרן:
איין יינגל פאַרקויפט „מגן דודס",
אַ צווייטער — ציגאַרן.

און יידן פאַרקויפן אויס רעשטלעך
פון נאַלעווקער קראָמען —
צעשטערטע פון שרפות, „נאַליאָטן"
דורך דייטשישן המן...

## די ווענט אויף נאַלעווקעס...

די ווענט אויף נאַלעווקעס פאַרקלעפּט מיט „שטירמער",
„געמעלן" העצן פון פּאַפּיר:
דער „יודע" — אונטערדריקער פון דער וועלט,
פון פעלקער...
דער „יודע" — בלוט־זויגער, וואַמפּיר...

די „ריינע ראַסע" גייט די וועלט באַפרייען
פון „יודע" און זיין קאַפּיטאַל...
דער האַקנקרייץ, ער ברענגט איצט די גאולה —
„עס לעבע דויטשלאַנד איבעראַל!"...

עס קוקן יידן צו די ווענט פאַרקלעפּטע.
זיי טייטשן אויס געניי דעם פשט:
ס'איז אַך און ווי צו וועלט און צו די פעלקער,
ווען דער באַפרייער איז — דער קאַט — — —

## איך טראָג אַ מגן־דוד...

איך טראָג אַ בלויען מגן־דוד אויף מיין אַרבל.
עס שפּיזן בליקן דייטשישע אין גאַס.
נאָך שטאַרקער, הייסער גליט אין האַרץ די קללה,
אין דער נשמה טיפער ברענט דער האַס.

איך טראָג אַ בלויען מגן־דוד אויף מיין אַרבל.
נאָר ניין, נאָר ניין, ס'איז נישט פאַר מ י ר
קיין שאַנד!
פאַרשוועכטע הייליקייט — ס'איז א י י ע ר, א י י ע ר
חרפּה!
ס'איז שאַנד פאַר א י י ע ר פאָלק, פאַר א י י ע ר
לאַנד!

איך טראָג, איך טראָג מיט שטאָלץ אים אויף מיין אַרבל.
איך פאַל נישט, ווער נישט נידעריק דערפון.
נאָר א י ר! איר זינקט אַלץ טיפער אין דער
שוואַרצער טומאה,
איר ווילדסטע, בלוטיקסטע פון אונטער זון...

## פּליטים

מען לויפט צו־פוס, מען לויפט מיט באַנען,
מען לויפט דורך בוג און דורך מאַלקין...
עס בלאָנקען מחנות אויף שאָסייען —
אַלץ ציט אַהין, אַלץ ציט אַהין...

מען זאָגט: אין ביאַליסטאָק איז יום־טוב;
מען יובלט אין די גאַסן דאָרט.
דאָרט טראָגט מען נישט קיין „מגן־דודס",
און „ייד" איז נישט קיין זידל־וואָרט...

עס בלאָנקען מחנות אויף שאָסייען,
מען לאַגערט אויף „נייטראַלן פּאַס"...
מען לויפט פון שרעק און פון רציחה,
מען לויפט פון שנאה און פון האַס...

מען זעגנט זיך מיט ד' אמות,
דער רוקזאַק בלייבט נאָר דער פאַרמעג...
עס הויבט זיך אַן דער לאַנגער גלות,
דער פרעמדער, נע־ונדער וועג — — —

וואַרשע, 1939 — לאָדזש, 1948

**בער מאַרק**

# אויפן קבר פון צבי־הירש גרעץ

## א.

אַזוי ווי אַ דזשונגל נאָך אַ ווילדן שטורעם, אַנטפּלעקט זיך דער אַלטער בית־עלמין אין דער שטאָט וורראָצלאַוו. ריזיקע בוימער, אומגעוואַלגערטע אויף דער ערד, פאַרשטעלן דעם וועג אין דער טיפעניש פון דעם אַלטן גוטן־אָרט. קאַלוזשעס מיט שטייענדיקע וואַסערן, גרויסע בלאָטעס, איבער וועלכע מען מוז שפּרינגען מיט אויסערגעוויינלעכער פלינקייט, טיפע לעכער, אויסגעריסענע אין דער ערד, אויפגעריסענע קברים, צעבראָכענע מצבות — אַ מאָדנער אומהיימלעכער געמיש פון אַ שלאַכט־פעלד מיט אורוואַלדיקער ווילדקייט. אומזיסט זוכסטו אַ סטעזשקע, וואָס זאָל דיך פירן דורך אַלייען קברים צום געגאַרטן ציל. פוןביידע זייטן פונעם בלאָטיקן, לעכערדיקן, מיט בוימער פאַרלייגטן וועג צופּן און רייסן די מלבושים און ס׳פּנים ווילד און הויך אויסגעוואַקסענע סטעזשקעס, און מיטאַמאָל ווערסטו פאַרוויקלט אין משונהדיק געדרייטע און געפלאָכטענע ליאַנעס—ווילד געוואָרענע ראָדענדראָנעס, וועלכע האָבן אַמאָל אַזוי פּרעכטיק און חנעוודיק באַצירט דאָס דאָזיקע שטילע אָרט פון אייביקער מנוחה; אָט די טייערע געוויקסן, וואָס זענען מיט אַזויפיל זאָרגעוודיקייט געפּלעגט געוועזן אין משך פון יאָרצענדליקער אויפן בית־עולם פון דער יחסנישער וורראָצלאַווער קהלה, האָבן זיך אַצינד פאַרוואַנדלט אין אַ שטער פאַרן פרעמדן אורח, וואָס וויל דערגיין דעם סוד פון דעם גוטן אָרט און אויסגעפינען דאָ שפּורן פון פאַרגאַנגענעם לעבן, פון אַמאָליקער יידישקייט, כדי ווייטער דעם המשך צו וועבן.

און נאָכאַמאָל דערנער און לעכער און צעבראָכענע מצבות, צעקאַרדאַשעטע קברים, הרודעס פאַרטרוקנטע בלאָטעס, וואָס ליגן ווי ריזיקע שטעמפּלען אויף פאַרגעלבטע, קויטיקע בלעטער פון אָפענע מחזרים מיט דייטשן ביאור, וועלכע וואַלגערן זיך הפקרדיק און פאַריתומט.

אַ פאַרברעכערישע האַנט האָט דאָ — שוין, אַפּנים, גאַנץ לאַנג — אויסגעריסן די מאַרמאָר־שטיקער פון דער מצבה; אין אַ צווייטן קבר האָבן זיך דייטשן בעת דער לעצטער באָמבאַרדירונג פון דער שטאָט איינגעאָרדנט אַ בונקער, זייענדיק זיכער, אַז דאָ וועלן זיי דעם שונאס שראַפּנעלן נישט טרעפן און קיינער וועט זיי דאָ נישט זוכן.

דאָס דאָזיקע פאַרוואָרלאָזטקייט און ווילדעניש הערשט אָבער בלויז ביי די ראַנדן פונעם בית־עלמין. דאָס אַלטע ברעסלער גוטע אָרט איז ריזיק אינעם שטח, עס איז אַ גאַנצע שטאָט מיט הויפּט־אַרטעריעס, גאַסן, געסלעך, אַלייען און שטעגן, מיט רונדיקע קברים־פּלעצער אין מיטן, מיט אוהלים און גאַנצע געביידעס, אין וועלכע עס רוען די ביינער פון מיוחסים. און ווער עס פאַרמאָגט עקשנות און ווילן און שרעקט זיך נישט אָפּ פאַר די מכשולים, וואָס די סטיכיע פון נאַצישער באַרבאַרישקייט, פון מלחמה און דערנאָך פון דער נאַטור האָבן אָנגעהויפט ביים צוגאַנג, דער וועט צענפאַכיק באַלוינט ווערן — ער וועט אַריינדרינגען אין די סאַמע טיפענישן פון דעם מערקווירדיקן ברעסלער בית־עולם, פון דעם דאָזיקן מוזיי פון אַן עפּאָכע און פון אַ לעבן־שטייגער, וואָס איז שוין פאַרשוווּנדן אויף אייביק.

אונדזער עקספּעדיציע רוקט זיך פאָרזיכטיק פאָרויס לענגאויס דער אַרומרינגלענדיקער אַלייע, וואָס האַלט זיך האַרט ביים הויכן געמויערטן פּאַרקאַן, און מיטאַמאָל בליצן אַרויס צוויי ווערטער גוט־באַקאַנטע און היימישע: „פערדינאַנד לאַסאַל". אַ באַשיידענער קבר, הגם דער שטיין איז גרויס, הויך און שלאַנק, אָבער שטרענג, אָן באַפּוצונגען און לויב־געזאַנגען, פּשוט פערדינאַנד לאַסאַל, אַ מענטש. עס טוט אין מוח אַן עקבער די קשיא: פאַרוואָס איז עפּעס לאַסאַל באַגראָבן געוואָרן אין אָט דער פּראָסטער אַלייע, האַרט ביים פּאַרקאַן? נישט שוין־זשע האָט נישט געשטעקט ערגעץ אין די הינטער־כוונות פון די מקברים, פון דער חברה־קדישא אַ רמז אויף קבורת־חמור אין באַצוג צו אָט דעם גרויסן מענטש, וואָס איז אַוועק פון דרך הישר און געגאַנגען דינען אָנשטאָט אַ יידישער — אַ מענטשלעכער זאַך, און חוץ דעם געפירט אַ ליבע מיט אַ גויעשער אַריסטאָקראַטישער פרוי און זיך געשלאָגן אויף אַ דועל, גאָרנישט מעשה־ייִד? אַ פּאָר טריט ווייטער שיינען אַרויס די גילדענע אותיות פון אַ העברעישן פסוק איבער אַ פּרעכטיק־רחבותדיקן קבר: „וחפץ אור גדול בישראל." שוין־זשע וואָלט נישט געפּאַסט אָט די אויפשריפט אויפן אייביקן מנוחה־אָרט פון לאַסאַלן? אפשר איז דאָס לעצטע וואָרט „בישראל" נישט צוגעפּאַסט אינגאַנצן צום דאָזיקן טריבון, אָבער אַן „אור גדול" האָט ער זיכער געוואָלט. ווי עס זאָל נישט זיין, די ראשי־הקהל פון דער אַלטער יידיש־דייטשער קהלה אין ברעסלע זענען, אַפּנים, ווייט געווען פון פּראָגרעסיווקייט און סאָציאַלן ראַדיקאַליזם. לאַסאַלן האָבן זיי פאַרשטעקט ביים פּלויט, אַנדערע גרויסע גייסטער האָבן זיי באַהאַלטן אין די סאַמע פאַרוואָרפנסטע טיפענישן, אַ קעגן־זשע אין די שענסטע אַלייען, ביי די הויפּט־אַרטעריעס פון בית־עלמין ליגן יידן גבירים, רייכע סוחרים, באַנקירן, באַרימטע אַדוואָקאַטן, קייזערלעכע באַאַמטע — דאָ ליגט דער יידישער קאַפּיטאַל; דער יידישער גייסט איז פאַרשטעקט אין אַ זייט. לאָמיר גיין זוכן זיינע שפּורן אין די זייטיקע סטעזשקעס, צווישן די שטעכיקע ווילד־גראָזן און פאַרוואָרלאָזטע געוויקסן.

צווישן צוויי שורות שטאָלצע קברים, וואָס דערציילן וועגן עושר און כבוד פון זייערע איינוווינער, דערציילן אין דער דייטשער שפּראַך, בראָדזשען מיר אַלץ ווייטער און טיפער, רוקנדיק זיך אַלץ מער אין אַ זייט פון דער מיוחסדיקער הויפּט־אַרטעריע. עס שוועבן ענדלעך פאַרביי קברים מיט העלמען — דאָ ליגן די געפאַלענע יידישע אָפיצירן אין דער מלחמה פון 1914. דער דאָזיקער פּרייסישער פּאַטריאָטיזם איז פּונקט ווי די גרויסע קאַפּיטאַלן, וואָס זייערע באַזיצער ליגן אַצינד אונטער די שטאָלצע קברים־געביידעס, פּונקט ווי די מאַכט פון די געהיימע יוסטיץ־ראַטן, לאַנדגעריכטראַטן און אַנדערע שררות, וועלכע זענען קבר געוואָרן אין

די שיינע אַלייען — נישט בייגעשטאַנען אַט די דייטשע יידן, ווען דער מלך פון נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם האָט גענומען שלינגען מיט היהשער גיריקייט זיינע קרבנות. אָפּגעריסענע פון די וואָרצלען און זאַפטן פון פאָלק, זענען די דאָזיקע באַנקירן, יוסטיץ־ראַטן און אָפּיצירן פאַרבונדן געוואָרן מיט זייער אָפּשטאַם בלויז דורך דער ערד פון יידישן בית־הקברות. און נאָך די זעלטענע נעמען פון פוילישע יידן, וועלכע זענען נאָכן טויט פאַרוואָגלט געוואָרן אויפן געמיינזאַמען בית־עלמין, און די אויפשריפט פון די דאָזיקע נעמען אין די היימישע קוואַדראַטנע אותיות, דערמאָנען אַ פאַרבינדונג מיט דעם פאָלק דורך דינע פעדים פון לעבן און פון געמיינזאַמער קולטור. אָבער די דאָזיקע יידיש־דייטשע קברים שטייען שוין ביים ראַנד פון די מיוחסדיקע אַרטעריעס, און נאָכדעם ווי מיר לייענען איבער דעם איינציק־יידישן אויפשריפט אויף דער ריזיקער מצבה פון דער, אפנים, פויליש־יידישער נגידיתטע הענריעטע שאַטלענדער, שפּאַנען מיר אַריבער די גרענעץ פון קאַפּיטאַל און גייען אַריין אין אַ זייטיקער גאַס, ווו עס רוען די פאַרשטייער פון יידישן גייסט; דאָס איז צו דערקענען שוין פונדערווייטנס — פון דעם גרויסן העברעישן אויפשריפט אויף דער ערשטער מצבה פון דעם גראַד: „תורת חכם מקור חיים!" — עלעהיי די דאָזיקע ווערטער וואָלטן געווען אַ אָפּשפּאַטעניש, אָדער אַן אַרויסרוף מצד די יידישע חכמים, די מאַטעריעל־אַרעמע מענטשן פון רייכן גייסט — אויפן אַדרעס פון די גבירים, וואָס יחסנען זיך מיט זייער אַריסטאָקראַטישן רו־אָרט אַפילו אויפן בית־הקברות.

„תורת חכם מקור חיים" — דאָס דאָזיקע וואָרט פון משלי איז אויסגעקריצט אויף דער מצבה פון היינריך גרעץ.

מיר זענען ביים ציל.

אינמיטן דעם משונהדיקן דזשונגל פון ברעסלער בית־הקברות, אין אַ זייט פון הויפּט־שליאַך, אין דער גאַס, ווו עס רוען די ביינער פון יידישע פּראָפעסאָרן און ראַבינער, שטייט גאַנץ פריש די שטאַלטנע מצבה פון דעם גרעסטן יידישן היסטאָריקער צבי־הירש (היינריך) גרעץ. פון איין זייט ליגן זיינע שכנים — דער אָריענטאַליסטיק־פּראָפעסאָר זיגיסמונד פראַנקעל און דער באָטאַניק־פּראָפעסאָר פערדינאַנד קאָהן, פון דער צווייטער — „הרב ודרשן ראש המדברים מוהרר" זכריה מנחם יאָעל, דער אב־בית־דין פון אַלטן ברעסלע, דער ראַבינער און סינאַגאָגע־פּריידיקער יאַקאָב לעווי און דער ראש־ישיבה פונם ברעסלער טעאָלאָגישן סעמינאַר, ווו גרעץ איז געווען פּראָפעסאָר, זכריה פראַנקעל. די דאָזיקע שכנות איז סימבאָליש געווען פאַר גרעצן בעת זיין לעבן, פונקט ווי זי איז סימבאָליש נאָך זיין טויט. פון איין זייט — אייראָפּעישע וויסנשאַפט, גאַרונג צו וועלט און וועלטלעכקייט; פון דער צווייטער — אינטימע אינערלעכע פאַרבינדונג מיט עכטער יידישקייט אין אַ נייער ליבעראַלער פאָרם. פון אָט די צוויי וועלט־ און יידישקייט־שפּירונגען האָט גרעץ צונויפגעשמאָלצן זיין אייגענעם, אייגנאַרטיקן בנין פון יידישער היסטאָראָזאָפיע און היסטאָראָגראַפיע.

אַזוי שטייט גאַנץ און אומבאַרירט דער קבר פונעם פּראָפעסאָר גרעץ, וועלכן טאַטע־מאַמע האָבן אין גרויס־פּוילישן שטעטל קשאַנסאַ, וואָס אין פּויזנער געגנט, גערופן צבי־הירש, און אין דער ברייטער וועלט פון אוניווערסיטעטן און דייטשע יאהודים האָט מען אים משנה־נאָמען געווען אויף היינריך. די מצבה איז פאַרשריבן מיט אויסגעקריצטע דייטשע אותיות, וועלכע דערציילן, אַז דאָ ליגט אין זיין אייביקער רו דער אומפאַרגעסלעכער שווער און פאָטער פּראָפעסאָר ד"ר ה. גרעץ, וואָס איז געבוירן געוואָרן דעם 31טן אָקטאָבער 1817 און איז נפטר געוואָרן דעם 7טן סעפּטעמבער 1891; אָבער די ווייטערדיקע שורה גיט שוין אַ בולטן רמז אויף דער מיסיע און אויפטו פון דעם גרויסן נפטר: „די ליבע צו זיין פאָלק האָט געפירט מיט זיין אומשטערבלעכן גריפעל".

אינם זעלבן קבר רוען די ביינער פון גרעצס טרייער לעבן־באַגלייטערין, פון זיין פרוי מאַרי גרעץ, געבוירענע מאָנאַש. זי ווערט געריטמט אויף דער מצבה ווי „די אומדערמידלעכע העלפערין אין זיין לעבן און שאַפן".

העכער אַ האַלב יאָרהונדערט שטייט שוין דער קבר פון צבי־הירש גרעץ. די צוויי קאָלאָנעס פון ביידע זייטן האַלטן אונטער די מאַרמאָרנע מצבה, וועלכע דערמאָנט מיט איר פאָרם אָן ארון־קודש. עס שטייט דער קבר ווי אָן אייביקע דערמאָנונג פון אַ לעבן פון אַ יידיש־פויליש יינגל, אַ זון פון אַ קצב אין אַ קליין שטעטל, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן דורך זיינע עלטערן צו ווערן אַ רב און איז אַוועק מיט אַן אַנדער שליאַך, און האָט מיט זיין שטאַרקן ווילן, עקשנות און פעיקייט דערגרייכט די הויכע מדרגה פון דורכלויכטן די אין פינסטערניש איינגעהילטע צייטן פון אונדזער פּילטויזנטיאָריקער פאַרגאַנגענהייט. און פאַרשידענע מחשבות פון די וועגן פון אונדזער פאָלק אין עבר טויכן אַרויס פאַר מיר ביים קבר פון דעם גרויסן יידישן היסטאָראָגראַף.

ב.

...אַט שפּאַנען מיר אין דער שטאָט ברעסלע מיט אַ הונדערט יאָר צוריק. עס צעעפנט זיך פאַר אונדז אַ ריזיקע, רוישיקע שטאָט. שוין לאַנג זענען די שפּורן פון אַלטער פוילישקייט ביגוואַלט פאַרווישט געוואָרן דורך די גערמאַנישע עקספּאַנסיאָניסטן, וואָס האָבן מיט ביטערער, קאָנסעקוועטנער עקשנות אויסגעראָטן יעדן סימן פון סלאַווישקייט, פאַרפלייצט מיט דייטשער אַסימילאַציע די שטאָט און דאָס גאַנצע נידער־שלעזישע לאַנד פון אַרום. אַ שטיקל וועג פאַר ווראָצלאַוו ליגט אַ שטעטל, וואָס דערמאָנט מיט זיין נאָמען — הינטפעלדע, פּשיע פּאַליע — דעם אַמאָליקן זיג פון פּוילישן ריטערטום אונטער דער אָנפירונג פון אַ פּיאַסטישן דוכוס איבער די חיילות פון גערמאַנישן קייזער.

אָבער מיט יאָרן שפּעטער איז דער הערשער געוואָרן דער דייטש און זיינע קורפירשטן און מלכים און גלחים — די שטאָט איז פון אַלט־פוילישן ווראָצלאַוו געוואָרן דאָס דייטשע ברעסלאַו.

און אין סאַמע מיטן פון דער רוישיקער האַנדלס־שטאָט פאַלט דער רייזנדיקער פון 1848טן יאָר אַריין אין אַ פּלוצימדיקן מענטשלעכן בינשטאָק. די גאַס, וואָס טראָגט היינט דעם נאָמען פון פוילישן פאַרדינסטפולן מאַן וולאַדקאָוויטש, ווו עס קאָנצענטרירט זיך דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פון דעם יידישן ישוב, האָט דעמלט געהייסן וואַהל־שטראַסע. דאָ איז שוין מיט הונדערט יאָר צוריק געווען די הויפּט־אַרטעריע פון יידישן ראַיאָן אין דער שטאָט ברעסלע. אַרום זענען געלעגן די גאַסן, וואָס האָבן געהייסן — די רוטענישע שטראַסע, די ניקאָלאַי־גאַס, די גאַס פון הייליקן אַנטאָן — אומע־

טום האָבן דאָ געוווינט יידן, דאָ איז מכמה דורות געוועזן די יידישע געטאָ, וואָס אירע גייסטיקע מויערן זענען ענדגילטיק צעקלאַפּט און צעשמעטערט געוואָרן אין דעם יאָר פונעם פעלקער־פרילינג 1848.

עס האָט געשוויבלט און געגריבלט מיט יידן. מיט כלערליי יידן — אַלט־געזעסענע פּוילישע יידן, וואָס זייערע אבות אבותיהם האָבן נאָך געדענקט די ביטערע צייטן פון פופצנטן יאָרהונדערט, ווען עס איז אויפגעקומען דער כופרישער הוסיטיזם און פון מערב איז אַהער געקומען דער נוקם ונוטר, דער דאָמיניקאַנישער אינקוויזיטאָר יאַן קאַפּיסטראַנאָ — אַ באָרוועסער, אין גרויע זאַק־קליידער אויפן הוילן בזירישן קערפּער; מיט פאַנאַטישן גלי אין די אויגן און היסטערישן קול גערופן דעם המון צו אויסראָטונג־קאַמף קעגן די טשעכישע כופרים און די אומגלויביקע יידן. אויפן וורואָצלאַווער מאַרק איז אַ שייטערהויפן אויסגעשטעלט געוואָרן, און דער איידעלער קריסט, דער טשעכישער סוחר יאַן קראַסאַ איז אומגעקומען אין די פלאַמען פאַר זיין נייעם גלויבן. זיין ליידנשאַפטלעכע, דבקותדיקע כאָרכל־תפילה מיט די ווערטער, ווי פון דער יידישער תורה גענומען, אַז גאָט איז איינער, איז מיטאַמאָל פאַרשוווּנדן אין דעם ריזיקן ווײ־געשריי פון די יידישע תושבים, איבער וועלכע דער אונטערגעהעצטער המון האָט זיך געלאָזט ווילגיין. אַזוי האָט זיך אין איין מאַרטירערישן שטראָם צונויפגעגאָסן דאָס בלוט פונעם טשעכישן פרייען גייסט און דאָס בלוט פון אומשולדיקע יידן. עס האָבן דאָס דאָזיקע געדעכעניש אין זייער האַרץ געטראָגן די אור־אייניקלעך פון יענע פּוילישע יידן, וועלכע זענען אין וורואָצלאַוו געווען תושבים פריער, איידער די דייטשע סוחרים און האַנטווערקער, ריטער און פירשטן זענען אָנגעקומען אַהער, כדי ביגוואַלד צו ווערן דאָ מושלים.

עס האָט דער יידישער צענטער פון שטאָט געווימלט אויך מיט אַנדערע יידן — פון טיף דייטשלאַנד געקומענע. יידן, וואָס זענען צעטיילט געוואָרן אין אַ העפטיקער קריגעריי און לאַנגע מחלוקתן, אויף אַלטע שטרענגע אָרטאָדאָקסן און יונגע ליבעראַלע רעפאָרמיסטן. אין דער שול אויף וואַהל־שטראַסע, וועלכע האָט מער דערמאָנט אַ רייכן מתנגדישן פּוילישן בית־מדרש, איז אויף דער בימה געשטאַנען מיט אַ זיידענעם טלית־שאַלעקל אויף די אָרעמס דער פריידיקער אברהם גייגער און מיט אויפריכטיקער ליידנשאַפט געדונערט קעגן די אַלטפרענקישע קאָנסערוואַטיסטן, וועלכע פאַרשטייען נישט אין די פרייהייטלעכע יאָרן פון נײַנצנטן יאָרהונדערט, שוין נאָך משה איש דעסאַו, אַז אַ פאָלק קען נישט בלייבן פאַרסקלעפּעט אין אַלטע פאַרשימלטע דינים, געפּענטעט אין אַ צוים פון תרי״ג מצוות. מיט איין האַנט־שטריך האָט אברהם גייגער ווי אויסגעמעקט פון סידור דעם פּסוק „ובא לציון גואל״, אויסרופנדיק, אַז זינט דעם צווייטן חורבן זענען יידן מער קיין פאָלק נישט, נאָר אַ גלויבן־בונד, אַז יעדע דערמאָנונג וועגן מלוכהשאַפט, ציון, פאָלק איז נוצלאָז און שעדלעך.

אין דער שול איז אויסגעבראָכן אַ שטורעם. איין טייל האָט דעם דרייסטן רעפאָרמאַטאָר הייס אַפּלאָדירט, ברעכנדיק שוין מיט דער בראַוואָ־פאַטשעריי אַליין די איינגעשטעלטע דורותדיקע טראַדיציע פון אַ מקום־תפילה. דער צווייטער טייל האָט זיך געוואָרפן אויף דער בימה, וועלנדיק דורס זיין דעם חצוף. אין אַ צווייטער שטאָט אָלדענבורג איז אין דער זעלביקער צייט אויף דעם ארון־קודש־טרעפּל געשטאַנען אַ איינגעהילטער אין לאַנגן טלית — הרב שמשון רפאל הירש; מיט אַן ענלעכער ליידנשאַפט האָט ער פאַרטיידיקט די אַלטע פּאָזיציעס פון קאָנסערוואַטיוון יידנטום. דער אַלטער ר׳ שמשון רפאל איז נישט גרייט געווען אָפּצוטרעטן אַפילו פון אַ קוצו־של־יוד. אַלץ איז הייליק און טייער, ווייל אין קלענסטן גדר שטעקט די שוץ קעגן שמד און אונטערגאַנג. אָבער פונקט ווי דער אַפּיקורוס אברהם גייגער, האָט אויך דער אָרטאָדאָקסישער רב ר׳ שמשון הירש געהאַלטן, אַז יידנטום איז נישט קיין פאָלק, קיין נאַציאָנאַלער קאָלעקטיוו, ווי אַלע אומות־העולם, נאָר אַ רעליגיע, און רק זי, די אמונה, וועט איינהאַלטן און אָפּראַטעווען דעם קיום פון ישראל.

געווען איז דאָס אין די שטורמישע צייטן, וואָס האָבן אָנגעזאָגט די בשורה פונעם פעלקער־פרילינג און וואָס זענען געקומען נאָך דעם יאָר 1848 און געבראַכט ביי אַלע אונטערדריקטע אומות די ערשטע שפּראָצן פון נאַציאָנאַלער דערוואַכונג.

עס האָבן אויך אין דער זעלביקער צייט נישט געפעלט אין דער מחנה פון דייטשן יידנטום קיין שוואַרצזעער, וואָס האָבן ווי די קראָען פאָרויסגעקראַקעט דעם אומקום פון יידנטום, די משונהדיקע מיתה־בנשיקה אינעם ים פון דייטשער אַסימילאַציע. די קראַנקהייט, וואָס אַ טייל פון אירע באַקצילן האָבן געשטעקט אין דער לערע פון משה מענדעלסאָנס פריינד, האָט זיך געשפּרייט מיט עפּידעמישער שנעלקייט, און אַסך האָבן פאַרוואָרפן דעם אַנקער פון זייער אומרואיקער שיף פאַרן אַלטאַר פון דער פּראָטעסטאַנטישער תפילה, פאַרטוישנדיק דעם שווערן עול פון קאַמף פאַר דערוואַכונג און עמאַנציפּאַציע פון יידישן פאָלק אויפן ביסל גלחישן וואַסער, וואָס האָט געדאַרפט פון זייערע געזיכטער אַראָפּשווענקען איינמאָל פאַר אַלעמאָל דעם צלם ייד און ברענגען גלייכהייט מיט זייערע גוישע פאַרטנערן פון דער באַנקיריש־סוחרישער וועלט.

אין אָט דער מערקווירדיקער על־פּרשות־הדרכים־דיקער צייט איז דערשינען צבי־הירש גרעץ. פון אַ גרויס־פּוילישן שטעטל, פון פאַרשידענע דאָרפישע ישובים, ווו ער האָט געלעבט פון מלמדות, איז ער דערשינען אין דעם מענטשן־געווימל אין וורואָצלאַוו, אויף דער הײַנטיקער וולאָדקאָוויטש־גאַס, אין דעם בנין, ווו עס געפינט זיך הײַנט אַ יידישער פאָלקס־קלוב, און ווו עס איז אין משך פון לאַנגע יאָרן איינגעשטאַנען די חכמה־היהדות, די יודאַיסטישע וויסנשאַפט — אינעם יידיש־טעאָלאָגישן סעמינאַר, ווו ער — גרעץ — האָט געלייענט פאַר דער יוגנט יידישע געשיכטע. ער האָט זיך געיאַוועט ווי דער ערשטער בשורה־אָנזאָגער פון דער דערוואַכונג פון יידישן פאָלק — ווי אַ נאַציע, ווי דער צונויפשמעלצער פון די צוויי אין פּלוג סתירהדיקע באַגריפן — ייד און מענטש.

ג.

אין אונדזער הײַנטיקן דור איז שוין נישט בנמצא קיין מענטש, וואָס זאָל האָבן פערזענלעך געקענט דעם פּראָפעסאָר היינריך גרעץ. עס איז פון זיין פיזישן אָפּבילד געבליבן נישט מער ווי די פאָטאָגראַפיע — אין צוויי פּאָזעס: אויף איינער דערשיינט פאַר אונדז אַ מענטש אין די עלטערע יאָרן מיט אַ קורצער גרוילעכער באָרד און אַ פּנים פון אַ תלמיד־חכם, וואָס ער האָט אָנגעשפּאַרט אויף דער דלאָניע, אַ פּנים אַ פאַרטראַכטס און אַ פאַרטיפטס; אויף דער צווייטער זעען מיר גרעצן אַן־פאַס, די אויגנגלעזער זיצן אַ קאַפּ נישט גלייך,

דער דיקער שווערער שלייף, דער ערנסטער אויסדרוק פון פנים, די לענגלעכע האָר טראָגן אין זיך נישט קיין שמץ פון אָרטאָדאָקסישקייט — אָן עכטער הויכשול-פּראָפעסאָר פון פאַריקן יאָרהונדערט מיט אַ וואָרעמען יידישן מאָדערנעם אויסדרוק. לאָמיר פאַרגלייכן גרעצס פּאָטאָגראַפיע מיטן בילד פון אויבעררבינער ד"ר זכריה פראַנקעל, דעם פּראָפעסאָרס ידיד און דירעקטאָר פון ברעסלער יידיש-טעאָלאָגישן סעמינאַר. אַלץ איז אויף זכריה פראַנקעלן אַנדערש, אָרטאָדאָקסישער —דער סורדוט, דער זיידענער שאַליק אָנשטאָט אַ שלייף, דאָס קאַפּל אויפן גרויען קאָפּ און די דיסקרעטע הינטער די אויערן באַהאַלטענע געלאָקטע פּאות. שוין גרעצס אויסערלעכער אויסזען רייסט אים אָוועק פון דער אָרטאָדאָקסישער מיליע. אוודאי פאַרמאָגט נישט גרעצס פיגור די שטורמישע אַרויספאָדערדיקייט פון פערדינאַנד לאַסאַל און די דינאַמישע קראַפט, וואָס זעצט פון דער פיגור פון קאַרל מאַרקס, אָבער הינטער דער אויסערלעך-רואיקער און געזעצטער מאַסקע פון גרעצס פּראָפעסאָרישער פיזיאָנאָמיע האָט געברויזט אַ טעמפּעראַמענט פון אַ קעמפער און אַ האַרץ פון אַ יידישן פּאַטריאָט און גרויסן הומאַניסט.

יאָ, צבי-הירש גרעץ איז געווען אַ קעמפערישע נאַטור. נישט ריכטיק איז די טראַדיציאָנעלע אויפפאַסונג פון דעם פּאָטער פון דער מאָדערנער יידישער היסטאָריאָגראַפיע ווי אַ מעסיק-ליבעראַלן און אַ מעסיק-קאָנסערוואַטיוון מענטש. אין דער אמתן איז גרעץ געווען אַ פורץ-הגדר, אַ רעוואָלטירנדיקער גייסט קעגן די אַלטע פאַרשטייער פון חכמת-היהדות יאָסט, גאַנז, צונץ, גייגער, קעגן דער פאַרשימלטקייט פון די אָרטאָדאָקסן און דער אַסימילאַטאָרישקייט פון די רעפאָרמיסטן. וויית פון חניפה, האָט גרעץ אָפּן בפני עם ועדה מיט זיין זאַפטיקן וואָרט אָראָפּגעריסן די אָנערקענטע אויטאָריטעטן פון דער יודאַיסטישער וויסנשאַפט, וואָס איז געבוירן געוואָרן ביים דייטשן יידנטום. אָן פניות איז גרעץ אַרויסגעטראָטן קעגן דעם פּאָטער פון דער חכמת-היהדות לעאָפּאָלד צונץ פאַר זיין פאַרשטעלן די יידישע געשיכטע ווי אַ געשיכטע רק פון לערנען און ליידן. מיט בולטער שאַרפקייט און דרייסטקייט האָט גרעץ געשטורעמט דעם בנין פון דער געשיכטע-שרייבונג פון לעאָפּאָלד צונץ, וועלכער האָט צעטיילט דאָס יידישע פאָלק אויף צווייען, אויף די אַלטע איזראַעליטן און אויף די נייע יידן, צערייסנדיק אַזוי אַרום די קאָנטינואיטעט פון יידישן גורל, פון דער אַנטוויקלונג פון יידישן פאָלק. מיט זיין שאַרפן חוש האָט גרעץ אויפגעדעקט די אמתע כוונות פון דער געשיכטע-שרייבונג פון דעם צווייטן חכמת-היהדות-פאַרשטייער יצחק יאָסט. ער וואַרפט פאַר דעם דאָזיקן דעמלט אָנערקענטן היסטאָריקער, אַז ער פאַרשווערצט די יידישע געשיכטע מיט זיין אָנשטרענגונג צו דערוויזן, בכן בלויז אַ הייפל פאַנאַטיקער האָט געקעמפט קעגן רוים און דאָס גאַנצע פאָלק איז באַשטאַנען מקדמונים פון פרידלעכע בירגער. גרעץ דעמאַסקירט די דאָזיקע טענדענץ און שטעלט אַוועק יאָסטן נאַקעט-הויל, ווי דעם פריידיקער פון פרייסישן פּאַטריאָטיזם, ווי אַ מה-יפית-יידל פון אַ נייער אויפלאַגע. יאָסט האָט בלויז פּראָפאַרירט די יידישע געשיכטע, עס זאָל געפעלן ווערן דעם פרייסישן יונקער, כדי דער לעצטער זאָל גלויבן, אַז יידן זענען קיינמאָל נישט געווען קיין מורדיש פאָלק, אַז זיי וועלן אויך איצט, אינעם האָהענצאָלערנישן דייטשלאַנד, זיין גוטע און פרומע פּאַטריאָטן פון פרייסישן פרייסנטום.

מיט דער זעלביקער געוואַגטקייט און אומצווידייטיקייט איז גרעץ אַרויסגעטראָטן קעגן זיין אייגענעם אַמאָליקן רבין, קעגן דעם גרעסטן אויטאָריטעט פון דער יידיש-דייטשער אָרטאָדאָקסיע ר' שמשון רפאל הירש. געפירט דורך דעם טאָפּלטן געפיל — פון יידישן פּאַטריאָטיזם און גזעלשאַפטלעכן פּראָגרעס — האָט גרעץ דער ערשטער אין דער יידישער היסטאָראָגראַפיע נישט מורא געהאַט בקול-רם צו לויבן די טאַלאַנטפולע משומדים היינריך היינע און לודוויק בערנע, אָוועקקוקן פון זייער שמד און אויסדריקן זיי אין זיין געשיכטע-בוך אָנערקענונג פאַר זייערע מוטיקע אַרויסטריטן אין שוץ פון יידישן פאָלק און פון זיינע רעכט, פאַר זייערע בייסיקע פען-שלאַכטן קעגן דעם העפ-העפ-אַנטיסעמיטיזם אין דייטשלאַנד.

און פונקט אַזוי האָט זיך אַנטפּלעקט גרעצס פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעכע איינשטעלונג און זיין קעמפערישער כאַראַקטער אויפן אַלגעמיין-פּאָליטישן געביט. די יידיש-דייטשע בורזשואַזיע אין שוין דעמלט געפּאַלן כורעים פאַרן יונקערישן פרייסנטום, די חכמת-היהדות-טרעגער האָבן משרתיש געזונגען דעם הנותן-תשועה פאַר פרידריך-ווילהעלם און אין זייערע מוחות האָט זיך שוין אויסגעפּיקט דער טיפּ פונעם אנדרויגינוס „דייטש פון משהס גלויבן". אָבער גרעץ האָט בשום אופן נישט געקענט מסכים זיין אויף אַזאַ פּאָליטישן סערוויליזם און פאַרלייקענונג פון זיך גופא. און טאַקע אין יאָר 1870, אין דעם יאָר, ווען דער פרייסיש-דייטשער שאָוויניזם דערגרייכט זיין דעמלט-העכסטן שטאַפּל, ווען ביסמאַרקס חיילות פאַרמעסטן זיך צו דערשטיקן די פּאַריזער קאָמונע, און דער דאָזיקער טשאַד כאַפּט זיך אַריין אויך אין די היימען פון די דייטשע יידן, דווקא אין דער דאָזיקער צייט לאָזט אַרויס גרעץ יענעם באַנד פון זיין געשיכטע, אין וועלכן פרייסן ווערט באַצייכנט ווי אַ שקלאַפנלאַנד, און די געשטאַלטן פון היינע און בערנע, פון אָט די שאַרפסטע באַקעמפער פונעם פרייסנטום, ווערן פאַרהערלעכט אין די שענסטע ווערטער. דאָס איז נישט געווען קיין אומגעריכטער, צופעליקער פאַל ביי גרעצן. דאָס האָט אַרויסגעדרונגען לאָגיש און קאָנסעקווענט פון זיין גאַנצן וועלט-באַנעם. בעת יאָסט האָט נישט געפונען קיין גוט וואָרט פאַר דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, עפּענדיק זיין האַרץ נאָר פאַר נאַפּאָלעאָנען, זעט גרעץ דעם אָנהויב פון יידישער עמאַנציפּאַציע טאַקע אין דער רעוואָלוציע און שאַצט אָפּ נאַפּאָלעאָנען זייער ניכטער. נישט נאַפּאָלעאָן האָט באַשאַנקען די יידן מיט גלייכבאַרעכטיקונג — לערנט אונדז גרעץ — נאָר מיראַבאָ, גרעגואַר, און די יאַקאָבינער דיפּאָר און ראַבעספּיער, זיי האָבן געקעמפט פאַר אונדזער זאַך און זיי זענען עס די קעמפער און צעשטערער פון די געטאָ-ווענט! און פונקט אַזוי האָט דער גרויסער היסטאָריקער פאַרויסגעזען דעם קוואַל פון דער סאַמע גיפטיקסטער יידן-פרעסעריי אין אייגענעם דייטשלאַנד — „די געשיכטע פון יידן אין טעוטאָנישן דייטשלאַנד שטעלט מיט זיך פאַר אַ טאָל פון געוויין", זאָגט ער מיט ביטערניש אין זיין באַרימטן, פונדאַמענטאַלן געשיכטע-בוך.

און עס איז קלאָר, אַז די רעאַקציע האָט דעם דרייסטן, אומפניותדיקן היסטאָריקער נישט געשווינט. רדיפות האָט גרעץ געהאַט אויסצושטיין סיי מצד די שוואַרץ

מאהדיקע אַנטיסעמיטן און שאָוויניסטן, סיי מצד דער אייגענער ייִדישער אָרטאָדאָקסיע און די היימישע רעפאָרם־לייט, די יאהודים. גרעץ שרעקט זיך אָבער נישט אָפּ. ער גלויבט טיף און אויפריכטיק אין דער ריכטיקייט פון זיינע מיינונגען; עס אַנטפּלעקט זיך אין אים דער פאַר אים אַליין נישט בולטער עקשנותדיקער כאַראַקטער־שטריך פונעם פּוילישן ייד — פון דעם זעלביקן ייד, צו וועלכן דער וועלט־מענטש גרעץ פילט אַ שטיקל ווידערווילן. עקשנותדיק גייט גרעץ ווייטער זיין וועג — ביזן טיפן עלטער. די דאָזיקע קעמפערישע נאַטור זיינע, אָט די דעמאָקראַטישע אַנשויאונגען האָבן גרעצן שטאַרק דערנענטערט צו אַ צווייטן גאונישן ייד, וואָס איז מיט אַנדערע וועלט־וועגן אַוועק, צו קאַרל מאַרקסן; דער פּראָפעסאָר פון ייִדישער געשיכטע האָט זיך באַקאַנט מיטן „רויטן דאָקטאָר", וועלכער האָט געמאַכט אויפציטערן די בורזשואַזע וועלט, אינעם קור־אָרט קאַרלסבאַד, ווו זיי האָבן ביידע זומער־צייט 1876 פאַרבראַכט אויף היילונג. ביי די ריזיקע פעסער הייל־וואַסער, פון וועלכן די קור־משרתים האָבן געשעפּט מיט גרויסע לעפלען און דעם זודיקן מים־חיים איבערגעגאָסן אין קליינע טעפּעלעך, האָבן זיך באַקענט די צוויי וויסנשאַפטס־לייט. וואָס האָט געקענט דערנענטערן די צוויי גיגאַנטן, וואָס איטלעכער פון זיי האָט געלעבט אין אַ באַזונדערער אינערלעכער וועלט? גרעץ האָט שוין דעמלט געהאַט פאַרענדיקט זיין פונדאַמענטאַל צוועלףבענדיק ווערק פון ייִדישער געשיכטע, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין משך פון צוויי־און־צוואַנציק יאָר, און האָט נאָך אַלץ געלעבט מיטן געדעכעניש פון די חשמונאים און די שפּאַנישע ייִדן, פון די בלוטיקע רדיפות און אַנטפּלעקונג פון ייִדישן גייסט; מאַרקס האָט פאַרענדיקט זיין פונדאַמענטאַל ווערק „דער קאַפּיטאַל" און אין זיין געניאַלן מוח זענען לעבעדיק געשטאַנען די קאָנסטרוקציעס פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט. גרעצס טעמפּעראַמענט איז אויסגעפילט געווען מיט קאַמף קעגן די צוויי עקסטרעמען אין ייִדישן לעבן, אינעם יודאַיזם — דער אָרטאָדאָקסיע און דער רעפאָרם. מאַרקס האָט גערופן די פילאָזאָפן איבערצואַנדערשן די וועלט. „אייער „קאַפּיטאַל" פאָדערט אַן אויספירלעכן און ערנסטן שטודיום, — שרייבט פּראָפעסאָר גרעץ אין זיין ענטפער אויף דעם בריוו פון ד"ר מאַרקס, דעם ערשטן פעברואַר 1877, — און איך האָב מורא, אַז איך וועל ווייניק וואָס דערפון פאַרשטיין... איר האָט מיר אָבער מיט די אָנגענעמע מתנות געבראַכט אין אַ פאַרלעגנהייט. איך וויים נישט, וואָס קאָן איך אייך אין מיינע אַלע ווערק פאָרלייגן ווי אַ פאַרגיטיקונג. דער אינהאַלט פון מיין 12־בענדיקער געשיכטע ליגט ווייט מחוץ פון אייער האָריזאָנט." אין פלוג דוכט זיך, אַז די צוויי קאַרלסבאַדער קור־געסט האָבן נישט געקענט האָבן קיין געמיינזאַמע שפּראַך, קיין בשותפותדיקע פאַראינטערעסירונגען. און דאָך איז זייער פריינדשאַפט אַ פאַקט. דאָך האָבן זיי אין קור־אָרט צומגערנסטן פאַרבראַכט איינער מיטן צווייטן. וואָרום אין תוך זענען דאָס געווען מענטשן מיט קרובהשע פּאָליטישע אָנשויאונגען, אוודאי איז גרעץ געווען אַ מעסיקער און נישט קיין רעוואָלוציאָנערער העגעליאַנער. אָבער עס האָט דעם פראָגרעסיוון ייִדישן געשיכטע־פּראָפעסאָר פאַרבונדן מיטן געניאַלן קריטיקער פון קאַפּיטאַליזם אַ פּאָליטישער אידעאַל. „לויט מיין מיינונג — שרייבט גרעץ אין זעלבן בריוו צו מאַרקסן, — עקזיסטירן צוויי שונאים, וואָס זענען אַ סכנה פאַר דער רו און פאַרן וווילשטאַנד — די יעזואיטן און דער מיליטאַריזם. ביידע דאַרפן באַקעמפט ווערן דורך די פריינד פון ציוויליזאַציע." אוודאי האָט מאַרקס טיפער דערבליקט די גרונט־סיבה פון דעם יעזואיטיזם און מלחמה־געפאַר, די סאָציאַל־עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן פון אומיושרדיקן סדר העולם. אָבער זיין הויפּט־געווער איז אויך געווען געווענדעט קעגן די צוויי בייזע כוחות פון דער וועלט, און די געמיינזאַמע גאַרונג צו פרייער גייסטיקייט און צו שלום האָט זיי ביידן דערנענטערט, פאַרבונדן.

און שוין־זשע האָט זיי נישט געקענט מקרב זיין און מיט אידעלע ידידישע פעדים פאַראייניקן דער אידעאַל פון אייביקן מענטשלעכן גערענגל פאַר נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער פרייהייט? — שוין־זשע האָבן נישט געקענט די שפּאַציר־שמועסן נאָכן טרינקען דעם שפּרודל־וואַסער זיך קייטלען אַרום דעם צעבונטעוועטן שקלאַף ספּאַרטאַקוס און דעם ייִדישן אויפשטענדלער בר־כוכבא, פאַר וועלכע ביידע האָבן געדאַרפט האָבן דעם טיפסטן אינטערעס? שוין־זשע האָבן זיך די צוויי פריינד פון די צוויי באַזונדערע גייסטיקע וועלטן נישט געקענט טיילן מיט די מיינונגען איבערן גריכישן סאָציאַלן רעפאָרמאַטאָר סאלאָן, אַזוי גוט ווי איבערן ייִדישן מאָראַל־געזעצגעבער משה? צי איז טאַקע אַזוי טיף, אַזוי ברייט דער תהום צווישן די צוויי וועלטן, די צוויי פאַראינטערעסירונגען, צווישן סאלאָן און משה, צווישן ספּאַרטאַקוס און בר־כוכבא, צי איז עס נישט איין וועלט פון דראַנג צו יושר פאַר אַלע פעלקער און אַלע אומות?

ד.

אָט שטייען מיר נאָך פאַרן קבר פון צבי־הירש גרעץ. עס איז אַ האַרבסטיקער טאָג און די טראָפּנס פון רעגן פאַלן אויף דער מצבה און שווענקען זי און מאַכן מטושטש די ווייס־אויסגעקריצטע אויפשריפטן. אין אַ נעפּל ווערט איינגעהילט דער אַרום און עס שטייען אויף בילדער פון דער טיפער פאַרגאַנגענהייט, בילדער, וואָס האָבן זייער אייביקן תיקון באַקומען דורך דער געבענטשטער פען פון דעם דאָ באַגראָבענעם היסטאָריקער־קינסטלער. ווי דורך אַ נעפּל שווימט אַרויס דאָס געשטאַלט פון דעם דרייסטן חיילות־העטמאַן יהושע בן־נון, וועלכער פירט אַריבער אינעם אורבאַגין פון אונדזער געשיכטע די וואַנדערנדיקע שבטים דורך דעם ירדן און קעמפט אויס פאַר זיי דאָס לאַנד כנען. אַ ברייטער לייוונט צעוויקלט זיך, און דער קינסטלער־היסטאָראָגראַף מאָלט אויס אויף אים די שיינקייט פון דער פאַלעסטינער נאַטור, די אויסשפּרייטונג פון די שבטים, זייער געראַנגל פאַר זעלבסטשטענדיקייט. אָט קומען אַרויס פון טיפן היסטאָרישן נעפּל אַלץ נייע און נייע געשטאַלטן פון העלדן — באַשיצער פון פאָלק. אָט לויפט באַרג־אַראָפּ מיט אַ שלאַכט־אויסרוף ברק, עס קערט זיך אַהיים יפתח און טרעפט די ערשטע די טאָכטער, דעם דורכן בלינדן גורל באַשטימטן קרבן, און אָט טויכט אַרויס די ריזיקע פיגור פון שמשון מיט זיין אויסגעשריי, וואָס הילכט אָפּ אין משך פון דורות ביז די אָקאָפּעס פון סטאַלינגראַד און די פּאָזיציעס פון כפר עציון: „תמות נפשי עם פלשתים!" און ווידער אַ רייכע גאַלעריע פון העלדן — שאול און אבנר, דוד און יואב. און אינמיטן די בילדער, וואָס זענען אַרויסגערופן געוואָרן דורכן כישוף־שטעקעלע פונעם מחבר, הערן זיך געזאַנגען: עס זינגט אַ נצחון־

ליד דבורה הנביאה, עס שאַלט דער פרייד־אויסרוף פון יעל און יהודית!

עס טוישט זיך דאָס בילד. איינגעפרעסט צווישן צוויי וועלט־מאַכטן פאַלט סוף כל סוף די זעלבסטשטענדיקע מלכות ישראל און די אומאָפּהענגיקע מלכות יהודה. אַ נייער קלאַנג דרייסט זיך אַריין אין חלל — דער יאָמער־געשריי פון ירמיהו. און עס דוכט זיך, אַז דאָס האַרץ פונעם היסטאָריקער וויינט מיט מיטן פאַרצווייפלטן נביא. עס דוכט זיך, אַז דאָס זינגט עס גרעץ אומעטיק און טרויעריק אַליין מיט מיט זיינע פאַרוואָגלטע אבות אויף די ברעגעס פון די בבלישע טייכן דאָס בענקשאַפט־ און צער־ליד פון אַ באַזיגט פאָלק. פאַר צונצן און יאָסטן איז „על נהרות בבל" געווען אַ געוויינלעכע עלעגישע תפילה, פאַר גרעצן איז עס אַ טיפער ריס אין האַרצן. און אַזוי שפּאַנט מיט דער היסטאָריקער־קינסטלער מיטן פאָלק אויף זיין לאַנגן, דורותדיקן וואַנדער־וועג. ער ווערט באַגייסטערט מיטן באַפרייערישן קאַמף פון די חשמונאים, ער איז שטאָלץ מיט דעם צוריקאויפבלי פון דער מאַקאַבייאישער מלוכה און שטראָפט די לעצטע מלכים פון דער חשמונאישער דינאַסטיע, וואָס האָבן פאַרטאַכליעוועט די אַזוי בלוטיק דעראָבערטע אומאָפּהענגיקייט פון זייערע העלדישע פאָרגייער. גרעץ וויל נישט און קאָן נישט זיין קיין קאַלטער אָבסערוואַטאָר, קיין ניכטערער רעגיסטראַטאָר פון היסטאָרישע געשעענישן. ער מישט זיך אַריין אין דעם געשיכטע־לויף, ער מישט זיך אַריין, פאַלט אַריין אין התלהבות, נידערט אַראָפּ צו פאַרצווייפלונג, דריקט אויס זיינע געפילן פון גליק און אויפברויז, ווייל ער שרייבט דאָך די געשיכטע פון זיין אייגן פאָלק. מיט צאָרן שרייבט ער וועגן יוסף בן מתתיהו און מאַכט אים פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער מפּלה פונעם יידישן קריג קעגן רוים. און מיט די וואַרעמסטע געפילן שילדערט ער די לעצטע קאַמפן פון די קנאים, די אומפאַרגעסלעכע געשטאַלטן פון שמעון בר גיורא און יוחנן מגוש חלב. ער זעט באַשיימפערלעך און אַקצענטירט דעם עיקר־פאַקט, אַז די העלע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פון די אומות־העולם האָבן אויך ליכטיק געמאַכט דעם וועג פון יידישן פאָלק.

און נאָך די אויפטרייסלענדיקע בילדער פון די קרייץ־צוגן, שוואַרצן טויט, גירושים, געטאָס און געלע לאַטעס, גזירות, הדיפות און שפּאַנישע אינקוויזיציע — קומען די מונטערע טענער פון נייע אויפבליען פון יידישן לעבן — אין דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע און אין די פרייע שטאַטן פון נידערלאַנד. די געשיכטע איז נישט פאַר גרעצן קיין צופעליקער לויף פון באַזונדערע געשעענישן. אינעם אָרגאַניזם פון איין תקופה ליגט שוין דאָס קערנדל פון אַ צווייטער, אַזוי אַרום קאָן נישט די גסיסה פון איין עפּאָכע אָפּשניידן אויף אייביק דעם קיום און המשך פון פאָלק. מעגלעך איז אָט די נישט־איבערגעריסנקייט פון יידישן קיום און פון דער יידישער געשיכטע אַ דאַנק דעם, וואָס די מענטשהייט איז אַפילו אין די פינצטערסטע צייטן נישט אינגאַנצן פאַרדאָרבן.

די יידן אין שפּאַניע האָבן געלעבט ווי פרייע און גלייכע בירגער, ווי אויטאָכטאָנען, ביזן זעקסטן יאָרהונדערט, כל־זמן די דראָבערישע וויזיגאָטן זענען געווען קריסטן־אַריאַנער, כל־זמן זיי האָבן זיך געהאַלטן ביים אָפּאָזיציאָנעלן גלויבן פון אַריוס, וועלכער האָט דעם נוצרי געזען ווי אַ מענטש און נישט ווי אַ גאָט און וועלכער איז מורד געווען אין דעם פּויפּסטום, אין דער קירכלעכער היעראַרכיע, אין דעם קולט און ריטואַל, אין די הייליקע בילדער און אין דער סאָציאַלער פּאָזיציע פון רוימיש־קאַטוילישן קריסטנטום. כל־זמן די שפּאַנישע וויזיגאָטן זענען געווען דורכגעדרונגען מיט אָט די דעמלט פרייהייטלעכע אידייען, האָבן זיי אין די יידישע שכנים געזען מיטמענטשן, מיטבירגער. פון זעקסטן יאָרהונדערט איז דאָס וויזיגאָטישע שפּאַניע באַהערשט געוואָרן דורכן פּויפּסטלעכן קאַטויליציזם, דורך דער אידעאָלאָגיע, וואָס איז געלעגן אין יסוד פון דעם אונטערדריקערישן פעאָדאַלן סדר, האָט זיך די באַציונג צו די יידן געביטן ראַדיקאַל, האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן גזירות און רדיפות. דאָס זעלביקע איז געווען אין דער מזרח־רוימישער אימפּעריע ביזאַנץ. דער אָפּאָזיציאָנעלער מלך יוליאַן, וועלכן די אָפיציעלע קירך־געשיכטע רופט אָן „אַפּאָסטאַטאַ", אָפּטריניקער, האָט זיך געוועהרט קעגן דעם רעליגיעזן און געזעלשאַפטלעכן אומרעכט, האָט געשטרעבט צוריקצושטעלן דעם אַלטן קולט און צוריקגעבן פרייהייט די פעלקער, וואָס האָבן געקרעכצט אונטער דער אונטערדריקונג פון ביזאַנץ. דער זעלביקער יוליאַן האָט אויך פּראָקלאַמירט די פרייהייט פון יידישן פאָלק. אוודאי איז יוליאַן געווען נישט מער ווי אַן עפּיזאָד אין דער געשיכטע אויף דער גרענעץ פון אַלטערטום און מיטלאַלטער, אוודאי איז ער נישט ביכולת געווען אָפּצושטעלן און צוריקצודרייען דעם ווייזער אויפן געשיכטלעכן ציפערבלאַט, אָבער זיינע מענטשן־פריינדלעכע אידייען האָבן אַ וואַרעמען שטראַל געוואָרפן אויך אויפן גורל פון די יידן, וועלכע זענען געלעגן בלוטלאָזע נאָך די פאַרשפּילטע העראָישע אויפשטאַנדן קעגן רוים און ביזאַנץ. אַזוי האָט זיך געוויקלט דער געשיכטלעכער גאַנג ווייטער. מאַרטין לוטער, כל־זמן ער איז געשטאַנען אין עקשנותדיקן קאַמף קעגן די אַלטע פּאָזיציעס פונעם קאַטאָליציזם און פונעם פעאָדאַליזם, האָט ער אַן אָנשפּאַר געזוכט אויך ביי די יידן און זיי באַהאַנדלט ווי גלייכע מענטשן; ווי נאָר ער האָט זיך — אין אָנבליק פון טאָמאַס מינצערס פּויערישן אויפשטאַנד — פאַרבונדן מיט די פירשטן און מיט דער ערד־אַריסטאָקראַטיע, ווי נאָר ער איז אַרויסגעטראָטן מיט דער גרעסטער שנאה צום אויפגעשטאַנענעם מורדישן פאָלק און גערופן צו שעכטן, ברענען און מאָרדן די צעבונטעוועטע פּלעבייער, אַזוי האָט ער זיך תיכף פאַרוואַנדלט אין אַ פאַרביסענעם דם שונא פון די יידן און געוואָרפן אויף זייער אַדרעס אַזעלכע בלבולים און אויסדרוקן, וועלכע האָבן געקענט מיט אַ האַלבן יאָרטויזנט שפּעטער איינשטיין אין אַרסענאַל פון געבעלסעס און ראָזנבערגס בלוטיקער פּראָפּאַגאַנדע. גרעץ האָט מיט אַן אָפן אויג געזען אָט דעם קוויל פון געשיכטלעכן מוסר השכל. ער האָט אָבער אויך דערבליקט דעם נאַטירלעכן פאַרבינדעטן פון גערודפטן יידישן פאָלק. גרעץ פאַרשטייט אויסגעצייכנט, פאַרוואָס די שפּאַנישע יידן פאַרבינדן זיך מיט די צפון־אַפריקאַנישע מוירן אינעם פאַרטיידיקונגס־קאַמף קעגן די פאַנאַטישע וועסטגאָטישע מושלים פון שפּאַניע און הלמאי די מיטל־אייראָפּעישע יידן סימפּאַטיזירן און שטיצן די באַוועגונג פון יאַן הוס. דאָס אָרט פונעם יידישן פאָלק איז אינעם לאַגער פון סאָציאַלן און פּאָליטישן פּראָגרעס. אָט דאָס איז דער לייט־מאָטיוו פון גרעצס 22 יעריקן שטודיום. און גרעץ גלויבט טיף אין אָט דעם פּראָגרעס. זיין פונדאַמענטאַל היסטאָריש ווערק

שליסט זיך אָפּ מיטן יאָר 1848, מיטן פרילינג פון די פעלקער, און שטאַרק, מונטער און זיכער קלינגט גרעצ'ס שלוס־אַקאָרד, זיין ליידנשאַפטלעכער אני מאמין, אַז דאָס פאָלק וועט גיין צו ווילשטאַנד, גייסטיקע הויכענישן און גליק — אינאיינעם מיט דער פאָרויסשפּאַנענדיקער מענטשהייט.

גרעץ איז געווען אַ ראַציאָנאַליסט, ער האָט אויפגעהערט צו קוקן אויפן יודאַאיזם ווי אויף אַ דאָגמע. גרעץ איז געווען אַ העגעליאַנער, ער האָט געפאָרשט דערשיינונגען נישט אין זייער סטאַטיק, נאָר אין זייער באַוועגונג, אין זייער ענדערונג און אומוואַנדלונג. ער איז אָבער נישט געווען קיין לינקער, קיין רעוואָלוציאָנערער העגעליאַנער. ער האָט טאַקע אויפגעפאַסט דעם יודאַאיזם ראַציאָנאַליסטיש און עוואָלוציאָניסטיש, אָבער ער האָט אַלע פאַזן פון יודאַאיזם געזען ווי פאַרשטענדלעכע, נויטווענדיקע און אויסגעצייכנטע דערשיינונגען פונעם יידישן גייסט. מחמת דעם — און אויך צוליבן אַלגעמיין־יידישן פאַטריאָטיזם — איז גרעץ אַרויסגעטראָטן קעגן די סכיזמעס, מרידות, אָפּאָזיציעס, סעקטעס און אינערלעכע קאַמפן אינעם יידנטום. גרעץ דער איינהייט־פאַנאַטיקער פאַראורטיילט דעם קראַיזם — נישט קענענדיק וואַרשיינלעך די אמתע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע סיבות פון זיין אַנטשטייאונג. גרעץ דער ראַציאָנאַליסט זעט אין דער קבלה בלויז טונקלקייט און אַפילו שווינדל — נישט דערבליקנדיק אי די גאולה־לעכצונגען, וואָס שטעקן אין אָט דער לערע, אי די פּאָעטישע זייט פון דער קבלה, נישט באַנעמענדיק די דאָזיקע דערשיינונג דיאַלעקטיש. גרעצן, דעם פּראָגרעסיוון גייסט איז פרעמד דער אורשפּרינגלעכער חסידיזם; ער זעט נאָר דאָס פּראָסטאַקישע און פאַנאַטישע אין אים, אָבער ער פאַרשטייט נישט די סיבה פון זיין אויפקום, די סאָציאַלע אַנטאַגאָניזמען אינעם יידיש־פוילישן און יידיש־אוקראַינישן לעבן. גרעץ, אַליין אַ קינד פון גרויס־פוילן, קאָן לחלוטין נישט דאָס פוילישע יידנטום. עס שטויסן אָפּ דעם אייראָפּייער גרעץ די העוויות און תנועות פונעם פוילישן ייד, זיין „זשאַרגאָן", זיין פּילפּול־גאַנג אין תלמוד, זיין קליידונג. גרעץ האָט נישט געקענט די אינערלעכע אַנטוויקלונג פון פוילישן יידנטום, וואָס האָט געבוירן סיי דעם רמ"א, סיי דעם בעל שם, סיי שלמה מיימון און בערעק יאָסעלעוויטש, סיי יידיש און איז געוואָרן אַזוי אַרום דער וויכטיקסטער רעזערוואָר און צענטער פון יידישן פאָלק אין די נייע ציַיטן. גרעץ פאַרענדיקט זיין געשיכטע מיטן יאָר 1848, און עס פילט זיך שוין טאַקע אין זיין סיום די זאָרג וועגן דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פונעם פראַנצויזיש־דייטשן יידנטום, דעם יידנטום, צו וועלכן עס איז נאָך גירוש ספרד אַריבער די קרוין פון די יידישע ישובים. גרעץ פילט, ווי דאָס גרויסע ספרדישע יידנטום גייט אַראָפּ פון דער אַרענע, ווי דאָס פראַנצויזישע יידנטום שטאַרבט אָפּ מיט אַ מיתה־נשיקה, און ווי פון דייטשן יידנטום ווערן געריסן לעבעדיקע שטיקער — פון רעפאָרם, אַסימילאַציע און שמד. און איבער דער מזרחדיקער גרענעץ פון דער האָהענצאָלערנישער מדינה לעבט אַ פילמיליאָניק מזרח־אייראָפּעיש יידנטום — אין דער האַבסבורגיש־עסטרייכישער מאָנאַרכיע, אין דער גרויסער אימפּעריע רוסלאַנד־פוילן, און רומעניע; דער דאָזיקער געדיכטער צענטער, וואָס האָט שוין דעמלט געקאָכט און געזידט מיט אַן אייגנאַרטיק לעבן, מיט אומרו און זוכענישן און אינערלעכע צאַפּלענישן און ווידעראַנאַנדן, איז געבליבן פאַר גרעצן אומבאַקאַנט, נישט דורכדרינגלעך. עס וועלן יאָרן דויערן, און נאָך גרעצן שטייען אויף נייע היסטאָריקער, וועלכע קאָנטינואירן גרעצעס גרויס ווערק, און זיי שטעלן אַוועק דאָס פוילישע יידנטום אויפן ריכטיקן אָרט אין דער יידישער היסטאָראַגראַפיע.

ה.

איך שטיי פאַר דער מצבה פון היינריך גרעץ. אויף קבר אבות געקומען, און אָנשטאָט בלומען מיין בענקענדיק הארץ געבראַכט, אָנשטאָט אַ תפילה אָפּריכטן — וועק איך אויף מיין זכרון. זאָלן אויף אָט דעם קבר, וואָס באַהאַלט אין זיך אַזאַ גרויסע ליבע צו אונדזער פאָלק, אויפשטיין בילדער פון נישט־וויטן גרויזאַמען, אכזריותדיקן עבר. מיט אַן אָפן האַרץ האָסטו, גרויסער גרעץ, געגלויבט אין דעם כסדרדיקן פּראָגרעס פון דער מענטשהייט. אָבער ווי אַ העגעליאַנער האָסטו אויך געוווסט דעם סוד פון דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, האָסט אַנטפּלעקט די נשמה פון דער געשיכטע און האָסט געוואָרנט, האָסט אָנגעוויזן דרייסט מיטן פינגער: פון אָט די טייוולאָנישע פרייסן וועט קיין נחת נישט זיין און קיין גוטס וועט פון זיי נישט אַרויסקומען.

אין דיין געשיכטע האָב איך געלערנט וועגן די העפּ־העפּ־געיעגן נאָך מיינע ברידער אין דייטשלאַנד מיט אַ הונדערט יאָר צוריק. אין דיין געשיכטע האָב איך געהערט אַן אומרואיק קול פון וואָרנונג. און דאָ אויפן קבר דיינעם קום איך דיר זאָגן: דאָס טייוולאָנישע פייער, דער יעזואיטיזם און דער מיליטאַריזם, וועגן וועלכע דו האָסט אין דיין בריוו געשריבן צו מאַרקסן, האָט לאַנג געטליעט און נישט געוואָלט זיך איינלעשן, ביז עס האָט מיט אַ טייוולאָנישער קראַפט אויפגעפלאַמט און פאַרצוקט אין זיינע פלאַמען די ווערק סיי פון דיין פריינד קאַרל מאַרקס, סיי פון דיר. די נייע, שיינע סינאַגאָגע אויף דער לאָנקע־גאַס, ווו דו פלעגסט גערן אַריינקומען, איז אין נאָוועמבער 1938 אויפגעריסן געוואָרן דורך די אייניקלעך פון די העפּ־העפּ־כוליגאַנעס, און אַ טויטע שטילקייט האָט זיך צעלייגט איבערן אַמאָליקן יידישן בינשטאָק אין דיין שטאָט ברעסלע.

צום אומגליק איז דאָס פייער נישט לאָקאַליזירט געוואָרן. זיינע פלאַמען האָבן זיך אַריבערגעכאַפּט העט וייט איבער גרענעצן און מיט שרעקלעכער בראַנד־שרפה זיך צעהוליעט אין די לענדער, ווו עס האָבן געוווינט אין געדיכטע קיבוצים יידן, דיר ווייניק באַקאַנטע, אין די סלאַווישע לענדער פון מזרח־אייראָפּע. דאָס, וואָס איז נישט געלונגען מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק דעם דאָמיניקאַנישן פאַנאַטיקער יאַן קאַפּיסטראַנאָ, האָט זיך — צו אונדזער גרויסן ווייַ — איינגעגעבן די קינדער פונעם טעוטאָנישן מלך.

איך קוק אויף דיין מצבה און אין מיין געדעכעניש קומען אויף געשטאַלטן היימישע און נאָענטע — דיינע תלמידים און ממשיכים. אָ, ווען עס וואָלט זיי באַשערט געווען אַוועקצוגיין פון דער וועלט מיט אַ נאַטירלעכן טויט, אַזוי ווי דיר, זעטיקע מיט אַרבעט און יאָרן, וואָלט דיין קבר איצט אפשר באַצירט געווען מיט אַ קרייז מצבות פון טאַלאַנטפולע יידישע היסטאָריקער, וועלכע האָבן פאָרגעזעצט די גרויסע אַרבעטן, וואָס איז אָנגעהויבן געוואָרן דורך דיר. אוודאי האָט קיין איינער פון זיי נישט דערגרייכט פולשטענדיק צו דער שייַ־

קייט פון דיין שפּראַך און צו דער פרייקייט און אומאָפּהענגיקייט פון דיין גייסט. אָבער איטלעכער פון זיי האָט געבראַכט נייע און וואָגיקע חידושים, באַרייכערט די יידישע געשיכטע־שרייבונג און געלייגט נייע און נייע שטאָקן אויף דיין געביידע, אויסשטאַטנדיק אויך די חדרים, וואָס דו האָסט שוין אויפגעבויט, און אויסבעסערנדיק נישט איין בשוגגדיקן פעלער און בלויז, וואָס האָט נישט געקענט דערבליקט ווערן דורך דיר אין דיין צייט. טאָ גיב מיר דעם רשות דאָ, ביי דיין קבר, צו מאַכן אַ הזכרה די דיר אומבאַקאַנטע תלמידים דיינע, וואָס זענען פאַרשניטן געוואָרן דורכן באַרבאַרישן שונא.

ביז טיפן גרייז־גראָען עלטער האָט דערלעבט דער גרעסטער פון דיינע ממשיכים — שמעון דובנאָוו. ער האָט נישט נאָר פאָרגעזעצט דיין גרויס ווערק, נישט בלויז אויסגעפאָרשט די געשיכטע פונעם רוסיש־פּוילישן יידנטום, נישט בלויז דערפירט די יידישע געשיכטע־שרייבונג ביז די ערשטע יאָרצענדליקער פון אונדזער יאָרהונדערט, נישט בלויז געגעבן אַ פונדאַמענטאַל ווערק וועגן חסידיזם, נאָר אויך מאָדערניזירט די יידישע געשיכטע־פאָרשונג, אויסגעבויט אַ פּרעכטיקע געביידע פון אַ צענבענדיקער וועלט־געשיכטע פון יידישן פאָלק. און הגם ער איז נישט תמיד גערעכט געווען מיט זיינע היסטאָראָזאָפישע קאָנצעפּציעס, איז ער דאָך געווען משכמו ומעלה אין דער יידישער היסטאָראָגראַפיע, וואָס נאָך דיר. אַ זעטיקער מיט אַרבעט און יאָרן האָט ער זיין לעצטע צייט פאַרבראַכט אין ריגע. דער איינציקער פון דיינע ממשיכים, וואָס האָט פאַרשטאַנען, אַז דער היסטאָריקער איז אויך אַ נביא פון דער צוקונפט, האָט דובנאָוו אין די לעצטע פאַרמלחמה־יאָרן אויפגעהויבן זיין אַלטע, אָבער ניכטערע שטים און געוואָרנט קעגן דער אָנציענדיקער געפאַר פון פאַשיזם. אויף די אייגענע פלייצעס האָט ער די ערשטע וויטיקלעכע קלעפּ פונעם היטלעריזם געשפּירט, געמוזט פאַרלאָזן בערלין נאָכן קומען פון די נאַציס צו דער מאַכט. ער האָט געוואָרנט, אָבער אַליין סוף כל סוף, אין חודש יולי פון שוידערלעכן יאָר 1941 אַריינגעפאַלן אין ריגע אין די הענט פון דעם עמלק פון אונדזער צייטאַלטער.

און עס האָבן זיך פאַר די אויגן פון דעם גרייז־גראָען היסטאָריקער אָפּגעשפּילט בילדער, וועלכע ער האָט ביז אַצינד נאָר מיט זיין געדעכעניש און האַרץ מיטגעמאַכט. יום־כיפּור ווערט אין ריגע איינגעפירט אַ געטאָ, אָבער נישט אַזאַ ווי דער אַמאָליקער יידן־קוואַרטאַל אין מיטלאַלטערלעכן איטאַליע; איצט איז עס אַ גיהנומדיקער פּרוזדור צום אומקום. דער ווילדער אָקופּאַנט שלעפּט צונויף די שענסטע פאַרשטייער פון דער יידישער אינטעלעקטועלער וועלט. אין דעם קראַנץ פון דער ריגער יידישער אינטעליגענץ, וואָס ווערט צעטראָטן מיט די נאַצישע פּיס, געפינט זיך אויך די שענסטע בלום — שמעון דובנאָוו.

מערדערלעך געשלאָגענע ווערן די אינטעלעקטואַלן געטריבן פון איין עבודת־פּרך צו דער צווייטער. מסירת־נפשדיקע יידישע אַרבעטער שמוגלען אַריין פאַר דובנאָוון און זיינע אחים לצרה אַ קאָפּ עסן. לאַנג קאָן דער איבער אַכציק־יאָריקער זקן נישט אויסהאַלטן. ווען ער טויג שוין אינגאַנצן נישט צו דער אַרבעט, ווערט ער דערשאָסן — ער ווערט אויסגעלייזט פון דער ווייטערדיקער אוממענטשלעכער פּיין.

אַזוי איז אומגעקומען שמעון דובנאָוו.

נאָך אַן ערגערער טויט האָט געטראָפן דעם היסטאָריקער פון פּוילישן יידנטום ד״ר יצחק שיפּער.

ערשט האַרט פאַר דעם מלחמה־אויסברוך זיין קאַפּיטאַל ווערק וועגן דער געשיכטע פונם יידישן האַנדל אין פּוילן פאַרענדיקט. אָקערשט, דוכט זיך, ווי ער האָט די געשיכטע פון יידישן אָנטייל אינם פּוילישן נאָוועמבער־אויפשטאַנד פון 1830־31 אַרויסגעלאָזט. ווי אַזוי האָט געקענט אַזוי אומזיניק אומקומען אַזאַ רירעוודיק, אַקטיוו און ברויזנדיק לעבן ווי שיפּערס? אַ פרוכטבאַרער און אָריגינעלער היסטאָריקער, ווייט נישט קיין טרוקענער פאָרשער, נאָר אַ מענטש מיט טיפן חוש פאַר יידישער קולטור, האָט יצחק שיפּער געגעבן אַ וואָגיקן ביישטייער אין דריי געביטן פון יידישער געשיכטע־פאָרשונג: יידישע קולטור און קונסט; עקאָנאָמישע באַלויכטונג פון יידישער געשיכטע; און — געשיכטע פון יידן אין פּוילן, בפרט דער העלדישער קאַפּיטל, דער אָנטייל פון יידן אין פּוילישע באַפרייאונג־קאַמפן. דער פאָרשערישער אימפּעט פון אַן אמתן היסטאָריקער האָט שיפּערן נישט אָפּגעלאָזט אַפילו אין געטאָ, אין אָט די סאַמע שווערסטע און טראַגישסטע באַדינגונגען, ווען אַלע קהלה־באַאַמטע און כלל־טוער זיצן אין פאַנישן אומרו און וואַרטן אויף זייער גורל, ווייל אין גאַס בושעוועט דער נאַצישער באַפער מיט זיינע געהילפן, פאַרטיפט זיך שיפּער אין די אַלטע פנקסים פון דער וואַרשעווער קהלה, וועבנדיק ווייטערדיקע שעפערישע פּלענער פון שפּעטערדיקע אַרבעטן. ער האַלט רעפעראַטן אויף קולטור־טעמעס, ער לאָזט זיך נישט פאַרפּלייצן דורך אומקום־היסטעריע, ער בלייבט טריי דעם באַרוף פון אַ יידישן היסטאָריאָגראַף.

אָבער אויך אים האָט דער אכזריותדיקער גורל נישט אויסגעמיטן. עס קומט דער שוידערלעכער סוף פון דער וואַנדערונג. מען טרעפט אים אין מאַידאַנעק — ס׳איז שוין נישט שיפּער, ס׳איז שוין בלויז דער נאָמען. אַ צעבראָכענער מענטש מיט געשוואָלענע פיס און אויסגעמאַטערטן גוף זיצט ער אין אַ ווינקל פון דער גרויסער קיך־האַליע און מיט אַ מעסערל שיילט ער מיט ציטערדיקע הענט די פאַרפרוירענע קאַרטאָפל; דער מוח וועבט שוין נישט מער קיין פּלענער פון נייע ווערק, עס איז ערגעץ הינטער אַ רויך־שלייער פון פאַרגאַנגענעם עבר אַוועק דער יידישער פּורים־שפּילער, דער נאָוועמבער־אויפשטענדלער, דער ענערגישער מסחר־פּיאָניער; דאָס גאַנצע אויסגעפּייניקטע וועזן איז אָנגעשטרענגט אויף איינס: אָנשיילן אַ זאַק קאַרטאָפל, ווייל אויב נישט — איז אַ סוף צום גליק פון זיצן אין דער קיך־האַליע און צוריק צום פּלאַץ, ווו עס וועלן זיך באַנייס איבערחזרן די מכות רצח און דער שנעלער טויט. מיטן אָטעם פון טויט אין זיך איז שיפּער אַן איינגעקאָרטשעטער געזעסן און מורא געהאַט, זיין נאָמען זאָל חלילה דערמאָנט ווערן. לאַנג האָט ער שוין נישט אויסגעהאַלטן — אין יולי 1943 איז ער אויסגעגאַנגען אין מאַידאַנעק, אַ דערשעפּטער, אַ דערשלאָגענער און אויסגעחוזקטער.

לאָמיר אויך דעם נאָמען יצחק שיפּער מזכיר זיין מיט יראת־הכבוד און טיפן געפיל אויפן קבר פון זיין גרויסן פאָרגייער צבי־הירש גרעץ.

דער פּיין־ און אומקום־לאַגער איז געוואָרן דער קבר פון נאָך איינעם אַ נאָענטן און היימישן, פון דעם היסטאָריקער מתתיהו מיזעס. אויך זיין לעבן איז אי־

בערגעהאַקט געוואָרן אין סאַמע בלי, אין סאַמע שעפערישן פיבער. אַ געוואַלדיקער ערודיט, האָט זיך כל ימיו מתתיהו מיזעס געוואָרפן פון איין געביט צום צווייטן און איז אומעטום געווען דער מחדש. אין 1908 אָנטיילגענומען אַקטיוו אין דער טשערנאָוויצער ייִדישער שפּראַך־קאָנפערענץ. געגעבן דערנאָך אַ ריי גרונטיקע אַרבעטן פון ייִדישער פילאָלאָגיע, אויסגעפאָרשט דעם איינפלוס פון אַנטיקע קולטורן אויף דער ייִדישער, געשאַפן מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון ייִדישן בעל־מלאכה און געזעלן, אַריבער דערנאָך צו דער געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן, אָנגעשריבן אַן אינטערעסאַנטע אַרבעט וועגן פּאָליאַקן פון ייִדישן אָפּשטאַם, וויַיזנדיק דערביי דעם גאַנצן אומזין פון דער ראַסן־טעאָריע, און צום סוף, האַרט פאַר דער מלחמה, צוגעגרייט אַ ווערק, וואָס האָט געדאַרפט און געקענט מאַכן אַ רושם, וועגן ייִדישער שלאַכט־גבורה אין אַמאָליקן פּוילן פון די צייטן פון לעגענדאַרן אברהם פּראָכאָווניק ביז די „זאַבאָרן"; אַ ווערק, וואָס האָט געדאַרפט דערהויבן דעם פּוילישן ייִד, פאָרשטעלן אים ווי אַ געזונטן מענטש, ווי אַ ייִד אַ גבור.

דאָס שפּאָגל־נייַע בילד פון פּוילישן ייִד, וואָס עס האָט אויפן סמך פון הונדערטער טרוקענע היסטאָרישרוי־שטאָפיקע מאַטעריאַלן אויפגעשטעלט מתתיהו מיזעס, האָט געדאַרפט זיין אַ דערגענצונג און אויסבעסערונג צום בלויז, וואָס איז אין דעם פּרט פאַראַן אין ווערק פון היינריך גרעץ.

כמעט אַ גאַנץ לעבן האָט מתתיהו מיזעס פאַרבראַכט ווי אַ בחור, הגם ער האָט געהאַט אַ משפּחה און אַ געשעפט אין זיין געבוירן־שטאָט פּשעמישל. אָבער געטריבן דורכן דורשט פון אַן עכטן פאָרשער האָט ער נישט געקענט איינזיצן אין דער פּראָווינץ־שטאָט, וווּ עס זענען נישט געווען קיין וויסנשאַפטלעכע ביבליאָטעקן און געוואָגלט איבער דער וועלט, לעבנדיק אומעטום ווי אַ געוויינלעכער סטודענט אין דחקות און אויף מיזאַמער שעפערישער אַרבעט. אַ מענטש מיט פּאָליטיש קאָנסערוואַטיווע אָנשויאונגען האָט ער זיך אָבער אין זיינע היסטאָרישע ווערק אַנטפּלעקט ווי פּונקט דער היפוך — און דאָס איז די בעסטע צייגניש פאַר זיין אמתער וויסנשאַפטלעכקייט. דער פאָרשערישער אימפּעט האָט אים אויך אין דער טרויעריקער אָקופּאַציע־צייט נישט פאַרלאָזט. עס דערגייען ידיעות, אַז אין פּשעמישלער געטאָ זיצט ער און ברייטערט אויס זיין ווערק וועגן ראַסיזם און ראַסן־האַס, וואָס איז פאַרשווונדן אינאיינעם מיטן לעבן פון מחבר.

מתתיהו מיזעס האָט זיך צום לענגסטן געהאַלטן פון אַלע ייִדישע היסטאָריקער, וואָס דער היטלעריסטישער מלך האָט זיי פאַרצוקט, אויף דעם אויפגעצוווּנגענעם דנאָ פון לעבן, וואָס איז געווען ערגער פון טויט. ער וואַלגערט זיך איבער לאַגערן, שטעלט אין פאַרלעגנהייט די דייטשן מיט זיין געוואַלטיקער ערודיציע, אָבער דאָס חתמעט סוף כל סוף צו זיין גורל. און ווידער קומט אום אַ ייִדישער היסטאָריקער, אַ ממשיך פון גרויסן גרעץ, ערגעץ אויף אַ לאַגער־פּריטשע, אָדער אין אַ בשותפותדיקן גרוב.

אַ סך מער מזל פון די אָקערשט דערמאָנטע האָט געהאַט דער אַלטער היסטאָריקער פון פּויליש־גאַליצישן ייִדנטום פּראָפעסאָר ד"ר מאיר שמואל באַלאַבאַן.

אַ 67־יעריקער בשעת דעם איינשטעלן אַ געטאָ אין וואַרשע, האָט ער זיך נאָך געפונען אין אַ פיזישן און גייסטיקן צושטאַנד פון שפּרודלדיקער שעפערישער ענערגיע. די משונהדיק־ווילדע באַדינגונגען פון נייעם „לעבן" האָבן אינערלעך צעטרייסלט דעם דאָזיקן פלייסיקן האָרעפּאַשניק פון דער ייִדישער היסטאָראָגראַפיע, דעם מחבר פון די גרונטיקע מאָנאָגראַפישע ווערק „די לעמבערגער ייִדן אין דער תקופה צווישן 16טן און 17טן יאָרהונדערט", „די געשיכטע פון ייִדן אין קראָקע", „די געשיכטע פון עלילת־דם־פּראָצעס", „די ייִדן־שטאָט לובלין", „ר' שאול וואַל, דער ייִדישער מלך אין פּוילן" און אַנדערע מאָנאָגראַפיעס, אַרטיקלען, קלענערע אויספאָרשונגען, צעוואָרפענע איבער פאַרשידענע זשורנאַלן פון דער אַמאָליקער רוסישער „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ" אָנגעהויבן און ביז דער ייִדישער טאָג־פּרעסע אין וואַרשע.

מאיר באַלאַבאַן איז נישט געווען קיין שעפער פון נייע שולן און שיטות אין דער היסטאָראָגראַפיע, ער איז אָבער געווען דער אומדערמידלעכער האָרעפּאַשניק, וואָס האָט פאַרן אינהאַלט פון זיין לעבן אַוועקגעשטעלט דאָס נישטערן און זוכן און אויפבויען נייע און נייע בנינים פון דעם ייִדיש־פּוילישן עבר.

אַ היסטאָריקער אַביסל פון אַלטן שניט, האָט ער אָבער ווי יעדער אמתער וויסנשאַפטלער אַ וואַך אויער פאַר אַלע נייעסן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. איך געדענק די התלהבות, מיט וועלכער מאיר באַלאַבאַן האָט אויפגענומען די סאָוויעטישע פּיעסע „דאָס לעבן רופט", וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן עטלעכע יאָר פאַר דער מלחמה אינעם וואַרשעווער ייִדישן „יונג־טעאַטער", אַ פּיעסע וועגן תחית המתים פון דעם אַלטן געלערנטן אין די נייע באַדינגונגען פון ראַטנפאַרבאַנד. עס איז מיר אויך פריש אין זכרון דער וויזיט פון אַלטן פּראָפעסאָר אין דער רעדאַקציע פון דער לינקער צייטונג „פריינד", וועלכער ער האָט פאָרגעלייגט זיין מיטאַרבעט, נישט געקוקט אויף די רדיפות, וואָס דאָס דאָזיקע בלאַט האָט געהאַט אויסצושטיין מצד דער סאַנאַטאָרישער מאַכט. דאָס איז געווען אַן אייביק־מונטערער, געמיטלעכער המצאות־שפּרודלדיקער מענטש, אַן עכטער תלמיד־חכם מיט ערנסט און שאַרפזין, אַ געמיש פון אַן אַלטן חכמת היהדותניק, פון אַ רעפאָרם־ייִד מיט מאָדערנער ייִדישקייט. אין געטאָ האָט זיך פון באַלאַבאַנען אָפּגעטאָן דאָס געמיט, דער וויץ, דער גלויבן אינעם געוויסן פון דער מענטשהייט. ער איז געוואָרן פּעסימיסטיש, אַריינגעפאַלן אין פאַרצווייפלונג. אָבער נישט געקוקט אויף דעם, האָט אים דער שעפערישער אימפּעט ווייטער געטריבן צום שרייב־טיש און ביכערשאַנק. ער האָט אין די געטאָ־באַדינגונגען נישט סתם ווייטער געטאָן זיין אַרבעט, נאָר זי ממשיך געווען מיט אַ בפירושער טענדענץ. זיין געטאָ־ווערק „די ייִדן אין דער פּוילישער קולטור", וואָס איז צום באַדויערן, פאַרשווונדן אינאיינעם מיט זיין גאַנצן לעבן, האָט געדאַרפט זיין אַ באַשולדיקונגס־אַקט קעגן דער ראַסן־טעאָריע, קעגן די געטאָ־באַצווינגער. באַנאַנד מיט זיין עטוואָס יונגערן פאַך־קאָלעגע ד"ר יצחק שיפּער, האָט זיך מאיר באַלאַבאַן באַטייליקט אין דער קולטור־טעטיקייט פון געטאָ און חוץ אַלעמען זיך מוסר נפש געווען צו ראַטעווען דעם וואַרטפולן קהלה־אַרכיוו. אָבער אויך דאָס מסירת נפש איז געווען אַרויסגעוואָרפן, פּונקט ווי אַנדערע אָנשטרענגונגען פונעם אַלטן היסטאָריקער.

אַרום דער פּערזאָן און דעם טויט פון פּאָפּולערן היסטאָריקער האָבן זיך גענומען וועבן לעגענדעס, וואָס

האָבן דערמאָנט אין די מאַרטירערישע אומקומען פון אַ ר' אמנון דעם פאַרפאַסער פון „ונתנה תוקף". טרוקענע און שטרענגע אמת־היטער האָבן האַרב פאַראורטיילט די לעגענדעס. נאָר — צי זענען זיי טאַקע גערעכט? איז דען נישט טויזנט מאָל מער גערעכט דאָס פאָלק, וואָס זוכט אַן אָביעקט פאַר זיין ווירדע, פאַר זיין אידעאַל פון דערהויבענעם מאַרטירערטום און, אויב נישט פון אַקטיווער, טאָ זאָל כאָטש זיין פון פאַסיווער גבורה? די געשטאַלט פון מאיר באַלאַבאַן איז שוין סיי־ווי אַריין אין דער פאָלקס־לעגענדע און פון דאַנען אין דער ליטעראַטור, די שענסטע מצבה, וואָס אַ פאָלק האָט געקענט שטעלן זיין געשיכטע־פאָרשער. זאָל צו אָט דער גייסטיקער מצבה צוגעלייגט ווערן דער שטילער יזכור — אָט אָ דאָ, אויפן אַלטן ברעסלער בית־עלמין, פאַרן קבר פון באַלאַבאַנס גרויסן וועג־ווייזער צבי־הירש גרעץ.

דער יזכור נאָך די אומגעקומענע ווייטער־וועבער פון היינריך גרעצס ווערק קען נישט אויסמיידן אויך אַנדערע יידישע היסטאָריקער, וואָס זענען אין אַנדערע מקומותן ביי פאַרשידענע אומשטענדן געפאַלן ווי דירעקטע אָדער אומדירעקטע קרבנות פון בלוט־גיריקן פאַשיזם. אין ביאַליסטאָקער געטאָ איז אומגעקומען דער אַלטער געשיכטלער ש. הערשבערג. אין אַן עסטאָנישן פיין־לאַגער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה ז. קאַלמאַנאָוויטש — טאַקע נישט קיין געשיכטלער אין ענגן זין פון וואָרט, נאָר אַ טיפער קענער פון יידישער געשיכטע און דער איבערזעצער פון אומשטערבלעכן ווערק פון יאָסיפוס פלאַוויוס וועגן דער יידישער מלחמה קעגן רוים.

ערגעץ אין וויטן הינטערלאַנד איז געשטאָרבן דער היסטאָריקער פראָפעסאָר משה שאָר, איינער פון די זעלטנסטע אַסיראָלאָגן און דער מחבר פון דער מאָנאָגראַפיע וועגן דער געשיכטע פון יידן אין פשעמישל. עס קלינגען נאָך אין מיינע אויערן די ערשטע ווערטער פון שאָרס פאָרטראַג אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט, ווען ער האָט דורכגעפירט דעם פאַרגלייך צווישן האַמוראַביס און משהס קאָדעקס: „סוממא אווילא אוויילום" — אויב איין מענטש וועט באַעולהן דעם צווייטן; די ערשטע ווערטער פון יעדער עטישער נאָרמע, וועלכע איז דער מענטשהייט געשאָנקען געוואָרן דורך די אַלטע סעמיטישע פעלקער, די יידן און אשורים. אויף עוואַקואַציע אין מיטלאַזיאַטישן טאַשקענט האָט זיין נשמה אויסגעהויכט דער יידיש־סאָוויעטישער היסטאָריקער אהרן יודיצקי, וועלכער האָט מיט זיין יודאַיסטישן וויסן און אויסגעצייכנטער פען אַריבערגעוואָרפן אַ גייסטיקע בריק צווישן דער אַנטיקער יידישער געשיכטע צו השכלה און חסידות און פון דאַנען צו דער אַנטוויקלונג פון מאָדערנעם יידישן פראָלעטאַריאַט.

אָבער נישט בלויז מאַרטירער וויל איך מזכיר זיין אויף דיין קבר, גרויסער גרעץ. איך וויל נישט בלויז זיך, נאָר אויך דיך טרייסטן מיט דער בשורה פון דער גבורה פון די ייִנגסטע צווישן דיינע גייסטיקע תלמידים. ווי דו האָסט עס אין דיין ווערק געמאָלט די ווידערבויער עזרא ונחמיה, ווי זיי שטייען מיט דער קעלניע אין איין האַנט און מיט דער שווערד אין דער צווייטער, אַזוי זענען אויך געוויסע פון דיינע יונגע ממשיכים געשטאַנען אין דער צייט פון פאַרניכטונג מיטן היסטאָריקער־פען אין איין האַנט און מיט דער ביקס אין דער צווייטער, דערפילנדיק ביידנס דערהויבענע שליחוון

— פון פנקס־שרייבער און פון ווידערשטאַנד־קעמפער. איך וויל די טרויער־רשימה פון דעם יזכור שליסן מיט צוויי: דער יידיש־סאָוויעטישער היסטאָריקער בראַכמאַן און דער יידיש־פוילישער היסטאָריקער עמנואל רינגעלבלום. דער ערשטער — אַ שלאַכטמאַן פון דער העלדישער רויטער אַרמיי, דער צווייטער — אַ ט"ער פון דער אונטערערדישער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג אין וואַרשעווער געטאָ.

דאָצענט בראַכמאַן איז געווען דער יינגסטער פון דער פלעיאַדע יידיש־סאָוויעטישע היסטאָריקער. דאָס דאָזיקע אייניקל דיינס איז געווען אַ יורש, אַ פאָרזעצער פון דיין היסטאָרישער אידייע. ער איז צו דער יידישער געשיכטע, וועלכע ער האָט טיף און אינטים ליב געהאַט, צוגעגאַנגען לגמרי ראַציאָנאַליסטיש. עס האָבן אים פאַרכאַפט און באַגייסטערט די פראָגרעסיווע דערשיינונגען אירע, ער האָט פונקט ווי דו דערהויבן די פרייע גייסטער, די השכלה און אין איר געזען די קערנדלעך פון דער באַנייאונג און פאַריונגערונג פון יידישן פאָלק. ער איז נאָך ווייטער געגאַנגען און האָט די דורך דיר אַ ביסל נישטדערשאַצטע אוריאל אַקאָסטאַ און ברוך שפינאָזאַ אַריינגענומען אינעם פאַנטעאָן פון אונדזערע גרויסע גייסטער. אָבער פונקט ווי זיין גייסטיקער זיידע האָט ער דעם אַנקער פון אמתער יידישער טראַדיציע פאַרוואָרפן אין דער טיפער פאַרגאַנגענהייט, צו די חשמונאים, קנאים און בר־כוכבא.

בראַכמאַן האָט דרייסט געקעמפט פאַר זיין היסטאָרישער אידייע. און ווי אַ דערצויגענער אין ראַטנפאַרבאַנד, ווי אַן עכטער רעוואָלוציאָנער, האָט ער נישט געקענט דערלאָזן צו קיין ווידערשפרוך צווישן דער געפריידיקטער אידייע און דעם אייגענעם לעבן. אין דער סאַמע שווערסטער עת צרה, ווען די היטלעריסטישע חיילות האָבן זיך אַ קייקל געטאָן ביז די פאָרפעלדער פון מאָסקווע, איז בראַכמאַן פרייוויליק אַוועק אינאיינעם מיט דער גאַנצער „אָפאָלטשעניע" פאַרטיידיקן די הויפט־שטאָט, דאָס לאַנד און דאָס יידישע פאָלק. ער איז אומגעקומען שפורלאָז אויפן שלאַכט־פעלד.

באַנאַנד מיט אים לאָמיר מזכיר זיין דעם נאָמען פון זיינעם אַ שלאַכט־ברודער — אויף צוויי טויזנט קילאָמעטער ווייטער, אין אַנדערע, אָן אַן ערך טראַגישערע אומשטענדן, לאָמיר דערמאָנען דעם ד"ר עמנואל רינגעלבלום פון וואַרשעווער געטאָ.

דאָס געדעכעניש טראָגט מיר איבער אין פאַרגאַנגענע יאָרן. אין די מויערן פונעם וואַרשעווער אוניווערסיטעט איז אומרואיק. די ריטער פון פינישן מעסער און זשילעטקע בושעווען אין די פאָרטראַג־זאַלעס, ווילדעווען אין רחבותדיקן הויכשול־הויף. דער שטיקנדיקער אָטעם פון מיטלאַלטער שוועבט איבערן אַרום. פראָפעסאָר מאיר באַלאַבאַן ווערט דורך זיינע געלערנטע קאָלעגן אַרויסגעפירט דורך אַ הינטער־טיר, ער זאָל נישט אַריינפאַלן אין דער נעץ פון די קאָרפּאָראַנטישע כוליגאַנעס. איך שטיי באַנאַנד מיט אַ גרופע יידישע חברים אויף דער וואַך, אינאיינעם מיט אונדזער הייפל פריינד פוילישע פראָגרעסיווע סטודענטן. די אַטמאָספער איז אָנגעלאָדן, די לאַגע — געפערלעך. און מיטאַמאָל — אַ הילכיקער יידישער: „גוט מאָרגן, חבר מאַרק!" — אַלע זענען דערשטוינט פון דער דרייסטקייט — אויסרופן אין אַזאַ אַרומרינגלונג בקול־רם אויף יידיש. איך קוק זיך אום — ז'ס איז פאַרבייגעגאַנגען עמנואל רינגעלבלום.

איך האָב אים ביז דעמלט נישט געקענט פאַר קיין קעמפערישע נאַטור. ער איז זיכער געווען אַ קנאי פון יידיש. ער איז געווען אַן עקשן אין אַלע הינזיכטן — סיי אין זיין באַציונג צו דער מאָדערנער יידישער קולטור, סיי לגבי זיין אַרבעט ווי אַ היסטאָריקער. ער האָט זיך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין גלאַנץ פון סטיל און מיט קיין באַזונדערער פרישקייט פון געדאַנק. דערפאַר איז ער געווען אַן אומדערמידלעכער פאָרשער פון דער געשיכטע פון יידן אין וואַרשע, און זיין פאַרדינסט איז זיין אַרויסברענגען פון די דאָקומענטן־קעלערס אויף דער אויבערפלאַך פון לעבן דאָס העלדישע קאַפּיטל פון בערעק יאָסעלעוויטשעס פולק, בעת דער אינסורעקציע פון טאַדעוש קאָשטשושקאָ. די גרעסטע מעלה זיינע איז געווען דאָס, וואָס ער האָט געאַרבעט מיט אַ פאָרויסבאַשטימטן ציל, מיט אַ פּלאַן און מיט אַ טאָלק. זיין טרוים איז געווען: ווערן דער מאָדערנער היסטאָריקער פון פוילישן יידנטום.

זיין טרוים איז פאַרווירקלעכט געוואָרן אויף אַן אַנדער אופן. ער איז געוואָרן דער בעל־פּנקס פון דער גרויזאַמסטער תקופה, דער כראָניקער פון געטאָ און פון ביישפּיללאָזן ווידערשטאַנד, דער מלקט און מאסף פון די מאַטעריאַלן צום מעכטיקן באַשולדיקונגס־אַקט, וואָס איז אַריין אין אונדזער נייסטער היסטאָראָגראַפיע אונטערן נאָמען „רינגעלבלום־אַרכיוו".

אין געטאָ וואַקסט רינגעלבלום אומגעהויער אויס: ער אָרגאַניזירט דאָס אונטערערדישע קולטור־לעבן. אונטערן מאַנטל פון אַ כלומרשט־רעליגיעזער חברה „עונג שבת" שאַפט ער די יידישע קולטור־אָרגאַניזאַציע. צו דער אַרבעט פון זאַמלען די דאָקומענטן און מאַטעריאַלן פון דער אָקופּאַציע־ און געטאָ־תקופה ציט ער צו סיי באַקאַנטע פען־מענטשן, סיי זיינע שילער פון דער יידיש־פוילישער גימנאַזיע, וווּ ער האָט פאַר דער מלחמה געלערנט יידישע געשיכטע. ער באַטייליקט זיך ווי דער בעל־פּנקס אין די קאָנספּיראַטיווע זיצונגען פון אונטערערדישן געזעלשאַפטלעכן ראַט. ער איז אַן עדות פון דער אָנוואַקסנדיקער ווידערשטאַנדבאַוועגונג, ער פאַרקריצט אין זכרון יעדן פּרט — מיט דעם טיפן גלויבן, אַז ער וועט איבערלעבן און זוכה זיין צו ווערן דער כראָניקער פון דער גרויסער טראַגיש־העראָישער צייט. פון זיין באַהעלטעניש אויף דער אַרישער זייט אָבסערווירט ער דעם לעצטן געראַנגל פון דער העלדישער יוגנט. אין אונטערשייד צו אַ סך פון זיינע מיטאַרבעטער איז רינגעלבלום פול מיט גלויבן, אַז עס איז אים באַשערט אויסצודויערן און צו בלייבן לעבן. נישט ער שרייבט די צוואה אין באַגראָבענעם אַרכיוו, נאָר זיינע טעכנישע מיטאַרבעטער, דער לערער ישראל ליכטענשטיין און דער אַרבעטער דוד גראַבער. יענע גלויבן אויך, אָבער אַז נאָך זייער אומקום וועט בלייבן דער אַרכיוו, דער גרויזאַמער באַשולדיקונגס־אַקט; רינגעלבלום גלויבט, אַז ער וועט אויסדויערן אינאיינעם מיטן אַרכיוו. און ווען נישט דער טראַגישער צופאַל, וואָלט ער אפשר דערלעבט צו אונדזערע טעג. באַנאַנד מיט דער פאַמיליע און נאָך דריי מנינים יידן האָט זיך עמנואל רינגעלבלום אויסבאַהאַלטן אין אַ געזעלשאַפטלעכן בונקער אויף וואָליע ביים פוילישן גערטנער יאַן וואָלסקי. דער גרויזאַמער צופאַל האָט געוואָלט, אַז אַ יידישע פּרוי פון דעם בונקער זאָל פאַרגיין אין טראָגן און אַז די אַרויסגערופענע קריסטלעכע אַקושערקע זאָל אויסגעבן די יידן. דער לעצטער בעל פּנקס פון געטאָ איז אומגעקומען מיט אַ מאַרטירערישן טויט אינאיינעם מיט זיינע בני־בית און דעם איידעלן פאָליאַק וואָלסקי, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט זיי צו פאַרבאָרגן פאַר אַ בייז פאַרברעכעריש אויג.

אַ גרוס דיר, גרויסער גרעץ, פון לעצטן בעל־פּנקס פון אונדזער טראַגישער צייט. אַ גרוס דיר נישט בלויז פון דעם יונג־פאַרשניטענעם אייניקל דיינס, נאָר אויך פון דער לעבעדיקער ירושה, וואָס ער האָט אונדז איבערגעלאָזט. אין דער צוואה, וואָס זיינע מיטאַרבעטער האָבן געשריבן און זאָרגעוודיק אַריינגעלייגט אינעם בלעכענעם קאַסטן, בליצט אויף די אידייע פון די אַרכיוו־שעפער און זאַמלער: זייער גלויבן, אַז טראָץ אַלעמען, וועט דער מבול פאַרשווונדן און דאָס לעבעדיקע געדעכעניש פונעם אַרכיוו וועט דערגיין צו די, וואָס וועלן בלייבן; דאָס איז די אידייע פון המשך, וואָס איז צום ערשטן מאָל אין דער יידישער געשיכטע־שרייבונג אויפגעהויבן געוואָרן דורך דיר, און וואָס איך בשורה ברענג איך איצט צו דיר, ווי דעם שענסטן בלום אויף דיין קבר.

אויף דיין מצבה זע איך נישט דעם טראַדיציאָנעלן תנצב״ה; איך ווייס נישט צי האָסטו נישט געהאַלטן פון די רעליגיעזע סימבאָלישע ראשי תיבות, אָדער עס איז אין אייער קהלה אַזאַ מנהג נישט געווען. אָבער אויב מיר וועלן דעשיפרירן די דאָזיקע אותיות, וועט אויפטויכן אויף דיין קבר זייער אמתער זין, ווי מיר ווילן אים פאַרשטיין היינט. זאָל זייער נשמה פאַרבונדן ווערן אינעם געפלעכט פון לעבן — זאָלן דיינע אָנשטרענגונגען און די אידייען און ירושות פון דיינע טראַגיש־ און העראָיש־אומגעקומענע גייסטיקע זין און אייניקלעך באַקומען זייער תיקון אינעם לעבן און אין אונדזער ווייטערדיקן קיום און נישט איבעררייסלעכן המשך. זאָל אָט דער הייסער באַגער פאַלן אָנשטאָט אַ קדיש אויף דיין קבר, אומפאַרגעסלעכער גרעץ.

אומעטיק איז דער וועג צוריק. ווידער פאַרשטעלן דעם שליאַך שטייענדיקע קאַלוזשעס, הרודעס בלאָטע, צונויפגעקנוילטע צווייגן און אויפגעריסענע קברים. מיר פאַרלאָזן דאָס אייביקע רו־אָרט, איבער וועלכן עס שוועבט דער אָטעם פון דורות. די אייביקייט אַנטפּלעקט זיך ווי אַ יש, ווי אַ קייט, וואָס רייסט זיך נישט איבער, די אייביקייט פון אַ וועלט און פון אַ פאָלק. און דאָרטן, מחוץ דער בית־הקברות־מויער, איבער גאַסן, וואָס שטייען אין חורבות, דאָרטן, וווּ עס האָט אַמאָל געקאָכט אַ בינשטאָק פון יידישן לעבן, שטייט אויף אַן אַלט־נייער יידישער קיום. פון גרעצעס קבר, וואָס איז איינגעהילט אינעם אָטעם פון יידישער געשיכטע, ביז די נייע יידישע קינדערהיימען, שולן, אַרבעט־קאָלעקטיוון, קולטור־אַנשטאַלטן ציט זיך איין נישט אָנטאַפּלעכער, אָבער ווירקלעכער פאָדעם, דער פאָדעם פון המשך.

מיר פאַרלאָזן דעם אַלטן יידישן בית־עולם אין וראָצלאַוו. מיר וועלן דאָ נאָך קומען. דער קבר פון צבי־הירש גרעץ וועט געוויס ווערן אַ מקום פאַר עולה־רגלשאַפט פון יעדן ייד, וואָס שאַפט, אָדער וואָס שרייבט די געשיכטע פון זיין פאָלק.

עס איז גוט זיך אַריינצולאָזן אין קאָנטעמפּלאַציע אויפן קבר פון דעם פאָטער פון דער מאָדערנער יידישער היסטאָראָגראַפיע. עס איז גוט דאָ אויסצוגיסן דאָס האַרץ און צו שעפּן ענערגיע צום ווייטערדיקן וועג.

פונדערווייטנס ווייסלען זיך נאָך אַלץ די מצבה־ווערטער: „די ליבע צו זיין פאָלק האָט געפירט מיט זיין אומשטערבלעכן גריפעל."

ישראל אשענדארף

צוויי איינאַקטערס

# דער זעלבער גורל

(אָוונט. אין דער שטוב פון דער מוטער. די מוטער זיצט ביים טיש און ענדיקט שטריקן אַ סוועטער. ס'הערט זיך אַ קלאַפּן פון יענער זייט טיר.)

מוטער:
ווער איז עס? ווער קלאַפּט?!

אַשטים:
עפן! דאָס בין איך.

מוטער:
אַ גאָט! — דאָס איז דאָך דער פּאַטער!

(זי בלייבט אַ רגע פּאַראַליזירט שטיין. ס'הערט זיך ווידער אַ קלאַפּן. זי עפנט די טיר. אויפטריט פּאַטער.)

טאַטע, דאָס ביסטו אויף אַן אמת צו מיר געקומען?

(נעמט אים אַרום, קושט אים.)

מען טאָר דאָך נישט גיין אַזוי שפּעט ביינאַכט. מען האָט דיך געקענט דערשיסן!

זיידע:
(גלעט איר די האָר אויפן קאָפּ)

נו, גוט, גוט — באַרואיק זיך.

מוטער:
ווי לאַנג איך האָב דיך שוין נישט געזען!

זיידע:
און די מאַמע האָסטו געזען, האָ? נו, האָב נישט קיין מורא, איך ווייס, אַז זי פּלעגט זיך בגנבה מיט דיר זען און אַפילו קומען צו דיר צו גאַסט.

מוטער:
ביסטו דאָך ענדלעך אויך געקומען.

זיידע:
איך האָב זיך נישט געביטן, נאָר די צייט. אויב איך האָב דיך נישט געקענט אַמאָל צווינגען צו זיין אַ יידישע — צווינגען דיך איצט די דייטשן. מיט זיי מוזטו זיך שוין רעכענען.

מוטער:
איך בין קיינמאָל נישט אַוועק פון יידישן פאָלק.

זיידע:
אָבער דו האָסט גענומען פאַר אַ מאַן אַ גוי.

מוטער:
צי וועלן שוין איביק זיין צעקריגט איין פאָלק מיטן צווייטן?

זיידע:
דער נביא ישעיהו האָט גערעדט וועגן באחרית הימים — וועגן דעם סוף פון די טעג, ווען עס וועט זיך פיטערן בשלום אַ לייב מיט אַ שעפּעלע. חיה מיט חיה — יאָ, און מענטש מיט מענטש — נישט? אוודאי מוז מען אַמאָל אָנהויבן. נאָר אָנהויבן מיטן שלום וואָלט געדאַרפט, לויט מיר, דער לייב און נישט דאָס שעפּעלע.

מוטער:
האָט דאָך מיין מאַן אויך אָנגעהויבן מיט מיר צו־זאַמען.

זיידע:
וואָרט־נאַר, און דאָס קינד אייערס וואָס איז?

מוטער:
דאָס קינד וואָס איז? — אַ מענטש.

זיידע:
האָסט אַ טעות. נישטאָ נאָך דערווייל אַזעלכעס. אויב ער איז נישט קיין ייד, איז ער אַ גוי, ווייל אַזאַ איז זיין סביבה.

מוטער:
און צי האַלטסטו, אַז איך בין טאַקע אַוועק פון יידישן פאָלק?

זיידע:
דו קענסט דיך נישט אינגאַנצן אָפּרייסן פון יידישן פאָלק און אָפּפרעמדן פון אים, ווייל איך בין דיין פּאָטער, ווייל די קינדער־יאָרן דערמאָנען דיך נאָך אַ סך אין יידישקייט — אין אַ יידיש וואָרט, אין אַ יידישן יום־טוב, אין אַ יידישן מנהג — אָבער דיין קינד אין וואָס וועט זיך דערמאָנען?

מוטער:
איך האָב פונדעסטוועגן מורא, אַז דאָס קינד וועט זיך יאָ האָבן וואָס צו דערמאָנען. דערמאָנען וועלן אים אין יידישקייט נישט, ווי מיר, — די יום־טובים, נאָר טעג פון אומגליק און פּיין.

זיידע:
יאָ... איך האָב פאַר דיר זייער אַ טרויעריקע ידיעה. דו מוזט וויסן דעם גאַנצן אמת. פון שטעטל סקאַלאַ, איז היינט געקומען צו לויפן אַ ייד. דערציילט ער, אַז די דייטשן האָבן אַלע יידן צונויפגעטריבן אויפן בית־עולם, זיי געהייסן גראָבן גריבער און דערנאָך — הער צו וואָס זיי זענען שוין דערגאַנגען! — מיט די מאַשין־געווערן זיי אויסגעשאָסן! קוים איז דעם יידן אַליין געלונגען, דורך אַ נס, זיך צו ראַטעווען און אַנטלויפן אַהער.

מוטער:
און דאָ איז ער שוין זיכער, וואָס?

זיידע:
אמת, ווער ווייסט, וואָס דאָ קען נאָך זיין. יאָ, טאָכ־טער, מיין נישט, אַז איך בין געקומען אַהער, כדי זיך מיט דיר אויסצוטענהן, אָדער דיר צו זאָגן מוסר. צוליב גאָר עפּעס אַנדערש בין איך איצט געקומען. איך מוז דיר זאָגן אָפן: שווער, זייער שווער איז מיר געוועזן צו דיר צו גיין, נאָר דיין מאַמע האָט מיך פאַרמאַטערט. גיי, זע — האָט זי געזאָגט — וואָס זי מאַכט. דער מאַן איז נישטאָ, די דייטשן האָבן אים אַוועקגענומען, און ווער ווייסט, וואָס מיט אים איז געשען. זי וווינט צווישן גוישע שכנים, נאָר איצט איז זי דאָך אַ יידישע, ווי מיר אַלע.

מוטער:
מאַמע מיינע, טייערע!

ז י י ד ע:
בין איך געקומען זען, וואָס דו מאַכסט און טאַקע צוליב נאָך עפּעס: צוליב דעם, אַז דו זאָלסט צו אונדז אַריבערקומען מיטן קינד. צווישן יידן וועט דיר פאַרט זיין היימלעכער.

מ ו ט ע ר:
איך דאַנק דיר, טאַטע. איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט מיר שוין קיינמאָל נישט מוחל זיין. נאָר איז אייך דען ווייניק שווער אַליין זיך אויסצוהאַלטן, וואָס איר ווילט מיך נאָך נעמען אין שותפות?

ז י י ד ע:
טאָכטער, אַלצאיינס קאָכט מען — וועט מען צו־שיילן נאָך עטלעכע קאַרטאָפל. מילא, קיין געבראָ־טענע טייבעלעך זאָג איך דיר נישט צו. וואָס מיר וועלן עסן — וועסטו מיט דעם קינד דיינעם עסן.
(מען קלאַפּט אין דער טיר)

מ ו ט ע ר:
ווער קען דאָס קלאַפּן אַזוי שפּעט? עפענען?...

ז י י ד ע:
פאַר קליינע פאַרברעכער איז אַמאָל אַ שוץ געווען אַ ריגל און אַ שלאָס. איצט, פאַר זיי, איז עס קיין שום שמירה נישט. בעסער צו עפענען.
(לאָזט זיך גיין צו דער טיר)

מ ו ט ע ר:
ניין, טאַטע, א י ך וועל גיין עפענען די טיר. אויף דיר זעט מען גלייך, אַז דו ביסט אַ ייד. גיי אַריין אין צווייטן צימער.

ז י י ד ע:
זאָל זיין, ווי דו זאָגסט.
(אָפּ אין צווייטן צימער. זי גייט עפענען די טיר. אויפטריט שכן)

ש כ ן:
אַ גוטן אָוונט.

מ ו ט ע ר:
אַ גוטן אָוונט. דאָס זייט איר? — אַזוי שפּעט? וואָס איז געשען?

ש כ ן:
קיין שום אויסערגעוויינלעכעס. איך וואָלט אפשר אינגאַנצן נישט געווען געקומען, נאָר מיין ווייב — איר פאַרשטייט...

מ ו ט ע ר:
איך פאַרשטיי אייך נישט. וואָס ווילט איר אייגנטלעך.

ש כ ן:
מיין ווייב, דאָס הייסט, די שוועסטער פון מיין ווייב, זי האָט אַ חתן, דער חתן איז אַ פּאָליציאַנט, האָט ער היינט דערציילט דער שוועסטער פון מיין פרוי, אַז מאָרגן וועט מען אַלע יידן אַרויספירן אויפן בית־עולם און דאָרט —

מ ו ט ע ר:
זיי אַלע דערהרגענען.

ש כ ן:
ניין, וואָס רעדט איר? דאָרט זיי שיקן אויף פאַר־שידענע אַרבעטס־פּלעצער.

מ ו ט ע ר:
אַזוי הייסט עס אָפיציעל, אָבער ווייסט איר, וואָס עס איז געשען מיט די יידן פון שטעטל סקאַלא?

ש כ ן:
איך ווייס נישט.

מ ו ט ע ר:
מען האָט זיי אַלע אויך אַזוי פאַרנאַרט אויפן בית־עולם און דאָרט אויסגעהרגעט. צי ווייסט איר טאַקע אויף אַן אמת נישט דערפון? נאָר וואָס האָט דאָס אַלץ איצט אַ שייכות מיט אייער באַזוך?

ש כ ן:
איר פאַרשטייט, אויב מאָרגן ציט איר זיך פון דאַנען אַרויס, די וווינונג בלייבט פריי — האָט מיר מיין ווייב געזאָגט, איך זאָל גיין צו אייך... מיר האָבן אַ קליינע וווינונג...

מ ו ט ע ר:
הייסט עס, אַז איר גרייט זיך שוין צו נעמען מיין וווינונג. זייער שיין. מיך פרייט זייער צו זען מיינע יורשים. נאָר צי האָט איר זיך געמוזט צואיילן שוין ביינאַכט, האָט איר שוין טאַקע נישט געהאַט קיין געדולד צוצוּוואַרטן ביז אינדערפרי, ווען מיר אַלע וועלן אַוועק פון דאַנען.

ש כ ן:
דעמלט קענען שוין אַנדערע קומען.

מ ו ט ע ר:
ווילט איר זיי פאַרכאַפּן דעם וועג? אַהאַ...

ש כ ן:
מיינט נישט, אַז דאָס איז בלויז צוליב אונדזער טובה וועגן. ס׳קענען קומען אומבאַקאַנטע מענטשן פון דער גאַס און אַלץ צונעמען. דעמלט זענען די זאַכן שוין פאַרפאַלן אויף אייביק. ביי אונדז — ווען איר זאָלט נישט קומען, האָט איר אייערע זאַכן צוריק.

מ ו ט ע ר:
איך מיין, אַז איר קענט זיין רואיק. מיר וועלן נישט קומען צוריק.

ש כ ן:
אָבער מען קען דאָך נישט וויסן —

מ ו ט ע ר:
איז וואָס זשע ווילט איר פון מיר?

ש כ ן:
די שליסלען פון דער טיר, פון די שאַפעס...

מ ו ט ע ר:
(קוקט אויף אים פאַרגליווערט אַ רגע)
גוט, איך וועל זיי אייך געבן.

ש כ ן:
איך זע, אַז איר זייט אַ פאַרשטענדיקע פרוי.

מ ו ט ע ר:
נאָר דאָס איז נאָך נישט אַלץ. איך קען מיט מיר מיטנעמען געוויסע זאַכן, נאָר איך וועל גאָרנישט מיטנעמען מיט זיך. איז וועל אַלץ איבערלאָזן פאַר אייך.

ש כ ן:
דאָס איז זייער שיין פון אייער זייט. איך דאַנק אייך!

מ ו ט ע ר:
אָבער איך פאַרלאַנג עפּעס דערפאַר.

ש כ ן:
וואָס ווילט איר דען?

מ ו ט ע ר:
ביי אייך זאָל בלייבן מיין קינד.

ש כ ן:
הם... דאָס איז נישט קיין לייכטע זאַך.

מ ו ט ע ר:
איז דאָך זיין פאָטער געווען אַ פּאָליאַק.

שכן:
אָבער זיין מוטער — אַ יידישע... און איר ווייסט
דאָך, אַז מען באַהאַלט אויס אַ יידן, וואָס עס דראָט
דערפֿאַר.

מוטער:
די ערשטע צייט וועט איר אים מוזן אויסבאַהאַלטן,
אָבער ווי נאָר עס וועלן פֿאַרבייגיין די בהלה־טעג,
וועט איר שוין נישט דאַרפֿן אַזוי מורא האָבן. זעט,
איך טו אויס דאָס זייגערל מיינס.

(טוט עס)

איך גיב אייך אַוועק דאָס גאַנצע געלט מיינס,

(נעמט אַרויס פֿון טעשל געלט און לייגט עס אַוועק)

דאָ האָט איר עטלעכע גאָלדענע און זילבערנע כלים.

(נעמט זיי אַרויס פֿון שאַנק)

איך האָב אויך אַ פּוטער —

(נעמט עס אַרויס פֿון שאַפֿע))

דאָס אַלץ קען איך מיטנעמען, נאָר איך בין גרייט
אייך עס צו געבן, אויב איר וועט באַהאַלטן מיין
קינד.

שכן:
(באַקוקט יעדע זאַך מיט גרויס גיריקייט, ענדלעך זאָגט ער)
גוט. איר פֿאַרשטייט דאָך... דאָס קינד וועט מען
דאַרפֿן דערנערן, מען וועט עס דאַרפֿן קליידן,
שיכן. דערצו פֿאַרלאַנגט זיך דאָך...

מוטער:
איך דאַנק אייך — איר קענט דאָס אַלץ צונעמען.
ס'איז אייערס.

(ער גיט זיך גלייך אַ וואָרף אויף די זאַכן, וועלכע ער לייגט אַריין
אין די קעשענעס און וועלכע ער פּאַקט האַסטיק צונויף.)

מוטער:
און ווען וועט איר נעמען דאָס קינד?

שכן:
דאָס קינד?... ווו איז דען דאָס קינד?

מוטער:
עס ליגט אין צווייטן צימער און שלאָפֿט.

שכן:
נו גוט, איר וועט אויפֿוועקן דאָס קינד, צוגרייטן עס,
איך וועל דערווייל די זאַכן אַריבערנעמען צו זיך.
אויסער דעם דאַרף איך דאָך ריידן וועגן דעם מיט
מיין ווייב.

מוטער:
אָ, מיט דער ווייב דאַרפֿט איר נאָך וועגן דעם אי־
בערריידן?.. נו גייט רעדט איבער מיט איר און
קומט באַלד.

שכן:
אַז איר וועט פֿאַרטיק ווערן מיטן קינד, גיט אַ קלאַפּ
אין דער וואַנט, איך וועל דערהערן און גלייך קומען.

(זי בלייבט אַ ווײַלע שטיין פֿאַרקלערט, ענדלעך זאָגט זי:)

מוטער:
און איצט, אויפֿוועקן דאָס קינד און עס צוגרייטן.

(לאָזט זיך גיין צום צימער לינקס, ווו דאָס קינד שלאָפֿט, עס
עפֿנט זיך די טיר רעכטס און דער פֿאָטער שטייט אויף דער
שוועל. זי גיט זיך אַ ציי צוריק)

אָ, טאַטע, דו וועסט שוין מוזן בלייבן היינט ביי
מיר נעכטיקן. אויב דו וועסט זיך איצט לאָזן אין
דער גאַס, קען מען דיך נאָך דערשיסן.

זיידע:
אפֿנים ס'איז באַשערט מיר זאָלן צוזאַמען גיין צום
טויט.

מוטער:
וואָס? דו האָסט געהערט אונדזער געשפּרעך?

זיידע:
די טיר איז אַפֿילו געווען פֿאַרמאַכט, אָבער אַ טשאַד
גייט אַדורך אויך דורך אַ פֿאַרמאַכטער טיר.

מוטער:
איך וויל אים געבן דאָס קינד.

זיידע:
נישט גוט, טאָכטער.

מוטער:
ווייסטו וואָס פֿאַר אַן אחריות אויף מיר ליגט? עס
איז מיין קינד.

זיידע:
און דו ביסט מיין קינד.

מוטער:
צי האָט דען דער מענטש, וואָס האָט געגעבן דעם
קינד דאָס לעבן אויך אַ רעכט אים צו געבן דעם
טויט?

זיידע:
ניין. אָבער דער דאָזיקער מענטש איז ערוב פֿאַר
דעם דאָזיקן לעבן, פֿאַר זיין דערציונג, און דו ווילסט
עס איבערגעבן אַ צווייטן.

מוטער:
דאָס גייט מיך איצט נישט אָן. מיר איז איצט גענוג
בלויז דאָס, אַז מיין קינד וועט בלייבן לעבן.

זיידע:
טאָכטער! מיר גייען אינדערפֿרי צום טויט. דער מאַן
דיינער איז אַרעסטירט געוואָרן, ווי אַ קאָמוניסט,
ווי אַזוי נאָר די דייטשן זענען אַריין אין שטאָט,
און קיין שום סימן פֿון לעבן איז פֿון אים נישטאָ.
דאָס קינד וועט בלייבן ביי זיי. און וואָס איז אַ
קינד? — אַ קינד הייסט המשך פֿון דיר, פֿון מיר,
פֿון אונדזער פֿאָלק, פֿון זיין שטייגער און זיין
שפּראַך. פֿון דעם אַלעם וועט דאָס קינד אָפּגעריסן
און אָפּגעפֿרעמדט ווערן. ס'וועט געשטעלט ווערן
אַקעגן דעם, פֿאַר וועלכן מיר גייען שטאַרבן און
אויך אַנטקעגן דעם, פֿאַר וועלכן דיין מאַן האָט אַזוי
פֿיל געליטן.

מוטער:
זאָל איך אַליין אים פֿירן צום טויט? מיט מיינע
אייגענע אויגן צוזען, ווי אַ קויל וועט לעכערן זיין
גאָלדן קעפּל, אָדער, ווי מען וועט אים לעבעדיקערהייט
באַגראָבן. אָט די אַלע אברים, וועלכע איך האָב אַזוי
ציטערדיק געהיט, זיי זאָלן זיין געזונט און גאַנץ,
זיי זאָלן זיך נישט פֿאַרקילן, נישט פֿאַרשטעכן —
מיטאַמאָל זיי לאָזן הפֿקר פֿאַר דער אכזריותדיקער
מערדערישער האַנט, ניין, איך קען עס נישט צולאָזן.
דאָס קען קיין מאַמע אויף דער וועלט נישט צולאָזן!

זיידע:
און מיר איז שווערער פֿון אַלץ צו פֿאַרטראַגן דאָס,
וואָס דאָס קינד וועט שטאַרבן, ווייל ס'איז אַ ייד
און דערביי גאַרנישט וויסן פֿון יידישקייט.

מוטער:
דאַכט זיך, אַז איך הער טריט פֿון דעם קינדס צי־
מער. האָט ער זיך נישט אויפֿגעוועקט פֿון שלאָף?

(זי גייט צו דער טיר, וואָס פֿירט לינקס אין שלאָפֿצימער. עפֿנט
זי פֿאַרזיכטיק אויף און בלייבט שטיין אויף דער שוועל)

מוטער:
וואָס איז מיט דיר? איך האָב געמיינט, אַז דו שלאָפסט שוין לאַנג און דו דרייסט זיך גאָר אַרום איבערן צימער.

ייִנגעלע:
איך קען נישט שלאָפן.

(זי פירט אים־צו זיך. באַטראַכט אים מיט פאַרשנדיקע בליקן.)

מוטער:
וואָס איז געשען? וואָס פאַרוואָ בלייך פנים ביי דיר?

(גיט אים אַ נעם נענטער צום ליכט. זיין העמד איז צעשפיליעט)

אויף דיין ברוסט בלויע צייכנס!

(צענעמט אים זיין העמד)

און די פלייצע צעוווּנדיקט! ווי אַזוי איז עס געשען?! ווען?!

ייִנגעלע:
נאָך פון בייטאָג...

מוטער:
נאָך פון בייטאָג? און דו האָסט די גאַנצע צייט געשוויגן און מיר גאָרנישט דערציילט!

ייִנגעלע:
דעמלט האָט מיר נישט אַזוי שטאַרק וויי געטאָן. איצט, אין בעט, האָב איך נישט געקענט ליגן.

מוטער:
און וואָס פאַרוואָ שלעכטער מענטש האָט עס דיר געטאָן?

ייִנגעלע:
קאַזשיק.

מוטער:
וואָס פאַר אַ קאַזשיק?

ייִנגעלע:
נו, דו קענסט דאָך אים — דער לאַנגער, דעם שכנס ייִנגל.

מוטער:

(מיט שרעק)

וואָס רעדסטו? דעם שכנס ייִנגל! און פאַרוואָס האָט ער דיך געשלאָגן — דו האָסט אים געוואָרפן אַ שטיין?

ייִנגעלע:
ניין.

מוטער:
און נישט צוגענומען ביי אים אַ שפּילעכל?

ייִנגעלע:
אויך נישט.

מוטער:
פאַרוואָס זשע דען האָט ער דיך געשלאָגן? סתם אַזוי? — ס'גלייבט זיך מיר נישט. דערציילט, ווי אַזוי ס'איז געשען.

ייִנגעלע:
ווען איך בין היינט אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס, איז ער געשטאַנען מיט נאָך עטלעכע ייִנגלעך. איך גיי אַדורך, דרייט ער זיך צו מיר אויס און גיט אַ געשריי: זשידזשע!

מוטער:
אַהאַ... און דו, וואָס האָסט אים געענטפערט?

ייִנגעלע:
איך האָב אים געזאָגט: דראָנגאַל.

מוטער:
פאַרוואָס עפּעס?

ייִנגעלע:
אַזוי רופט מען אים, ווייל ער איז אַ לאַנגער... האָט ער זיך אויף מיר געוואָרפן און מיך געשלאָגן... ער איז שטאַרקער...

מוטער:
נו, און די חברים וואָס האָבן געטאָן?

ייִנגעלע:
זיי האָבן געלאַכט. און אַז קאַזשיק האָט מיך אָפּגעלאָזט און איך בין געלאָפן אַהיים, האָבן זיי מיר אויך נאָכגעשריגן זשידזשע. איינער האָט מיר אַפילו אַ שטיין נאָכגעוואָרפן.

מוטער:
האָסט נישט געדאַרפט זאָגן קאַזשיקן דראָנגאַל.

ייִנגעלע:
און פאַרוואָס האָט ער מיר געמעגט זאָגן זשידזשע?

(דער פאָטער, וואָס איז געשטאַנען אין הינטערגרונט, דערנענטערט זיך צום קינד.)

זיידע:
און צי מיינסטו, אַז זיין אַ ייִד, דאַרף מען זיך שעמען?

ייִנגעלע:

(קוקט אויף אים פאַרוווּנדערט)

ווער איז עס, מאַמעשי?

מוטער:
דאָס איז דיין זיידע, מיין קינד.

ייִנגעלע:
ער זעט דאָך אויס ווי דער הייליקער מיקאָלאַי!

זיידע:
ניין, איך בין נישט דער הייליקער מיקאָלאַי. איך בין אַ פּשוטער ייִד.

ייִנגעלע:
דו ביסט אַ ייִד? און דו ביסט מיין זיידע, אויף אַן אמת טאַקע?

מוטער:
יאָ, יאַנעק, דאָס איז מיין טאַטע.

ייִנגעלע:
און די באָבעשי, וואָס קומט צו מיר, אַזאַ גוטינקע, קושט מיך שטענדיק און ברענגט מיר צוקערלעך — זי איז אויך אַ ייִדישע?

זיידע:
יאָ. זי איז אַ ייִדישקע, און דיין מאַמע, און איך.

ייִנגעלע:
אַלע ייִדן?

זיידע:
אַלע.

מוטער:
פאָטער, ס'איז נישטאָ קיין צייט, מען מוז אים צוגרייטן.

זיידע:
און דו האַלטסט נאָך אַלץ פון דעם?

זיידע:
איך מוז, איך מוז. נישטאָ קיין אַנדער ברירה. הער, יאַנעק, מיר — מיר פאָרן אַוועק, דאַרפן מאָרגן אַוועקפאָרן. איך וויל דו זאָלסט אַריבערגיין ביז מיר וועלן צוריקקומען אַהער, צום שכן, צום פאַן וואָלאַדיסלאַוו.

ייִנגעלע:
ניין, ניין, איך וועל נישט גיין. קאַזשיק וועט אויף מיר ווידער שרייען זשידזשע און מיך שלאָגן!

מוטער:
גאָט מיינער, וואָס טוט מען?

זיידע:
ער איז אַ ייד, און אונדזער גורל איז אויך זייַנער.

מוטער:
רעד נישט אַזוי. איך וועל דאָס קינד נישט פרעגן.
(לויפט צו צו דער וואַנט און נעמט אין איר קלאַפּן.)
זאָל ער קומען אים נעמען. איך וועל דאָס קינד צווינגען צו גיין. ער וועט מוזן גיין! יאַנעק, קום אַהער, וועל איך דיך אָנטאָן.

יינגעלע:
(לויפט צו צום זיידן)
זיידעניו, בעט די מאַמע, איך זאָל נישט גיין.
(טוליעט זיך צו אים)

זיידע:
טאָכטער, דו הערסט? לאָז אים מיר איבער ביז יענער וועט קומען אים נעמען פונדאַנען.

מוטער:
וואָס ווילסטו דען טון?

זיידע:
דו וועסט עס באַלד זען. יאַנעק, ס'טוט דיר נאָך וויי?

יינגעלע:
נאָך אַביסעלע.

זיידע:
אַ מעשהלע וואָלסטו געוואָלט איך זאָל דיר דערציילן?

יינגעלע:
אוי, דערצייל, דערצייל!

זיידע:
טאָ הער: אַמאָל, אַמאָל האָט אין אַ ווייטן, ווייטן לאַנד געלעבט אַ מענטש, און דער מענטש האָט געהייסן אברהם.

יינגעלע:
(חזרט איבער לאַנגזאַם, ווי ער וואָלט געוואָלט זיך עפּעס דערמאָנען, אָדער פאַרגעדענקען)
אב־רה־הם...

זיידע:
און דער דאָזיקער אברהם האָט געהאַט אַ זון, אַן איינציקן און ער האָט געהייסן יצחק.

יינגעלע:
יצ־חק...

זיידע:
איינמאָל האָט גאָט — האָסט געזען דעם בלאָען הימל און די שיינע שטערנדלעך אויף אים ביינאַכט? דאָרט וווינט ער דער גאָט פון אברהם — איז איינמאָל האָט גאָט געזאָגט צו אברהמען: נעם דיין זון, דיין איינציקן, וועלכן דו האָסט ליב, יצחקן, און ברענג אים מיר פאַר אַ קרבן.

מוטער:
און דער שכן קומט נישט.

זיידע:
אפשר האָט ער נישט געהערט דיין קלאַפּן?

מוטער:
דאָס איז נישט מעגלעך. אַז מען קלאַפּט אַריין אַ טשוואָק פון יענער זייט, הער איך שטענדיק.

זיידע:
ער האָט זיך מסתמא באראָטן מיטן ווייב, און דאָס ווייב באַשטייט נישט, אָדער זי האָט פשוט מורא.

מוטער:
גאָט מיינער, דאָס טאָר נישט געשען! איך וועל ווי־דער פּרוּוון.
(קלאַפּט שטאַרקער אין דער וואַנט)

יינגעלע:
זיידעניו, פאַרוואָס דערציילסטו נישט ווייטער?

זיידע:
אַה, ווי האַלט איך?

יינגעלע:
און גאָט האָט געזאָגט צו אברהמען...

זיידע:
יאָ, און גאָט האָט געזאָגט צו אברהמען: נעם דיין זון, דיין איינציקן, וועלכן דו האָסט ליב, יצחקן, און ברענג אים פאַר אַ קרבן.

יינגעלע:
און וואָס איז עס אַזוינס קרבן?

זיידע:
אַזאַ סימן פון טריישאַפט און איבערגעגעבנקייט. איז אברהם אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי. אָנגעזאָטלט זיין אייזל און זיך געלאָזט מיט יצחקן אין וועג אַריין. זיי זענען געריטן און געריטן, ביז זיי זענען צוגעקומען צו אַ באַרג. ביים באַרג האָט אברהם צעלייגט דאָס האָלץ און אויף דעם האָלץ־שייטער אַרויפגעלייגט יצחקן. פרעגט יצחק: טאַטע, וואָס ווילסטו טון? ענטפערט אים דער פאָטער: איך וויל דיך ברענגען גאָט פאַר אַ קרבן. און דו ליבסט דעם גאָט דיינעם? פרעגט יצחק. ענטפערט אברהם: איך האָב אים זייער ליב. טאָ ברענג־זשע מיך צו אים פאַר אַ קרבן, זאָגט יצחק. הייבט אויף אברהם דאָס מעסער, נאָר די האַנט ציטערט אים. דערזעט עס יצחק און זאָגט צום פאָטער: טאַטע, שטאַרק זיך!

יינגעלע:
אוי, וואָס פאַר אַ מוטיקער — דער יצחק!

זיידע:
הייבט אויף אברהם דאָס מעסער. נאָר פּלוצים פילט ער, ווי עמעצער האַלט אים צו די האַנט מיטן מעסער. און ער זעט — אַ מלאך! אַה, ווי געפעלט דיר דער יצחק?

יינגעלע:
אַ־אַ־זייער!

זיידע:
און דו וואָלסט אויך נישט מורא געהאַט פאַרן מעסער?

יינגעלע:
איך וואָלט נישט מורא געהאַט. און סיי ווי סיי ווייס איך דאָך, אַז דער מלאך וועט קומען און צוהאַלטן די האַנט מיטן מעסער...

זיידע:
קינד מיינס, נישט תמיד קומט דער מלאך...

מוטער:
און דער שכן קומט נישט. ער קומט נישט!
(זי גייט צו צום פענצטער. הייבט אויף דעם פאַרהאַנג. אין צימער גיט אַ פלייץ־אַריין פרימאָרגן־שיין.)
ווייַ איז מיר — ס'איז שוין טאָג!
(פון דער גאַס הערט זיך אַ פויקן. דאָס פויקן קומט אַלץ נענטער. די פויק שטילט איין, און מען הערט:)

ש ט י ם:
באַפעל פון שטאָט־קאָמענדאַנט! אַלע ייִדן מוזן היינט אינדערפרי זיך פאַרזאַמלען אויפן בית־עולם. ווער ס׳וועט נישט קומען, זיך אויסבאַהאַלטן — וועט ווערן גלייך אויפן אָרט, וווּ מען וועט אים כאַפּן — דערשאָסן!

(ווידער הערט זיך אַ פּויקן, דאָס פּויקן ווערט אַלץ ווייטער און ווייטער.)

מ ו ט ע ר:
פּאָטער, יאַנעק, מיר וועלן גיין.

(צום קינד)

איך האָב נאָרוואָס פאַרענדיקט פאַר דיר שטריקן אַ סוועטער. נעם, טו אים אָן אויף זיך, ס׳זאָל דיר נישט קאַלט זיין אויפן וועג.

י י נ ג ע ל ע:

(דערפרייט)

נעמט איר מיך מיט, וועל איך טאַקע גיין מיט אייך אינאיינעם?

מ ו ט ע ר:
יאָ, מיין קינד, דו וועסט גיין מיט אונדז אינאיינעם.

(זי טוט אָן דאָס קינד דעם סוועטער. נעמט אים פאַר דער האַנט)

ז ײ ד ע:
און דער מלאך איז נישט געקומען...

י י נ ג ע ל ע:
וווּהין גייען מיר, מאַמע?

מ ו ט ע ר:
ווייט, מיין קינד, ווייט אַוועק פונדאַנען.

י י נ ג ע ל ע:
און אויב דער טאַטע וועט קומען, וועט אונדז זוכן, ווי אַזוי וועט ער אונדז טרעפן?

מ ו ט ע ר:
קינד מיינס, אויב דער טאַטע וועט אַמאָל צוריקקומען, וועט ער שוין אונדז דאָ נישט טרעפן. ער וועט אָבער טרעפן די שונאים און וועט פאַר אונדז נעמען נקמה, נקמה!

(אַלע דריי גייען אָפּ)

---

ישראל אשענדארף

# בלויז אש

(אַ צימער. ס׳הערט זיך אויפשליסן די טיר פון דרויסן. עס קומען אַריין צוויי מענטשן.)

ע ר: אָט דאָ, ווי דו זעסט, וווין איך.

ח ב ר: וואַרט אַ ווײַלע! די וווינונג איז מיר באַקאַנט. דו האָסט דאָך געוווינט דאָ אויך פאַר דער מלחמה?

ע ר: יאָ. ס׳איז די זעלבע וווינונג.

ח ב ר: (קוקט זיך אַרום) ווי איך זע פון הייליקן בילד אויף דער וואַנט, וווינט דאָ אויך אַ קריסט.

ע ר: דאָ וווינט אויך אַ קריסטלעכע פרוי.

ח ב ר: זי וווינט ביי דיר, צי דו ביי איר?

ע ר: מיר וווינען צוזאַמען.

ח ב ר: אָה, דאָס איז אינטערעסאַנט! איך וואָלט זיך קיינמאָל נישט געווען פאָרגעשטעלט, אַז דו וועסט לעבן מיט א קריסטלעכער פרוי.

ע ר און וואָס פון דעם פאָרגעקומענעם פאַר די לעצטע מלחמה־יאָרן, וואָלסטו דיר יאָ געווען פאָרגעשטעלט?

ח ב ר: איך האָב געמיינט, אַז דו האָסט מיר שוין דערציילט אויפן וועג אַלץ.

ע ר: מיר האָבן זיך געטראָפן אין קאָמיטעט צוריק מיט אַ שעה. אין איין שעה מיינסטו זיך דערוויסן אַלץ, וואָס איך בין דורכגעגאַנגען דאָ אין משך פון די גרויליקע יאָרן?

ח ב ר: מיין נישט, אַז איך בין אַזוי נאַיוו. איך האָב נאָר געמיינט, אַז אַזאַ וויכטיקע זאַך וועסטו מיר גלייך דערציילן, ווי אַזוי האָסטו מיט איר חתונה געהאַט?

ע ר: זי האָט מיר געראַטעוועט דאָס לעבן.

ח ב ר: ווי אַזוי קומסטו צו איר?

ע ר: זי איז פאַר דער מלחמה געווען ביי אונדז אַ דינסט. ווען מען האָט אונדז פאַרטריבן אין געטאָ, איז זי געבליבן אין שטוב. נאָכן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ בין איך אַהער אַנטלאָפן. זי האָט מיך גוט אויפגענומען. מיך אויסבאַהאַלטן טאַקע דאָ אין דער וווינונג.

ח ב ר: האָסטו זיך, הייסט עס, אויסבאַהאַלטן אין דער אייגענער דירה!

ע ר: יאָ. דאָס קלינגט אויסטערליש. שטעל דיר פאָר: איך בין דאָ געזעסן פאַרמאַכט. אַרומגעגאַנגען אין דער שטוב, וווּ עס האָבן געוווינט מיינע עלטערן, מיינע ברידער. יעדעס ווינקל און יעדעס מעבל־שטיק האָט מיך דערמאָנט אין זיי. זייערע שטימען האָבן נאָך אַרומגעבלאָנדזשעט צווישן די ווענט. דערזעלבער וואַנט־זייגער האָט מיך איצט, ווי אין דער קינדהייט, פאַרוויגט מיט זיין טיק־טאַק צום שלאָף. נאָר איך בין שוין נישט אַזוי רואיק און פריילעך געשלאָפן ווי אַמאָל. דאָ צו וווינען, איז מיר פון איין זייט געווען בעסער: איך בין נישט געוואָרן אַזוי אויסגעוואָרצלט. נאָר פון דער צווייטער זייט, איז מיר דאָ אפשר נאָך פיל שווערער געווען אויסצוטראָגן מיין איינזאַמקייט. נאָר גענוג מיט מיר! וואָס קלערסטו צו טון ווייטער?

ח ב ר: ווי דו זעסט מיך, בין איך ערשט געקומען מיט נאָך אַ גרופּע ייִדן פון ראַטנפאַרבאַנד. יענע קלויבן זיך פאָרן קיין נידערשלעזיע. אין עטלעכע שעה אַרום גייט אָפּ דער צוג. איך האָב ביי זיי איבערגעלאָזט מיינע זאַכן און זיך אַראָפּגעכאַפּט דערווייל אַ קוק־טון אין וואַרשעווער ייִדישן קאָמיטעט.

ע ר: ווילסט מיט יענע ייִדן צוזאַמען פאָרן קיין נידערשלעזיע?

ח ב ר: יאָ.

ע ר: און אפשר וועסטו בלייבן אין וואַרשע?

ח ב ר: דאָ איז שווער צו געפינען אַ דירה.

ע ר: הער: דאָ לינקס, איז פאַראַן נאָך אַ צימער. דו קענסט דאָרט וווינען. קיינער לעבט נישט פון מיינע קרובים, פון מיינע נאָענטסטע — ווייל איך כאָטש דיך האָבן לעבן זיך.

ח ב ר: דעם אמת געזאָגט, ביסטו אויך מיר דער איינציקער מענטש, וואָס איז פאַרבליבן ביים לעבן. איך וואָלט אויך געוואָלט מיט דיר זיין צוזאַמען, אָבער...

ע ר: נישטאָ קיין אָבער! גיי אויפן וואָקזאַל און ברענג אַהער דיינע זאַכן.

ח ב ר: איך וועל גיין. פאַרשטייט זיך, אַז איך וועל דיר נישט פאַלן צו לאַסט. ווי אַזוי איך וועל נאָר באַקומען אַ צווייטע דירה וועל איך זיך אַרויסציען.

ע ר: דאָס וועלן מיר שפּעטער זען. דו טו דערווייל דיינס. די פרוי וועט מסתם באַלד קומען און צוגרייטן דעם מיטאָג. גיי און זאַם דיך נישט לאַנג.

(חבר אָפּ. נאָך אַ ווײלע קומען אַרויף ווייב און שוויגער)

וו יי ב: זע־נאָר, מאַרעק, ווער עס איז געקומען — די מוטער!

ע ר: (צו דער מוטער) איר זענט געוואָרן ביי אונדז אַן אָפּטער גאַסט! איר זענט געקומען אויף לאַנג?

מ ו ט ע ר: איך מיין, אַז איך וועל נאָך היינט צוריקפאָרן.

וו יי ב: וווהין יאָגסטו דיך? בלייב דאָ נעכטיקן.

ע ר: יאָ... דאָ וועט שוין עמעצער נעכטיקן. מיינער אַ חבר. נישט נאָר איבערנעכטיקן, נאָר ער וועט פון היינט־אָן אין יענעם צימער וווינען.

מ ו ט ע ר: מיר האָבן טאַקע געטראָפן אויף די טרעפּן עפּעס אַ פרעמדן מענטשן. ער זעט אויס צו זיין אַ ייד. מסתם איז ער געקומען פון ד אָ ר ט ן.

ע ר: יאָ, אַ ייד. געקומען פון ראַטנפאַרבאַנד.

וו יי ב: און צוליב וואָס דאַרפן מיר אַריינעמען אַ סובלאָקאַטאָר? אַזאַ גרויסע וווינונג האָבן מיר? צי אפשר פעלט דיר אויס זיין דירה־געלט?

ע ר: נישט צוליב זיין דירה־געלט, נאָר פּשוט: ער איז דער איינציקער חבר, וואָס איז פאַרבליבן לעבן.

מ ו ט ע ר: ס'וואָלט פאַר דיר אַ סך געזונטער געווען, ווען דו הערסט אויף אינגאַנצן זיך פאַרנעמען מיט יידן!

ע ר: און פאַרוואָס פאַרנעמט א י ר זיך מיט אַ יידן?

מ ו ט ע ר: א י ך פאַרנעם זיך מיט יידן?!

ע ר: יאָ, מיט מיר.

מ ו ט ע ר: דו ביסט דער מאַן פון מיין טאָכטער, און — דו ביסט שוין נישט קיין ייד מער!

ע ר: איך בין געוויר געוואָרן עפּעס נייעס!

וו יי ב: דו ווילסט אַלץ נישט נאָכגעבן?

ע ר: וועגן דעם וועלן מיר נאָך צייט האָבן צו רעדן אַן אַנדערש מאָל. איך גיי איצט אַרויף אויפן בוידעם, דאָרט דאַרף ליגן אַ צונויפגעלייגט בעטל. דער חבר וועט אויף אים שלאָפן. (אָפּ)

מ ו ט ע ר: דו האָסט געזען, ווי ער האָט זיך אָנגעצונדן, ווען כ'האָב דערמאָנט די יידן? דו לאָזט דיך פון אים צו פיל פירן. דו ביסט נאָכגיביק. אַ ווייב...

וו יי ב: לאָז צורו, מאַמע. מיט אים וועסטו גאָרנישט אויפטון.

מ ו ט ע ר: חברט ער זיך אַזוי שטענדיק מיט יידן?

וו יי ב: פון סאַמע אָנהויב. ווי אַזוי ער איז נאָר אַרויס פון באַהעלטעניש, איז ער גלייך געלאָפן זוכן יידן. ער פלעגט אָפּט פאַרשווינדן. איינמאָל בין איך אים נאָכגעגאַנגען זען וווהין ער גייט. ער איז געגאַנגען צו זייער קאָמיטעט אויף דער שעראָקאַ־גאַס.

מ ו ט ע ר: דאָס איז נישט גוט, טאָכטער. פאַרוואָס האָסטו דאָס אַלץ פאַר מיר פאַרשוויגן?

וו יי ב: איך האָב אַלץ געמיינט, אַז דאָס וועט זיך ענדיקן. נאָר פאַרקערט, ווען די יידן האָבן אָנגעהויבן צוריק צו קומען פון רוסלאַנד, איז ער נאָך מער צעחושעט געוואָרן. דורך די טעג פלעגט ער איבערליגן אויפן וואָקזאַל און אָפּוואַרטן די עשאַלאָנען. וואָס ציט דיך אַזוי אַהין? — האָב איך אים געפרעגט. און ער: אפשר וועל איך דאָרט טרעפן מיינעם אַ קרוב, צי אַ פריינד.

מ ו ט ע ר: ער האָט שוין געטראָפן אַ ווייב. וואָס זוכט ער זיך נאָך? מער דאַרף ער נישט האָבן!

וו יי ב: יעדעס מאָל פלעג איך באַמערקן, אַז עפּעס אַ מלבוש פעלט פון דער שאַפע. ווייזט זיך אַרויס, אַז ער האָט דאָס אַלץ צעטיילט די אָנגעקומענע יידן.

מ ו ט ע ר: גענוג! גענוג! איך קען שוין מער נישט הערן! דו ווייסט דאָך, אַז ווען איך און דיין טאַטע האָבן זיך דערוווּסט, אַז דו באַהאַלטסט אויס אַ יידן, ווי אַזוי בייז מיר זענען געווען אויף דיר. האָבן מיר געליטן און געשוויגן. ס'איז אונדז דערנאָך נישט געפעלן געוואָרן, וואָס דו האָסט מיט אים געוווינט. נאָר איך האָב ביי מיר געקלערט: ער איז אַ שטילער, ער טרינקט נישט, ער שלאָגט דיך נישט — זאָל זיין. אפשר וועט ער מיט דער צייט ווערן אונדזערס איינער. נאָר דאָס, וואָס דו דערציילסט מיר איצט, איז גאָרנישט פריילעך! דאָס ווייזט, אַז דער טייוול ציט אים צוריק צו זיי. דאָס פייגעלע קען דיר נאָך אין איינעם אַ שיינעם טאָג אינגאַנצן אַוועקפליען!

וו יי ב: און וואָס זאָל איך מיט אים טון?!

מ ו ט ע ר: זאָלסט מיר נאָר נישט זיין אַזוי פאַרצווייפלט! אַז ע ר וועט נישט זיין, וועט זיך געפונען אַן אַנדערער בעלן אויף דיר!

וו יי ב: מאַמע, רעדט נישט דערפון!

מ ו ט ע ר: איך זע דאָך שוין, אַז דו האָסט אים ליב. אַז דו ווילסט דווקא אים, אַ יידן. אַז איך וועל דיר אים אַזוי לייכט פון קאָפּ נישט אַרויסשלאָגן. אָבער דו טאָרסט נישט דערלאָזן, עס זאָל אַזוי ווייטער גיין! איך האָב אַן עצה.

וו יי ב: וואָס פאַר אַן עצה?

מ ו ט ע ר: דו זאָלסט מיט אים צוזאַמען אַריבערקומען צו מיר.

וו יי ב: ער וועט נישט וועלן.

מ ו ט ע ר: אויף דעם ביסטו דאָך זיין ווייב, אַז דו זאָלסט ביי אים פּועלן. אַ ווייב דאַרף וויסן אַלע שוואַכקייטן פון מאַן און זיי קענען אויסנוצן פאַר זיך, ווען ס'איז נויטיק.

וו יי ב: און מיט וואָס וועל איך זיין זיכערער מיט אים דאָרטן?

מ ו ט ע ר: דאָרטן וווינען שוין אינגאַנצן נישט קיין יידן. ס'וועט נישט זיין ווער עס זאָל אים דערמאָנען און וועקן זיין יידישקייט.

וו יי ב: און טאָמער וועט ער זיך פאַרט איינשפּאַרן און נישט וועלן פאָרן?

מ ו ט ע ר: ער וועט מוזן פאָרן! ער וועט מוזן! און... וואַרט. איך האָב נאָך אַן עצה: רעד אים איין, אַז דו שוואַנגערסט. אַ מאַן קען קיינמאָל נישט וויסן אויף זיכער, צי די פרוי זיינע האָט פאַרשוואַנגערט, אָדער

נישט. דו וועסט אים זאָגן, אַז דו ווילסט פאַרן האָבן דאָס קינד ביי מיר. איך זאָל דיר צוהעלפן די ערשטע צייט. ער וועט אויך מוזן אַהין קומען און קוים וועט ער זיין אַ שטיקל צייט, וועל איך שוין אַלץ טון — ער זאָל פון דאָרט נישט מער אַוועקפאָרן. דו האָסט מיך פאַרשטאַנען?

וו יי ב: איך זע, אַז דו האָסט צו אים אַ סך פאָרט־לען. ס׳וועט טאַקע גוט זיין, אַז מיר וועלן וווינען צוזאַ־מען. דו וועסט מיר העלפן אים צו האַלטן אין די הענט.

מ ו ט ע ר: זעסטו שוין, אַ מאַמע קומט צונוץ! הלוואי וואָלסטו פון סאַמע אָנהויב מיך געוועזן געפאָלגט. וואָלט עס נישט געוועזן געקומען צו די אַלע צרות. קען מען זיך אויף דיר פאַרלאָזן, אַז דו וועסט אַלץ מאַכן ווי ס׳דאַרף צו זיין?

וו יי ב: איך וועל זיך באַמיען.

מ ו ט ע ר: איך וואָלט געוואָלט, אַז איר זאָלט גלייך פאָרן מיט מיר און דער דאָזיקער גאַסט זיינער זאָל זיך אָפּטראָגן פון דאַנען. הער, איך וועל איצט אַריינגיין אין דער צווייטער שטוב. ער וועט מסתם באַלד צוריקקומען. זאָג אים, אַז מיר איז פּלוצים נישט גוט געוואָרן און איך האָב זיך געמוזט צולייגן. דאָס איז, כדי דו זאָלסט מיט אים קענען איבעררעדן. נאָר אויב איך וועל הערן, אַז דו דאַרפסט מיין הילף, אָדער דו האָסט ביי אים געפּועלט— און איך וועל שטיין הינטער דער טיר און זיך צוהערן צו אייער געשפּרעך. וועל איך אַריינקומען. (אָפּ.)

(ער קומט אַרויף. פאַרעט זיך ביים פאַנאַנדערלייגן דאָס בעטל.)

ע ר: דער חבר איז נאָך נישט געוועזן?

וו יי ב: ניין. און אויף דער מאַמען פרעגסטו זיך גאָרנישט?

ע ר: ווו איז זי דען?

וו יי ב: אין צווייטן צימער. איר האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן וויי־טון דער קאָפּ, האָט זי זיך צוגעלייגט. איך בין אַזש באַאומרואיקט!

ע ר: נו געוויס.

וו יי ב: וואָס געוויס?

ע ר: געוויס קענסטו זיך באַאומרואיקן. ס׳איז דאָך דיין מאַמע.

וו יי ב: און דיר קערט זי גאָרנישט אָן? ווען דו וואָלסט געוווסט, ווי זי קלערט וועגן דיר!

ע ר: און דאָס קלערן וועגן מיר, אפשר ברענגט איר קאָפּווייטיק, אַה?

וו יי ב: דו רעדסט תמיד וועגן איר מיט אַזאַ שפּראַך. זי פילט עס און האָט דערפון עגמת נפש.

ע ר: זאָל זי זיך ווייניקער מישן אין אונדזער צו־זאַמענלעבן וועט זי האָבן ווייניקער עגמת נפש.

וו יי ב: זי מיינט דאָך בלויז אונדזער טובה. (גייט צו צו אים נענטער.) זי איז איינע אַליין געבליבן. אויף דער עלטער — איינע אַליין!

ע ר: זי איז דאָרט נישט געבליבן אַליין. איר זע־נען דאָרט געבליבן די זעלבע שכנים, דער זעלבער קלויסטער, דער מאַרק —

וו יי ב: דו האָסט וועגן איר אַ שלעכטע מיינונג. זי גייט אויס נאָך מיר און נאָך דיר. דער פאָטער לעבט נישט. זי וואָלט אונדז געוואָלט האָבן לעבן זיך. זי האָט טאַקע היינט מיט מיר גערעדט וועגן דעם.

ע ר: הייסט עס, אַז זי וויל זיך פאַרגרעסערן איר לעבעדיקן אינווענטאַר?

וו יי ב: זי וויל גאָרנישט פאַר זיך. זי וויל, אַז מיר זאָלן איבערנעמען די שטוב און די גאַנצע באַלע־באַטישקייט.

ע ר: דיין טאַטע איז דאָך ביז דער מלחמה געוועזן אַ פריזיער. ווי אַזוי איז ער מיטאַמאָל געוואָרן אַ סוחר? ווי אַזוי האָט ער באַקומען אַ הויז און אַ געשעפט? איך ווייס. דאָס הויז איז פון אַ יידן און דאָס פאַרמעג — פון יידישע זאַכן. ניין. מיך ציט עס נישט צו דעם דאָזיקן הויז מיט דער דאָזיקער באַלעבאַטישקייט!

וו יי ב: איך וועל אָבער מוזן פאָרן אַהין.

ע ר: „מוזן״? פאַרוואָס וועסטו מוזן?

וו יי ב: ווייל... ווייל איך בין שוואַנגער. איך וויל זיין מיט דער מאַמען. אַליין וועל איך מיר נישט געבן קיין עצה.

ע ר: וואָס האָסטו געזאָגט? דו ביסט שוואַנגער? אָבער דאָס איז דאָך נישט מעגלעך!

וו יי ב: פאַרוואָס זאָל עס נישט מעגלעך זיין? בין איך דען קראַנק?

ע ר: דאַכט זיך, אַז איך בין געווען פאָרזיכטיק.

וו יי ב: מען קען קיינמאָל נישט זיין זיכער.

ע ר: אויב דאָס איז געשען — דאַן מוזסטו דאָס קינד אָפּטרייבן!

וו יי ב: דו ווילסט טאַקע קיינמאָל נישט ווערן אַ פאָטער? איך זע אָפּט, ווי דו שפּילסט זיך מיטן שכנס קינד. דו ביסט אַזוי גוט צו אים. עס גייט פשוט אויס נאָך דיר. דאָס איז אַ פרעמד קינד — ווי אַזוי וועסטו שוין ליב האָבן אַן אייגנס!

ע ר: ניין. איך וויל נישט האָבן אַן אייגן קינד!

וו יי ב: פאַרוואָס?

ע ר: ווייל וואָס וועט זיין אונדזער קינד? אַ ייד? אַ קריסט?

וו יי ב: פאַרשטייט זיך, אַז אַ קריסט.

ע ר: און פאַרוואָס זאָל עס נישט זיין, ווי דער טאַטע — אַ ייד?

וו יי ב: ווייניק האָסטו פון דיין יידישקייט גע־ליטן, ווילסטו זי נאָך איבערגעבן דיין קינד בירושה?

ע ר: איך וויל שוין גיכער איבערגעבן דעם קינד די שווערע ירושה פון מיין טאַטן, וואָס האָט אים און נאָך מיליאָנען געקאָסט דאָס לעבן, איידער די ירושה פון דיין טאַטן — באַקומען פון זייער אומקום. איך זאָג דיר נאָכאַמאָל: דעם קינדס דערציונג וועט נאָך מער פאַרטיפן דעם תהום צווישן אונדז.

וו יי ב: און מיר דאַכט זיך, אַז דו רעדסט אַזוי פיל וועגן דיין פאָלק דערפאַר, ווייל האָסט מיך נישט ליב. ווען דו וואָלסט מיך ליב געהאַט, וואָלסטו אַלץ מקריב געווען צוליב מיר.

ע ר: דו האָסט מיך דען אַמאָל געפרעגט צי איך האָב דיך ליב.

וו יי ב: אמת, איך האָב דיך נישט געפרעגט. איך האָב מורא געהאַט איינצושטעלן... אויף יעדן פאַל, האָב איך געגלויבט, אַז דו וועסט מיט מיר וווינען, וועסטו זיך צו מיר צוגעוווינען און מיך ליב באַקומען. און איצט — גענוג די שפּיל. דו האָסט נישט וואָס מורא צו האָבן. איך בין נישט שוואַנגער. איך האָב דיך נאָר געוואָלט אויספּרווון. אָבער נישט געקוקט אויף דעם, האַלט איך, אַז מיר דאַרפן זיין צוזאַמען מיט דער מו־טער.

ע ר: איך וועל אַהין נישט פאָרן.

וו יי ב: דו ווילסט מיר גאָרנישט נאָכגעבן, גאָרנישט! פאַר יעדער קלייניקייט שפּאַרסטו זיך אַזוי איין! ווען נישט איך, וואָסטו דאָך שוין לאַנג געלעגן אונטער די חורבות פון געטאָ!

ע ר: ס'איז לייכטער צו שטאַרבן און ווערן אויס, איידער צו שטאַרבן און בלייבן לעבן.

וו יי ב: איך בין אַ פּראָסטע פרוי און פאַרשטיי נישט דיינע רייד. איך ווייס נאָר וויפל מי און פּיין מיך האָט געקאָסט כדי דיך אויסצובאַהאַלטן. טאַטע־מאַמע האָבן מיך געוואָרנט פאַר דער גרויסער סכנה, וואָס עס דראָט מיך, נאָר ייך האָב זיי געענטפערט: איך האָב אים ליב און וואָס עס וועט זיין מיט אים — זאָל געשען מיט מיר. אָן אים וועל איך סיי־ווי נישט קענען לעבן! וויפל נעכט פלעג איך שרייען פון שלאָף, ווייל מיר האָט זיך געחלומט, אַז געסטאַפּאָווצעס האָבן אויסגעפונען דיין באַהעלטעניש און זענען דיך געקומען נעמען. ביי יעדן פאַרדעכטיקן שאָרך, ביי יעדן קלאַפּ אין טיר, פלעג איך אויפציטערן גלייך מיט דיר. דו האָסט דאָס אַלץ שוין פאַרגעסן?

ע ר: איך האָב דאָס נישט פאַרגעסן. איך וועל דיר אייביק זיין דאַנקבאַר. אָבער דאַנקבאַרקייט אַליין איז נאָך צו ווייניק, כדי האַלטן צוזאַמען אַ מאַן מיט אַ ווייב. דו זאָגסט, אַז דו האָסט מיך ליב. וואָס האָסטו אין מיר ליב? דאָס אַלץ, וואָס איך האַלט פאַר דעם סאַמע ווענטלעכסטן אין מיר — איז דיר פרעמד.

וו יי ב: דו ביסט אוודאי געבילדעטער פון מיר. דו פאַרשטייסט אַ סך זאַכן אויף דער וועלט מער פון מיר. אָבער פונדעסטוועגן זענען געווען ציימן, ווען איך האָב זיך אַרויסגעוויזן שטאַרקער פון דיר. געדענקסט, ווען דיר איז שוין נמאס געוואָרן צו ליגן באַהאַלטן און דו האָסט מיר געזאָגט, אַז דו ווילסט דיך איבערגעבן אין די דייטשע הענט אַריין. געדענקסט, וויפל מי מיך האָט געקאָסט דיך איבערצורעדן, דיך דערפון אָפּצוהאַלטן. איך פלעג צוטראַכטן אָפט גוטע ידיעות פון פראָנט, כאָטש נישט תמיד זענען אַזעלכע געווען, כדי דיך צו שטאַרקן, כדי דיר געבן מוט איבערצוהאַלטן.

ע ר: דאָס אַלץ איז אמת. איך האָב שטענדיק באַוווּנדערט דיין שטאַרקן גלויבן אין לעבן.

וו יי ב: און פון וואַנען האָבן איך גענומען אַזויפיל כוח, מיינסטו? — פון דעם, וואָס איך האָב דיך ליב געהאַט. (זי גייט צו אים צו נענטער) איך פיל, אַז דו טראָגסט דיך אַרום מיט מחשבות אַוועקצוגיין פון מיר. ווהין ווּעסטו גיין? ווּעמען האָסטו אויף דער וועלט? דו וועסט דיר גיין זוכן נייע אומבאַקאַנטע פריינד, ווען דו האָסט דאָ אַ פריינד אַן אויסגעפּרוווטן אין דער סאַמע שווערסטער צייט. דו האָסט אַמאָל געהאַט אַ מאַמע, אַ טאַטן, ברידער, זיי לעבן נישט מער. קען זיין, אַז אויף דער גאַנצער וועלט לעבט נישט מער קיינער, וואָס האָט זיי געקענט אַחוץ מיר ביידע.

ע ר: (איינגעבראָכן) וואָס ווילסטו פון מיר? זאָג.

וו יי ב: דו זאָלסט זיין מיט מיר. דו זאָלסט מיך פאָלגן און פאָרן צו דער מאַמען. (ער שווייגט) נו, דו וועסט פאָרן?

ע ר: איך וועל פאָרן.

וו יי ב: (קושט אים) אַזוי געפעלסטו מיר!

(עס עפנט זיך די טיר און די מוטער קומט אַריין.)

מ ו ט ע ר: ס'איז מיר שוין, קינדער מיינע, בעסער געוואָרן. איך וועל פאָרן אַהיים.

וו יי ב: מאַמע, איך האָב איצט איבערגערעדט מיט מאַרעקן. ער איז מסכים מיר זאָלן זיך באַזעצן אין לויוויטש.

מ ו ט ע ר: דאָס איז גוט! איך האַלט, אַז דו דאַרפסט עס גלייך טון. דו דאַרפסט פאַרקויפן די וווינונג. איך האָב טאַקע אַ קונה. ער מאַכט חתונה זיינס אַ טאָכטער און דאָס יונגע פּאָרפאָלק האָט נישט ווו צו וווינען. לאָמיר איצט צו אים גיין.

ע ר: שוין גלייך? וואָס איז דאָס איילעניש?

מ ו ט ע ר: איך וואָלט עס געוואָלט נאָך דער ליידיקן פאַרן צוריקפאָרן אַהיים.

וו יי ב: און אפשר וועלן מיר פריער אָפּעסן?

מ ו ט ע ר: (גיט איר אַ שטורך און זאָגט שטיל) מיש זיך נישט! (צו אים) דו גייסט מיט מיר?

ע ר: ניין. איך קען נישט גיין. איך וואַרט אויפן חבר.

מ ו ט ע ר: אַליין וועל איך דאָך נישט גיין. עס מוז מיט מיר גיין ווער פון אייך. (צו דער טאָכטער) אפשר וועסטו מיט מיר גיין?

וו יי ב: זאָל זיין. (צום מאַן) גיב אַכטונג אויף דער קיך. אַזוי שפּעט און נאָך אַלץ נישט געגעסן מיטאָג. אַ צערודערטער טאָג! זע, אַז דאָס פייער זאָל נישט אויסגיין.

(די מוטער מיט דער טאָכטער גייען אָפּ. נאָך אַ ווײַלע קומט אָן דער חבר.)

ח ב ר: בין איך שוין דאָ. געבראַכט מיט זיך דאָס גאַנצע, משטיינסגעזאָגט, פאַרמעגן. אַמאָל פלעגן יידן וואַנדערן איבער די מדינות מיט דער טאָרבע. מיר זענען איצט מאָדערנער געוואָרן: מיר האָבן שוין דעם טשעמאָדאַן.

ע ר: (זיצט אומבאַוועגלעך. קוקט אין איין פונקט אַריין.) פאַר דער צייט, וואָס דו ביסט אַוועקגעגאַנגען האָט זיך געביטן די לאַגע.

ח ב ר: מיט וואָס?

ע ר: איך פאָר אַוועק.

ח ב ר: איך פאַרשטיי דיך נישט. ערשט האָסטו מיך אָפּגערעדט צו פאָרן — און איצט...

ע ר: איך פאָר נישט קיין נידערשלעזיע. איך פאָר קיין לויוויטש. עס זענען דאָ געווען מיין ווייב און די שוויגער. ס'האָט שוין געהאַלטן דערביי, איך זאָל אינגאַנצן אַוועק פון זיי, נאָר ס'איז געבליבן, אַז איך זאָל — אַוועק פון זיך...

ח ב ר: און פאַרוואָס האָסטו דאָס געטון?

ע ר: ווייל זי האָט מיר געראַטעוועט דאָס לעבן.

ח ב ר: צי האָט זי דיך געראַטעוועט דערפאַר, ווייל זי האָט געוואָלט העלפן אַ יידן סתם פאַר גוטסקייט, פאַר רחמנות, אָדער זי האָט דיך געוואָלט ראַטעווען פאַר זיך?

ע ר: זי האָט מסתם דערביי אירע אייגענע כונות. אָבער צי ענדערט עס דעם פאַקט, אַז זי האָט איינגעשטעלט איר לעבן צוליב מיר? איך מוז זיך אויך מקריב זיין!

ח ב ר: איין יחיד קען נישט פאָדערן פון צווייטן, אַז ער זאָל זיך מקריב זיין פאַר אים. די דאָזיקע רעכט האָט בלויז אַ כלל.

ע ר: דער כלל — איך בין שוין מיד צו טראָגן אויף זיך די פּיין פון כלל! איך וויל זיך איינמאָל פאַר אַלע מאָל באַפרייען פון די דורותדיקע צרות און ענויים!

ח ב ר: אויב אַזוי — האָב איך דאָ נישט מער וואָס צו טון. איך גיי.

ע ר: וווהין ווילסטו גיין?

ח ב ר: צוריק צו די חברים.

ע ר: גיי נישט אַוועק. בלייב דאָ אין דער דירה.

ח ב ר: אויב איך האָב באַשלאָסן צו בלייבן, איז בלויז צוליב דעם, כדי זיין מיט דיר צוזאַמען. אויב דו פאָרסט אַוועק, וואָסער זין האָט מיין בלייבן דאָ אין דער דירה?

ע ר: ווילסט נישט בלייבן?

ח ב ר: אַז איך פאַרשטיי בכלל נישט צוליב וואָס דו דאַרפסט איך זאָל דאָ בלייבן.

ע ר: צוליב וואָס? דו פאַרשטייסט... אַז דו בלייבסט דאָ, האָב איך נאָך אַלץ די מעגלעכקייט, די לעצטע, צוריק צו קומען...

ח ב ר: און איך האַלט, אַז דו מוזט אָננעמען אַ פעסטן באַשלוס. אַזאַ צושטאַנד איז נישט געזונט פאַר דיר און נישט פאַר איר.

ע ר: איך האָב דאָך זיי שוין צוגעזאָגט... איך וועל פאָרן... כ'וועל פאָרן קיין לוויוויטש... כ'וועל וווינען צווישן מיעשטשאַנעס. פירן דאָס געשעפט פון איר טאַטן. פאָרן נאָך שאַבער. קויפן וואַלוטע און וואַרטן אויף „בעסערע צייטן", אַה? זונטיק וועל איך זיך אויספוצן און צוזאַמען מיטן ווייב גיין אין קלויסטער. און אַז ס'וועט קומען אַ חגא, וועל איך גיין אין דער פראָצעסיע איבער די גאַסן פון דער שטאָט מיט צלמים און בילדער. גלעקער וועלן קלינגען: באָם־באָם־באָם!.. (שפרינגט אויף און שרייט) ניין, ניין! דאָס וועט נישט זיין! שיק מיך פאַר זיי! לאָז מיך נישט אַהין!

ח ב ר: וואָס איז מיט דיר פּלוצים געשען? דו ביסט בלייך געוואָרן! דו ציטערסט אינגאַנצן!

ע ר: איך דערמאָן זיך, אַלס קינד, ווען עס פלעגט דורכגיין אַ פראָצעסיע דורך אונדזער גאָס. די מאַמע פלעגט מיך אַריינשלעפּן אין שטוב אַריין. זי פלעגט שטיין אַ בלייכע און שעפּטשען אַ תפילה, אַז זיי זאָלן פאַרבייגיין און קיינעם נישט טשעפּען, נישט אויסטראַכטן קיין בלבול. איינמאָל איז פאַרבייגעגאַנגען אַ פראָצעסיע דורך אונדזער גאַס. איך בין געשטאַנען אויפן באַלקאָן און זיך געשפּילט. ווען די פראָצעסיע איז אָדורכגעגאַנגען דורך אונדזער הויז, האָב איך זיך אַריבערגעבויגן איבערן באַלקאָן, כדי בעסער צו זען, און — מיין היטל איז אַראָפּגעפאַלן אינמיטן דער פראָצעסיע! אונטן איז געוואָרן אַ גרויסער טומל. ס'האָבן זיך געהערט אויסגעשרייען קעגן יידן. עס זענען געפאַלן שטיינער אין די שויבן. די מאַסע האָט זיך אַ ריס געטון אין די ייִדישע הייזער. די מאַמע האָט מיך אַ כאַפּ געטון, געזוכט פאַר מיר אַ זיכער אָרט און מיך באַהאַלטן הינטער דער שאַפע, געהערט געשרייען, געוויינען, געבראַזג פון שויבן. ביי אַכט יאָר שוין געפילט דעם טעם פון ייִדישקייט. הער, הער אויס: דאָ איז די זעלבע שאַפע, הינטער וועלכער איך האָב זיך שפּעטער מיט צוואַנציק יאָר ווידער באַהאַלטן!

(ער ענדיקט. ס'ווערט שטיל. אַ רגע־צוויי.)

ח ב ר: איך וועל גיין. איך וויל נישט פאַרשפּעטיקן. איך וויל פאָרן צוזאַמען מיט די חברים.

ע ר: איך פאָר מיט דיר!

ח ב ר: איז דאָס דיין לעצטער באַשלוס?

ע ר: יאָ. מיר פאָרן צוזאַמען!

ח ב ר: אויב אַזוי — פּאַק איין גיך דיינע זאַכן.

ע ר: ניין. ניין! איך וועל גאָרנישט מיטנעמען, גאָרנישט! איך וועל נאָר אָנשרייבן עטלעכע ווערטער. (שרייבט אָן אַ בריוועלע. לאָזט עס איבער אויפן טיש.)

ח ב ר: גייען מיר. (ביידע אָפּ. נאָך אַ ווײַלע קומען אַריין ווייב, מוטער.)

מ ו ט ע ר: וואָס איז דאָ עפּעס טונקל?

ו ײ ב: ווו איז ער עס פאַרשוווּנדן? (צינדט אָן ליכט)

מ ו ט ע ר: איך בין שטאַרק הונגעריק. מען דאַרף צוגרייטן עסן. (גייט צו צו דער קיך.)

ו ײ ב: (דערזעט דאָס צעטעלע) וואָס איז דאָס? ווער האָט עס געשריבן? (לייענט) אָ יעזוס!

מ ו ט ע ר: (ביי דער קיך.) נעמט אַ מענטש און גייט אַוועק. דאָ האָט דאָך אַלץ אויסגעברענט. בלויז אַש איז געבליבן, בלויז אַש...

**אלחנן האגלער**

# לידער פון ליבשאפט און האס

## איינציקע

פרוי מיינע, איינציקע, ווו דו וועסט גיין,
בין איך — דער גרויער וועג פון שטיין.
איך בין די זון און דער רעגן —
דיר, מיין באַשערטע, צו קומען אַנטקעגן.

פרוי מיינע, אין דיין בעריאָזעווער היים,
בין איך — די נאַסע וואַנט פון ליים.
איך בין דאָס פייער, וואָס ברענט אין דיין קיך,
און דאָס בענדל פון דיינע שיך.

אייביק פאַרלוירענע פרוי מיינע, גלויב:
איך בין דער שטערן וואָס גליט אין דיין שויב,
און דער לינדער אָוונט־ווינט,
וואָס פאַרוויגט מיטן טייכל דיין קינד.

שלאָפסט איין, קוש איך דיינע ליפּן,
נאָר אַליין וואָך איך אויף אינדערפרי;
איך בין פון דיין טיר דאָס כליפּען,
ווען דו באַטרעטסט די שוועל צו דיין מי.

דער שטאָך פון נאָדל כ'בין אין דיינע פינגער,
נאָר די שיין פון גאָלדן העמד,
וואָס דו נייסט דער וועלט — מאַכט גרינגער
מיילן וויט זיין איינעם אינדערפרעמד.

כ'בין דיין שער און טרייער פינגערהוט,
דיין ווייסער פאָדים, וואָס זיך ציט ביז פוילן,
איבער קברים, טייכן בלוט —
נאָר אָפּגעריסן כ'בין פון דיינע קנוילן.

— — — — — — — — —

איך בין די ראָבינע הינטער דיין טיר,
אויף דיין ברוסט, ביינאַכט — דאָס שטום פּאַפּיר...
פרוי, אַנשטאָט דיר אַליין צו ליבן —
דאָס ליד מיט טרערן כ'האָב געשריבן.

איך בין דאָס וואַסער, וואָס דו נעמסט צום גומען,
אויף דיין ווערבע־טיש — דאָס שוואַרצע ברויט,
דיין לעבן כ'בין, נאָר איך וועל קומען,
און אויך זיין אַמאָל — דיין טויט.

## אין רייסן, אין אַ כוטערל אַ ווייסן

א.

אין רייסן,
אין אַ כוטערל אַ ווייסן,
אויפן דיל
ביים אויוועלע,
האָסטו פון שפּענדעלעך
פון קליאָן
געשניצט אַ פידעלע.

אַ שפּיל,
מיין עופעלע:
— גלין, גלאָן!
דעם מאַרגנשטערן אויפגיין מיט דיין טאָן
זאָג־אָן.

ביים פלויט
פון ווינשלסאָד, וואָס בליט
געקאָרמעט האָסטו דיינע הענדעלעך
מיט גערשטן, ברויט
און זיי געשפּילט דאָס ליד
פון טייכל און פון ווינט.

מיין קינד,
די הינדעלעך, די כשרע
און דיין לאַבאַטער האָן,
זענען טויט
שוין פון לאַנג־אָן.
— גלין־גלאָן!
דאָס ליד פון רייסן
און דעם כוטערל דעם ווייסן,
מיך דערמאָן.

ב.

ווו דיין מאַמע איז אַנטרונען,
ווייס אין פעלד דער ווינט:
צי שעפּן וואַסער פונעם ברונען,
צי פיטערן די רינד.

צי שווענקען אינעם סטאַוו די גרעט,
צי אַנטרינקען די ציג ביים טייך;
וויין נישט יתומל, זי וועט
קומען מיט דער נאַכט צוגלייך.

און פון דאָרף אונדז ברענגען מערן,
בולבעלעך און קרויט.
שלאָף, מיין קינד, פון אירע טרערן,
וואַקסט אין פעלד דאָס ברויט.

שליס־צו, יתומל, דיין וויע,
אויף דיין בלאָנדן קעפּל,
דורכן פענצטער פאַלט די שקיעה,
ווי אַ גאָלדנער עפּל.

האָרך, איבער דיין שטיבעלע:
עס פלאַטערט אַ וואָראָנע,
און טראָגט אַ זילבער־ציבעלע
אין שנאָבל — די לבנה.

די מאַמע איז אַוועק אין געסט
אין דאָרף צו מומע סערל,
נאָר די נאַכט טוט־אָן, דו זעסט
דיין מאַמעס שנירל פּערל.

פון איר מלכות יעדן וויערסט
זי מעסט מיט שטרויכלענדיקע טריט,
און די קוואַלן רוישן, הערסט
דיין מאַמעס טרויער־ליד:

— כ'בין אַוועק נאָר אויף צום פּלייסן —
מורמלען דיר די קוואַלן,
— כ'וועל דיין וועטשערע פאַרווייסן
מיט לבנה־שטראַלן.

— ווו איז אונדזער קו די געלע
און די ציגעלעך די צוויי? —
אויפן דאַך איבער דיין סטעליע
פלאַטערט־אום אַ סאָלאָוויי.

און ער קלאָגט דיר מיט אַ ניגון:
— כ'בעט דיך, יתומל, נישט פרעג,
זיי געקוילעטע ליגן
אין גריקע־פעלד ביים וועג.

אין רייסן,
ביי דעם כוטערל דעם ווייסן.

ג.

ווין נישט, יתום, ס'וועט דיין מוטער
קומען צו דיר באַלד,
זי געפאָרן איז פון כוטער
ברענגען סכך פון וואַלד.

זי געפאָרן איז פון כוטער
אין מיל צו מאָלן ווייץ,
האָט איר באַגעגנט דער נישט־גוטער
אויפן וועג ביים קרייץ.

ס'האָט פאַרוואַנדלט זי דער שטן
אין אַ ווייסער טויב,
וואָס פלאַטערט אויף די עירוב־דראָטן,
הינטער אונדזער שויב.

פורן רוישן פון די פעסטן,
אַקסן סקריפּען אויפן שליאַך,
און די פייגעלעך אין נעסטן
זינגען דיר, מיין קינד אַ שבת.

פורן רוישן, אַקסן סקריפּען,
שלאָף מיין יתומל, נישט וויין,
פון דיין מאַמעס זיסע ליפּן
וואַקסן פאַזעמקעס אין פליין.

און אויף ווערבעס פרומע קעפּ
בליען אירע בלאָנדע צעפּ.
אין רייסן,
ביי דעם כוטערל דעם ווייסן.

ד.

דער שניי פאַרווייט האָט אַלע וועגן
צו דיין מאַמעס גריבעלע,
אויף אַ וואָלקן רייט דער רעגן
איבער אונדזער שטיבעלע.

מיט ליים פאַרקלעפּט כ'האָב אַלע שפּאַלטן
פון דיין פענצטערל און טיר,
און דיר פון ווינט און נאַכט באַהאַלטן,
ציטער נישט, מיין קינד, נישט פריר.

דיין מאַמעס קוואַלן בלוט פאַרהאַלטן
וועט דער ווינט נישט סיי־ווי־סיי,
כ'וואָלט אין האַנט כאַטש וועלן האַלטן
פון איר האָרץ דעם הייסן בליי.

פאַרלעשן אין מיין פויסט די קויל,
וואָס האָט פאַרקלעמט אין ערד איר מויל.
פון איר צוגעמאַכטער טראַכט —
אויסגעשטערנט איז די נאַכט.

מיט לבנה־מילך פון לאַדעש,
וואָס צעגאָסן איז אין פעלד —
דער ווינט איר וונדיק האָרץ פאַרשטעלט,
און זאָגט נאָך דיין מאַמען קדיש.

מיט אייזנרעגנס ער פאַרשילט
דעם, וואָס האָט איר האָרץ פאַרהילט
און פאַרוואַנדלט עס אין שטויב.
דעם, וואָס אויסגעטאָקט אַ קרוין
האָט פון דיין מאַמעלעס געביין.
אויף איר האָרץ — אַ טאָפּאָל זיי,
און וואַקס, און ציטער נישט, און גלויב:
דער שטורעם וועט פאַרביי.

ה.

שלאָף, מיין קינד, אין וואָרעם היים,
אויפן אויוועלע פון ליים,
אין שיין פון אַ בעריאָזע־קין, —
כ'וועל דיר מאָלן דעם באַגין.

האָרך, ווי אויפן קאַרשנבוים
דער גילדענער קאַנאַרעק טרעלט,
ס'רייט אַ וואַנדערער אין פעלד
אינעם מלכות פון מיין טרוים.

אויף אַ יונגן הירש אַ ווייסן,
אין אַ זילבערנעם מונדיר,
שוועבט ער אין מדינה רייסן
פון די סטעפּעס פון סיביר.

און שאַלט פון ערד די ווייען
אויס דורך אַ טראָמפּייט,
און אַ מחנה סאָלאָווייען
אים באַגלייט.

פון זיין אָטעם ווינטן ווייען,
באַהויכן אונדזער סאָד מיט צוויט,
און די טייכן איז צעגייען,
הילכנדיק זיין ליד.

ציטער נישט, מיין קינד, נישט פריר,
דער פרילינג קלאַפּט אין אונדזער טיר,
און צינדט אָן דעם מאָרגנשטערן
איבער אונדזער שטיבעלע.

— — — — — — — — — — — — — — — —

נאָר, דו שלאָפסט אין גריבעלע
אויף אַ האַרטן שטיין,

און געלאָזט דעם פרילינג
אייגינקן אַליין.

מיט בליץ און דונער ער פאַרשילט
דעם, וואָס האָט דיין האַרץ פאַרהילט
און פאַרוואַנדלט עס אין שטויב.
דעם, וואָס האָט אין קריינדעלעך
פאַרוואַנדלט דיינע ביינדעלעך,
מיין טויב!

ווי,
דו שלאָפסט אין גריבעלע
אויפן וויסטן פליין,
און ביי דיין צעקאָפּנס:
צוויי
בעריאָזעס — ליכט —
באַלויכטן דיין געזיכט.

אין רייסן,
ביי דעם כוטערל דעם ווייסן.

# יונגע קלעזמאָרים

א.

אַ לויב זינגט דער פויגל דיר, רויטער אַרמייער,
דו האָסט אים דערהויבן פון קבר פון ליים.
מיר, די פאַרבליבענע באָרוועסע גייער,
האָבן אונטער זיין פליגל געפונען אַ היים.

מיר, די פאַרבליבענע יונגע קלעזמאָרים,
מיט זאַק אויפן אַקסל און שטריק אויפן לענד,
טראָגן אין פידלען דעם ניגון פון ספרים
און ס׳וויג־ליד פון מאַמעס, וואָס זענען פאַרברענט.

מיר, די פאַרבליבענע וואַנדערער בלייכע,
וועבן דיין לויב מיטן ביינוולנעם שליאַך;
דיין גנאָד זענען אונדזערע טאַטעס נישט זוכה
און שעפּטשען דורך בערדיקן פליין דיר אַ שבח.

אַ הימן, דיר שלאַנקער בלויאויגיקער רייטער,
עס דרימלט אין האַרץ ביי אונדז דער וויאָלאָנטשעל:
דו האָסט פון אָפענע גריבער און שייטער
פאַרהוילן אונדז אונטערן וואַלד — דיין שינעל.

און מיטן שניי פון די בערג אַלאַ־טאַוער,
געלאָשן די וווּנדן פון וואַנדערערס פיס;
פון דורות געקאָוועטע, האָסטו אין פייער
געגאָסן פון קייטן — דעם תלין אַ שפּיז.

מיין פאָלק האָט אַ פויגל פאַרוויגט מיט זיין ליד
און מיט דיין מאַיקער זון פון נצחון,
היילט ער אין האַרץ אונדז דעם אָפענעם שניט —
פאַרלענדט האָסט דעם מערדער, וואָס האָט עס צעבראָכן.

ב.

דיין אויג לויכט אין אונדזערע גרויע פיר איילן,
און אין גאָלדענעם טרוים פון באַשערטנס געשטאַלט,
עס שטראַלן די טעכטער אַרויס פון די היילן —
פאַרוואַנדלען זיך אין בעריאָזעוון וואַלד.

עס פלאַטערט אַ פויגל, אַ קרענעצע בלויט,
די סטרון פון זיין האַרפע אַ ציטער עס טוט,
ער פּיקט־אויס פון מיידלשע הערצער דעם שרויט
און וואַשט מיט געוויין זיי פון העמדער דאָס בלוט.

זיי פלעכטן אַריין אין די צעפּ די לבנה,
דערזעען אין שפּיגל פון טייך זייער שיין;
און פון דער ערד, אונטער שאָרך פון אַ בראָנע
דערוואַכן די מאַמעס, — אין קליידער פון ליין.

אין טוי זיי די מיענטענע לאָקן זיך זאַלבן,
צוקאָפּנס די שקיעה פון בלוט צאַפּלט רויט;
אונדז וועקן אין חלום די עופהלעך־שוואַלבן
צו פלאַנצן מיט טרערן דאָס לאַנד — אונדזער ברויט.

מיר קניען פאַר די, אין די קברים וואָס נאַכטן,
קריצן־אויס זיי די שטערן אין אַרץ מיט אַ דלאָט,
און פון זייער אייביקן מויל דעם פאַרמאַכטן
עס אָטעמט אין ווינט אויף —, דער מאַלינעס־סאָד.

מיר וועקן דאָס האַרץ, וואָס די ערד האָט פאַרהוילן,
און ביי דער שיין פון די שטערן־מנורות,
מיר גליען אויף אותיות פון בלייענע קוילן
און שמידן אין טרערן — געזאַנגען פון דורות.

ג.

מיר, די קלעזמאָרים מיט זאַק אויפן קאַרעק,
טראָגן אין פידלען דעם ניגון פון שטורעם,
מיט אונדזער געזאַנג בענטשט אין סאָד דער קאַנאַרעק
די פרוכטן פון אונדזערע ברידערס יסורים.

די סטרונעס אויף אונדזערע האַרפעס זיך צאַפּלען,
ווי שוועסטערס פאַרשניטענע האָר אונטער שער,
אָבער פון זייערע בלויע שוואַרצאַפּלען
עס לויכט אונדז די זון — זייער הייליקע טרער.

אַצינד זענען ברידער אונדז — פעלדער אַפּנים,
מיר נידערן צו זייער תהומיק געוויין,
און זויגן מיט ליבשאַפט דעם האַס צו תלינים,
וואָס טליעט פאַרהוילן אין אונדזער געביין.

אַצינד זענען טאַטעס אונדז — טייכן מסתמא,
זיי זינגען אונדז זמירות — און גאָלדענע פיש —
זייער מגולגלע שטומע נשמה,
עס צאַפּלט זיך שבת ביי אונדז אויפן טיש.

אַצינד זענען מאַמעס אונדז — ווערבעס די שטילע,
זיי בענטשן די זון אינעם לייכטער פון מאָך,
און שיקן דורך טויבן די שטערן אַ תפילה,
זיי זאָלן באַלויכטן די ערד — אונדזער וואָך.

עס מאַכן די טאַטעס אויף טרערן הבדלה
און מורמלען מיט כוואַליעס די קינדער אַ ברכה:
— מיר האָבן פון שלאָף — אונדזער אייביקע קללה
זיך אויפגעכאַפּט דורך אייער טרייסטפולער סאָכע.

# ליטע

מיין ברודער איז דער ווילנער שליאַך

1

די וועלפּיכע זיך שלייכט פון וואַלד אַרויס
הינטער דיין פענצטער, פאַטערל אַנדריי.
ס'פאַרוויגט די בלויע פעדערמויז
אין שטאַל די ציגעלעך די צוויי.

אין בינשטאָק טשוכעט זיך די בין,
עס זינגט די נאַכטיגאַל מאַריאַנע
און צינדט־אָן מיט אַ בעריאָזע־קין
אין פעלד די זון פון האַרעוואַניע.

פון פלוימענסאַד אין וואַלד די שפּראַך
איך האָב אין איר געזאַנג דערהערט;

מיין ברודער איז דער ווילנער שליאַך,
מיין ווייב — די ליטווישע, די הייסע ערד.

כ'האָב זי באַפּרוכפּערט מיט מיין ליד,
איר שיינקייט — מיט מיין טרער געמאָלט,
זי קושט מיט רויזנליפּן מיינע טריט
און זומער איז נאָר דאָן — ווען כ'האָב זי האָלט.

מיט קוואַלן ליבשאַפט זי באַשיידט
מיין בענקשאַפט, נאָר אין דעמערונג,
ווען מיין ליידנשאַפטלעך האַרץ פאַרגייט,
דער ניעמאַן פרירט — איר פלאַפּלענדיקער צונג.

2

# מאַמע און זון

אין ווילקאָמיר, אונטער אַ בערגל ליים,
מיין מאַמע שלאָפט צופוסנס פון אַ קליאָן,
דורך איר באַריר פון ליפּ — אויף אַלטער היים
גליט־אויף אין דאָרף דער רויטער מאָן.

עס טריפט אַראָפּ אַ טרער פון בוים,
אַ פויגל נאָגט דאָס האַרץ פון זון,
און ס'ציטערט אין זיין מוטערס טרוים
אַ ניגון פון אַ האַרפע־סטרון.

ער האָט פון שטרעמווינט פאַרהיט
דעם סוד פון אירע דלד־אמות

און קושט דעם קאָרנפעלד וואָס בליט, —
דעם גאָלד־געלאָקטן קאָפּ דער מאַמעס.

זי נעמט אַרום אים מיט איר האַנט — דעם שטעג,
טרינקט־אויס דעם טוי — פון זון די טרערן;
ער הויבט זי אויף פון שטויב און טראָגט אַוועק
אויף זיינע פליגל צו די שטערן.

— — — — — — — — —

די לבנה־נאַכט האָט מיט אַ שטראַל
מיין מאַמעס אויגן אויסגעשטאָכן;
עס זינגט אין סאָד די נאַכטיגאַל
דאָס ליד פון שבת — אינדערוואָכן.

# דריי מתנות

א.

ווען דו שמירסט באַגין די ליפּן,
שמייכלט דיין געזיכט מיט פודער,
הער איך פון דער ערד דאָס כליפּען
פון דיין קליין, געשאָכטן ברודער.

ווען דו שלאָפסט אין פרעמדע אָרעמס
פון שיכורים אין די נעכט,
היט איך דיינע שוועסטערס קברים,
וואָס דו האָסט מיט זינד פאַרשוועכט.

אין דיין אומהס שימות, תחינות
זאָגן קינות איצט וואָראַנעס,
צו איר יתומהס אימענינעס
צוגעגרייט כ'האָב דריי מתנות.

ס'פלאַפּלען ראָבן פון דיין פירונג;
איך וועל מיט דער וויסל, שלאַנג,
שיקן דיר אַ שאַכטל צירונג —
דאָס אַש פון פאָלק דיינס, אַ געשאַנק.

אין מערב־לאַנד ביסט נע־ונד
פון מיר פאַרגאַנגען מיט דער שקיעה,

כ'וועל שיקן דיר אין ווינט אַ בלאַט
פון וויינשלבוים — דיין טאַטנס תליה.

און מיט דער ליבער שוואַלב, דער גרויער,
ווייס, פלאַטערט אויף דער געטאָ־וואַנט —
שיקן דיר, מיין יפת־תואר,
אַ ביינדל פון דיין מאַמעס האַנט.

ב.

דורך ימען, קרענעצעס און קוואַלן,
ברויזט דיין מאַמעס טרער, וואָס איז
געוועזן דיין זון, אין פערל־שטראַלן
וואַשן פלעגט זי דיינע פיס.

אין רויזן־טוי —דיין קאָפּ געצוואָגן,
פאַרפלאָנצט מיט איר געביין דיין ברויט,
פויגלען אויף איר קבר קלאָגן:
— דיין טאָכטער איז אַ גאַסן־מויד.

— זי האָט אין ריין איר לייב געבאָדן —
פליסטערט מיר אַ ווייסל־כוואַליע,
און דער ווינט קלאַפּט אין מיין לאָדן:
— דיין ליבסטע איז דעם שטנס כלה.

דיין מאַמע הינטער דיינע שויבן,
פאַרשטעלט אין אַלטן ווערבע־בוים,
בענטשט די אייניקלעך די טויבן,
וואָס זינגען שירה אין איר טרוים.

זי עפנט־אויף די אויגן שטאַרע,
שטרעקט־אויס די הענט צו אירע זין — — —
פאַר זיי זעגנען די פינגער דאַרע
געוועזן די וועגן צו בערלין.

זאָלסט מיט זינד איר טרוים נישט שטערן,
די לבנה איז איר בלייך געזיכט,
אויפן הימל ברענען שטערן —
אירע גאָלדנע שבת־ליכט.

ג.

מיר האָבן זיך אין סאַד באַגעגנט,
די ערד האָט פרוכט אונדז צוגעגרייט,
דער האַרבסט אויף אירע וועגן רעגנט,
נאָכסאַל זיי האָבן אונדז צעשיידט.

אויף דיין היגל־ברוסט, דורך טרערן,
געוועקט האָב איך מיין פאַלק פון שלאָף,
פון דיין מויל געוואָלט דערהערן
זיין פאַרשטיקטן קול פון ראָוו.

דערזען אין דיינע בלויע אויגן,
מיין ברודערס שמייכלענדיק געשטאַלט
און פון דיינע ליפּן זויגן,
זיין אָטעם, וואָס באַהויכט דעם וואַלד.

זיין פּנים האָט די ערד פאַרהוילן,
נאָר דורך אַ ווינט פון אַ באַריטאָן,
זיין האַרץ קלאָגט אונטער דיינע זוילן —
ווען דו טאַנצט אַ טשאַרלעסטאָן.

אין דיר פאַרפלאַנצט האָב איך זיין לעבן,
נאָר אַנשטאָט מילך פון דיינע בריסט,
האָסטו מיין עופל סם געגעבן —
אַ צווייט מאָל אים געטויט אומזיסט!

האָסט מיין בלוט — אויף גאָלד צעלאָזן,
פאַרברענט מיין קינד אין תאווה־לייב,
דיינע שוועסטער וועלן אונטער גראָזן
נישט מוחל זיין דיין זינד, מיין ווייב!

ד.

כ'הער אין פעלד דיין מאַמעס כליפּען
און די זיפצן פון דיין ברודער,
מיט זייער בלוט שמירסטו די ליפּן,
זייער אַש איז אויף דיין באַק דער פּודער.

די קישנס פון דיין שלאָף דעם זיסן,
אין פרעמדע אָרעמס, אין די נעכט —
זענען דיין מאַמעס האָר, זיי וויסן,
וואָס דו האָסט מיט זינד פאַרשוועכט.

פון דיין טרער גיס־אויס אַ שפּיגל,
אין אים וועסטו דערזען דיין שפּאָט:
מיט אַ רינג פון שטנס זיגל
פאַרשוועכט האָסטו דיין האַנט, מיין גאָט!

פאַרלוירן טאָכטער, אינדערפרעמד,
דעם שטנס גאָלדן בליק נישט פאַלג,
מיט דיין פערל־שנור פאַרקלעמט,
האָט ער דעם גאָרגל פון דיין פאָלק.

לעש אויס פון האַנט זיינע אַלמאַזן,
דעם שפּיגל מיט דער נאַכט פאַרהענג,
פון תלינס אָטעם הויכט מיט גאַזן
און זיינע אָרעמס זענען שלענג.

דיין פאָלק, וואָס איז פון דר'ערד פאַרשניטן
איז פון זיין געבורט דער לוין;
איך וועל מיט מיין ברוסט פאַרהיטן,
דאָס לייב־און־לעבן פון המון.

**רחל אויערבאַך**

# דער גרוב

## (דאָס ערשטע קאַפּיטל פון ראָמאַן „צוויי מלחמות")

.1

מיטאַמאָל האָט די גאַס געוואָרפן אַן אויג אויף דעם גרויסן אויסגעגראָבענעם גרוב פאַר יחיאלס שטוב.

שוין אַ זעקס וואָכן ווי דאָס שוואַרצע לאָך האָט געפרייכט האַרט פאַר דער טיר פון דעם משונהדיק־לאַנגן יידישן בנין. אַ שטיק דאַך איבערן דאָזיקן בנין איז געווען נידעריקער און אַ שטיק העכער. אַ שטיק איז געווען געדעקט מיט שטרוי און א שטיק מיט רויטן פּאַפּ, וואָס האָט געבלאַנקט פונדערווייטנס. פון פאָרנט אויף דעם פּאַציאָט צו דער גאַס צו, איז געהאָנגען אַ קיילעכדיקע, גרויסע בלעך — אַ געלע מיט אַ שוואַרצן צווייקעפּיקן אָדלער אינדערמיט.

די מלוכה־שילד פון יחיאלס טראַפיק.*)

אַ צווייטער שוואַרץ־געלער אָדלער האָט געהאַט זיין נעסט ביי יחיאלן אין האַרצן.

אונטער דער בלעך איז געווען אָנגעשלאָגן אַ היימיש־אָפּגעפאַרבט ברעטל מיט דער אויפשריפט:

„געמישוואַרען־געשעפט".
און אַביסל נידעריקער:
„האַנדעל טאָווארווו מיעשאַניך".
יחיאלס צווייטע פּרנסה אין דאָרף לאַגאָוויץ.

אַ חוץ דעם האָט ער נאָך געהאַט אַ דריטע און אַ פערטע און אַ פינפטע.

געפירט אַ קראָם מיט שניט־סחורה און מיט פאַרטיקע לייבלעך און וועסטלעך פאַר די פּויערים, געדונגען פעלדביים גלח און אַוועקגעגעבן די גויים אויף שותפות צו באַאַרבעטן, און געהאַלטן אין פּאַכט מיט אַ שותף די אַראַרישע**) ראָגאַטקעס פון דער געגנט.

אָבער אַלץ איז געווען נאָר אויף דערווייל. ס'איז נישט געווען קיין תכלית שטענדיק צו בלייבן אַ דאָרפס־ייד.

יאָרנלאַנג האָט זיך יחיאל בעזנער געוואָרצלט אין דאָרפישן ישוב און נישט געקאָנט זיך איינוואָרצלען. געלעבט אויף דערווייל און אַלץ אויף דערווייל איבערגעשיט די ווענט, געהויבן שטיקלעכווייז דעם דאַך, פאַריכט און פאַרגרעסערט, ווי נישט־איז, דאָס אַלטע גויישע שטיבל, וואָס זיין שווער האָט פאַר אים געקויפט, איינעם מיטן סעדל און מיט די צוויי מאָרג גאָרטן ביי אַ פּויער, וואָס איז געפאָרן קיין קאַנאַדע.

דאָס איז געווען אַ צוויי יאָר נאָך דער חתונה, ווי נאָר עס האָבן זיך געענדיקט די קעסט. יחיאל איז דעמאָלט געווען אַ זיידענער שטאָטישער יונגערמאַנטשיק, אַ יתום, אַ געגטער מיטן ערשטן ווייב און האָט חתונה געהאַט דאָס צווייטע מאָל אין דאָרף אריין, ווייל אַזוי האָט מען אים געראָטן, מחמת דעם הוסט זיינעם און דעם קורצן אָטעם, צוליב דער גוטער לופט און פרישער מילך.

און טאַקע צוליב זיין הוסט און שוואַכער ברוסט, האָט יחיאל אַלע יאָרן אַזוי אַריינגעטראַכט אין בויען שטיבער. גרויסע, לופטיקע, ליכטיקע. ווינטערצייט פלעגט ער גאַנצע אָוונטן אָפּזיצן ביים טיש מיט אַ פּיצל בלאָ שרייבפּענדל אין דער האַנט און צייכענען אויף אַ בייגעלע בריוופּאַפּיר אַ פּלאַן פון אַ הויז. אַ גרויס הויז מיט צוויי גאַניקעס, מיט גרויסע פענצטער, הויכע צימערן, מיט אַ געוועלב פון פאָרנט צו דער גאַס צו און אַ קיך פון הינטן... די איינע הויכע, דריי־פענצטערדיקע שטוב מיטן דאַך פון רויטן פּאַפּ און מיט דער הילצערנער, רויט־געפאַרבטער ברוק, וואָס יחיאל האָט זיך צוגעבויט פון געזונט־וועגן צום גויישן שטיבל, האָט נישט געהאַט קיין ממשות. בויען אַ הויז אויף אַ רעכטן אמת, האָט געהייסן פון פונדאַמענט. און מיט אַ פּלאַן, מיט אַ שכל.

אויב נישט, וואָס איז דער אויפטו?

זומער, אין דער צייט פון בויען, האָט יחיאל געהאַט אַן אַנדערע אַרבעט. זומער האָט ער זיך געצויגן אין שטאָט אַריין.

אַז נישט איז דאָס געווען פאַר זיינעטוועגן אַן עסק פאַרפאַלן צו ווערן אין דאָרף, מיט די קינדער איינ־איינעם? אויסלעבן די יאָרן צווישן ערלים, כאַמעס און יידן גראָבע יונגען, וואָס זענען נאָך טעמפּער פון די גוים.

אין איינעם אַ זומער, באַלד נאָך פּסח האָט זיך יחיאל אויפגעהויבן און זיך אַוועקגעלאָזט מיט דער באַן ערגעץ גאָר ווייט. אַהיימגעקומען און אַ פּאָר חדשים נאָכאַנאַנד געקהלט זיך אין נייע געשעפטן מיט נייע ישובים. געזוכט שותפים צו די אונגאַרישע וועלדער, ביי וועלכע עס שטייט פאָר ממש נתעשר צו ווערן. די שטוב מיטן צוויי־סטראָפּיקן דאַך, האָט זיך דעמלט אָנגעפילט מיט היימישע און פרעמדע בערד. טאָג־אויס טאָג־איין זענען יידן געגאַנגען און געקומען. פאַרפאָרן אויף פּריצישע בריטשקעס, אויף שטעטלדיקע איינשפּאַנערס, אויף היימישע פערד און וועגעלעך. אוקע יחיאלס האָט זיך שוין אָנגעהויבן באַרימען פאַר די גויישע חברטעס, חלומען חלומות וועגן ווייטע, אומבאַקאַנטע ערטער. דער יחיאלעכעס געשוועסטער־קינד, דער שלימזלדיקער מעקלער פייביש „שלוני", וואָס האָט נאָך ביי זיין לעבן קיין איין לייטיש געשעפט נישט אויסגעפירט, האָט מער נישט אָפּגעטרעטן פון שטוב. געדרייט זיך אַרויס און אריין מיטן שמעקנדיקן ווייבשל־שטעקעלע אין דער רויטער, נאַרישעוואַטער האַנט און מיט אַזאַ ברוגז פּנים, גלייך אָט, אָט כאַפּט ער שוין אַריין אַ נדן מעקלעריי...

דעם גאַנצן זומער האָט מען געהערט נישט מער:

„מעזשע לאָבאַרטש, קלאָפּטער האָלץ... מעזשע לאָבאַרטש, אלפים..."

---

*) אין אַמאָליקן עסטרייך אַ געשעפט פון טוטין און שמעק־טאַבאַק, אונטער דער השגחה פון מלוכה־מאָנאָפּאָל.

**) מלוכהשע.

דעמזעלבן ווינטער איז פונדעסטוועגן יחיאל געזעסן ביים טיש, גלייך ווי אַלע יאָר און מיט אַ פּיצל בלאָשרייב־פּענדל אין האַנט — געצייכנט אַ פּלאַן פון אַ הויז.

אַ הויז מיט צוויי גאַניקעס און מיט הויכע צימערן, מיט אַ שינדלענעם דאַך און מיט אַ „שלאַק" אין דאַך אויף אַ סוכה. אַלץ פּונקט ווי ביי זיין רייכן שווער משה אשר גאָטעסמאַן.

אַזוי יאָר־איין, יאָר־אויס. געבויט און זיך ארויסגעצויגן, זיך ארויסגעצויגן און געבויט. ביז עס איז געקומען די צייט און נאָך אַ ישוב הדעת פון קאַרגע פינף און צוואַנציק יאָר איז יחיאל צוגעטרעטן אויף דעם רעכטן אמת בויען אַ הויז. מ'יערן פאַר זיך אַ ברייטן און פעסטן באַזיץ אין דאָרף לאַנאָוויץ.

דעם גאַנצן נאָך־פּסח האָט טאַדאָשקע דער ברונעם־גרעבער אויסגעאַרבעט ציגל אויפן נייעם הויז. געטאָסקעט אויף אַ קאָראָמיסלע*) קאַנען וואַסער און אָנגעגאָסן אין פעסער. מיט פאַרקאַטשעטע הויזן ביז איבער די קני האָט ער געגראָבן גריבער ביים ראַנד פון גאָרטן, געגאָסן דאָס וואַסער אין דער אָפּגעגראָבענער ערד און מיט בלייך־באָרוועסע, האָריקע, מענערישע פיס איינזאָם און פאַמעלעך גאַנצע טעג געקנאָטן בלאָטע מיט שטרוי.

דערנעבן איז געשטאַנען אַ צעבער וואַסער און אַן אָפּגעהובליעוועט קעסטל אָן אַ דנאָ מיט צוויי לייסטלעך ביי די זייטן. טאָדאָשקע האָט געטונקען דאָס קעסטל אין וואַסער, אָנגעלייגט מיט אַ לאָפּעטע אויסגעקנאָטענע בלאָטע, אָפּגעסטרעכעוועט**) מיט דער נאַסער האַנט פון אויבן, געטון אַ הויב, אַ נעם אַראָפּ דאָס קעסטל און אויף דער ערד איז געבליבן ליגן אַ פאַרטיקער, פירקאַנטיקער ציגל.

אַזוי האָט ער געקנאָטן און געפורעמט, ביז ער האָט אויסגעפורעמט אַ פּאָר טויזנט שטיק, שוואַרצע ערדענע ציגל. און אין לאַנגע, לופטיקע שורות, איינע איבער די אַנדערע, אויסגעלייגט טרוקענען אונטער דער גרויסער שאָפּע, וואָס איז נאָך איצט, אַנהויב זומער, נאָכן פאַרקויפן די פאַראַיעריקע פּאַשע, געשטאַנען ליידיק.

נאָך שבועות האָט מען צענומען דעם פּאָרנטיקן פּאַרקן אַרום דער שטוב און אַראָפּגעוואָרפן פאַרן טויער אַ פּאָר לאַטער***) שטיינער.

איצט איז אַראָפּגעקומען מיט אַ פערד־וועגעלע פון באָרשטשאָוו וואָלף איציק מוליער מיט זיינע ביידע זין. אַראָפּגענומען אַ קעסטל מכשירים, געטרונקען מיט יחיאלן לחיים, אָנגעוווּנטשעוועט ס'זאָל זיין אין אַ גוטער שעה און געשטעלט זיך אַרבעטן.

קודם־כל האָט מען אין דער שמעלערער וואַנט פון דער שטוב, אונטער דעם פּאַציאַט מיטן אָדלער, אויסגעבראָכן אַ נייע טיר. דערנאָך האָט מען פאַר דער אַלטער הויז־טיר אין מיטן הויף גענומען גראָבן אַ גרוב.

פינף מעטער אויף פינף מעטער, אין דער לענג און אין דער ברייט און אויך אין דער טיף פינף מעטער.

*) דאָס זעלבע וואָס מען רופט אין קאָנגרעס פּוילן „סיאַנדעס", אַ דראָנג, פלאַך געשניצט אין דער מיט צו פאַרלייגן אויפן אַקסל. ביי ביידע עקן זענען איינגעשניצט האַקנס, צום אויפהענגען צוויי קאַנען וואַסער.

**) אָפּגעגלעט ביים סאַמע ראַנד.

***) קלאַפּטער.

אַ גרוב אויף דעם געוועלבטן קעלער אונטער דעם נייעם הויז, וואָס יחיאל בעזנער האָט זיך סוף כל־סוף פאַרנומען בויען אין דאָרף לאַנאָוויץ.

אָבער ווען דאָס גרוב איז שוין געווען פאַרטיק און די ווענט זיינע אַרומגעמויערט, נאָר לייגן די וועלבונג, איז געקומען די בהלה.

2.

וואָלף איציק מוליערס ביידע זין זענען אַוועק מיט דער אַלגעמיינער מאָביליזאַציע. אויך יחיאלס בן יחיד מאָטיע איז געווען אַן אַסענטירטער. ער האָט געזאָלט גיין דינען, ווי אַן איינױעריקער ערשט נאָך אַלע פּריוווּנגען, אָבער איצט האָט ער געמוזט תיכף איינרוקן גלייך מיט אַלע רעקרוטן. ער איז אַוועק באַלד אויפן ערשטן רוף, אינאיינעם מיט די פאַראָבקעס פון דאָרף, אַרויסבאַגלייט מיט העניעס געוויין, וואָס האָט זיך אויסגעמישט מיטן וויינען און קלאָגן פון די אַנדערע דאָרפישע מאַמעס.

תחילת האָט אַפילו די יחיאלעכע געפּרוּווט אָנשטעלן איר יידישן ווייטיק אַביסל איידעלער. עס האָט זיך אָבער ארויסגעוויזן, אַז איר געשעט אַ גרעסערע עוולה. זי וואָלט געווען נוהג כבוד געוואָלט זיין די סכנה, וואָס איז פּלוצים פאַרהאָנגען געוואָרן איבערן קאָפּ פון איר קינד, מיט יענעם גרויסן טרויער־שפּיל, מיט וועלכן יידישע ווייבער זענען מהנה אַ טויטן, ווען עס קומט זיין שעה צו פאַרלאָזן די שטוב.

— באַלייט אים נישט אַרויס מיט קיין יללה, ער איז נאָך נישט געשטאָרבן — האָט אָבער אויף איר אַ געשריי געטון יחיאל און די מענה־לשונדיקע טענער זענען העניען געבליבן שטעקן אין האַלדז. יחיאל האָט זיך אַזוי אַרום געמאַכט האַרץ אָפּצופירן דעם זון צו דער באַן.

ס'איז געווען אין אַ זונטיק. פאַר דער לאַנגער שטוב, מיטן צענומענעם פּאַרקן פונפאָרנט און מיטן אויסגעגראָבענעם גרוב אינמיטן הויף, איז דעמלט אַ האַלבע שעה צייט געשטאַנען אַ הויך־אויסגעבעטע גויש־בעל־הבתישע פור, איבערגעדעקט מיט אַ וואָלענער היימיש־געוועבטער ווערעטע*) און איינגעשפּאַנט אין אַ פּאָר געזונטע פערד. אויף איין העלפט זיץ־אויבנאָן, איז געזעסן דעם פּוילישן מילנער בעדנאַרסקיס סטודענט בראָנעק און אויף דער צווייטער העלפט האָט זיך געדאַרפט אַוועקזעצן מאָטיע. דער מילנער מיט יחיאלן האָבן זיך געזעצט ביי די פערד. מיטן וועג האָט מען נאָך געזאָלט אָפּטרעטן נאָך דעם דיאַקס זונדל שפּירקע און נאָך בוניע פישל מייזעלמאַנס — די זעלביקע קאָמפּאַניע און אין דעם זעלביקן סדר, ווי מען פלעגט זיי נאָך די חגאות אָפּשטעלן צום צוג קיין בוטשאַטש, ווו זיי האָבן ערשט מיט אַ זומער צוריק אינאיינעם געמאַכט מאַטורע.

מאָטיע האָט זיך געזעגנט מיט העניען און מיט אוקען, מיט די גויישע שכנים און די יידישע קרובים, וואָס זענען אַהער געקומען צו לויפן גאַנץ פרי. זיין פּנים מיט די קליינע סטודענטישע וואָנצעלעך איז געווען שטרענג און פאַרשוויגן. אוקע האָט זיך אויפגעשטעלט אויף די שפּיץ פינגער, אַרומגעכאַפּט דעם ברודערס האַלדז, אַ קוש געטון אין ביידע באַקן, אַ זיפּ

*) אַ דעק, פלאַכטע.

מיט ברייטע נאָזלעכער דעם יונג־מענערישן טיטון־ריח, געטון אַ פּיל די וואָג פון זיינע ביידע הענט אויף אירע פּלייצעס, געטון אַ קורצן כליפּ און — אָפּגעלאָזט. אָט פונקט אַזוי, ווי זי פלעגט זיך מיט אים געזעגענען, ווען ער פלעגט צוריקפאָרן אין דער ווייטער שול אַריין און זי פלעגט דערנאָך מיט הייסן אויסקוקעניש ציילן די וואָכן און די טעג ביז זיין צוריקקומען.

אָבער העניע האָט עס געוואָלט מאַכן אַנדערש. לאַנג און פעסט האָט זי אַרומגעהאַלטן מאָטיעס קאָפּ ביי איר אויסגעטריקנטער ברוסט, גענעצט מיט טרערן און אויף אַ קול געקוויטשעט:

— טאַטעלע מיינער, דאָניע מיינע טייערע, צי וועל איך דיך נאָך זען אַמאָל?...

— הער אויף צו לייענען תחינות — האָט אַ יעכץ געטון יחיאל מיט אַ שטים, וואָס האָט זיך געהאַלטן ביים איינברעכן. מאָטיע איז אַרויפגעשפרונגען אויפן וואָגן. ווען ער איז שוין געזעסן אויבנאָן, נעבן בראָנעקן, האָט אוקע דערזען, אַז אַרום זיין קאָפּ מיטן נייעם בלייך־אויסגעגאָלטן פנים לייגט זיך אַן ערב־יום־כיפור־דיקער שיין. עפּעס פון יענעם שוואַרץ־יום־טובדיקן שיין, וואָס שטראַלט פון די גרויסע ליכט אָנגעצונדענע אין מיטן העלן טאָג אין זילבערנע לייכטער, וואָס שטייען אויף דער ערד צווישן שטויב און שטרוי צו־קאָפּנס פון אַ טויטן.

העניע האָט נאָך געטראַכט „צו וואַרפן זיך פאַר די פערד“, ווען בעדנאַרסקי האָט אָבער מיטאַמאָל אַ טרייב געטון די קאַשטאַנעס, האָט זי אפנים אַליין איינגעזען, אַז דאָס וועט איר שוין נישט גרינגער מאַכן און זי איז געבליבן שטיין מיט די אויפגעהויבענע הענט אינמיטן וועג. דאָס אַנטשוויגן ווערן אירס האָט אוקען נאָך מער אָנגעשראָקן ווי פריער דאָס שרייען. מאָטיע מיט בראָנעקן האָבן נישט אויסגעדרייט שוין מער די קעפּ און דער וואָגן איז מיט אַ האַרט־געקאָוועטן געקלאַפּ פון ראָד אָן שטיין אַוועקגעפאָרן.

ס'איז געווען זונטיק. נאָך נעכטן גאַנץ פרי איז אָנגעקומען אין דאָרף אַריין די פינצטערע בשורה. אויף די ווענט פון געמיינדע־בנין, פון דער שול און פון דער קרעטשמע, האָבן זיך באַוויזן גרויסע פּאַפּירענע פּלאַכטעס אין אַלע דריי לאַנד־שפּראַכן. דער אוקראַאינישער וויט*) דמיטרע סטאַכיוו און דער פּוילישער געמיינדע־סעקרעטאַר יאַן ראָגאָווסקי האָבן דעמאָלט אַרויסגענומען פון אַ טיפן שופלאָד די פאַרחתמעטע בריוו, וואָס זענען דאָרט געלעגן פון כמה יאָרן פאַרשטויבטע און פאַרשטופּטע אין אַ ווינקל. איצט האָט מען זיי געעפנט און איבערגעלייענט דעם באַפעל ווי אַזוי זיך נוהג צו זיין אין משך פון די נאָענטסטע צוויי מעת־לעת. אין איין רגע זענען די פשוטע דאָרפס־מושלים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין וויכטיקע מלוכה־באַאַמטע. ביז וואַרעמעס זענען נאָך אַראָפּגעקומען פון באָרשטשאָוו עטלעכע זשאַנדאַרן און מיט די באַגנעטן אויף די ביקסן זיך אַוועקגעלאָזט איבערן דאָרף. פון די געל־שפּיציקע טשאַקעס אויף זייערע קעפּ האָט אַ זעץ געטאָן אויף די מענטשן מיטן אָפּשיין פון אַ שרפה. ס'איז געווען, ווי מען וואָלט אַראָפּגעריסן די פלאָמבע פון אַן אַלאַרם־גלאָק, בשעת אַ פייערבראַנד. איצט האָט דער גרויסער גלאָק געקלונגען הילכיק און ערשט געהאַלטן אין צעוויגן זיך, צו קלינגען נאָך העכער.

*) סאָלטיס.

און נאָך האָבן געקלונגען גלעקער — אין קלויסטער אַריין. ס'איז געווען זונטיק.

גיך און כאַפּנדיק האָט מען זיך היינט אָפּגעפּאַטיקט מיט די תפילות. אויך דער גלח האָט געהאַט אַרויסצופּראַווען אַ זון מיט אַן איידעם. אַ גאַנץ קליינער עולם האָט זיך אַרויסגעשיט אויף דער גאַס. דער רוב עלטערע פּויערטעס, פונקט ווי די יונגע ווייבלעך, זענען פון פאַרטאָג אָן געווען פאַרטון אין באַקן, טאַטשען*) גרייט, נישט געקוקט אויפן הייליקן טאָג, און אַפילו געניט. געגרייט אין איילעניש די פּאָר העמדער, מיט דעם ביסל שפּייז, פאַר די זין און מענער און ברידער, וואָס האָבן געדאַרפט אויסרוקן אויף דער מלחמה.

איבער קורצערע וועגן, איבער גערטנער און סטעזשקעס האָב קליינע שיקסעלעך און שגצימלעך אַרומגעבריקערט אין וויכטיקע שליחותן. גויעס פאַרשמייעטע זענען געלאָפן איבער דער גאַס מיט בינטלעך איינגעבונדענע אין פעכלדיקע, ווייס געזאָלעטע פּילקעס**) געקאָוועטע מיליטערישע קופערטלעך פון די, וואָס האָבן שוין געהאַט אָפּגעדינט זייערס דעם קייזער, זענען אויפסניי אַראָפּגעשלעפּט געוואָרן פון די בוידעמער און דאָס געאייל איז געווען גאָר גרויס. רעקרוט און לאַנד־שטורמיסט, אָרעם און רייך, גוי און ייד — אַלע האָבן איצט געהאַט נאָר איין זאָרג און איין שרעק: למען השם נישט פאַרשפּעטיקן! למען השם זיך צושטעלן ביז 48 שעה אויף דעם באַפעל פון דעם קייזער! די, וואָס זענען צוריקגעקומען פון דער באַן, האָבן דערציילט, וואָס דאָרטן טוט זיך. מאַנסבילן זענען געפאָרן אָנגעשטאָפּט אין די וואַגאָנען — קאָפּ אויף קאָפּ. געקראָכן אויף די דעכער, זיך געקלאַמערט אָן די טרעפּלעך, געשטופּט זיך און געשטיקט און אומגליקן זענען שוין פאָרגעקומען אויפן וועג. אַ פּאָר מענטשן זענען אומגעקומען, אַנדערע זענען געוואָרן קאַליקעס, נאָך איידער זיי האָבן באַוויזן צו פאַרפאָרן אויפן אָרט. די גרויסע מענטשן־מחנה האָט געיאָגט פון אַלע זייטן מיט אַ וואָסאַמאָל שטאַרקערן אימפּעט. ווי אַ באַרג־שטראָם אַן אויפגעשוואָלענער בשעת אַ גרויסן רעגן. מיט אַ מעכטיקן געלויף, מיט אַ הילכיקן געשריי פון צעברויזטע כוואַליעס, אַראָפּ, אַראָפּ צום טייך צום ברייטן, וואָס זאַמלט איין די וואַסערן פון אַלע זייטן און פאַרפלייצט מיט זיי דעם גאַנצן טאָל.

קיין שוואַרץ־חגאדיק צעזונגענע מחנות שגצים האָט מען היינט שוין אויף די גאַסן נישט געזען. אין אויסגעגלאַנצטע שטיוול, אין די נייע אין דער היים געפלאָכטענע קאַפּעליושן שטרויענע אַרומגענומענע מיט גאַרדאַנעס***) און אַרומגעשטעקטע מיט פעדערן, מיט די וויל־יונגיש אָנגעהאָנגענע חגאדיקע וועסטלעך אויף די פּלייצעס, האָבן זיי נעכטן שורותווייז געהאַט פאַרפלייצט דעם שטראָז פאַר דער קרעטשמע. פאַרפלאָכטן אַן אַקסל אָן אַן אַקסל, האָבן זיי זיך געקאַטשלט אַביסל אַהין און צוריק און געפּרוווט זינגען די אַלטע סאָלדאַטן־ און רעקרוטן־לידער, וואָס פלעגן אַלע יאָר געזונגען ווערן אין אַסענטירונג־צייט און אָנוואַרפן אַ שרעק אויף אַלע שענקערס, וואָס האָבן געהאַט ווענט צום פאַר־

*) מאַגלעווען מיט האַנט־מכשירים.

**) פּילקע — אַ שמאַטע פון גראָבער לייוונט.

***) אַ טאַשמע אויסגענייט מיט פּאַציערקעס.

שמירט ווערן מיט בלאָטע, שויבן צום אויסזעצן און קאָרשניצעס*) אַרויפגעטראָגן צו ווערן אויפן באַרג.

אָבער איצט האָט עס זיך נישט געקלעפּט. דאָס שפּיל איז קיין שפּיל נישט געווען, דאָס געזאַנג איז אַנטשטומט געוואָרן. יעדער איינער איז אַוועק צו זיך אַהיים און אויפגעהאַלטן זיך אין די דלד־אמות פון זיין נחלה. דאָ און דאָרט, אָפּגעטיילט מיט אַ פּלויט, האָט מען געזען שטיין אַ פּאָרל, וואָס האָט זיך ביז איצט געשדכנט צוזאַמען בלויז אין שאָטן פון דער נאַכט. איצט זענען זיי געשטאַנען פראַנק און פריי. זי מיטן פאַרטעך ביי די אויגן, ער מיטן מענערישן ציגאַר טיטין אין מויל — האָט מען זיך אויף אייביק עפּעס צוגעזאָגט און מען האָט זיך — אפשר אויך אויף אייביק — געזעגנט. אויף שוועלן פון שטיבער און שטאַלן, ביי די שייערן און סטויגן תבואה האָט מען געזען יוסטע באַלעבאַטים אַנזאָגן די ווייבער און באַלעבאָסטעס זייערע, וואָס מען האָט צו טאָן. ווו היינטיקן האַרבסט צו פאַראַקערן און מיט וואָס צו פאַרזייען. יונגע מאַן און ווייב האָבן זיך אַרומגענומען און געקושט פאַר אַלעמען אין די אויגן. הויכע טאַטעס האָבן געהאַלטן אויף די הענט קליינע קינדער און ברייטפּלייציקע גבורים זין האָבן געטוליעט אין די אָרעמס און איינגענומען ביי זייער ברוסט קליינע, איינגעשרומפּענע, אַלטע מאַמעס. טייל שטיבער האָבן אַרויסבאַגלייט צו עטלעכע מאַנסבילן מיט אַמאָל...

ווער עס האָט נישט געהאַט קיין אייגענע פערד צו פאָרן צו דער באַן, דעם האָט דמיטרי דער וויט און דער דאָרפס־פּאָליציי פעד קיסיל, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט די גאַנצע צייט איבערן דאָרף מיט די גראָבע אַמט־שטעקענעס אין די הענט — צוגעשטעלט פאָרשפּאַנעס**) אויסרוקן צופוס אויף דער מלחמה האָט דער קייזער פון קיינעם נישט פאַרלאַנגט.

און ווען דער שטויב נאָך אַלע פורן צו דער באַן איז שוין געהאַט אַראָפּגעפאַלן — ווען אַלע געוויינען פון אַזויפיל מאַמעס און כלות און יונגע עגונות, האָבן שוין געהאַט פאַרקלונגען אין דער לופטן — איז דאָס דאָרף מיטאַמאָל עלטער געוואָרן. אי עלטער, אי יינגער.

מיטאַמאָל האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אין דאָרף זענען פאַראַן אַ סך קליינע שגצימלעך און עלטערע פויערן. מאָרגן פרי האָט מען זיך געדאַרפט שטעלן צוריק צו דער אַרבעט. ס'איז נאָך געווען אין מיטן שניט.

3.

וואָלף איציק מוליער איז צוריקגעפאָרן קיין באַרשטשאָוו. אויף דערווייל בלויז. די מכשירים האָט ער נישט מיטגענומען. ער האָט זיי צונויפגעוואָרפן אין אַ קעסטל און געלאָזט ביי יחיאלן אויפן בוידעם.

געזעגנט האָט מען זיך ווידער ביי אַ גלעזל משקה, פאַרביסן מיט אַ שטיקל לעקעך און אַזוי מעשה ערב יום־כיפור, מיט אַ סך הייס פלאַטערניש און בטחון, מען זאָל עס דערלעבן צו דערציילן אין פריידן. בקרוב בימינו, ווען דאָס אומגליק וועט נעמען אַ סוף און אַלע וועלן געהאָלפן ווערן מיט בשורות טובות, מיט ישועות און נחמות.

אַזוי האָבן געקלערט אַלע. יחיאל אַליין האָט בכלל נישט געגלויבט, עס זאָל טאַקע משמעות דערגיין צו אַ מלחמה. עס איז אים פשוט נישט געקראָכן אין קאָפּ אַריין: געוואַלד געשריגן, וואָס הייסט, מען וועט עפּעס נעמען און שיסן פון ביקסן און קאַנאָנען אויף לעבעדיקע מענטשן? יחיאלן איז דאָ אַפילו נישט אַזוי פיל געגאַנגען אין יושר, ווי אין פשוטן שכל. סטייטש, די קסרים זענען עפּעס געגליכן צו די לאַנאָוויצער צוויי גוים פעד קרוטי מיט אילקע זאַדאָראָזשנע, וואָס שלאָגן זיך יעדן נאָך פסח איבער דער מעזשע און וואַרפן זיך איינער אויפן אַנדערן מיט די העק. איי, צו וואָס־זשע טויגן בכלל ביקסן, מיט קאַנאָנען, מיט זעלנער? דאָס, פאַרשטייט איר מיך, דאַרף מען פאַרשטיין. דאָס איז אַן ענין פאַר אַ שאַרפן קאָפּ. עס קער זיך אָן מיט — פּאָליטיק.

און יחיאל האָט געהאַט ביידע זאַכן. אי אַ שאַרפן קאָפּ, אי אַ ידיעה אין פּאָליטיק. ער האָט זיך אַליין אויסגעלערנט לייענען דייטש און פויליש און האָט מיט גרויס התמדה געלערנט דעם פשט פון די ווינער און לעמבערגער צייטונגען, וואָס ער האָט זיך באַשטעלט בשותפות מיט דעם עמעריטירטן דאָרפס־לערער יאַן רייכעלט. אויסגעסדרט און איינגעבונדן אין פעק זענען דערנאָך די אויסגעלעזענע צייטונגען געבליבן ליגן ביי יחיאלן אויפן בוידעם און קיינער האָט נישט געטאָרט אַראָפּנעמען אַ בלעטל. מיט דער צייט האָט זיך אָנגעזאַמלט אַזוי פיל פעק, אַז זיי האָבן שוין נישט געקאָנט אַריין אונטער דער סטריכע פון דעם אַלטן און נייעם דאַך און יעדעס מאָל, ווען מען האָט אַרויפגעטראָגן גרעט אויפן בוידעם, פלעגט די יחיאלעכע אַרויס מיט אַ ירגזון:

— מען וועט מאָל אַוועק מיטן פייער, וועט מען, פון די פּאַפּירן. נאַדיר פעק מיט צייטונגען, נאַדיר.

אָבער יחיאל האָט זיך געוווסט זיינס. ער פלעגט ממש אָנקוועלן פון די קלוגע פשטלעך אין ווינער פאַרלאַמענט און די צייטונגען האָבן אים מתחתן געווען מיט אַ וועלט. אַ פייער האָט געברענט אין זיין האַרצן, ווען ער האָט געלייענט, אַז עס קאָכט זיך אַלץ איבער אין כלערליי לענדער. ביי זיין פייער האָט זיך יענץ קאָכעניש געקאָכט. און אָט האָט דער פלאַם אַ זעץ געטאָן העכער און עס האָט זיך טאַקע אָנגעכאַפּט דער דאַך. יחיאלס דאַך מיט דעם אָנגעזאַמלטן פּאַפּירוואַרג איז נאָך געשטאַנען גאַנץ, אָבער עס האָט גענומען ברענען דער דאַך פון דער וועלט.

און יחיאלן האָט זיך גענומען דאַכטן, אַז ער האָט נישט נאָר אַ ידיעה אין פּאָליטיק, נאָר טאַקע אַ שטיקל דעה אויך. בפרט נאָך איצט, ווען ער האָט אַריינגעגעבן אין שותפות אַריין אַ זון אַ בן יחיד.

יחיאל איז געווען אַ שטיקל בורר אין דער געגנט. נישט איין שווערן סיכסוך האָט ער אויסגעגלייכט צווישן יורשים, צווישן שלעכטע שותפים. איצט האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ווען מען לאָזט אים צו, וואָלט ער צוריק געמאַכט שלום צווישן די צעקריגטע צדדים.

יחיאל האָט געוווסט דעם סוד פון מענטשלעכע הערצער. ער האָט געוווסט, ווי זעלטן אמתער יושר לענקט די טריט פון די מענטשן און ווי שווער עס איז צו דערפירן צו אַ הסכם אַפילו צווישן צוויי ברידער פון איין טאַטן מיט איין מאַמען, וויבאַלד אין קאָן

*) אַ ספּעציעלער שפּייכלער אויף קוקורודזע, געפלאָכטן פון צווייגלעך, אָדער צונויפגעקלאַפּט פון שיטער געלייגטע לאַטעס, כדי די קוקורודזע זאָלן קענען טרוקענען.

**) וועגענער, פאָדוואָדעס.

שטייט — געשעפט. און פּאָליטיק איז עלעהיי געשעפט. היינט גיי פיר אויס אַ לאָדעניש צווישן מלוכות, פּעל־קער, מיניסטאָרן.

איז אפשר טאַקע מלחמה אַ מוז־זאַך?

הויבט זיך נישט אָן. יחיאל האָט פּעסט געגלויבט, אַז עס זענען פאַראַנען דרכים, די זעלביקע שכלדיקע דרכים, וואָס דערפירן צו אַן אויסגלייך צווישן איינצלנע מענטשן און משפּחות — עקשנים, גדלנים — מען שפּילט זיך אין קסרים! — מען וואָלט, מסתמא, צען מאָל אָוועקגעלאָפן און צען מאָל צוריק געקומען, ניין און נײַנציק מאָל וואָלט מען זיך געוואָרפן דעם גט פאַר די פּיס און זיך ווידער איבערגעבעטן. די געוואָלדעס וואָלטן געגאַנגען עד לב השמים און עס וואָלט טאַקע אָנגעקומען גלייך מיטן טויט — מיינע שונאים — אָבער אַ פשרה וואָלט מען געמוזט געפינען.

און עס וואָלט צוריק געוואָרן שלום ושלווה און מען וואָלט צוריק געקאָנט במנוחה און בשלווה לעבן אויף דער וועלט.

די צרה איז אָבער געווען די, וואָס מען האָט יחיאלן אויף קיין בורר צווישן די קסרים נישט אַרויס־גערופן און דערווייל דורכגעפירט אַ מאָביליזאַציע.

עס רעדט זיך אַזוי — מאָביליזאַציע. מען האָט אַפילו ביי יחיאלן נישט געפרעגט, צי איז ער משמעות מסכים צו שיקן זיין בן יחיד מאָטיען, כדי אָנצושרעקן אַזאַ קליין מלוכהלע ווי סערביע, אָדער ווייזן פּאָניען, אַז מען איז פּונקט אַזאַ תקיף, ווי ער.

און דאָ טאַקע האָט זיך פאַר יחיאלן אַנטפּלעקט דער אמתער סוד פון די געשעפטעניש. אָט וועגן דעם טאַ־קע האָט זיך עס געהאַנדלט — אָנשרעקן דעם צד שכנגד. ווייזן, אַז מען האָט פאַר אים קיין מורא נישט. יחיאלן איז אַפילו די מעשה געפעלן געוואָרן און ער האָט זיך באַצייטנס פאַרגעשטעלט, ווי אַזוי די זאַך וועט פאַר־קומען. ער האָט עס געגעבן צו פאַרשטיין וואָלף איציק מוליער ביים געזעגענען.

...מען וועט אויפשטעלן ביידע אַרמייען איינע אַנטקעגן דער אַנדערער (יחיאל האָט זיי שוין געזען אין דמיון שטיין אויף צוויי אַנטקעגנאיבערדיקע בערג, ווי די חילות פון די בני ישראל און די פּלישתים), מען וועט אויסצילן די קאַנאָנען איינע אַנטקעגן די אַנדערע, די גענעראַלן מיט די פעלדמאַרשאַלן פון ביידע צדדים וועלן זיך גוט אָפּמעסטן מיט די שפּאַקטיוון, ווער עס איז שטאַרקער און אַזוי ווי איזן איז מען, להבדיל, ביי־דע זייער גבורהדיק, וועט מען תיכף אַרויסשיקן אויף אַן אָפּגעשמועסט אָרט אַזעלכע מינים בוררים, וואָס רופן זיך פּאַר־לאַ־מענ־טאַר־יער. מען וועט שליסן אַ וואָ־פען־שטיל־שטאַנד און מען וועט זיך נעמען פאַר־גלייכן.

אַ שווער שטיקל אַרבעט וועט זיין אויסגלייכן אַזעל־כע צוויי יחסנים.

— און טאָמער וועט מען אָנהויבן צו שיסן? — האָט אַ זאָג געטאָן וואָלף איציק.

— ס'האָט נישט ווער צו לאַכן. אַ טעאַטער מיט דעם ייד — איז יחיאל געוואָרן אויפגעזאָצט. — מען זאָגט דאָך אייך. וואָס הייסט, מ'עט גיין שיסן אין מיטן דערינען? הרגענען מענטשן אומזיסט און אומנישט? מען איז עפּעס שיכורע פּאַראָבקעס ביי אַ זונטיק, וואָס שטעלן זיך אַנידער באַרען איינער מיטן צווייטן? אַזוי פיל יאָר איז געווען שלום, וועט מען איצט גיין מאַכן אַ מלחמה, אינמיטן דערינען?

— ס'איז דאָך אָבער פאַרט מלחמה — איז יחיאלן ווידער שטילעטשקערהייט אַריינגעפאַרן וואָלף איציק.

און יחיאל האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. וואָס וועט ער דאָ גיין איינטענהן מיט אַ ייד אַן עקשן און אַ טעמפּן קאָפּ, אַ בעל־מלאכה.

— זייט געזונט, ר' יחיאל.

— פאַרט געזונטערהייט און זייט מצליח — האָט יחיאל אָפּגעהאַקט און איז אַריין צוריק אין שטוב אַריין.

די ערשטע צוויי וואָכן זענען פאַרגאַנגען און עס האָט זיך עפּעס נישט אַרויסגעזען, אַז יחיאלס נבואה זאָל מקוים ווערן — אדרבא, מען האָט דווקא יאָ אָנגעהויבן צו שיסן, אַ סברה, אַז אויף לעבעדיקע מענטשן. אַפילו קיין לאַנאָוויץ איז דערגאַנגען פון מזרח־זייט עפּעס אַ מאָדנער אָפּהילך אַזאַ פון קאַנאָנען, וואָס דאָס דאַרף האָט נאָך קיינמאָל אַזוינס נישט געהערט. יחיאל איז ביי זיך אַ ביסל אַראָפּגעפאַלן. אָן אָפּגעגאַרטער און פאַרשעמטער האָט ער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. געווען איז אָבער יחיאל בטבע אַ מענטש פון פשרות און אַ גרויסער בעל בטחון. האָט טאַקע געדויערט סך הכל אַ פּאָר טעג און יחיאל האָט זיך פּאַמעלעך גענומען אי־בערדינגען מיטן גורל. איצטער איז שוין נישט גע־גאַנגען וועגן דעם, די מלחמה זאָל זיך נישט אָנהויבן, אָדער זי זאָל זיך תיכף ענדיקן. איצט איז שוין געווען דער עיקר: מיט וואָס וועט זי זיך ענדיקן.

ווער וועט מנצח זיין?

און מנצח זיין האָבן געמוזט — נישט אַנדערש — אונדזערע. די שוואַרץ־געלע, עסטרייך־אונגאַרישע מלוכה, וואָס איר אָדלער האָט געהאַנגען אויף יחיאלס פּאַציאַט און איר קייזער האָט מיט אַ זקניש נאָענטן, שטאַרק באַקאַנטן פּנים פון אַן אייגענעם זיידן אַרויס־געקוקט פון יעדער מטבע און פּאָסטמאַרק, פון יעדן באַנקנאָט אין טייסטער, וואָס האָט געוואָרעמט דורך דער בוזים־קעשענע יחיאלס הארץ. אין יעדער יידישער שטוב האָט דעם קייזערס בילד געהאַנגען אויף דער וואַנט און געהיט די יידישע רו און מנוחה, דאָס יידישע האָב און גוטס באַגלייט מיט דער מזוזה אויף דער טיר.

יינגלווייז האָט אַפילו יחיאל געהאַט געזען אַמאָל אין טשערנאָוויץ דעם קייזער אַ לעבעדיקן פון דער נאָענט, בשעת פראַנץ יאָזעף האָט געמאַכט אַ רונד־רייזע איבער זיין מדינה. און אַלע יאָרן האָט יחיאל מקנא געווען זיך אַליין צוליב דער זכיה, וואָס ער האָט דעמאָלט געהאַט. זיינע קינדער איז עס נישט געווען באַשערט.

אין לאַנאָוויץ זענען געווען נאָך יידן, וואָס האָבן געזען דעם קייזער. אַנטשל דעם שאַפּאַרס האָט מיטגע־מאַכט אַמאָל אַ מאַנעווער און בשעת דער קייזער איז געגאַנגען דורך די רייען, איז פּונקט אויף אים, אויף אַנטשלען, געפאַלן דער גורל, דער קייזער זאָל אָוועק־לייגן אויף זיין אַקסל די האַנט אין דער ווייסער הענטשקע און פרעגן אים, ווי אַזוי ער הייסט און ווי לאַנג ער דינט ביים מיליטער. ווען עס פלעגט צו רייד קומען וועגן יענער מעשה, פלעגט זיך אַנטשל אויסשטרעקן אין זיין גאַנצער לענג און אָנווייזן אַקוראַט מיטן פינגער דאָס אָרט, וווּ עס האָט דעמאָלט גערוט די האַנט אין דער ווייסער הענטשקע. בשעת מעשה פלעגט זיין צע־קנייטשט פּנים יינגער ווערן מיט צוואַנציק יאָר. מען האָט געזען פאַר זיך בפועל ממש אַ שטייף־געשטרעקטן זעלנער מיט אַ האַנט ביים דאַשיק און דאָס אָרט אויפן יידישן אַקסל האָט זיך אָנגעזען נישט ווינציקער בולט

ווי די מעשענע מעדאַלן פאַר איינגעמען באָסניע מיט הערצעגאָווינע, וואָס אָנאָפּרי יאַיטשוק און נאָך אַ פּאָר אויסגעדינטע גוישע זעלנער פלעגן זיך אין אַ חגא־טאָג אָנהענגען אויף דער טשעמערקע*) לויט פּערל שמואלס פון הינטערן באַרג, האָט געטענהט, איז גאָר דער קייזער אַליין געווען אַ ייד. אויפווייזן אַקוראַט דעם קייזערס יידישן יחוס האָט זי, וואָס אַן אמת, נישט געקאָנט, אָבער כאָטש אַזוי האָט זי אים  ג ע וו ו ס ט. געוווּסט פון עפּעס אַ געהיימען אָבער זיכערן מקור. פון דעם זעלביקן מקור, פון וועלכן עס האָבן געשטאַמט אירע שענסטע מעשיות וועגן אליהו הנביא און וועגן די ל״ו צדיקים, ווי אויך די אמתע געשיכטע וועגן דער געהרגעטער קייזערין עליזאַבעט און וועגן קרוינפּרינץ רודאָלף. און אויך צוליב די דאָזיקע צוויי טויטע איז געווען אויפן קייזער אַ גרויס רחמנות און אַ ליבשאַפט.

— וואָס ער האָט זיך נעבעך, נישט פאַר אונדז געדאַכט, אָנגעליטן אין זיין לעבן — האָט געקרעכצט די אַלטע פּערל, וואָס איז אַליין שוין געווען מכמה יאָרן אַן אלמנה.

אַז ווייל איז צו דעם מלך, וואָס אויף דער עלטער באַגליקט און ווי צו דעם קייזער, וואָס האָט דערלעבט אויף דער עלטער אַ מלחמה.

דריי מאָל ווי.

.4

ס'איז אַוועקגעגאַנגען נאָך אַ וואָך.

פון שטעטל לאַשקעוויץ ביים סערעט איז געקומען צו פאָרן יחיאלס עלטערע שוועסטער שבע חיה אַלטע, אַן אלמנה אין דריי פּאָלעס, מיט אַ דריטן נאָמען אַ צוגעטשעפּעטן צוליב אַ סגולה און מיט אַ געגעטער מטורפער טאָכטער, וואָס זי האָט געבראַכט צו פירן איינעם מיט די פּעק.

זי האָט געוווינט האַרט ביים טייך, ביי דער גרויסער בריק, געהאַט דאָרט אַן איינפאָר־הויז מיט אַ לאַנגער פידסיניע און געלעבט דאָס גאַנצע יאָר פון דעם „איוואַן", פון די אַכט טעג לאַשקעוויצער יאַריד, וואָס האָט געהאַט אַ שם איבער דער וועלט**) איצט איז איר זון איינגערוקט צום מיליטער — אַז אָך און ווי צו דער מאַמען, אַ זון אַן איין און איינציקער! האָבן מענטשן שבע חיהן געגעבן אַן עצה, — וואָס וועט זי זיצן איינע אַליין אין אַזאַ צייט, דער ברודער פאַרמאָגט כאָטש אייגן ברויט — האָט זי גענומען דאָס פּעקל און איז געקומען צו פאָרן.

און נאָך צוליב אַ סיבה איז זי אַוועק פון דער היים.

— ווייל מען שמועסט, אַז מען וועט אויפרייסן די בריק אויפן סערעט, וואָס נעבן איר שטוב.

אָט מיט דעם פּזמון איז זי פאַרפאָרן קיין לאַנאָוויץ: מען שמועסט, אַז מען וועט אויפרייסן די בריקן אויף די טייכן. און אַלע באַנבריקן וועט מען אויפרייסן.

יחיאלן האָט עס געטאָן אַ פּיק אין האַרצן. די מעשה מיט די בריקן איז אים שטאַרק נישט געפעלן. וואָס הייסט עפּעס מען וועט רייסן בריקן? וואָס דאַרף מען עפּעס רייסן בריקן?...

ס'איז אָבער אַוועקגעגאַנגען נאָך אַ וואָך און אָט:

איצט האָבן זיך שוין אַלע אָנגעהויבן צו שושקען.

עס האָבן זיך געשושקעט גוים־באַלעבאַטים, גייענדיק אין פעלד אַריין און עס האָבן זיך געשושקעט קליינע שגצימלעך, טרייבנדיק די בהמות פון דער פּאַשע. די ביימער, וואָס ביים ראַנד פון וועג און די שטיינער אויפן וועג:

ריקצוג.

מען אַנטלויפט.

היינט מאָרגן. היינט מאָרגן.

ביז איינמאָל אין אַ דאָנערשטיק פאַרנאַכט איז אָנגעפאָרן אויף זיין בריטשקע דער ציגאַנער מילנער קראַווטשוק, דעם לאַנאָוויצער מילנער בעדנאַרסקיס אַ שוואָגער. מיט גרויס אימפּעט האָט ער אָנגעקנאַקט באַרג אַראָפּ פון וועג און זיצנדיק אויפן פאָדערשטן זיץ, טרייבנדיק אַליין די פערד, פאַרקערעוועט אין דער זייטן־גאַס, ווו עס האָט זיך געפונען יחיאלס שטוב. יחיאל איז געשטאַנען פאַרן טויער מיט דעם שכן דאָבראָצקי דעם קאָוואַל און זיי האָבן ביידע אַ הויב געטאָן די קאַפּעליושן. קראַווטשיק האָט אויף אַ ווילע איינגעהאַלטן די פערד און מיט בהלהדיק־צעבליצטע און עפּעס אַזוי ווי לאַכנדיקע אויגן, דערציילט דעם יהודי מיטן פּאָליאַק אַ נייעס. אַ טרייב געטאָן די פערד און אַ „זיי געזונט" און מיט עטלעכע שטיבער ווייטער, ווידער זיך אָפּגעשטעלט און ווידער עמעצן איבערגעגעבן די נייעס:

אַ רוסישער פּאַטרול איז אַריבער די גרענעץ.
אָקאָפּ איז געראַמט.
באָרשטשאָוו איז געפּאַקט.
זיי גייען...

יחיאל האָט נאָכגעקוקט דער בריטשקע אַ צעטומלטער און מיטאַמאָל איז ער געוואָרן אויסער זיך. אַ רויט־בלאָער, אַ באַגאָסענער מיט כעס איז ער צו צו העניען, וואָס האָט זיך געפּאָרעט פאַר דער קאַמער, אַריינגענומען מעל צום ראָזטשינען אויף שבת. און כאָטש נישט זיין טבע איז עס געווען, אָבער אַזוי האָט יחיאל אַ זאָג געטאָן: ווען ער זאָל האָבן אַ זשאַנדאַר — האָט ער אַ זאָג געטאָן — וואָלט ער אָט דעם קראַווטשוקן, אָט דאָס ווערעמדיקע פריצל פאַר צוויי נייע גרייצער, תיכף גענומען און געהייסן איינזעצן. און זאָל ער נישט דערציילן קיין הוריות מיט קיין בוריעס! זאָל ער וויסן ווי אַזוי אָנצווואַרפן אַ פּוסטע שרעק אויף אַ דאָרף מיט מענטשן. איין קלייניקייט! מען וועט אַנטלויפן. איבערלאָזן אַלצדינג אויף הפקר, איבערלאָזן די אייגענע מענטשן אויף גאָטס באַראָט, אַבי מען וועט אַנטלויפן?! אַ מענטש, וואָס איז מסוגל אין אַזאַ שווערער צייט צו פאַרשפּרייטן אַזעלכע מיני פּזמונות איז ווערט מען זאָל אים דורס זיין. מען זאָל אים שמידן אין קייטן, ווי דעם ערגסטן פאַרברעכער.

און פונקט מעשה צולהכעיס איז אָנגעקומען אַ זשאַנדאַר. אַ היימישער מענטש, מאַטרינטשוק דעם דיאַקס פּוילישער איידעם, וואַכמייסטער סווידער. ער איז גראָד געווען אין דינסט, צוגעקומען צו יחיאלס שטוב, געהייסן זיך אַרויסברענגען פאַר זעכצן גרייצער אַ פּעקל טיטון, פאַרדרייט זיך אַ ציגאַר און נישט וואַרטנדיק מע זאָל אים פרעגן, אַליין אַ פרעג געטאָן יחיאלן, האַלב גוטברודעריש און האַלב מיט חוזק:

— נו, און איר, פּאַניע יאַכיל, האָט גאָרנישט מורא פאַרן מאָסקאַל? איר אַנטלויפט נישט? מען שמועסט,

*) די אַנעקסיע פון באָסניע און הערצעגאָווינע איז פּאָרגעקומען אין יאָר 1908.

**) דער יאַריד פלעגט זיך אָנהויבן דעם 24טן יוני, לויטן אַלטן קאַלענדאַר, און דויערן אַ וואָך.

אַז איר האָט שיינע מזומנע פאָר טויזנטער.

איז וואָס און צו וועמען האָט שוין איצט יחיאל געהאַט צו טענהן?

אַ מאָדנע קיל ווינטל האָט אַ בלאָז געטאָן מיטן זון־פאַרגאַנג, אַן אָנזאָג פון אַ פריען האַרבסט. יחיאל האָט אַ הוסט געטאָן און האָט זיך אַריינגעחאַפּט אין שטוב אַריין צו נעמען אויף זיך דאָס לייב־פּעלצל. ער איז שוין אָבער פאַרן טויער מער נישט אַרויס.

ער האָט זיך געשטעלט דאַווענען מנחה. אַ הויכער און אַן איינגעבויגענער, אַרומגעגאַרטלט דעם זשאַקעט מיטן גאַרטל און פאַררוקט די הענט אַן אַרבל אין אַן אַרבל, איז ער אויסגעגאַנגען שמונה־עשרה אין דער גרויסער שטוב און אַרויסגעקוקט בשעת מעשה דורכן פענצטער. אַן אָפּגעטיילטער דורך אַ הויכן שקאַרפּ פון יחיאלס סאָד און גאָרטן, האָט זיך פון דאַנען אָנגעזען דער קייזערשטראָז. געוויינלעך האָט זיך גערדאַכט, אַז דער שטראָז לויפט פון מערב אויף מזרח, צו דער יאַ־ריד־שטאָט באָרשטשאָוו. אָבער איצט איז דער שטראָז געוואָרן עפּעס ווי איבערגעדרייט. איינס נאָך איינס האָבן זיך איצט איבער אים געצויגן פורן, מיליטערישע וועגענער, פויערישע פאָרשפּאַנעס, געצויגן זיך קאָ־פויערדיק, צוריקוועגנס און יחיאל האָט שוין איצט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס הייסט. דאָס האָבן זיך געשלעפּט פון די גרענעץ־פּונקטן עסטרייכישע באַאַמטע, צע־לעכצטע לאַנדשטורמיסטן, גרענעץ־פּאָסטנס. דאָס אמתע מיליטער האָט אָפּגעטרעטן מיט אַן אַנדערן וועג.

יחיאל האָט געקוקט אויף די פורלעך, וואָס האָבן זיך געצויגן שורותווייז איבערן שטראָז, און געשעפּ־טשעט די תפילה־ווערטער, ווי ער וואָלט מיט זיי אויסן געווען עפּעס אַ סגולה, אַ שפּרוך. אָפּשטעלן די וועגענער. נישט דערלאָזן דאָס אומדערלאָזבאַרע.

אָנגעלענט די עלנבויגנס אָן דעם פענצטער־ברעט איז אויך אוקע געשטאַנען די גאַנצע צייט נעבן יחיאלן און אַרויסגעקוקט אויפן שטראָז. פּלוצים האָט איר עפּעס געטאָן אַ שטאָך אין האַרצן. זי האָט זיך אומגע־קוקט און דערזען, ווי איין אויג ביים טאַטן פאַרלויפט ווי מיט אַ רויטן בלוטס־טראָפּן.

אויף דער וועלט זענען געשען זאַכן, וואָס יחיאל האָט נישט געוואָלט, נישט געוואָלט. אָבער אַנדערש מאַכן האָט ער גאָרנישט געקאָנט.



## רייזל זשיכלינסקי

# ל י ד ע ר

### ס'איז מיר קאַלט

און אַז ס'איז מיר קאַלט,
טוט אויס די מאַמע אירע פוטער־שיך
און דעקט מיך צו מיט אירע אויגן־הייטלעך —
אַז ס'איז מיר קאַלט.

און ליב האָב איך דאָס ברויט,
וואָס די מאַמע באַשיט זיך מיט זאַלץ —
איך עס דאָס אויף
און ס'איז געזאַלצן.

נאָר ווען איז דאָס געשען?
דער הימל האָט זיך פאַרוואָלקנט.
די מאַמע איז אַלט.
און באַלד וועט זי דערזען
די חרובע ווערבע ביים וועג.

אין די פאַרנאַכטן בלייב איך שטיין
מיט ליידיקע הענט.
דער מאַמעס פּנים שווימט פאַרביי,
שווימט אַוועק
אויף קאַלטע און טונקעלע וואַסערן.

### האַרבסט

עס קומען איצט די רעגנדיקע טעג.
די קאַרטאָפל האָט מען שוין
אויסגעגראָבן פון פעלד.
עס פאַלט אַראָפּ דער לעצטער בלאַט.
דער בוים שטייט נאַקעט און גרייט
פאַרן ווינט.

מענטש! אויב דו האָסט אַ היים,
וועסטו פאַרקלעפּן דיין פענצטער
מיט קיט און מיט ליים,
און אין די אָוונטן וועסטו אָנצינדן אַ לאָמפּ.

און ווער עס האָט נישט קיין היים,
דער וועט ברייטער עפענען די אויגן.
דער וועט מיטגיין מיט די וואָלקנס
פון לאַנד צו לאַנד
מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער
און מיט אַ ביינערדיקער האַנט —
ווער עס האָט נישט קיין היים.

### פאַרן שפּיגל

וויפל פרויען האָבן שוין דערזען
די ערשטע גרויע האָר
אין די קאַלטע אויגן פון דעם שפּיגל?
עס ענדיקט זיך דער חלום,
מיר טרעטן אַריין אין דער וואָר —
און אפשר פאַרקערט?
די וועלט ווערט קלאָר און ווייס.
דאָס וואַסער ווערט פאַרפרוירן.
אַ בלוי שטיק אייז
ווערט אונדזער שיף.
מיר ציען אויס די הענט צו רויטע האָריזאָנטן.
און אַזוי ווי אונדזערע שוועסטערן
אין דער טיפעניש פון ים,
די מעדוזן,
לויכטן און באַלויכטן זיך דעם וועג —
אַזוי וועלן מיר שוין דאָ אויף דער אויבערפלאַך,
דורך נעכט, דורך טעג
לויכטן און באַלויכטן זיך דעם וועג.

# דאָרט ווו די סוויאַגע

דאָרט ווו די סוויאַגע פאַלט אַריין אין דער וואָלגע,
איז דיין בלוט אַריין אין מיין לעבן.
איך וויל ווינען דאָ אין דעם דאָרף.
אין אַ כאַטע צווישן גרינע קליאַנעז
און קלויסטערן אַ סך.
זאָל קילן מיינע מידע פיס
דער הייליקער סוויאַגע טייך.
דער טייך וועט זיך פאַרדרייען
אַרום אונדזערע טעג.
דאָ וועל איך מיין קינד געבוירן.

# מיינע יידישע אויגן

האָב איך דען געעפנט דאָס פענצטער
פאַר דער פרילינגדיקער זון?
דער הימל,
די וואָלקנס
שווימען דען נאָך אין מיינע אויגן אַרום?
האָב איך דען געברענגט אַט דעם בלומען־טאָפּ אַהיים
און וואָרט
עס זאָל זיך אויפמאַכן אַ בלום?
מיך האָט מען דאָך באַגראָבן לעבעדיקערהייט.
דאָס קבר האָב איך געגראָבן זיך אַליין.
די ערד איז געווען האַרט
און געפרוירן.
דאָס קבר האָב איך געמוזט
מיט בלויזע הענט אויסגראָבן אַליין.
נאָר מיין קאָפּ שטעקט פון קבר אַרויס.
אַ פאַרשאָלטן געוויקס, וואָס קען נישט שטאַרבן,
מיינע יידישע אויגן
טרינקען אַלע פאַרבן,
מיינע יידישע אויגן
אָפענע
קוקן פון די קברים אַרויס
און ווילן נישט שטאַרבן!

# מיין שוועסטער חנה

אויפן גרינעם גראָז,
אונטערן הויכן באַרג
בלאָנדזשעט אַרום מיין שוועסטער חנה.
איך רוף זי אין די נעכט;
שוועסטער מיינע קום;
ענטפערט זי גאַרנישט —
עס רוישן די קאַשטאַנען.

אויף אַ קילן וואָלקן
אין אַ בלויער שיף
שווימט אַרום מיין שוועסטער חנה.
איך רוף זי אין די טעג:
שוועסטער מיינע וואַרט,
ענטפערט זי גאַרנישט
און שווימט אַוועק פון דאַנעט.

נאָר אָפטמאָל ווייזט דער שפּיגל,
איך קוק אַריין דאָרט טיף,
אין די אומעטיקע אויגן
פון מיין שוועסטער חנה.
די האָר זענען שוין גרוי —
ניין, דאָס איז דאָך אַש,
ווייסער, גרויער אַש,
פון מיין שוועסטער חנה.

# אַלע וועגן

אַלע וועגן האָבן געפירט צום טויט,
אַלע וועגן.
אַלע ווינטן האָבן געאָטעמט מיט פאַראַט,
אַלע ווינטן.
אויף אַלע שוועלן האָבן געהאַוקעט בייזע הינט,
אויף אַלע שוועלן.
אַלע נעכט זענען פעט געוואָרן פון אונדזער שרעק,
אַלע נעכט.
אַלע וואַסערן האָבן פון אונדז געלאַכט,
אַלע וואַסערן.
און די הימלען זענען געווען נאַקעט און ליידיק,
אַלע הימלען.
און גאָט האָט באַהאַלטן זיין פּנים.

# אין חלום בין איך אַמאָל שוין דאָ געגאַנגען

מ. ראַוויטשן

אין חלום בין איך אַמאָל שוין דאָ געגאַנגען.
דער וועג האָט זיך אויסגעבויגן
צום טייך אַראָפּ.
די הויכע יאָדלעס,
זיי האָבן מיך דערקענט —
און ווישן מיט די שאָטנס אָפּ
דעם גרויען שטויב פון מיינע טריט.

דאָס וואַסער רוישט.
רינט דורך אָדערן
פון בלעטער,
שטיינער,
טרייבט מיין בלוט
צו העלע, ברייטע ימען.

און אָט איז דער גרויסער, וואַרעמער שטיין.
מיר נעמען זיך אַרום
ווי אַלטע גוטע פריינד
נאָך לאַנגע יאָרן
פון צעשיידונג.

# פּאַפּירענע בלומען

איר לעבט ניט
און איר וויאַנעט נישט.
קיינמאָל וועלן אייערע בעכער
נישט אויפנעמען אין זיך
קיין שטראַל,
קיין בין,
קיין זשום.

מעג די זון פליצן טייכן ליכט —
מעג דער ווינט שלעפּן
פון מדבר דעם סאַמום —

איר בלייבט גלייכגילטיק און שטום.
אומבאַרירלעך,
אומדערגרייכבאַר
קאַלטע געטער!
ווער טרינקט אויס אין די האַרבסטן די גרינקייט פון
די פעלדער?

אייערע בלעטער, די פּאַפּירענע.
אָ, די רויטע בעכער אייערע,
וויפל וועלן זיי נאָך איינשלינגען
בלוטיקע זון־פאַרגאַנגען?

און נאָר דער שטויב,
דער גרויער, דינער שטויב
בויגט די קעפּ אייערע, די בונטע
צו דער ערד.

## וועל איך זיין גרייט

ווען ס'וועט דער וואַלקן אַנקלינגען אין מיין שויב
מיטן ערשטן רעגן־טראָפּן,
וועל איך זיין גרייט.
מיט דער זון האָב איך שוין לאַנג געמאַכט דעם חשבון
און די ערד, זי דרייט זיך סיי־ווי־סיי.

דער פרילינג קומט שוין צו מיין טיר
מיטן אָנזאָג פון די האַרבסטן
און ווייסער פוך פון קאַרשן־בלי
דערמאָנט אין קאַלטן שניי.

עפּל צייטיקע קלאַפּן אין דער ערד אָן
ווי אין אַ מאַמעס טיר —
שטילע רייד רעדט
דער בלעטער־פאַל צו מיר.

ווען ס'וועט דער וואַלקן אַנקלינגען אין מיין שויב
מיטן ערשטן רעגן־טראָפּן,
וועל איך זיין גרייט.

## אַסטראַכאַנער נעכט

דאָ זענען די שטערן גרויסע, קלאָרע,
זיכער פינקלען זיי אין ווייסע נעכט באַזונדער;
ביי אונדז וועט זיין דער זיג!
זיגן וועלן מיר —
שלאָפן רואיק איין אין אַסטראַכאַן די קינדער.

ביטאָג רייסן דאָ ווינטן אַרום איבער די זאַמדן,
פאַרשיטן דיר די אויגן, פאַרמעקן דיינע טריט.
אין די אָוונטן לייגן די ווינטן זיך שטיל צו דיינע פיס
און בעטן, גייען אויס נאָך אַ גלעט פון דיינע הענט...

און די וואָלגע, די טאָכטער, וויל, מען זאָל זי גלעטן,
קושן צערטלען אין די ווייסע נעכט.
ביטאָג האָבן פרויען זיך געבאָדן אין אירע וואַסערן
פאַרבענקטע נאָך די מענער, וואָס זענען אויפן פראָנט
אַוועק.

גרינאויגיקע פישער שווימען אַרום אין קליינע שיפלעך
זיי זינגען לידער און כאַפּן פיש פאַר דער רויטער אַרמיי,
שווימען זילבערנע קאַרפּן אַליין אַריין אין די נעצן —
און די שווייגנדיקע העכט זענען אויך דאָ מיט זיי...
דאָס פּנים פון אַלטן טאַטער איז ברוין און צעקנייטשט
און די קנייטשן זענען פול מיט גלויבן און מיט זיג.
טראָגט ער זיין פּנים אין די ווייסע נעכט
צו יענער זייט טייך, דורך דער שמאָלער בריק.

דאָ זענען די שטערן גרויסע, קלאָרע
זיכער פינקלען זיי אין די ווייסע נעכט באַזונדער.
ביי אונדז וועט זיין דער זיג,
זיגן וועלן מיר —
שלאָפן רואיק איין אין אַסטראַכאַן די קינדער...

## טאַניע
### (זאָיע קאָסמאָדעמיאַנסקאַיאַ)

אַרומגעוויקלט אין קאַלטע ווינטן,
איינגעהילט אין צעשטערנטע נעכט,
איינגעוויקלט אין ווייסע פרעסט,
שלאָפט טאַניע אונטער אַ בערגל ליכט.

לאַנגע נעכט איז זי געהאָנגען אין ווינט.
אין לאַנגע נעכט זיך געוויגט אויף דער תליה.
דער שניי האָט פאַרדעקט אירע פאַרפרוירענע אַקסלען,
אין די פאַרנאַכטן האָט זי געברענט אין דער שקיעה.

דאָ האָבן מיר באַגראָבן די פּאַרטיזאַנטקע,
דאָס יינגע מיידל מיט די שטאָלצע ברעמען.
פון בערגל ערד וואַקסט אַרויס איר קאָפּ,
איר שטאָלצער האַלדז ציט זיך אויס אין די רוימען.

דאָ וועלן אין פרילינג קנאָספּן אירע ליפּן
צעביסענע, צעפּלאַצטע, צעריסענע ביז בלוט.
דאָ וועלן אין פרילינג קנאָספּן אירע ליפּן,
פאַרזיגלט מיט אַ נאָמען, וואָס איז שטאַרקער פון טויט.

און ווען פּאַרטיזאַנען אין טיפע שנייען,
טראָגן דעם טויט, דעם שונא אין רוקן —
פירט זיי פאָרויס די טויטע טאַניע,
צינדט זי אָן דאָס פייער פון זייערע בליקן.

און ווען אונדזערע אויסשפּירער פאַרלירן דעם וועג
אין וויוגעס ביינאַכט דעם וועג צוריק —
הויבט זיך אויף טאַניע פון אונטערן שניי
און פירט זיי דורך אַ שטיל וועלדל צוריק.

און שלאַנק איז איר קערפּער. מיידלעריש דין.
זי שוועבט אויפן שניי, זי שפּרינגט אין דעם ווינט —
ציען די קעמפער נאָך איר אויס די אָרעמס —
בלייבט נאָר איר בלויער שאָטן אין זייערע הענט.

נאָר אַ שטילער ווינט גלעט זייער פּנים,
נאָר דער שניי צעגייט מיט אַ טרער אין זייער ברעם
און טאַניע איז ווייט, זי ווינקט פון אַ שטערן
זי הענגט אויף די צווייגן פון אַ ווייסן בוים.

שאַרכט דער שניי אונטער מיליאָנען פיס,
עס גייען אַרמייען. עס גייען באַטאַליאָנען.
און טאַניע איז דאָס העלע, וואָס גלאַנצט אין זייערע אויגן,
דאָס בלוט פון איר האַרץ רוישט אין זייערע פאָנען.

י. אקרוטני

# אַ שטילער מענטש

.1

אין איוועניץ איז געווען זיין היים. דאָרט האָט ער גענומען אַ ווייב. אין דעם שטעטל איז זי געבליבן מיט דריי קינדער, פּיצלעך נאָך. און כאָטש דאָס לעבן דאָרט איז געווען אַן איינטאָניקס, אַן אומעטיקס, ווי עס איז די גאַנצע געגנט (אומענדלעכע ברוינע שליאַכן און דאָרפישע שטעגן האָבן געפירט צו דער גרויסער שטאָט, און צו איר, דער צחאַגנדיקער ווילנע מיטן אָסטרעבראָם, מיטן שלאָס־באַרג, מיט די פיינע מענטשן, האָט מאָדנע געצויגן סיי איר, העגען, סיי אים, לייבלען) — פונדעסטוועגן איז אין שטוב ביי זיי דעמלט געווען גליק. איינער האָט פאַרן אַנדערן שטענדיק געפונען פאַרגעבונג פאַר דעם קוועלעניש, וואָס עס איז אויסגעקומען דורכצוטראָגן. רייגע הערצער אַזוינע געווען ביי זיי, און זיי האָבן זיך אָפּגעפונען אינעם קידער־ווידער פון דער שווערער צייט, ווען מ'איז זיך אַליין איבריק. די פּרנסה איז געווען אַ קאַרגע, שטענדיק האָט געפעלט ניינאונצוואָנציק גראָשן צום גילדן, אָבער קיין קרומע מינע האָט מען נישט געזען נישט פון אים, נישט פון איר; נישטאָ אויף מיטאָג אין הויז, מ'האָט בשום אופן נישט געקענט צונויפשטעלן די עלף זלאָטעס פאַרן קוואַרטל דירה־געלט — כאָטש דאָס, כאָטש יענץ — קיין פויגל האָט קיין פּיפּס נישט געטון דערוועגן. העגע איז געווען ציכטיק צוגעקליבן, דאָס שיינע יונגע פּנים אויפגעראָמט, און אַ שמייכל, אַ שולדיקער שמייכל, איז פאַרגרייט פאַר אַ באַקאַנטן, פאַר אַ נאָענטן שכן.

— נאָר נישט געקרעכצט איבער מיר, — איז געווען איר כלל: מירן זיך דורכשלאָגן!

— אַדאַנק פאַר דער פראַגע... נישקשה, ס'לעבט זיך. אַמאָל בעסער, אַמאָל קנאַפּער, נאָר נישט ערגער, — האָט געענטפערט לייבל אויפן פרעג, ווי עס דערגייט אים.

אינדעראמתן האָט דער שוך נישט אויפגעהערט צו קוועטשן. דאָס פאָרפאָלק האָט זיך אָרנטלעך געפייניקט, בכבוד אונטערגעליטן, און מ'האָט דעם דלות נישט געטראָגן אין דרויסן אַרויס.

נישט בלויז מאַן און ווייב האָבן געפירט דעם דלות אין דער קאַרעטע. אַפילו די קינדער, קוים גרייכנדיקע צום טיש, האָבן רואיקע, צאַרט־בלאַסע, צייטלעך זיך אַריינגעפּאַסט אין דער ראַם פון ציכטיקער אָרעמקייט. קיינס פון זיי האָט נישט געוואָלט פון קיינעם נעמען אַ מינדסט אַפילו, כאָטש די הערצלעך האָבן געפּישטשעט פון גלוסטונג צו עפּעס באַטעמטס, וואָס האָט זיך אויסגעדעמפּט פאַר זייערע נעזלעך, און די אויגן האָבן אַרויסגעזעצט פון קנאה צו אַנדער קליינוואַרג, וואָס האָט דאָס, נאָך וואָס עס לאָקן זייערע בלוטן, ציטערן זייערע הענטלעך און פּיסלעך. גוטע פריינד, וואָס האָבן דווקא געוואָלט מהנה־זיין די קינדער, פלעגן זידלען טאַטע־מאַמע פאַר דער איינגעשפּאַרטקייט פון דעם קליינוואַרג:

— האָסט געזען! אויסגעלערנט! אַ חרפּה און אַ שאַנד, בנאמנות... — און זיך באַליידיקט.

און האָבן שוין די עלטערן געזאָגט צו די יורשים:

— נעמט, ביים פעטער מעג מען, — פלעגן די קליינינקע, מער בלאַס־געוואָרענע, פאַרעקשנט באַהאַלטן די הענטלעך הינטער זיך, שטאַרק אויפגערעגט ראַנגלען זיך מיטן געוויין, וואָס ברעכט אָט־אָט אויס פון זיי (די נעזלעך פלאַטערן נערוועז) און רירן זיך בשום־אופן נישט צו צום פאַרגעלייגטן.

אינעם דוחק, וואָס האָט אייביק געגעסן זיין נפש, איז לייבל דאָך נישט געווען אומשטאַנד בייצוקומען דעם ברענענדיקן חשק פון פּרוּוון מזל אין דער פרעמד. ער איז נאָך נישט אויף דער עלטער. איינמאָל פאַר אַלעמאָל מוז ער... עס איז געווען פאַר אים אַ גרויסע אָנשטרענגונג, אַ צו גרויסער שפּרונג אויפאַמאָל, און ער האָט אים געמאַכט, דעם שפּרונג. ער איז אַוועק אין ווילנע.

מיט דער זשעדנעקייט פון אַן אויסגעהונגערטן, האָט ער געזוכט ערגעץ צוצוכאַפּן זיך צו אַזוינס, וואָס זאָל אויף גיך שטילן דאָס בורטשען פון זיינע געדערעם, אָנזעטיקן די לאַנגאַניקע נאָגעניש, וואָס לענקט מיט אים אַזוי אומבאַשטימט זינט יאָרן, און שטענדיק וואַרפט עס אים אָפּ אויף צוריק. ווי אַ חולה, וואָס איז אויפגעשטאַנען פון אַ הויכער וואַרעמקייט, האָט ער, וואַקלענדיק זיך, דורכגעטאַפּט אַלע ווינקלען פון דער שטאָט, גענישטערט צווישן די אומצוטרוילעכע, אומבאַקאַנטע, גערעדט, נאָכגעפרעגט זיך. ענדלעך איז ער אָנגעקומען אַרבעטן אין אַ ספרים־קראָם.

אַ הויך־געשטאַלטיקער מיט אַן אויסגעצויגן ווייס פּנים, איז לייבל, אַ קוים באַוועגטער שאָטן, געהאָנגען אין דעם טונקעלן געוועלב צווישן פּאָליצעס ענג צונויפגעפּרעסטע רימל־ספרים, מחזורים, קב הישרס און מעשה־ביכלעך, וואָס האָבן משונה שושקענדיק, זיך איינגעקוקט אינעם שטענדיק איינגעגליווערטן פאַרנאַכט פון קראָם. אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ איבער דער טאָמבאַנק האָט ער געמישט אין לוחעלעך, געזוכט יאָרצייטן פון גוטע יידן, ימים־טובים און געלאָסן אָנגעהויפט קופּקעלעך ספרים, גאַנגבאַרע פאַר איטלעכן יום־טוב באַזונדער.

האָט זיך אַריינגעוויזן אַ קונה, האָט לייבל שוין געוווּסט לויט יענעמס הלבשה, לויט זיין פרעג, וואָס צו דערלאַנגען: ווועמען אַן אויסגאַבע פון דער אלמנה ואחים ראָם, וועמען אַ פּיעטריקאָווער דרוק. אויף זיין צונג האָבן זיך אָפּגעפונען טויזנט לויבן פאַר איטלעך שטיקל נייעם דרוק; אָט האָט ער עס אַ בלעטער געטאָן, געמיניעט מיטן ליכטיקן פּאַפּיר, מיטן שטאַרקן לייוונטענעם איינבאַנד.

לייבל האָט אַרויסגעשלעפּט קאַרגע חיונה פון זיין מי, נישט פאַרגינען זיך דעם ביסן, אַבי צו האָבן אַ מטבע פאַרן געזינד, וואָס קוקט אויס דערויף.

אינדערהיים האָט העגע, ווי פריער, אויסגעריכט פאַרוקן פאַר פרומע יידענעס, צוגעקליבן אַן עכט פלעכטל צו אַ האָר־אויסקריכנדיקן ווייבערישן קאָפּ, בשתיקה

צוגעפּראַוועט אַ שאַטין, צי אַ גלאַט־שוואַרץ צעפּל, אַ שרונט פאַר אַ פרוי, וואָס באַגנבעט צוביסלעך דאָס שייטל און וויל נאָך אָנגיין מיט איר פאַרגייענדיקער יונגשאַפט.

הענען האָט מען געקאָנט פאַר אַן אָרנטלעכע, דערפאַר האָבן ביי איר געקלעפּט עטלעכע סאָלידע קליענטקעס, שטאַרק אָנפאַרטרויטע צו איר. דער גילדן, וואָס האָט זיך געצופּט פון דעם, איז געווען אַ צושטייער צום אויסקומעניש, וואָס האָט שטענדיק אונטערגעהינקען.

אַזוי איז אַוועק אַ זומער, אַ ווינטער. לייבל האָט געשטעקט אין דעם ווילנע ווי אַ משכון, וואָס מ'קאָן נישט אויסקויפן. ער פלעגט שיקן אַ ביסל געלט, אַהיימשרייבן בריוו פיל צהאָגן, פיל זאָרג; הענע דאָרט האָט זיך געוואָרגן מיט דער נויט, און די נויט איז געוואָרן צודרינגלעכער. דער גלויבן אויף צוזאַמענגיין מיט אים, אויף ווילנע, איז זיך ביסלעכוויז צעגאַנגען אין אירע שלאָפלאָזע נעכט, אין די דערעסנדיקע בריוו. די האָפנונג האָט זיך מיד אַוועקגעלייגט אין די קאַרבן פון דעם איידעלן פנים הענעס.

אויף דער מוטערס אָפּהענטיקייט זענען געוואַקסן די קינדער. וועגן טאַטן האָבן זיי לאַנג געטרוימט, געפרעגט אויף אים. אין אָנהויב נאָך זיין אַרויספאָרן, האָט די שטוב נאָך הייס געחלומט אויף אַן אויפריכטונג. איצט איז דער טרוים געווען אָפּגעמעקט. דאָס גערייד וועגן טאַטן איז געוואָרן קילער. אינעם הויז, וואָס האָט זיך געשפּירט פאַרשעמט, האָט מער נישט געוויַיעט מיט קינדערישער צעפלאַמטקייט: דער טאַטע קומט! דער טאַטע האָט געשיקט!.. פון געוווינטשאַפט האָט אין דעם קליינוואַרג נאָך אויפגעטליעט דאָס אויסגעבלאַקירטע בילד פון פאָטער. ווען־נישט־ווען האָט אין שטוב אומהעל זיך אָפּגעקלונגען דער איינזילביקער נאָמען פון אַזאַ.

אַזוי זענען פאַרביי אַ פאָר יאָר.

אינצווישן האָט זיך געמאַכט, דער מוכר־ספרימניק איז געשטאַנען שמאָל מיט זיינע עסקים, אויף אַ מחזורל מיט עברי־טייטש און פירושים זענען נישט געוואָרן קיין בעלנים, אויף אַ ש״סל האָט מען זיך אינגאַנצן שוין נישט געפרעגט, דעמלט האָט ער געריסן די שכירות ביי לייבלען. לייבל האָט זיך נישט אָנגעבייזערט אויפן באַלעבאָס, ווי עס טרעפט ביי מענטשן פון זיין שטאַנד, וואָס קוועלן זיך שטענדיק. „ממאַ״, — האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און שטיל, מיט געדולד פון די פאַרליב־נעמענדיקע, געגאַנגען זוכן נאָך אַ גילדן פאַרדינסט. נאַטירלעך, עס איז נישט אַזוי לייכט דערשלאָגן זיך אַ נעבן־פרנסה, ווען אויף יעדן פיצל שטעל זענען פאַראַן איבעריקע הענט, אַ סך זועלערס.

לסוף האָט לייבל עפּעס געפונען. עס איז געווען אַ נייע מין אַרבעט פון זיינעטוועגן. אויף זיין לעבן איז ער שוין צו אַלץ געוווינט געוואָרן, נאָר פון אַזוינס האָט ער אַפילו נישט געהערט: ער האָט שוין געטאָן ביי רויע פעל אין אַ גאַרבאַרניע (צום שלימזל האָט דער סוחר געמוזט אָפּברענען... ער האָט דען נישט געקענט בלייבן אַ לייט ביי דעם?); געטראָגן פרעמדע קוישן אויבס אויפן מאַרק אַרויס; געטאַרטשעט אין אַ קאַלך־בויד און אויסגעקוקט אויף אַ משוגענעם, וואָס זאָל אינמיטן ווינטער וועלן אויסווייסן זיין שטוב... צו וואָס ער איז שוין אַלץ נישט געוווינט געוואָרן, כדי צו פאַרדינען דעם גראָשן! די־אַ אַרבעט דאָ איז אַ מאָדנע, כאָטש זי קען נישט ניט געפעלן. אַ צייטונג, וואָס איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען צווישן אַ קליינער צאָל לייענער, האָט געזוכט אַ קאָרעקטאָר — איז ער געוואָרן דער קאָרעקטאָר. אין די אויפדערנאַכטן (איבער דער שוועל פונעם ספרים־סקלאַד איז געהאָנגען אַ גרויסער, שוואַרצער שלאָס) איז לייבל געזעסן איבער לענגלעכע דרוק־אָפּצוגן. ס'האָט זיך געהערט פון זיי מיט נאַפט און פאַרב, און אַ פאַרנעפּלט רויטלעכע שיין האָט, פויל שווימענדיק, זיך געפלעקט פאַר זיין בליק. מיט פאַרזשמורעטע אויגן האָט לייבל אויסגעפישט גרייזן, אַריינגעפאַלענע אין דער מסוכנער ענגשאַפט פון די שוואַרצע, קליינע קוואַדראַטלעך, זיך דורכציענדיקע פאַרביי דער מוטנער שיין. אויף פייכטע, פאַרווישטע שורהלעך האָט ער אָנגעטאָן טינט־בויגנס, ווי קאַפּעלעך; אינמיטן געדיכטע אותיות אַריינגעוואָרפן צווישנשיידן; אינדערוויַיט אַוועקגעפירט דעם קרימלעך קינדערישן כתב פון זיין האַנט, אויסגעקייַלעכט באַזונדערע אותיות; געמאַכט אָפּשטעל־צייכנס. די אויגן, געדיכט אַריינגעלאָזן אין די כלערליי געשריפטסן, האָט ער טייל ערטער אַרומגעשטעלט ווי מיט אַ פלויט פון קעגנגעשטעלטע האַלב־לבנות, אַ סימן פון אַ רייף, וואָס אָט־אָט גיסט זי זיך טינטיק פאַנאַנדער איבערן לענגל פאַפּיר אין אַן אומגעלומפּערטן קלעק.

לייבל האָט די אַרבעט געטאָן מיט סבלנות, ווייל דאָ־אָ — האָט ער געפילט — איז ער געקומען אויף די ריכטיקע שפּורן פון... פון וואָס, ער האָט אַליין נישט געוווּסט. ס'האָט זיך עפּעס אַזוי שטאַרק אויסגעדוכט, און ס'האַרץ האָט אויסטערליש אונטערגעזאָגט: ס'אַ ברייט טויער צו דער וועלט, די צייטונג, אַן אופן נאָענט צו ווערן מיט וויכטיקע מענטשן, אַן אופן וואָס... ניין, ער האָט גענוי נישט געוווּסט, וואָס ער קאָן דערוואַרטן, הגם אויך די דאָזיקע האַרעוואַניע גיט אים נישט קיין אָנהאַלט פאַרן לעבן, אין וועלכן ער הענגט ווי אַן אָנגעבונדן געוויכט.

אַ צעדרויבלטער פון די זאָרגן, האָט דער אָנגעשטעלטער און קאָרעקטאָר, לייבל גרינשפּאַן, ביי זיין גאַנצן אויסגעאיבטן געדולד נישט געקענט צונויפקניפּן די פעדעם וואָס זענען, איבערגעריסענע, בשעתו אַרויסגעפאַלן פון צווישן זיינע פינגער. אַזוי אַרום איז ער טאַקע געבליבן הענגען אין דער ווייט פון זיין משפחה. אָפּגעוווינט זיך פונעם שטעטל, האָט ער מורא געהאַט (וויפל מאָל ער האָט שוין געטראַכט דערוועגן!), אַז ער וועט דאָרט אינערגעץ שוין נישט געפונען קיין אָפענע טיר פאַר זיך.

אין אַ חושכדיקער שטוב האָט ער געהאַט זיין ווינקל. די באַלעבאָסטע פלעגט ער דורכן שלאָף הערן יעדן באַגינען ברכה־זאָגן, בורטשענדיק אויף אַ קול און הויך מורמלענדיק, געהיימנישפול גיך רעדן אין טעפּל אַריין, גלייך זי וואָלט אין דער האַלב־פינצטער כשוף געמאַכט. זי האָט שרייענדיק געזופּט הייסן טיי, שטאַרק שלינגענדיק אַריינגעגאָסן אין זיך זידנדיקע גריץ. דערפאַר האָט לייבל אומגערן אַהיימגעשמעקט צו זיך, אויב ער האָט נאָר נישט געמוזט זיך צולייגן שלאָפן.

אין דער ליידיקער צייט איז ער אַרומגעגאַנגען צווישן די נייע באַקאַנטע. פאַר אים האָבן באמת זיך געעפנט טירן, ווי ער האָט לכתחילה גערעכנט. גוטע, ליבלעכע שטיבער, הגם נישט קיין ברייטע טויערן, צו

וועלכע ער האָט געהיים געלעכצט. עס זענען געוועזן באַשיידענע הייזער, קליינע וועלטעלעך, און דאָך האָבן זיי אים געמאַכט ליכטיקער. אויף אים האָט אָנגעהויכט יענער רייצנדיקער אָטעם, צו וועלכן עס ציט אַזוי, מיט פּילצוזאָגנדיקער אומקלאָרקייט, די שוואַכע. דער מענטש איז געשווומען אין ייִנגלשע חלומות. בלויז אין רגעס פון האַרבער ניכטערקייט איז פון אים, דעם גרויסן תם, אָפּגעטאָן געוואָרן דער טרוימער. דעמאָלט איז דאָס פּנים אים געוואָרן לענגער, שמעלער, ווי אַ פלאָם קעגן וואַסער. דעמלט האָט ער געטראַכט, אַז אַזאַ פאַרלוירענער, ווי ער, איז זיכער נישטאָ מער. ווילסט, צי דו ווילסט נישט — דאָס געזונט ווערט אונטערגעריסן. דאָס וואַלגערן זיך ווערט לעסטיק פאַר זיך אַליין, בפרט פאַר אַ מאַנסביל, וואָס קאָן בשום אופן נישט אַראָפּוואַרפן פון זיך די שווערע הרודעס, וועלכע לאָזן זיך אַראָפּ אויף אים אָן אויפהער.

לייבל שלאָגט זיך אַרויס פון די כוחות. ער יאָגט זיך פרוכטלאָז אָן מיראַזש, וואָס איז אים אָט־אָ אַנטקעגנגעקומען און... עך, קיינמאָל נישט קיין פונק וואַרעמקייט פון ערגעץ. ער איז דאָך איינער אַליין. דערפאַר לאַשטשעט אַזוי די שיין אין די דאָזיקע שטיבער, און דער שמייכל, אַ געשאָנקענער, ווערט גלוסטיק.

אין די ליידיקע שעהן האָט לייבל אָפּגעלעבט. יום־טוב האָט זיך צעלויכטן אין אים. ער איז געוואָרן באַריידעוודיק, פאַרגינען זיך אַ געלעכטערל. אַז ער פלעגט זיך פאַרגעסן, איז ער געוועזן צוגעלאָזן צו באַקאַנטע, ווי צו היימישע, ליבע, דערציילט זיי וועגן זיך, פון האַרצן. און ער האָט צומאָל נישט באַמערקט, אַז מע הערט אים אויפמערקזאַם, עס הערן צעשפּאַרטע אויגן, עס האָרכט אַ פּילבאַרע ברוסט. מע האָט אים געפונען אַן אינטערעסאַנטן, אַ באַשיידענעם. נישט קיין וווּנדער טאַקע, וואָס זי, די ראַיע — אַ יונגע נאָך, משמעות אַן אומגליקלעכע, מיט גרויסע פאַרוואָלקנטע אויגן (אַזוי פיל שוואַרצאַפּל אין זיי!), וואָס האָבן קלוג און פאַרגיבלעך געקוקט אויף אַלעמען — האָט זיך שוועסטערליך דערנענטערט צו אים. זי, אַז זי איז געגאַנגען, האָט זיך אויסגעדאַכט, עס זינגט און קלאָגט איר טראָט, איר נשמה.

ראַיע איז געווען שטאַרק גוט צו אים, זי האָט אים אַלץ לייכטער געמאַכט דאָ, כאָטש אַ סך רעדן איז נישט אין איר נאַטור. נישט צו וויסן פאַרוואָס, האָט זיין פוס שטענדיק אים געפירט צו ראַיען, און זי, אַביסל אַ פאַרשעמטע — ווייל צווישן מענטשן — האָט קאַרגנדיק אַ וואָרט, שטענדיק פאַרלעגן געשמייכלט:

— ס'וועט שוין גוט זיין!

ווי מאָדנע! דאָרט, אין צייטונגס־לאָקאַל, אַרבעט זי געלאַסן און פלייסיק, קלאַפּט אויף דער מאַשינקע, פירט די בוכהאַלטעריע; דאָ, אין שטוב, איז זי אַ גרויסע וווּרטאַניס, אַ פריינדלעכע גאַסטגעבערין. דאָ שמעקט פון די ווענט, פון די זאַכן; דאָ רוט ער אָפּ, דערזעט, אַז נישט אַלץ איז האַרב, ווי אים האָט זיך אויסגעוויזן; ער פילט נישט אַזוי די משא פון זיינע יאָרן, ווי אַנומלט.

...וואָס זאָל דאָס הייסן? וואָס אַן אמת, האָט אין אים אָנגעהויבן צוקן אַזאַ פלעמל פון חרטה און פאַרלוירנקייט צוליב עפּעס אַזוינס, פאַרוואָס ער האָט אויסטערליש מורא; פאַר זיך אַליין האָט ער מורא, פאַר דאָרט, פאַר דער היים, וואָס אינעם שטעטל. ער האָט געפּרווט זיך פאַרשרייען: ס'איז גאָרנישט מיט גאָרנישט! אַ מענטש קען נישט אייביק זיין מיט זיך אַליין. וואָס איז איינזאַמקייט? מע פאַלט אַריין אין קרענקלעכע הוריות. אַלץ, וואָס איז אַרום ווערט נמאס, נמאס. אַפילו פרומע לייט עצהן נישט אַריינלאָזן זיך אין טרויעריקע געדאַנקען... און אַז מע האָט פון עמעצן אַ טובה, מע נעמט אַ הלוואה, באַדאַרף מען אים נישט ווערן קיין שונא! זי, די ראַיע, איז אַ טויב, האָט קיין גאַל נישט אין זיך — באַדאַרף ער זי ווייכן דערפאַר?... יענער, וועלכן זי האָט געקאָנט סך־הכל אַ פּאָר וואָכן, איז אַ גראָב נפש. געווען, און אַוועק צו אַלדי רוחות. געקומען אַ שרפה אויף אַ פרידלעך הויז. טרעפט דען נישט? איבריקנס, דער דאָזיקער איז באַלד געגאַנגען אויף אַ גזלה. ס'טרעפט. אַ שיינע איז זי, אַ שטילע, רייסט נישט אויס די אויגן, ווי אַנדערע אין איר עלטער. אַזוינער האָט מסתמא געטשאַטעוועט אויף דעם מיידלס אומשולד, איבער וועלכער עס ציטערן די אָפּגעהיטענע. אַריינגעקראָגן זיך ווי אַ האַרץ־גנב, אַרויסגעוויזן זיך מיט פיינקייט כלומרשט, אַ ביטער שפּיצל אָפּגעטאָן איר, און נישט ווינציקער דער אָרנטלעכער היים אירער; מע דערקענט עס אויף יעדן שריט. מע דאַרף זי פאַרשטיין, די ראַיען. מע זעט דען נישט, ווי די איידלקייט רעדט פון איר הויט אַראָפּ? אַ פיין געוויקס, וואָס פאַרטראָגט נישט קיין צו שאַרפע לופט. פאַראַן אַזוינע זעלטענע פלאַנצן — ער פאַרשטייט זי. ער גייט אַריין צו איר, פשוט ווייל די שטוב איז אַ געמיטלעכע, און זי זעט אים גערן.

— פאַרגעסט ווידער נישט דעם אַדרעס, — זאָגט זי שטעלנדיק זיך אין דער טיר אַריין, בשעת זיין אַרויסגיין. און ביי דער אַרבעט זאָגט זי:

— איר וועט קומען, לייבקע? כ'האָב אייך עפּעס איבערצוגעבן, — און ס'רעדן צו אים אירע ליבלעכע אויגן.

שטענדיק האָט זי אים עפּעס צו דערציילן, פרעגן; שטענדיק, דאַכט זיך אים, האָט זי נישט אַלץ גערעדט, און רעדט זי, געפינט זי אַ שטויבעלע אויף זיין מאַנטל, דרייט זיינעם אַ קנאָפּ, און אירע דינע פינגער וואַרעמען אים אַדורך מיט אַ ברייט צעפּליסנדיקער, צוקנדיקער וואַרעמקייט. וועגן וואָס רעדט זי? עס הערט זיין פאַרנעפּלטער בליק, ער פילט איר צערטלעכקייט — אירע הענט ווערן שטאַרקער, פלינק, סאַמעט־ווייך — זיי שפּאַצירן געאָרעמט אין אַ בלאָלעך וועלדל, וואָס אין אַ פאַרבאַגינען־ליכט. זי שושקעט אים עפּעס אין אויער אַריין און עס שושקען די פרישע בלעטער, זיך קרויזנדיקע איבערן קאָפּ. זי לאַכט ליכטיק, דין — אַ גלעקל לאַכט, און פלוצלונג ווערט עס אַנטשוויגן. לאַה — איר שוועסטער לאַה — דערמאָנט זיך איר אין דעם, זי איז אַן אינטערעסאַנט מיידל. זי וואָלט וועלן, זאָגט זי, יענע זאָל איצט זיין נעבן זיי. אַזאַ ווילינקע, הערט איר, די לאַהקע. מוזיק איז איר ליבשאַפט, געהערט? נאָר בעטהאָווען, מאָצאַרט, גריג. זי קאָן זייערע לעבנס, לייענט אַ ים. און אַז זי זינגט, עקבערן אירע מאָטיוון דאָס האַרץ. אויסטערליש נאָגנדיקע לידער ביי לאַהן... גערעכט, זי וואָלט באַדאַרפט זיין אַן אַקטריסע, אָבער זי איז נישט צו דעם. זי האָט מורא פאַר אַ — — — —

עס איז אים פשוט אָנגענעם אַריינצוגיין צו איר, הערן ראַיעס געשיכטעס.

אין תחילת פלעגט זי זיך אָפּהאַלטן פון דערציילן. „וואָס וועט איר זאָגן נייעס?‟ זי האָט אַזוי שיין געקוקט,

פריינטלעך אים אַוועקגעזעצט, דערלאַנגט טיי, שטיל געלאַכט. איצט איז זי אַ ביסל דרייסטער.

— מיר האָבן זיך צוגעווינט צו אייך, — גיט זי אַמאָל אַ וואָרף אַריין אַזאַ וואָרט.

און לאַהן דערמאָנט ראַיע:

— לאַה פרעגט, וואָס מע זעט אייך נישט.

עס איז אים געוואָרן אַ היימישע שטוב, די שטוב פון די וואָלמאַנס. וואָס פאַר אַן אויסטערלישס אין דעם? ניין, ער איז זיכער מיט זיך... ער איז נישט דער מענטש דערצו. און ס'איז נישט די צייט פאַר אים, ער זאָל זיך פאַרליבן. נישט ער איז אַ שנעק, און נישט ער וועט פאַרגעסן זיינע אין איוועניץ. אָט דער עול, די בריוו, די קוויטאַנציעס פון דער פּאָסט אויף די אַרויסגעשיקטע געלטער זענען אַ גענוגנדיקע קייט אויפן האַלדז. ער וועט זיך נישט פאַרגעסן, לייבל גרינשפּאַן. די ראַיע איז אַ געוויינטלעכע פריינדשאַפט זיינע, אַ מענטשלעכע פריינדשאַפט צו אַ מענטש, וואָס איז גענוג איידל אויף נישט אַריינצוקריכן יענעם מיט די נעגל אין די ביינער. ער שעצט זי, דערפאַר — זיין צוגעבונדנקייט. איי, דאָס קליידל? דאָס איז אַ צופעליקייט. זי האָט געקענט זיין ער און הייסן נחום, בער — אַ נפקא־מינה! ער מיינט נאָר דעם מענטש. אַ פרוי האָט ער, און ער האָט זי ליב, און זי פּינצטערט דאָרט, אין דעם איוועניץ, וואָס איז ער שולדיק? פּונקט ווי זי הענע, וואָלט ער אוודאי וועלן זיין צוזאַמען מיט זיי. ער ווערט דען אין דער פרעמד נישט אויסגעריסן?

.2

...ברומענדיקע ווינטן האָבן זיך געטראָגן פון דער ווייסל, פונעם בוג, פון אַלע עקן לאַנד האָבן שוואַרצע זיילן רויך און שטויב זיך אויפגעהויבן צום הימל, אין שאַרפע בליצן און אין דונערן מעכטיק איינגעקנוילט און צעפלאָנטערט די שטעט, די מענטשן. די גראָע וואַסערן פון דער ווילִיע האָבן זיך געכמאַרעט, דער בלאָער ביעמאַן איז געווען אויפגעטראָגן אין זיינע הויכפּעלזיקע ברעגעס. דער נאַראָטש און די דיסענקע האָבן זיך אויך געברוגזט: וואָס פאַראַ געלאָף? כעסדיק, ווי אַ ראַפּטעמדיקער צוגווינט איבער דער צעפראַלטער וועלט, האָט עס געפייפט איבער וואַרשע, איבער לובלין און גראָדנע. סמעטאָנאַ האָט, איבערגעפרעסן, פאַרשייט געכיכיקעט אין קאָוונע: „כאַ־כאַ, בערלין!"... דאָס פּריצישע געלעכטערל — אַן אַרויסגעצויגענע שווערד — האָט מיט אַ בראַזג זיך דורכגעקייקלט אינם טאָל פון ווילִיע דעם טייך.

ער, לייבל גרינשפּאַן, האָט, גלייך אַן אַרויסגעריסענער פון שלאָף, דערשפּירט דעם דרוק פון זיין איינזאַמקייט, וועלכע האָט אים געהאַט איינגעוויגט. דאָס האַרץ, אַ שטאַרק פאַרפרעסטס, האָט זיך צעסקאָמליעט:

— מע וואָלט כאָטש געווען צוזאַמען!

לייבל האָט שטאַרק איבערגעלעבט די אָנגעשטאַנענע זאַווערוכע. איר ווייסט דאָס אָרעמלעכע קוימענהענדל אויפן דאַך פון אַ מפּולת? אין זיין גאַנצן מהות האָט זיך געטרייסלט דער מענטש, וועלכער האָט געלעבט מיטן גליק, וואָס מע קויפט פאַר אַ פּרוטה. האָט ער געהאַט אַהיימצושיקן אַ גילדן מער, האָט זיך געפרייט זיין האַרץ; איז מעגלעך געווען דורכצוקומען אַ טאָג אָן אַ דורכאויסיקן תענית, איז אים אוודאי גוט געווען. היינט אַזוי, מאָרגן אַזוי, אַ פּאָר וואָכן נאָכאַנאַנד אַביסל אונטערקווענלן זיך, וועט מע קענען אָפּשפּאָרן אויף עפּעס תכליתדיקס. מיט דער סבלנות פון אַן אייזל האָט ער אונטער צען הויטן פון כלומרשטער צוגעוווינטקייט געהיטן דעם שפּליטער האָפענונג אויף אַן אויפריכטונג, וואָס וועט קומען פון זיינע אייגענע אָנשטרענגונגען. און איצט — מיטאַמאָל! און די...

דעם נאָמען פון דער, וועלכע האָט אַזוי גערן־אומגערן זיך איינגעפלאָנטערט אין זיין באַוווסטזיין, האָט לייבל דערמאָנט אין זיך. און אין ברוסט האָט אַנגסטיק אַ ציטער געטאָן: ראַיע! וואָס וועט זיין? ווו איז זי אַצינד? זי האָט שאַרף, האַרטנעקיק געציקט אין זיין בלוט. ער האָט דערשפּירט, ווי די זאַפטן טרוקענען אין אים, ווען ער דערמאָנט זיך די דאָזיקע פרוי. באמת, אַ ווילינקע, אַ טייערער מענטש! קאָן מען אַזעלכענער נישט דאַנקבאַר זיין?

אין לייבלען האָט וואָס אַ מאָל שטאַרקער געצופּט אַן אומפאַרגיבלעכער פאַרדרוס אויף זיך, אויף אַלעם, וואָס האָט אים אָנגעטראָפן. ער איז שולדיק, אוודאי — שולדיק! ערשט כאַפּט ער זיך, אַז יאָגנדיק זיך נאָך אַ מיראַזש, האָט ער זייער וואָגיקס אָנגעווירן. פאַרוואָס האָט ער אַזוי לאַנג נישט געזען ראַיען, פאַרוואָס!... איינצייטיק האָט ער געהאַט תרעומות צו זיך, למאי די אייגענע — — געוויס, אַביסל וויט פאַרלאָפן, לייבל גרינשפּאַן, און אין אים האָבן שווער זיך געמישט די געפילן, וואָס לענקען מיט אים די לעצטע צייטן. אינערלעך האָט עס אין אים געטומלט: ראַיע! אָ, ראַיע... און ער האָט געוואָלט זיך איבערשרייען.

אוודאי, די מענטשן, וועלכע ער האָט דאָ געפונען, זענען אויך נישט די זעלביקע. עס איז כמורנע געוואָרן אין זייערע הייזער. „ווו וועט מען לויפן?" פלאַטערנדיקע האָבן זיי דערשפּירט די אייגענע הויט בלויז. די הויט איז זיי שטאַרק איידל געוואָרן, אַזוי פילבאַר, אַז יעדער פאַך פון דער ווייט האָט זיי נעבעך ווייַ געטאָן. אוי־אוי, — גרימאַסן האָבן צעשניטן זייערע פּנימער. עס איז געווען די היץ פון אויסגעדוכטער שריפה, וואָס ברייטערט זיך אויס, פלאַקערט ווי שטרוי. די טירן, וואָס האָבן אַנומלט געצויגן צו זיך, זענען אויף אַמאָל ענג געוואָרן. אַלץ, וואָס געווען נעכטן־אייערנעכטן, איז אָפּגעטראָטן אַלע האָבן זיך געענדערט, און פלוצלונג אַזוי.

און פלוצלונג האָט ער גענומען וויכן די ראַיען; פלוצלינג האָט אים אָנגעפּאַקט דער וואַנזין פון חרטה, פון שעמעוודיקייט.

דער מענטש האָט ווייטיקלעך דערשפּירט זיין אָפּהענטיקייט. ווידעראַמאָל איבערגעלעבט די געקוועלטע קינדהייט, וועלכע איז אים אייגנטלעך נאָכגעגאַנגען פון סאַמע הײדוטשישאָק, אַן אָפּגעטויכטע אין פאַרבליטער גריקע, אין דער מאַמעס פּאָסנעם הרעטשעשניק, ווען עס איז געקומען שבת; אין דער וואָכנס האָט מען געשלונגען שפּייעכץ, גערעדט בלויז וועגן הרעטשעשניק. אַלדאָס טרויעריקע, וואָס איז געוואַקסן מיט אים און מיט דער צייט פאַרגעסן געוואָרן, ווי מע פאַרגעסט אַ פאַרשטאַרבענעם, האָט ער איצט פונסניי דערווישט אין זיך אַ שטאַרק בריענדיקס. האָ־האָ, האָט אין דעם אַרויסגעפלאַצט פון אים דער אַנומלטיקער לייבל איוועניצער, — גוט וואָלט געווען צו זיין באַנאַנד מיט זיי! שוויס־טראָפּנס זענען אַרויס אויף זיין שטערן, ער האָט ביטער אָפּגעטעמט.

און ווידער די ראַיע... זי האָט זיך געשטעלט אַנטקעגן זיין טרויער־פאַרוויינטן בליק, און די היים, אַ קאַפּויער אַרויסגעשפּראָצטע, האָט געשלאָגן אויף זיין מוח: הער! הער!.. עס איז זי, הענע, דיינע קינדערלעך. עס האָט געצופּט אַ שטעכעניש, גלייך די היימישע וואָלטן אַקאָרשט אַנגעלאָפן, האַסטיק אָנגעקלאַפּט ביי אים. ער באַנעמט עס נאָך נישט אינגאַנצן — ער הערט נאָר אין זיך דאָס געשריי: זיי זענען דיר ליב, טיי—ער! אין זיין מידיקייט האָט ער זיי דערשפּירט, אינם בלוט, וואָס רעגט זיך אַצינד.

און דער דרויסן האָט לאַנג געברומט וועגן דעם, וואָס דאַרף קומען.

— — — נאָך גוט, וואָס מ׳איז אָפּגעקומען מיט דער בלויזער שרעק, וועלכע איז געגאַנגען אויף די מענטשן. און די שרעק האָט גרויס־אויגיק געגלאָצט אויף לייבל גרינשפּאַנען. געווען געקומען זענען די באַנדעס, וואָס רופן זיך דייטשיש מיליטער, געקומען זענען באַלד די אַנדערע, אויף וועלכע מ׳האָט געהאָפּט אין האַרצן; געקומען און ווידער נישט געוואָרן און, — ווייַ, שטורעם, וואָס דו שטראָפסט די שוואַכע — פונסניי...

די שטאָט האָט נאָכאַנאַנד געביטן אירע געביטער. ציין־פאַרקריצט איז הער טאָג געשטאַנען פאַר דער דערשטוינטער געגנט, און די נאַכט האָט זיך פאַרטייעט אַ דראָענדיקע. די מענטשן האָבן איינפאַך מורא געהאַט זיך אַרויסצורירן פון די הייזער. אַזויפיל נסיונות אַ יעדע מינוט! באַווייזט זיך נישט אומצוקוקן און אַלץ שטייט שוין איבערגעקערט.

לייבל איז געווען צעמישט. די לייט, ביי וועלכע ער האָט געשטעקט מיט זיין פּרנסה, זענען נעלם געוואָרן. די באַקאַנטע זענען געווען פאַרטומלט און ס׳איז קיין געמיט נישט געווען צו כאָווען גוט־פריינדשאַפט. אַ כאַפּ, אַ לויף, און גאָר. און זי, זי!.. גלייכער ער וואָלט נישט דערלעבט דעם נסיון. אַז דאָס לעכערט אים די ברוסט. ער איז עס דען אויסן געווען? ווען דאָס איז אַ שווילטיק, ווען אַ ווייטיק. ער, ער איז נישט דער, בשום אופן נישט דער!

לייבל האָט דערשפּירט אַ פּשוטע בענקשאַפט נאָכן געזינדל, היים זיך פאַרבענקט, און די היים, אַן איינגעקלעמטע צווישן אויפגערודערטע שליאַכן, האָט זיך אויסגעקוקט די געשוואָלענע אויגן: עס זאָל אים חלילה נישט האָבן עפּעס געשאַדט — —

ער האָט זיך געריסן קיין איוועניץ. טאַקע אַן אויסגעהוילטער, ווי נאָך אַ קרענק, האָט אים געצויגן אַהין אַ קוק געבן און אָנהויבן פונדאָסניי, און אַנדערש. ער וועט שוין זיין פעסטער. מע באַדאַרף דאָס לעבן נעמען ביי דער טשופּרינע, האָט ער דערשפּירט אין זיין אוממעכטיקייט. ער איז געווען שטאַרק דורכגעברענט אין דער פּיין. נאָר מיט ליידיקע הענט האָט ער איצט נישט געוואָלט אַוועק צו דער משפּחה. דאָך אַזוי לאַנג זיי נישט געזען! און ס׳זענען שוין פאַראַן די, ווי וועלכע מענטשן לעבן אָפּ. פאָרט אַן אַנדערער באַ׳עבאָס, די מלוכה. אַ רייכערער באַלעבאָס, און אַ פאַרגינער. דער עיקר, אַז מ׳וויל אַרבעטן. דער שכל האָט לייבלען אונטערגעזאָגט: וועסט עפּעס צונויפקלייבן, נאָך אַ וואָך, חבר גרינשפּאַן, נאָך אַ קאָפּעטשקע מי. פאַר דאָס וועט די פריידי זיין אַן אָנגעלייגטע פאַר אים און פאַר זיי דאָרט. פאַר זיי דער עיקר, זיי! אוודאי... זי, די ראַיע איז געווען אַ טעות. איבריקנס, באַלד ווי די־אַ איז אים געוואָרן שטאַרק נאָענט, האָט ער דערשפּירט די לאַסט פון שולדיקייט לגבי די לייבלעכע — אַ פאַרשפּעטיקטע יוגנט־שטרויכלונג. און זיין געמיט האָט געלעכצט נאָך פאַרגעבונג. אַ צושטאַנד אַזאַ געווען ביי אים, אַז ער וואָלט מיט זיך אַליין, מיט די לעצטע כוחות גרייט זיין צו פאַרגעלטן דאָס ליידן זייערס אַן זיין נאָענטן בייזיין.

דאָס געוויסן האָט לייבלען געגעסן. מיט אים, דעם טאַטן, דעם מאַן, וואָלט זיי טאַקע נישט געווען לייכטער, אָבער דאָך... אַ מאָדנע גרינגקייט איז אין אַזאַ פאַל, אויב מ׳איז צוזאַמען. עס מאַכט טאַקע נישט זאַט, אָבער גרינגער! עס איז די וואָרהאַפטיקע ליבשאַפט, וואָס אָן איר אויסווירקונג איז מען הויל ווי אַן אויסגעגאַנגטער ביין. ער פילט עס, געוויס. דאָס איז זיין עלנט, וועלכער פּלאָגט אים אַקאָרשט. אויף דער נשמה קומט אַ היילונג, אויב אין דער ריכטיקער מינוט איז נישט געפעלט דער בליק פון האַרצן; עס פליסטערט צו אַ וואַרעם וואָרט. זיכער, באַנאַנד איז לייכטער צו ליידן. שוין אַזאַ טבע ביים מענטש, וואָס האָט כאָטש איין מאָל עמעצן אָפּגעגעבן זיין געפיל אינגאַנצן. אַליין קען מען שוין נישט זיין! זי, הענע, ליידט מסתמא נישט ווינציק. אומזיסט איז זי נישט געווען דערצערנט. אַ, ווי די בריוו אירע האָבן געריסן שטיקער לייב... פונדעסטוועגן — ער איז געבליבן הער, וואָס געווען: די פאַרגרעבטקייט פון דער אינדערפרעמד, וועלכע שטייט צו צו די פּראָסטאַקעס, האָט זיך אויף אים, לייבלען, נישט אָנגעוואָרפן מיטן סם פון די מיסט־פליגן, וואָס שטעלן זיך אויף די וווּנדיקע. ער איז דאָך געבליבן דער איידעלער יונגערמאַן. מענטשן האָבן עס אים פילמאָל געזאָגט אין די אויגן, און הינטער די אויגן: ער איז אַ צדיק, דער גרינשפּאַן. ביי אים איז איין ווייב און איין גאָט... מ׳האָט, אמת, לייכט געשמייכלט, אַמאָל היימיש געקלאַפּט איבער דער פּלייצע: „גאַנץ פיין, פיין. עס באַדאַרף אַזוי זיין.״ אוודאי, ער איז הער זעלביקער פילבאַרער פאָטער און מאַן. נישט מער — ער האָט זיי נישט געקענט העלפן ווי ס׳געהער צו זיין (אויף צו קענען דאָס דאַרף מע שוין האָבן גרויסע חוצפּה, עלנבויגנס... אַלע זאָגן עס) און — — אין דעם פּרט איז ער נישט זינדיק. ער איז דאָך אָפּגעריסן פון דער היים, און אַזוי לאַנג! נו, האָט זיך אים, ווי אַ מענטש, פאַרגלוסט אַ פונק וואַרעמקייט. און שוין. אַ גוט וואָרט עמעצנס, אַ מינוט רו אונטער אַ גאַסטפריינדלעכן באַלקן. אָבער די היימישע? חלילה! ער איז נישט אַזוי פאַרדאָרבן. זיי האָט ער אויף קיין איין רגע נישט פאַרגעסן.

לייבל האָט זיך באַמיט צו געפינען אַן עוקץ זעלבסטבאַרואיקונג.

האָט ער געקליבן אַ רובל צו אַ רובל, איינגעהאַנדלט זאַכן, וואָס קענען געפעלן דער פרוי, ווען קליידן די קינדער און פאָוואָליע — כאָטש נישט אָן אינערלעכן פיבער — זיך געגרייט אַהיימצופאָרן מיט די מתנות.

3.

— קינד, האָסט אַזויפיל זיך אָנגעליטן! כ׳וויס, כ׳וויס, ס׳האַרץ האָט מיר געזאָגט... מע קאָן דען אַלץ אַרויסשרייבן אויפן פּאַפּיר? גלייב, ס׳בלוט האָב איך מיר קאַליע געמאַכט, כ׳בין אַרומגעגאַנגען אַן אויפגערעגטער, איבערקלערנדיק פונדערווייטנס. ס׳אַ ביטער

שטיקל ברויט דאָס קוקן יענעם אין האַנט אַריין, און יענעם איז אַלץ ווינציק... ביסט דאָך נישט ערשט נעכטן געבוירן געוואָרן, הענע קרוין! דאַרפסט פאַרשטיין. זיי נישט בייז, ס׳וועט שוין גוט זיין. מירן מער נישט זיין צעריסן. און ס׳וועט דיר זיין גרינגער...

לייבל איז געווען פול מיט פאַנטאַזיעס. דער נייער סדר האָט אַ סך גערעדט צו זיין שכל, צום געמיט. ער איז שטענדיק געווען אַ פשוטער לאָמיך־געמאַך; ער איז קיינמאָל נישט געווען דרייסט אַרויסצוזאָגן זיין דעה, כאָטש ס׳האָט זיך טיילמאָל געוואָלט עמעצן שטאַרק אויסשיגעצן, אַ שפּיי טאָן אין אַ יחסנישער צורה. איצט איז גוט! — האָט אין אים אַלץ פריידיק אויפגעצאַפּלט. דאָס, וואָס ער האָט דערזען היינט, איז אים פאַרגעקומען דאָס סאַמע גלייכסטע. לעבן ברויכן אַלע, אַלע, אַ מלבוש און אַ דירה באַדאַרף איטלעכער; נאָר נישט איינעם צו פיל. און אַ מכה דעם כלל! גאַנץ ריכטיק... אַלץ, צו וואָס ער האָט זיך צוגערירט, האָט אים צוגעשטראַלט. אַלע זיינע פלענער זענען געווען שיין. ער וועט הי צוקלייבן אַ לייטישע שטוב, קויפן אַ פאָלירטע שאַפע אויף צוויי טירן, אויפהענגען טיולענע גאַרדינען, אַריינשטעלן אַ גרויסן טיש מיט שטולן אַרום און אַ ניי טישטעך אויפן טיש, אַ זשיראַרדאָווער טישטעך מיט מאַט־זיידענע טייגעלבלעכע, ווייס־געאָדערטע בלעטער, אַזוינס, ווי עס געפעלט איר, הענען. אַהער, אין אַזאַ הערלעכער שטוב אַריין, וועט ער זיי אַראָפּברענגען. גענוג געווען איינער בכו, איינער בכו. אָפּגעפּייניקט זיך. און, צום גליק, זיך דערוואַרט. אַ לויב אַלעם, וואָס האָט צוגעהאָלפן צו דעם: זיין שטילע עקשנות, זיין לויפן פון דאָרט, דאָס שטיקן זיך אין בכבודיקער דחקות און די אויסהאַלטעוודיקייט! אָ, ווער וועט עס זאָגן, אַז דער מענטש איז נישט שטאַרקער פון אייזן... אים, לייבל גרינשפאַנען, ליגט דאָס אַלץ אין די ביינער. ער געדענקט עס, ער וועט עס קיינמאָל נישט פאַרגעסן. דערפאַר פילט ער זיך היינט זיכערער, עפּעס פעסטער. ער איז אַ פּראָסטער ברויטעסער, קען זיך נישט אַריינלאָזן אין די דראָבנע זיבן זאַכן — ער ווייסט נישט וואָס „יאָ" און וואָס „ניין", ער פילט נאָר, אַז עס איז געשען אַ וועלט־זאַך. אַ סך מענטשן זענען געהאָלפן געוואָרן, ער בתוכם. ערשט איצט פאַרשטייט ער. מע בויט, מע שטעלט אויף גאָלע נייס. ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן, לייבקע!

פונקט ווי ער איז אַמאָל געווען אַ צוגעלייגטער, אַן אָפּהענטיקער מחמת דעם יאָגן זיך נאָך דעם ביסן ברויט, אַזוי האָט ער איצט געברענט פון גלוסטונגען. אַלץ וואָלט ער אַריינגעכאַפּט פאַראַמאָל, איינגעשלונגען. אַלע שליחן פון זיין פאַרשלעפּערטן ווילן האָבן זיך אין אים פאַנאַנדערגעעפנט, געברויזט. ער איז אינערלעך פולער געוואָרן. האָפנונג קאָן מען אפשר אָנרופן דעם נייעם הונגער לייבלס, שטאַרקייט. כאָטש ווייטלעך פון די היימישע, האָט ער איצט געשפּירט זייער נאָענטקייט, די צונויפגעקניפּטקייט מיטאַנאַנד. אין געדאַנק איז לייבל אַלץ געשטאַנען פאַרן ווייב מיט די קינדער און געפלאַקערט פון טיפן גלויבן אויפן אמת, וואָס ער האָט זיי צוגעזאָגט:

— עס וועט גוט זיין, האַרצעדיקע, איר׳ט זען!

ער האָט גערעדט צו זיך, און אים האָט אויסגעדאַכט: זיי הערן אים, און די אויגן שמייכלען ביי זיי. ער האָט גערעדט, און ס׳האָט אים הנאה געטאָן.

...צוריקגעקומען פונדערהיים, האָט ער דאָ, אין דער גרויסער שטאָט, זיך גענומען גרייטן אויפצונעמען דאָס געזינדל אַן אויפגעריכטס, ווי עס האָט פאַרדינט. „קיין פרייד, נעבעך, נאָך נישט דערלעבט ביי מיר..."

פיבערנדיק מיט דעם, וואָס עס דאַרף געשען דאָ, נעבן אים, איז לייבלען אַ שאָד געווען יעדער טאָג, וואָס עס גייט אַוועק אָן זיי. גלייך לעבעדיקע מאָנערס האָבן די דאָזיקע טעג, ווי באַלידיקטע, זיך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן אים:

— לייבל, לייבל, גענוג.

און איטלעכס פון די קינדער האָט ער געזען אַ ברוגזס, אַ ליבלעך־אָנגעכמורעטס: ביסט אַ שלעכטער, טאַטע!... ביסט אַ... — האָט אויף אים געקוקט הענעס שטענדיק פאַרגיבלעכער בליק. כסדר האָט זיך אים אַזוי אויסגעדאַכט, און מער ווי מ׳האָט אים געשריבן פון דער היים, האָט אין אים אַריינגעווינט דער געאַנטער געקלאָג פון די אומגעדולדיקע.

גאָרנישט ווי ביז אַהער, האָט לייבלען גענומען ווייטיקלעך קלעמען:

...זיי זיצן דאָרט ווי אויף אַן אָנגערודערטער דרייזשע ברויט. עס הייבט זיי פון אָרט. און ס׳איז דען אַ וואונדער? איוועניק איז זיי נמאס געוואָרן, בפרט אַז די ווענט פון שטוב זענען שוין אָפּגעגאָלט פון אַלע שמאָכטעס, פון די אויסגענייטע האַנטעכלעך, פון די בילדלעך. איר שווער האַרץ... געווען אַ הויז, אַ באַשיידן הויז, און איצט סטראַשעט עס מיט דער אויסגעליידיקטקייט פון אַ פנים, ביי וועלכן מ׳האָט אויסגעשטאָכן די אויגן. פון די פענצטער זענען אַראָפּגעריסן די גאַרדינדלעך. די בלומענטעפּ — דאַכט זיך, נישט קיין בעלי־חי, און דאָך — שפּירן זיי זיך אויך פאַריתומט. נישטאָ שוין גאָרנישט צום רימל. עפּעס אויספאַרקויפט פון שטוב און עפּעס איינגעפּאַקט... זי דערמאָנט דאָך, הענע, אין די בריוו. „איך ליג אַ געבונדענע, לייבל, די קינדער — געבונדן." די בינטלעך זאַכן וואַלגערן זיך אויף דער ערד און קוקן אויף אים אָנגעוואָלקנטע. אַלץ יוירט אין אומגעדולד אויף זיין גרויסן אָנזאָג „קומטס!"..

לייבלען האָט עס שרעקלעך געמאַטערט. טאָג און נאַכט האָט הענע מיט די קינדער נישט אויפגעהערט זיך אויסצוריכטן אין וועג אַריין: צו אים, צום טאַטן, און דערווייל פאַרבלאָנדזשעט ווידער אַ בריוול.

„...וואָכן דורכאַנאַנד פאָרעט מען זיך דאָרט: מע וואַשט, מע פלעט, מע צירעוועט. וואָס מער מען וואַרט, אַלץ מער דערמאָנט מען זיך אין עפּעס אַנדערס. צום וויפלטן מאָל האָט מען שוין איבערגעבונדן די בינטלעך מיטן ליבן אָרעמקייט! דערווייל וועט דאָס שיין מאַכן די שטוב, וואָס וואַרט שוין, ווי דו זאָגסט, אַ רחבֿותדיקע, אַ פרישׁ אויסגעווייסטע מיט אַ ריין געשייערטן דיל. נאַר, נאַר, וואָס זי קלערט; זי וועט אים דאַרפן שוינען, אַוועקלייגן אַ ראָגאָזשע. שענער וואָלט געווען אַ לויפערל אין קאָלירטע פאַסן: געלע, רויטע, גרינע... אַזאַ דיל דאַרף מען נישט שמירן אַלע פאָר טעג, יעדן טאָג נאָר איבערוווישן מיט אַ שמאַטקעלע. זי וועט שוין ווייסן. זאָל זי נאָר האָבן אַזוי פיל גוטס, ווי זי וועט קענען זיך אומגיין דערמיט! די קינדער, זיי זאָלן לעבן און געזונט זיין, וועט זי באַלד אָפּשיקן אין שול אַריין. אַ שאָד אַ טאָג, וואָס דאָס פאַרלירט. ווי לאַנג ס׳איז יונג, ברויך עס זיך לערנען. דערנאָך גלוסט שוין נישט; דערנאָך וויל דאָס זיך שוין פוצן, עס ווערט אַ פריילין..."

ווי די הענע איז פאַרטאָן מיט דער ווילנע. זי קליבט זיך, די געפּיניקטע, און האָט זיך אָפּצויאָגן פון די טעכטערלעך, וואָס פאַרציִען די נעזלעך, בעת זי שטופּט אין זאַק אַריין נאָך אַ שטיקל אַלטוואַרג. „דער טאַטע פאַרדינט, אָנעהאָרע, מען וועט דערנאָך קויפן בעסערס, אַז מ'עט עס דערלעבן” — זאָגט זי אין פריי־דיקער האַוועניש און רעדנדיק, נישטערט זי נאָך עפּעס — „אַלץ קומט צוניץ, קינדער. אַז מ'היט אָפּ אַן אַלטס, שוינט זיך אַ נייס.”

אוי, ער האָט שוין געוווּסט אַלץ, אַלץ.

עס איז געווען אַ וואַרטן אין תענוגדיקע און ביי־טערע רעגונגען. ביינאַכט האָט מען דאָרט נישט גע־קאָנט שלאָפן, מחמת דעם וואַרטן אויפן ציטעריקן אָנ־זאָג פון אים: קומטס!

...שלאָפסט, מאַמע?

ער זעט, ער הערט זיי, ווי ער וואָלט געווען באַ־נאַנד מיט אַלעמען... מיט דער נאַכט צוגלייך פאַלט הענע אויפן צעוואָרפענעם געלעגער. און ווערט האַרט אַנטשלאָפן. זי הערט נישט, ווי ס'קינד רופט איר. אַן אַנדערס, אַן איינגעקנוילטס אינם באַרג טונקלקייט, רופט זיך אָפּ:

— אַוועק! די מאַמע רעדט אוודאי מיטן טאַטע.

— גיי, גענאַרסט.

— איך בין נישט קיין ציגיינערין. דעם טאַטן זע איך אויך. איינמאָל האָט ער מיך גענומען אויף דער האַנט. יאָ, יאָ.

— קום אַהער, זעלדע. איך האָב מורא אַליין, ביי־נאַכט קומען געשטאָרבענע, קושן אין דער פינסטער. די באָבע זיסל האָט די מאַמעשי אַרומגענומען, האָט זי גע־שריגן. געדענקסט, די מאַמע האָט געוויינט אין שלאָף?

— שעפּטשעט אויס אַ קינדעריש קולכל.

— כ'וויל נישט! — גיט יענצ'ס אַ קוויטש.

שטיל.

— דער טאַטע וועט קומען, רבקה?

— ביסט אַ גולם! אַ בריוו וועט קומען פון טאַטן... ער וועט שרייבן, מע זאָל פאָרן.

— אַ פור וועט שיקן דער טאַטע?

— אַ נאַר וועט ער שיקן, לעקיש־בער. ווייסטו שוין!

די קינדער אַמפּערן זיך אין דער פינסטער, אַזש די מוטער וועקט זיך איבער.

— וואָסי? — פרעגט זי מיט אַ פאַרלעגן קול.

— גאָרניט, רבקה רעדט.

— וואָס פאַראַ גערייִדעכץ איצט? געשלאָפן זאָל ווערן!

ווידער ווערט אַלץ איינגעגליווערט אין דער צע־שויבערטער פינסטערניש. הענע קען שוין נישט אַנט־שלאָפן ווערן. ס'קליינוואַרג ליגט וואַך, הערט זיך איין אין דער טונקלקייט, וועלכע שאָרכט און קריכט פאַר־דעכטיק נעבן געלעגער. די קינדער קריגן מורא, פאַר־באַהאַלטן זיך אין בעטגעוואַנט און לויערן אויף דער מוטערס אויפזיין. דאָס רעגט זיי. הענע שנופּט מיט דער נאָז, עטעמט מיטן טרוקענעם האַלדז. עס הערט זיך, ווי זי דרייט זיך אויפן געלעגער. אַז ווער פונעם קליינ־וואַרג פרוווט אָנצוכאַפּן זיך אין דער מוטערס וואַכעדי־קייט, עס רופט פּליסטערנדיק:

— מאַמע?

גיט הענע אַ הויכן שריי:

— פּאָפּטס! — און מאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי וויל נאָך שלאָפן.

...זי איז צערייצט, די אָרעמע!

די מיידלעך האָבן נישט קיין געדולד צו שלאָפן. און זי, הענע, ליגט מיט די פאַרמאַכטע אויגן און יאָגט זיך נאָך אים, נאָכן מאַן, וועמען זי האָט אָקאָרשט פאַר־לוירן פון בליק...

* * *

אויפן מאַרק האָבן זיך געקליבן קרענצלעך מענ־טשן. מ'האָט זיך געשושקעט, גערעדט פאַרשטעלטער־הייט, מיט האַלבע ווערטער, חשדיק זיך אַרומגעקוקט.

— די דייטשן...

זייערע פליער האָבן כלומרשט זיך פאַרבלאָנדזשעט אין קלייפּעד. זיי האָבן זיך פאַרבלאָנדזשעט, און מיר האָבן זיי געגלייבט! ש־ש, — מ'האָט גערעדט און מ'האָט נישט געוואָלט עס דערלאָזן צום אייגענעם רעיון. ט'הייסט?.. אוודאי, דערווייל האָבן זיי אַלץ אויסגע־קוקט. מע זאָגט: אַ שוואַרצע קאַץ איז דורכגעלאָפן צווישן אונדז און זיי. אַ האַרבע אַמפּעריי גייט אָן. ס'גאַנצע גערעטעניש פון אוקראַינע ווילן זיי האַיאָר, נאָפּט ברויכן זיי, סם זיי אין די אויגן אַריין! שוין צו־פיל פאַרחוצפּהט, היטלער!.. — מ'האָט געזאָגט, מ'האָט געזען. און איז דורכגעגאַנגען אַ קאָלאָנע טאַנקן, אַ באַ־טאַליאָן זעלנער האָט פאַרביימאַרשירט די גאַס, האָט מען זיך איבערגעקוקט מיט פּחד און אָפּגעטראָגן זיך פון אָרט.

מלחמה!

שרעק האָט פון אַלע ווינקלען אַרויסגעקוקט מיט אומרואיקע גלאָצערס פון ביטערן נסיון.

...דער פאַראיבלדיקער רעש, וואָס איז געשטאַנען אין ווילנע, האָט זיך אויפגעהויבן אויך אין איוועניץ. דאָ, אין דער גרויסער שטאָט, איז די בהלה געווען אַ מער געשטיקטע, אַקוראַט ווי מע וואָלט זיך געשעמט מיט די שרעקן, וואָס זענען שוין נישט איינמאָל דאָ באַפאַלן די מענטשן. אויסבאַהאַלטנדיק זיך אין די אייגענע פיר ווענט, האָט מען אַראָפּגעשלונגען אַ ברענענדיקע טרער. אין איוועניץ, פאַרקערט, איז אַלץ געשטאַנען אין גע־זעמלעך. לייט האָבן זיך געדרייט אויף די איינע ער־טער, איינער נעבן אַנדערן, גלייך מע וואָלט מורא גע־האָט צו בלייבן אַליין אין שטוב. דער טרויער האָט געשריגן פון פאַרגאָסענע אויגן, ס'האָט געקלאָגט די שוואַרצקייט פון די פּנימער. די סכנה, אַ קלעפּיק שאַר־פע, האָט באַשיימפּערלעך זיך געהוידעט אין דער טונ־קלענדיקער שיין. אַ ווייבל האָט נישט געקענט זיך אויס־וויינען מחמת דעם שטיין, וואָס האָט זיך איר אַוועקגע־לייגט אויפן האַרץ, איז זי אַריין צו אַ צווייטער. באַנאַנ־דער מיט אַזעלכענער איז הענע אַרויס מיט אַ באָך טרערן. דאָס קליינוואַרג איז נישט אָפּגעשטאַנען פון די מאַמעס. אויך זיי זענען געוואָרן שטאַרק טרויעריק. אי־בער דער געגנט האָט זיך דורכגעטראָגן אַן עסיקער יאָ־מער, אַ דויערנדיקער, ווי אַ האַרבסט־רעגן, וואָס גרי־זשעט די נשמה מיט נעץ און מיט פינצטערקייט.

לייבל האָט דאָס אָפּגעשפּירט אויף זיין הויט, אַלץ איז געשטאַנען פאַר זיינע אויגן.

אוודאי, הענע האָט געהאַט אויף וואָס צו וויינען.

— נאָך דאָס האָט איר געפעלט! — האָט עס לייב־לען געפּייניקט פאַר אירטוועגן.

זי האָט זיך אויסגעקוקט די אויגן אויף אַ ידיעה פון אים. קיין רו זיך נישט געפונען אין ערגעץ. ער איז

זיכער: זי האָט שוין געוואָלט גיין צופוס קיין ווילנע, נאָר די קינדער לויפן איר נאָך, פאַרקרימען די פּנימ־לעך:

— כ׳וויל אויך צום טאַטן...

— כ׳וועל נישט בלייבן אַליין! —

— מאַמע...

— — — ווי זאָל איך מיר העלפן, גילדענע? איר האָט געוואָרגן דער גרויסער צער פון די קינדערסוועגן, און זי איז מיט פאַרלאָפענעם בליק געבליבן שטיין אַנטקעגן די דריבנינקע מענטשעלעך, וואָס פילן מע־רער, ווי זיי פאַרשטייען. די הענט זענען שווער, פרעמד, ווי העלצער, וואָס זענען נאָר וואָס איר איבערגעגעבענט־פערט געוואָרן, כדי דורך זיי צו קענען אָפּשפּירן די קראַמפן, וואָס הויבן אָן פּאַמעלעך גראָבן און עקבערן אין מאַרך.

וואָס האָט זי געזאָלט טאָן? אויף מענטשן, וואָס זענען אַליין צעמישט, האָט זי נישט געקענט איבערלאָזן די שטוב, וועלכע מאָנט לעבן. ע ר און ווילנע זע־נען פונסניי געוואָרן ווייט, ווייט פון זיי.

די בינטלעך זאַכן וואָלגערן זיך אויפן דיל, און הע־נע קוקט טריב, ווי מיט בעלמעס, אינם אבלן טאָג אַריין. איר קאָפּ באָמבלט זיך אין דער אָנגעדראָלענער פוסטקייט.

עס איז געוואָרן טויט־שטיל אַרום.

— — — — — — — — — — —

ווילנע איז אַוועקגעשליידערט העט, העט פון דער היים.



**חיים לייב פוקס**

# לאַגעווניצקע נומער 9

(פראַגמענט פון דער פּאָעמע „לאָדזש”).

ווי אַ חיה — אומגעהויער,
געפאַנגען אין אַ שטייג.
לויף איך מיט מיין טרויער,
קריך די ציין און שווייג.

ס׳איז דער ווי נאָך גרעסער,
פאַרן גרעסטן לייד.
און שאַרפער פאַרן מעסער,
איז אין האַרץ דער שניט.

ס׳שלעפן מיינע פיס מיך,
דורכן געטאָ גיין.
אַ הויז — אַ טויטן־תּפיסה, —
לאַגעווניצקע 9.

פון דאָ מיין ליבער מאַמען,
מען שלעפּט צום לעצטן גאַנג.
צוויי פינטלעך זונען־פלאַמען,
אין אירע אויגן צאַנקט.

זי בליקט צו מיר אַ לעצט מאָל
און נאָכדעם — זי פאַרשווינדט.
מיט לעצטער טרער באַנעצט זי,
דעם קאָפּ פון שוועסטערס קינד.

אין קאַלטער שטוב אין ווינקל,
דאָרט ליגט מיין שוועסטער — טויט,
דער לעצטער זונשיין פינקלט,
אויף אבלדיקער הויט — — —

איבער טויזנט מיילן,
דאָס אַלעס כ׳האָב געזען.
מיין טריישאָפט, כ׳קען נישט טיילן,
כ׳בין דאָ, כ׳בין דאָ געווען...

— מיט מיינע לאָדזשער יידן,
איך שפּאַן דעם לעצטן וועג.
— מיט זעלבן גורל שמידן,
איך וועל אויך מיינע טעג...

אין נעכט, אילי, דער טייך האָט,
געשריגן זייער שריי.
אין קוימענס זיך געררייכערט,
האָב איך זיך דאַן מיט זיי...

אין קאַזאַכסטאַנער ווינטן,
איך האָב דעם ווייי דערקענט.
און שנעלער פאַר די אינדן,
מיט פיס פון פיין פאַרברענט

בין איך אַהער געפלויגן,
מיט לעצטן טרייסט פון האַרץ — — —
זיך אויסגעוויינט די אויגן,
צו גאָרנישט זיך דערוואַרט...

אין שטערן אויפן הימל,
געזוכט האָב איך באַשייד.
דעם פאַראָל און סימן:
אַז אויפשטאַנד איז געגרייט!..

באָר ס׳האָבן זיך די שטערן
געלאָשן אינעם ווינט.
און אַלע די באַגערן,
געבליבן זענען בלינד... — — —

איצט שפּאַן איך אויף דער וואָר דאָ,
מיט מיינע מידע טריט.
פון אַלע טויזנט יאָרן —
אַליין, אַ לעצטער ייד...

עס טונקלט זיך דער אָוונט,
אויף חרובדיקע ווענט.
און שטילע, ווי פאַראָבלט,
גישט צו זיין דערקענט.

עס ציען זיך די שאָטנס,
פון מיר צום האָריזאָנט.
און ווי צום ברענען, בראָטן,
וואָלט עמיץ זיי געמאָנט —

עס ציען זיך די שאָטנס,
פון מיר ביז עק פון וועלט.
פון מיינע געטאָ־דראָטן,
ביז צום טויטן־פעלד.

עס ציען זיך די שאָטנס,
דורכזיכטיקע, ווי קרעפּ —
און ווי אין פיין־חרטה,
זיי שאָקלען מיט די קעפּ.

ווי קעפּ אין לעצטע רגעס,
אָפּגעהאַקט פון גוף. — —
מיר דוכט: איך הער זיי פרעגן:
איז דאָס, איז דאָס דער סוף?

עס טונקלט זיך דער אָוונט,
מיט נאַכט איך בלייב אַליין.
און ס׳הילט מיך איין דער אומעט,
פון לאַגעווניצקע 9.

עס צינדט זיך אָן אַ שטערן,
און לעשט זיך אויס אין ווינט.
די לבנה, ווי דורך טרערן,
פון אַ טרויעריק קינד.

זי בליקט צו מיר אַראָפּ דאָ,
באַלייכט דאָס טויטן־הויז;
און ס׳דוכט מיר: כ׳זע מען קאָפּעט
אַ גרויסן קבר אויס.

איך זע, ווי רידלען גראָבן,
בלויז רידלען — אָן די הענט.
זיי גראָבן, ביז זיי האָבן
די ערד פון עND צו ענד

צעריסן און צעאַקערט —
די רידלען אָן די הענט. —
און די אַרבעט פלאַקערט,
און די אַרבעט ברענט!

ביז ס׳הויבט זיך אויף און טורעמט,
די ערד — צו הויכע ווענט;
דאָן נעמען זיך געאָרעמט,
די רידלען אָן, ווי הענט...

צעזינגען זיך און טאַנצן,
אין טויטער נאַכט אַריין.
זיי פינקלען און זיי גלאַנצן,
אין לבנהס שטערן־שיין.

זיי טאַנצן און זיי זינגען,
פון טויט דאָס לעצטע ליד.
און הויבן זיך און שפּרינגען —
ביז זיי פאַלן מיד. — — —

און פּלוצים — פון די רידלען,
פּיל ראָבן וואַקסן אויס.
און ווי אויף שוואַרצע פידלען,
מיט ציינער ווייס און גרויס,

צעשפּילן זיי אַ ניגון
גאַנץ ווייט און אומבאַקאַנט.
און ס׳קומען־אָן אין וויגן
ווי פון אַן אַנדער לאַנד —

פול קינדער־קעפּ צעשויבערט,
מיט קעפּ פון זקנים — גרוי;
און ווי אַרויסגעצויבערט,
פון טונקלער נאַכט אַרויס — — —

זיי לויפן פון די וויגן,
צו שוואַרצע רידלען צו.
און צום טאַקט פון ניגון
זיי טוען רידלען אָן. — ——

באַלד ווערט פון קאָפּ און רידל
אַ מענטשלעכער סקעלעט.
און ווי מיט ווערטער מידע,
דוכט זיך מיר: מען רעדט.

ווי ווערטער שטיל אין יידיש
צניעהדיק, פאַרשעמט.
מיט דורותדיקן חידוש —
איך האָב זיי באַלד דערקענט — —

...מיין ליבער קינדער־לשון
דו ביסט מיר אַזוי באַנג!
— ווערסט קיינמאָל נישט פאַרלאָשן,
פון האַרץ און פון געדאַנק...

...מיין מאַמעס שטילע תפילות,
מיין באָבעס קלוגע רייד. —
דאָס לערנען פון אַן עילוי,
פון מיין חדר־צייט.

מיין ליבע. שיר־השירים.
דאָס חתן־כלה ליד.
— דורך אַלע טויט־יסורים,
עס הייליקט דיך אַ ייד.

דעם יידנס אַלטע ווערטער,
די אייביקע געזאַנגען.
פון אַלטע, אַלטע ערטער —
דורך דורות מ׳איז געגאַנגען.

פון איבער מדבר־וועגן,
ביז צו די בבל־טייכן.
זיי קומען איצט אַנטקעגן
און איילן זיך דערגרייכן

צו מיינע לעצטע ברעגן,
און וואונדערלעכן חידוש.
און ווי מיט מיילער פרעגן,
זיי מיך אין פראָסטן יידיש:

צי האָב איך נישט פאַרגעסן,
דעם טאַטנס פרומען ניגון?
די שבת׳ע מעת־לעתן,
וואָס פלעגן מיך פאַרוויגן.

צי קען איך שוין פאַרטייטשן,
אַ פסוק פון דער תורה? — — —
און פלוצים — ס׳דוכט מיר: דייטשן,
איך ציטער און האָב מורא.

די דייטשן בייז מיט שווערדן
צעגלאַנצטע און געשאַרפטע.
ווי אַרויס פון ערד, פון
תהום אַרויסגעוואָרפן. —

זיי שרייען און זיי זידלען,
בייז „הייל" און „יודע" רופן,
צו די קעפּ. אויף רידלען,
צו די רידלען־גופים.

זיי פלוכן און זיי שעלטן,
אַזוי ווי דייטשן קענען.
ווי „הערן" פון די וועלטן,
וואָס דוכט זיך זיי, זיי זענען...

זיי ציען זיך אין מחנות —
מיליאָניקע אַרמייען.
— איז אמת? צי געדאַכט איז —
איך זע: זיי גייען, גייען.

זיי בויגן זיך צו גריבער,
זיי שטייגן צו די הייזער.
— פון אַלע ערטער ליבע,
זיי נעמען זיך באַווייזן.

פון איבער שטעט און גאַסן,
פון איינגענג און פון הויפן.
אַ שטראָמענדיקע מאַסע,
זיי יאָגן און זיי לויפן —

דורך ברענענדיקע שולן,
פאַרוויסטע הייליק־ערטער.
דעם טויטן־האַס צו שטילן
מיט בלוטנדיקע שווערדן.

פון איבער שטיין און שטאָקן,
פון איבער פלויט און דעכער.
מיט גאווה — אומדערשראָקן
זיי הויבן זיך אַלץ העכער... —
— — — — — — — — — —

זיי פילן־אָן די רוימען
צו די הימלען גרייכן — —
דורך די לעצטע צוימען
מיטן טויטן צייכן — — —

און פלוצים — פול געוואָרן
אַרום דאָס גאַנצע אָרט.
איך הער אַ קול עס צאָרנט,
עס הילכט הויך אַ וואָרט.

דאָס וואָרט, וואָס כ׳האָב דערהערט עס
אין מיינע ערשטע טעג;
ווען הימל און ווען ערד איז
געוועזן מיין פאַרמעג.

דאָס וואָרט, וואָס כ׳האָב געשטאַמלט —
וואָס כ׳האָב געהערט פון גאָט.
— איך זע דאָ איצט מיין מאַמען,
זי שרייט עס הויך דאָס וואָרט. — —

און ס׳בלייבן שטיין די דייטשן,
און ס׳קומען יידן אָן.
און פרעגן: איז די צייט שוין,
און טוען בגדים אָן.

זיי הויבן זיך און שטייגן,
ווי איבער הויכע טרעפּ.
די טויטע אויגן שווייגן,
פון זייערע טויטע קעפּ.

די טויטע ליפּן שווייגן,
עס רעדן בלויז די הענט.
וואָס זענען ווי די צווייגן,
אויף קויל און אַש פאַרברענט.

די טויטע גופים שווייגן,
תכריכים רעדן הויך.
און ציען זיך און ס׳לייגן,
די ווערטער בלייך פון רויך.

ווערט יעדער אות און צייכן,
אַ לעבעדיקער ייד.
און הויבט זיך צו די הייכן
און פלאַטערט ווי אַ ליד.



יצחק יאַנאַסאָװיטש

# אַ ייִד פון שטעטל

(פראַגמענט פון אַ פּאָעמע)

געװען איז ער אַ שטילער ייִד,
אַ פּנים — פון אַ גאַנץ יאָר אין אַ בערדל איינגערעמט,
אַ פּראָסט טוכן־היטל און אַ סאַמעטענעם קאַפּל
און אַן אַ קול, װאָס לאָזט זיך הערן.
אַ פּראָסטער ייִד,
שמייכלענדיק צו זיך אַליין פאַרשעמט,
אַזוי עניוותדיק דערשראָקן און צעצאַפּלט,
מיט בלויע אויגן תהילימדיק־פאַרטרערט,
און איבער עפּעס סתם אַזוי פאַרקלערט,
סתם אַזוי פאַרטראַכט ·
און תמעוואַטע —
אָט דאָס איז ער געװען מײַן טאַטע.

אַ שטילער ייִד געװען.
אָן גאווהדיקן בלענד פון אויפגערוישטן זייד,
אָן שוואַרצן גלי פון גלעטנדיקן סאַמעט.
זײַן גוף האָט נישט געקאָנט די יום־טובדיקע פרייד,
די פייערלעכע חשיבות פון אַן אַטלאַסענעם מעמד.
גרוי, װי ער אַליין איז אויך געװען זײַן קלייד,
דער גראָבער װאַטע־שפּענצער אויף די טעג פון אַלע װאָכן,
אָן איידלקייט פון תכלותדיקן בלוי,
פון שוויס פאַרגעלבט, װאַליק־שטייף און רוי,
דער טלית־קטן איז פון אונטערן קאַמזויל אַרויסגעקראָכן,
מיט ציצית באַמבלענדיק ביז שטיוולדיקער בלאָטע.
אַ פּראָסטער ייִד געװען.
זײַן איינציקער פאַרמעג
געװען איז אויף די שבתדיקע טעג
אַ שוואַרץ־געוואַנטענע אַלט־פרענקישע קאַפּאָטע,
װאָס האָט מיט בלייכן שבת־ליכט באַשײַנט,
פון אים אַ שטויביק־אָפּגעטראָגענע געווײַנט,
אַן אויסגעבלאַקעטע געטרויערט,
מיט אַלטע בענקענישן שטומע
און האָפענונגען אַמאָליקע פאַרלויערט.

געװען איז זי — זײַן איינציקער פאַרמעג —
ירושה פונעם זיידן נאָך פאַרבליבן,
אין שטויב און פלעק פון קאָרטענעם געוואַנט
די צייט האָט מיט אַ שווערער אומעטיקער האַנט
דעם טרויער פון אַ לעבן אויפגעשריבן.
ס׳איז ביסלעכוויַיז די האַרטע לאַסט
פון תכלית און פרנסה אַנגעוואַקסן
מיט געלבן זשאַווער
אויף די אַקסל.
אין יאָושדיקער אַלטקייט איינגעפּאַסט
עס האָבן קלאַפּעס, דאַכט זיך, נאָך געלעבט,
מיט װײַטע טונקעלע זכרונות
און זיך געוואונדערט אויף דער באָרד,
װאָס ערשט שוואַרץ געװען און שוין איז
מיט זיקנה־פעדעם זילבערנע געפּאָרט.
און ס׳האָט דער אויסגעגלאַנצטער קאָלנער נאָך געוועבט
דעם װײַטן חלום פון דער יוגנט, פון דער צייט,
װען ס׳האָט אַ קראַגן פון פּאַפּיר פאַרשטײַפט
אַ חתנדיקן האַלדז,

ווען אומגעפלאַטערט האָט אַ שוואַרצער שלייף
אין לייכטן דופט פון מאַנדלדיקער זייף.

אָ, אינעם גלי פון צאַנקנדיקע פלעמלעך
אין שבת־יום־טובדיקע טעג,
האָט יעדער פלעק
אויף אָפגעטראָגענעם געוואַנט
זיך נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל דערמאָנט
פון דעם וואָס איז אַוועק,
אויף אייביק, שוין אויף שטענדיק,
מיט אָפגעטריפטן חלב פון די ווייסע חופה־ליכט
אין בגילופנדיקע הענט,
האָפערדיק און בלענדיק,
מיט שיכורלעכן רויש פון צמוקים־ווייַן,
פאַרגאָסענעם אויף חתונות,
אויף שלום־זכרס און אויף בריתן,
ביי אַ וויַיטן, ווייַטן שמחה־שיין
מיט עגמת נפש און אַמאָליקע פאַרדרוסן.

נאָר איצט אַן אויסגעבלאַקעטע פון יאָרן,
אַן אויסגעפרעסענע פון דלותדיקע שטויבן,
כאָטש אויסגעבאַרשט, פאַרצירעוועט און גאַנץ
האָט די קאַפּאָטע מיט אַ גרינער אומעטיקער שייַן געגלאַנצט,
מיט יענער בלינצלדיקער גרינער שייַן
פון באַלעבאַטישער בכבודיקער נויט,
וואָס פאַרהענגט מיט טיכער אַלע שויבן
ביים מאַכן קידוש איבער שוואַרצן ברויט,
ביים זינגען זמירות וואָכעדיק און שפּל
ביי אַ קאַלטן נישט געדעקטן טיש,
ביי הערינג און ביי גרינלעכע קאַרטאָפל.

אַן אַלט־אַלטמאָדיש קאָרטענע קאַפּאָטע,
וואָס פלעגט זייַן שבת־יום־טובדיקן גוף
מיט איר אַמאָליקייט באַשייַנען.
נאָר אויף די גראָבע שטיוול פלעגט די וואָך
אַן אויסגעטראָטענע,
אַ הפקרדיקע וויינען
און ס'פלעגט דער האַרטער זוילן־סקריפּ
מיט יידישלעכן קרעכץ ביי יעדן שווערן טראָט,
מיט וועלט, מיט גאָט,
מיט שטילן צער אַ כריפּענדיקע טענהן:
— אַפילו דער סמבטיון רוט אַמאָל,
הערט אויכעט אויף צו קאָכן און צו זידן
אין דעם טאָג דעם הייליקן פון שבת,
מכל שכן — אַ פּאָר שטיוול פון אַ יידן,
אַ פּאָר אַלטע וואָכעדיקע שקראַבעס,
די איינציקע, וואָס זענען אים פאַרבליבן.
פאַרוואָס אין תורה דייַנער, גאָט, האָסטו
רו פאַר אָקסן און פאַר אייזלען אָנגעשריבן
און נאָר פאַר שטיוול יידישע קיין ביסל רו,
קיין שבת־טאָג אַפילו נישט באַוואָרנט?

געוועזן אַ שטילער פּראָסטער ייד.
צום שול־קלאַפּן געלאָפן ערשט אין באָד
מיט אויסגעלאַטעטן גראָב־לייוונטיקן העמד
און שטענדיק האָט דער בעדער אים געמוסרט און פאַרשעמט
מיט רייד ווי בעזעמלעך — שטעכיקע און האַרטע:
— דער גאַרבער מיינט, אַז קהל און אַז שטאָט
וועט אויף קבלת־שבת וואַרטן,

ביז ער וועט אויסשינדן די הערנער פון די פעל.
ער האָט געשוויגן שטיל און שמייכלענדיק צו זיך.
דריי מאָל דריי אַריינגעכאַפּט די טבילה,
זיך אָפּגעוואַשן אויף דער שנעל
און מיטן אַלטן העמד זיך אויסגעווישט אויף גיך.
עס זענען ווערטער קאָפּענדיקע, שטילע
מיט טראָפּנס שווייס פון אים אַראָפּגערונען:
— חלילה,
וואָס פאָלט איך איין, ר׳ דוד,
וואַרטן גאָר? כ׳ביז איר מוחל איר, דער שטאָט, דעם כבוד.

נאָר אין דער היים,
ביים קאַרגן שיין פון גראָשנדיקע ליכט,
אַריינגעשטעקט אין זאַמד,
אין לייכטערלעך פון ליים,
האָט ער דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט אויף האַרטן ברעטערדיקן קאַנט
פון נישט געדעקטן טיש
און זיך דעם בעדערס רייד דערמאָנט.
אַרן ביי דעם וואַכעדיקן הערינג, אַנשטאָט שבתדיקע פיש,
עס האָט אַ רעיון אים — אַ הערינג־ביין — געשטאָכן
און פון דעם גרויען בערדל איז אַ זיפץ
פון זיך אַליין אַרויסגעקראָכן:
— אוי, האַרציק־דערבאַרעמדיקער פאָטער!
אויב ס׳איז דיין ווילן נישט, אַז זיין זאָל איך דער גביר —
איז מילא — פטור.
און ווייַן אויף קידוש ווער עס האָט,
איז מילא — האָט ער...
נאָר גרויסער גאָט, עס וואָלט דיר דען געשאַדט,
ווען איך וואָלט ברויט, כאָטש ווייסן ברויט געהאַט?

נאָר באַלד האָט ער דערשראָקן זיך פאַר אייגענעם געדאַנק
און זיך פאַרגאַנען אין אַ טרויעריק זמירותדיק געזאַנג:
כל מקדש... טאַטע, טאַטע,
וואָס האָסטו אָפּגעווענדט פון מיר דיין גנאָד? —
און שולדיק געשמייכלט צו דעם סידור
פאַר די קורצזיכטיקע אויגן זיינע אָפּן,
און אָט אַזוי אַ שמייכלענדיקער און אַ מידער,
איינגעשלאָפן.
און ס׳האָבן זיך די גראָשנדיקע חלב־ליכט
גאָר קיינמאָל אויף זיין בענטשן נישט דערוואַרט.
און צאַנקענדיק מיט שאָטנס אויף די ווענט,
מיט רויך און חלב־טשאַד דערברענט
און זיך פאַרלאָשן.
און אָפּגעטריפט פון זיי האָט שוין צום לעצט,
דער אביונדיקער טרוים וועגן לייכטער מעשענע,
וואָס דער טאַטע האָט אַמאָל אין אַ שווערער צייט פאַרזעצט
צוליב אַ פעלנדיקן גראָשן.

אַזוי האָט ער אין פרייטיקדיקע נעכט
דעם עונג־שבת זיינעם אויסגעכראָפּעט.
און ס׳האָט די מאַמע בייז אַזוי און שלעכט
מיט הוסט אַסמאַטישן פאַרקייכט זיך און געסאָפּעט.
זי האָט אין ווינקל פון דער שטוב — אַ דאַרער בוים
געוויגט זיך איבער אים אין שווערן אומעט
און אירע ווערטער, שטיל־דערהערטע קוים
מיט פליגן צאַפּלענדיקע האָבן אָפּגעזשומעט:
— ער שלאָפט... אַ שלאָפּניש אויף אים דעם פיינעם מענטש,
דעם אומגליק, וואָס האָט מיך אַן עלנטע געטראָפן.

אַז נישט געגעסן און אויך נישט געבענטשט —
ער וואָלט אַ וועלט, אַ גאַנצע וועלט פאַרשלאָפן.

זי האָט געוויגט זיך איבער אים מיט מורמלדיקע ליפּן,
מיט רייד צעצויגענע אין תחינהדיקן כליפּן:
— אַ לעבן, אַ? אַ וועלט... אַ שטאָט... אַ ליכטיקייט ביי לייטן...
און דאָ? נישט שטראָפן זאָלסט מיך פאַר די רייד,
נישטאָ אַ וואָרט מיט וועמען אויסצובייטן,
כאָטש גראָב אַליין אַ גרוב זיך לעבעדיקערהייט
און גיי אַליין צו קבורה זיך באַגלייטן.

און ס'האָט דער מידער ייד זיך אומרואיק געוועקט,
פאַרצאַפּלט פון איר תחינהדיקן קלאָגן.
אין חושך האָט זיין שטים אַ שולדיקע געפרעגט:
האָסט מיך גערופן, אַ? געוואָלט מיר עפּעס זאָגן?
נאָר ס'האָבן אירע רייד מיט פייער שוין געבריט,
מיט הוסט אַסמאַטישן פאַרקייכט זיך און געוואָרגן:
— אַ גוטן אויפשטאַנד דיר, מיין צרהדיק געמיט,
זיך אויסגעשלאָפן שוין, כאָטש זאָג אים אַ גוט־מאָרגן.
און ס'איז אַוועק אַ סדרה מיט געוויין,
מיט טענות ביטערע און האַרבע:
— פאַרוואָס האָט ער דעם עול פון שטוב געלייגט
אויף איר אַליין,
דער שיינער גאַרבער.
וואָס טראַכט ער וועגן דעם, וואָס איציק וואַקסט,
שוין קיין עין הרע אויסגעוואַקסן פון די הויזן
און אַז איר האַרץ צעשמאָלצן ווערט, ווי וואַקס,
ווייל ס'קאָן דאָס קינד נישט ווייזן זיך אינדרויסן.
און וואָס וועט זיין פון דעם דער שוואַרצער סוף,
שוין צייט אַמאָל אַ תכלית צו באַקלערן,
אַ וועלט מיט מענטשן לעבט, און ער, דער גאַרבער שלאָפט,
און ווער עס ציילט דאָס גאָלד —
ער ציילט אין הימל שטערן.

אויף אירע רייד דער טאַטע האָט קיין ענטפער נישט געהאַט.
ער האָט ווי שטענדיק שמייכלענדיק געשטומט.
אַ תכלית, אַ? עס וואָלט אַוודאי נישט געשאַט,
ווען ס'וואָלט נאָר אָנבאַלאַנגט געווען אין אים.
און ס'ווערט מיט טרויער אויסגעבעט זיין שטים
מיט סאַמעטענעם חושך אָנגעזאַפּט.
און ס'דוכט זיך אויס: אויף שאָטנדיקע ווענט
זיין קול האָט בלינד געצאַפּלט און געטאַפּט,
געוואָלט פאַר זיך אַליין דערגיין דאָ אַ באַשייד:
— ער שאָנעוועט נישט דאָכט זיך זיינע הענט
און די מלאָכה איז אים אויך נישט פרעמד,
נאָר ווי צום לייב עס קלעבט דאָס נאַסע העמד
האָט זיך דער דלות צוגעקלעבט צו אים,
און טו און מאַך...

און ווידער שטיל געבליבן און געשטומט,
דערשראָקן פאַר זיין אייגן קול און שפּראַך.
ער איז צו ווערטער נישט געוווינט געווען
דער שטילער ייד, מיין טאַטע.
אַ לעבן־לאַנג האָט ער זיך צוגעוווינט צו שווייגן
און ווי די גאַס, די שטעטלשע ער פלעגט פאַרבייגיין
איז ער דורך אונדזער וועלט אַדורכגעגאַנגען,
אין שטיוול יוכטענע, להבדיל, ווי אַ פויער
מיט אַ דינעם יידישלעכן טרויער.

דורך אונדזער וועלט האָט ער דאָס לעבן דורכגעטראָגן,
ווי אַ געוויין פאַרשטיקטן אין דער קעל.
ער האָט צו אַ מעמד זיך געפּרוווט אַמאָל דערשלאָגן
מיט האַרטע הענט ביי עיפּושדיקער פעל.
נאָר ס׳איז דער לעדער־ריח געוועזן דער פלויט
וואָס האָט זיין וועלט אַרומגעצוימט
מיט דעם קרייז פון עלנטקייט און אומעט.
די גאַס — די סוחריש זאַטע
פון לומדים באַלעבאַטים,
זי האָט פון אים געוויכט.
און אויב ער האָט אַמאָל געגרייכט
צו אַ וואָכיקן והוא־רחום
פאַרן קליינלדיקן עמוד,
עס האָבן קרעמער מורמלענדיק
די נעז געשנייצט זיך,
מיט העוויות פון דעם לעדער־ריח דעם האַרבן,
און ס׳האָט דער שטענדיק פאַרכטיקער נר תמיד
מיט אַ רויטער פלעמלדיקער צונג געררייצט זיך
מיט דעם תמעוואַטן גאַרבער.

ער האָט צום סוף אַראָפּגעלאָזט די הענט,
די מידע גאַרבער־הענט מיט געלע גרויסע פלעקן
אויף די בעגל,
און איז אין נויט געבליבן שוין דאָרט שטעקן,
ווי אַ זעגל
אין אַ ווינט אין גרויסן טויטן ים —
אַ ייד, פאַרקלערט אין זיך אַליין — אַ תם.

ער האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט,
די מידע גאַרבער־הענט, ווי רויע שטיקער פלייש,
צעשפּאָלטענע פון קאַלך און צעהאַקטע
פון שוועבל און פון גיפטיקע עקסטראַקטן.
די שווערע שאַרסטקע הענט,
וואָס האָבן קיינמאָל, קיינמאָל נישט געקענט
די זעטיקייט דערברענגען צו דער שטוב,
די אָרעמקייט פאַרטרייבן פון זיין שוועל.
און אינעם פּאַס, אין אויסגעקאַלכטן גרוב,
עס זענען ווייניקער געוואָרן אַלץ די פעל
און הונגעריקער, הונגעריקער אַלץ
די קינדערס גרויסע אויגן.

און ס׳האָט געפּוסטעוועט דאָס גאַרבערישע פּאַס,
און ס׳האָט דער אייזן־פּאַלץ מיט זשאַווער זיך פאַרצויגן,
און אויף שטעטלדיקער גאַס
ויך שלייכנדיק ביי אַלטע קרומע ווענט
אין נאָגנדיקן אומעט איינגעוועבט,
זיין פלייצע האָט נאָך מער זיך איינגעבויגן.
ער האָט דאָס שטעטל נישט דערקענט.
אָט דאָ האָט ער אַ לעבן אָפּגעלעבט?
אָט דאָ האָט ער זיין ערשטן טראָט געשטעלט?
טאַטע, פּאָטער, — שטיל, אין זיך האָט ער געטראַכט —
סאַר׳אַ תכלית האָט מען עס געמאַכט
פון דיין גרויסער לעבעדיקער וועלט?
— — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —

יצחק גוטערמאַן

# אַ היים

דערציילונג

.1

דער טאָג האָט שוין דורך די ברייטע פענצטער אַריינגעקוקט אין דעם גרויסן, לופטיקן צימער פון דער צוזאַמענוווינונג. אין די צוויי רייען אייזערנע בעטלעך ביי די ווענט זענען שוין די סטודענטינס נישט געלעגן. פון די ריינע געלעגערס האָט זיך געדאַכט, גייט נאָך אַ וואַרעמקייט, וואָס די מיידלשע לייבער האָבן איבערגעלאָזט, עס פלעמלען זיך נאָך שוואַך אַרויס בלויע און הויט־פאַרביקע קאָלירן געבליבענע פון זייערע זיידענע נאַכט־העמדער. די קאָלדרעס אויף די בעטן זענען געלעגן צעקנייטשטע, צעקנאָדערטע מיט אַראָפּהענגענדיקע שפּיצן אויף דער ערד.

די צווייאוןצוואַנציקיעריקע סטודענטין, פרומע היימאַן, האָט זיך די לעצטע איבערגעוועקט פון שלאָף. זינט עטלעכע טעג גייט זי שוין אַרום אַן אומרואיקע פון דער דערוואַרטונג, וואָס אינגיכן ענדיקט זיך דאָס שול־יאָר, און זי וועט אַהיימפאָרן אין שטעטל צו די עלטערן, זיך טרעפן מיט גאַוורישן. אַ זיסער פיבער האָט זי ביז אין דער האַלבער נאַכט אַריין נישט געלאָזט איינשלאָפן.

קוים עפנענדיק די אויגן, נאָך נישט איגנאַנצן אַ דערוואַכטע, האָט זי איצט אַ געשריי געגעבן צו די סטודענטינס, וועלכע האָבן זיך אַרומגעדרייט אין צימער:

— מיידלעך, די פעריען האָבן זיך שוין אָנגעהויבן, וואָס?

די מיידלעך האָבן אַ וואָרף געטאָן אויף איר צעמישטע, צערודערטע בליקן, ווי אויף אַ נאָענטן מענטשן, וואָס איז פלוצלינג משוגע געוואָרן. פרומע האָט זיך באַלד אויסגעניכטערט פון שלאָף. די סטודענטינס זענען אַרומגעגאַנגען נישט אָנגעטוענע, באָרוועסע, צעשויבערטע: זיי האָבן נישט געפּילדערט, נישט געלאַכט, ווי שטענדיק. עס האָט זיך נישט געהערט דאָס קלאַפּן מיט די טירן פון לויפן אַריין און אַרויס און נישט דער טומל פון וואַשן זיך, ווי יעדן אינדערפרי, ווען זיי הויבן זיך אויף פון די געלעגערס.

— לאָמיר שוין הערן אַ וואָרט! וואָס שווייגט איר אַלע! וואָס טוט זיך דאָ?... האָט פרומע נישט אויסגעהאַלטן די שטילקייט.

אַלע פּנימער זענען געווען צעטומלט, צערודערט און די אויגן פולע מיט שרעק און אויפרעגונג. עווע, אַ הויך, שלאַנק מיידל, אַ ברוינע מיט גלאַטע, גלייכגעשוירענע האָר נידריק אויפן קאַרק איז מיט צוריקגעהאַלטענע טריט צוגעגאַנגען צום בעט. עס איז איר שווער געווען צו עפענען דאָס מויל, ווי זי זאָל מורא האָבן פאַר דער צעמישונג, וואָס וועט זיך באַלד באַווייזן אויף פרומעס פּנים, ווען זי וועט דערהערן אירע ווערטער. זי האָט געוואָלט די רייד איינהילן אין עפּעס ווייכס, מילדס, אָבער איידער זי האָט נאָך צייט געהאַט זיי אויסצוקנעטן, אַריינצולייגן אין זיי איר פאַרזיכטיקייט, האָבן די ווערטער רויע, טרוקענע אַליין געגעבן אַ שפרונג אַרויס:

— פרומע, נישטאָ קיין פעריען! אַ מלחמה איז אויסגעבראָכן!

פרומע האָט זיך שטייף צוריקגעלייגט מיטן רוקן אויפן געלעגער, ווי אַן אויטאָמאַטישע לאַלקע, ביי וועלכער אין קאָפּ איז עפּעס קאַליע געוואָרן, ווייל אירע אויגן זענען געבליבן אָפן און פאַרגלאָצט. דאָס מויל, וואָס איז ביי פרומען אַן אַרויסגעשטופּטס, ווי עס זאָל שטענדיק זיין איבערפולט מיט וויץ און געלעכטער, איז איצט געשטאַנען אָפן, ליידיק. אירע ווייסע ציין, וועלכע פלעגן שפּרייטן אַרום זיך ווייבלעכן רייץ און פרייד, האָבן אַרויסגעקוקט פון אונטער די ברייט פאַנאַנדערגענומענע ליפּן, ווי קאַלטע, טויטע ביינדלעך. בלויז דער פרישער גלאַנץ פון אירע לאַנגע, גאָלדענע האָר, צעשאָטענע אויפן ווייסן קישן אַרום איר קאָפּ, האָבן צוויסן געטאָן, אַז דאָס לייב, פון וועלכן זיי וואַקסן אַרויס איז נאָך יונג, בליענדיק, אָנגעקוואָלן מיט לעבן.

פון דער גאַס האָט זיך פלוצלינג דערהערט אַ וויט געברום, און די מיידלעך האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו די פענצטער. פון הינטערן האָריזאָנט האָבן זיי געזען אָנפליען אַ טשאַטע אַעראָפּלאַנען, קליינע ווי פייגל, וועלכע האָבן מיטן דערנענטערן זיך אַלץ פאַרגרעסערט און פאַרשטאַרקט דאָס וויען און ברומען. די סטודענטינס האָבן מיט גרויסע, אויפגעריסענע אויגן נאָכגעשפּירט נאָך זיי אויפן קלאָרן הימל און גרייט געווען צו אַנטלויפן פון אַ געפאַר.

פרומעס פּנים איז צוריק באַלעבט געוואָרן מיט אַ רויטקייט. זי האָט זיך שנעל געגעבן אַ הויב אונטער און אַרויסגעשפּרונגען פון בעט. דערנעבן אויף אַ בענקל איז געלעגן אַ לייכט, געבלימלט קליידל, האָט זי עס אַריבערגעצויגן איבערן קאָפּ און אין דער זעלבער צייט נערוועז געזוכט און געפּאַטשט מיט די באָרוועסע פיס אויף דער פּאָדלאָגע, ביז זי האָט מיט זיי אַרייַנגעטראָפן אין די פאַנטאָפל. די בלאָנדע, נישט צעקעמטע לאָקן אויפן קאָפּ האָט זי אַרונטערגעשטופּט אונטער אַ ווייסן בערעט און אַזוי אַוועקגעלאָפן צו דער באַן: אפשר וועט זי נאָך באַווייזן אַריבערצוכאַפּן זיך אַהיים אין שטעטל.

.2

זי האָט נישט דערקאָנט דעם פעראָן.

עס זענען פאַרשוווּנדן פון דאַנען די לאַנגע באַנען, די קלאַנגען פון בופאָרן, ווען וואַגאָנען שטויסן זיך צוזאַמען און שפּרינגען אָפּ, דאָס פייפן און סאָפּען פון מאַנעווּוירנדיקע לאָקאָמאָטיוון, וואָס לויפן אויף די רעלסן לייכט, שנעל ווי אויסגעשפּאַנטע פערד. מ׳האָט נישט געזען קיין מענטשן באַהאָנגענע מיט פּעק, מיט רייזע־קעסטלעך, מיט וועג־מאַנטלען און פיבער אין די אויגן. די לופט, אייביק אַ פאַרטונקלטע פון רויך, איז געווען ריין, דורכזיכטיק. דאָ, ווו עס איז שטענדיק פול מיט טומל, מיט באַוועגונג, איז איצט רואיק, שטיל.

פרומע האָט געזען בלויז אַ גרויסן, ריינעם פּלאַץ אויסלינירט מיט ליידיקע, בלאַנקענדיקע שינעס, ווי

איינזאַמע, פֿאַרבליבענע שטראַלן פֿון אַן אונטערגעגאַנגענער זון. זי האָט געפֿרעגט דעם מיליציאָנער, וואָס איז דאָ געשטאַנען, צי זי וועט נאָך היינט האָבן אַ באַן צו זיך אין שטעטל אַריין. דער מיליציאָנער, אַן ערנסטער, מיט אַ סך געהיימס אין פּנים, האָט געקוקט אויף איר מיט אַ פֿאַרדעכטיקן בליק און געענטפֿערט, אַז ער קאָן איר וועגן דעם גאָרנישט זאָגן. מיט דער צערודערונג און שרעק פֿון אַ פֿאַרלוירן קינד, וואָס זוכט אַ מוטער, איז זי אַרומגעלאָפֿן איבערן גאַנצן פּלאַץ, זוכנדיק אַ באַן. ערגעץ אויף זייטן־ליניעס האָט זי דערזען איינצלנע צוגן, שטילע, באַהאַלטענע, וואָס היטן זיך פֿאַר דער וועלט. אין זייער שטילקייט האָבן זיי זיך ווי צוגעהערט, צי עס קומט נישט אָן אַ סיגנאַל, כדי צו געבן ערגעץ אַ פֿלי אַוועק. צו יעדן פֿון די צוגן איז זי צוגעלאָפֿן מיט האָפֿנונג, ווי צו אַ היימישן וועג, וואָס קאָן זי פֿירן צו טאַטע־מאַמע, צו גאָורישן. אָבער ביי קיינעם פֿון די באַן־באַאַמטע דאָ האָט זי זיך נישט געקאָנט דערוויסן וווהין די צוגן זענען באַשטימט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז בלויז די שינעס ווייסן דעם סוד, און זיי האַלטן אים אין זיך מיט זייער גאַנצער שטאָלענער שטרענגקייט.

איבערלאָזנדיק דאָ יעדע האָפֿנונג, האָט זיך פֿרומע אָן מוט, מיט שווערע פֿיס פֿון אַלטע מענטשן, גענומען צוריקשלעפּן צום אינסטיטוט. גייענדיק אַ פֿאַרטראַכטע, האָט זי זיך אָנגעשלאָגן אין אַ יונג בוימל. דאָס בוימל האָט זיך לייכט אַ וויג געטאָן, עס האָט זיך דערהערט אַ רויש פֿון די צווייגן, און פֿרומע האָט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ. זי האָט זיך פֿאַרקוקט אויף דער געדיכטער מאַסע יונגע בלעטלעך, אויף דעם ווייסן בליעכץ, וואָס שיינט אַרויס פֿון דער טונקעלער, זאַפֿטיקער גרינקייט און אויף די פֿאַרשפּעטיקטע קנאָספּעלעך, וועלכע פּיקן זיך ערשט אויס אויף דער יונגער הויט פֿון די דינע צווייגלעך. אַ לייכט ווינטל האָט אַ ווייע געטאָן איבערן גרינעם קאָפּ פֿון ביימל און אַראָפּגעיאָגט אויף פֿרומעס פּנים דעם ריח פֿון יונגן בליענדיקן זומער. פֿרומע איז דאָ געשטאַנען ביי דעם ביימל, אָבער איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי געפֿינט זיך אין פּאַרק פֿון איר היים־שטעטל... זי שפּאַצירט איבער די אַלייען, קוקט יעדעס מאָל צום טויער און קאָן אַלץ נישט פֿאַרשטיין פֿאַרוואָס גאָורישׁ קומט נאָך נישט אָן. זי זעצט זיך אויף דער באַנק, וועלכע שטייט אין שאָטן פֿון אַ דיקן בוים מיט אַ געדיכט־באַבלעטערטער קרוין. די באַנק איז אויסגעבעט און אויסגעוואַרעמט פֿון די גליקלעכע שעהן, פֿולע מיט צערטלעכקייטן און טרוימען, וואָס זי האָט דאָ איבערגעלעבט מיט גאָורישן. אויף יענער זייט פֿון בוים הענגט אַ לאָמפּ, איינגעהילט אין אַ מילך־ווייסן קלאָש, וואָס אין אָוונט צירט זיין ליכט אויס די צווייגן, צווישן די בלעטער, מיט גילדענע בלומען און פֿרוכטן, לענגלעכע ווי פֿלוימען, דרייקאַנטיקע און פֿיל־שפּיציקע, ווי שטערן. זי קוקט אין גאָורישס גרויע אויגן, וועלכע לייכטן אויך אַזוי, ווי די ברענענדיקע בלומען אויפֿן בוים...

.3

אַ לאַנגער, שניידיקער פֿייף האָט אַלאַרמירט די שטאָט, אַז עס דערנענטערן זיך דעם שונאס באָמבאַרדיר־אַעראָפּלאַנען. די גאַס, אַ פֿולע מיט מענטשן, איז שנעל אָפּגעקערט געוואָרן, ווי פֿון אַ ווינט. מ׳איז אַריין אין טויערן, אין הייזער, אין באַהעלטענישן. פֿרומע האָט זיך אין ערגעץ נישט באַהאַלטן. זי איז נאָר אַוועק פֿון ביימל און לאַנגזאַם געגאַנגען איבער דער ליידיקער גאַס. זי האָט וועגן טויט גאָרנישט געטראַכט. איר האָט זיך נאָך אַלץ געדאַכט, אַז זי גייט איבער די שטילע גאַסן פֿון איר שטעטל און דערנענטערט זיך צום ווייסן הייזל, ווו עס ווינען אירע עלטערן. דאָ אין די שטובן איז זי געבוירן געוואָרן, פֿונדאַנען איז זי יאָרן לאַנג יעדן פֿרימאָרגן געגאַנגען אין שול אַריין, ביז זי האָט געענדיקט די גימנאַזיע. זי האָט זיך געוואָלט ווייטער לערנען, אָבער דעמאָלט האָט מען קיין יידן אין אוניווערסיטעט נישט אַריינגעלאָזט. די עטלעכע יידישע סטודענטן, וואָס האָבן זיך דאָרט יאָ אַריינגעקריגן, זענען געוואָרן אַראָפּגעשטופּט אויף באַליידיקנדיקע בענק און געמוזט אויסהערן די לעקציעס אונטער קלעפּ, באַקומענע פֿון זייערע נישט־יידישע קאָלעגן. עטלעכע יאָר האָט זי, פֿרומע, דעמאָלט זיך אַרומגעדרייט ביי די עלטערן אין שטוב און נישט געוווסט וואָס צו טאָן מיט זיך. די מאַמע האָט זי שטיל באַדויערט, געקוקט אויף איר מיט פֿייכטע אויגן און געדולדיק געוואַרט זי זאָל זיך אַרויסשלאָגן פֿון קאָפּ דאָס נאַרישקייט פֿון וועלן ווערן אַ געלערנטע. די קאַלטע בליקן פֿון איר האַרטן טאַטן האָבן זי געשטאָכן, ווי נאָדלען. יעדן טאָג האָט ער איר געבערענגט דעם זעלבן ביישפּיל פֿון אַ באַקאַנטן יינגנמאַן פֿון שטעטל, וואָס האָט געענדיקט אַלס אינזשיניער, נישט געקאָנט זיך איינאָרדנען, און מיט דער גאַנצער תורה אין בויך שטייט ער אין אַ סאָדע־וואַסער־קרעמל און צאַפּט פֿון אַ קופּערנעם באַלאָן אַ גלאָז וואַסער פֿאַר אַ גראָשן. דאָס שטיקל ברויט וואָס זי האָט געגעסן אין איר נישט פֿאַרמעגלעכער היים האָט זי געוואָרגן.

שפּעטער איז אין די קאַנטן, ווו פֿרומע האָט געוווינט, אָנגעקומען אַ נייע מאַכט און יעדער וואָס האָט געוואָלט האָט זיך געקאָנט לערנען. דעמאָלט האָט זי, פֿרומע, זיך געזעגנט מיט די עלטערן, מיט גאָורישן און אַוועקגעפֿאָרן אין דער דערנעבנדיקער שטאָט, ווו עס האָט זיך געפֿונען דער אוניווערסיטעט, וועלכער האָט דאָ געהייסן אינסטיטוט.

פֿרומעס טעג, וואָס זענען ביז איצט געווען ליידיקע, גרויע, האָפֿנונגסלאָזע, זענען פֿול געוואָרן מיט לעבן. זי האָט זיך איינגעפֿלאַנצט אין אינסטיטוט, ווי אויף אַ פֿרוכטבאַרער ערד אַ געוויקס, וואָס באַקומט גענוג זון און וואַסער. נאָך יעדער לעקציע האָט זי זיך געפֿילט ווי אָנגעגאָסן מיט פֿרישן טוי. זי האָט זיך מיט יעדן טאָג מער צעבליט, געוואָרן געזונטער, שענער, פֿריילעכער. די סטודענטן האָבן זיך ביי איר געהאַלטן ווי נעבן אַ קרעפֿטיקן בוים, אַן אָנגעקוואָלענעם מיט זאַפֿט. לעבן אַזאַ בוים איז געזונט צו אָטעמען — מען ווערט פֿרייער, לעבנסלוסטיקער...

אין אָנהויב פֿון יעדן חודש, ווען פֿרומע האָט באַקומען די סטיפּענדיע, פֿלעגט זי פֿאַר אַ טייל פֿון דעם געלט קויפֿן אַ מתּנה פֿאַר דער מאַמען און זי אַוועקלייגן אין דעם בלויען וואַליזקעלע אין ווינקל נעבן איר בעט. דאָ האָט זי צו ביסלעך באַהאַלטן די פֿרייד פֿון לערנען זיך, זי געזאַמלט מיט צונעמען אַהיים. עס איז שוין דאָ געלעגן אַ בראָש מיט לייכטנדיקע שטיינער, אַ זיידן בלוזקעלע, עטלעכע קעמעלעך, מיט וואָס די מאַמע האָט ליב געהאַט צו צירן דאָס שייטל. לעצטנס, ביי די עקזאַמענס, איז פֿרומע אויסגעצייכנט געוואָרן מיט אַן אָפּשניט זיידנציץ — האָט זי עס אויך אַוועקגעלייגט פֿאַר דער מוטער...

.4

טראַכטנדיק איצט וועגן דעם וואַליזקעלע, האָט פרומע פאַרשנעלערט די טריט און איז צוגעקומען צו דער הויכער מויער פון אינסטיטוט. פאַר דער צייט, וואָס זי איז דאָ נישט געווען זענען אַהער פאַרפאָרן עטלעכע לאַסט־אויטאָס, אויף וועלכע מען האָט גיך, איילִיק אַרויפגעלייגט ביכער, גלאָבוסן, שקעלעטן, בעטגעוואַנט. אויף די פעק האָבן זיך אַרויפגעזעצט פראָפעסאָרן און סטודענטן און דער אינסטיטוט איז אַוועק אין עוואַקואַציע.

פרומע איז אַריין אין פאָדערהויז און נישט באַמערקט, אַז דאָ איז עטוואָס טונקעלער ווי שטענדיק. פון די ברוינע, איילפאַרביקע ווענט, זענען געווען אַראָפגענומען די טאָוולען, באַקלעפטע מיט מעלדונגען פון ווייס פאַפיר, וואָס פלעגט וואַרפן אין די אויגן אַריין אַ בלאַסן שיין. פרומע האָט זיך געוווּנדערט, וואָס דאָ איז אַזוי שטיל, און ס׳איז קיינער נישטאָ. זי איז אַרויפגעגאַנגען אויף עטלעכע טרעפלעך און זיך אַריינגעדרייט אין לאַנגן קאָרידאָר, וועלכער איז אויף ביידע זייטן געווען פול מיט טירן. זי איז צוגעגאַנגען צו איר קלאַס, געעפנט די טיר און אַריינגעקוקט. זי האָט דאָ געזוכט די היימלעכע בליקן פון די סטודענטן, יעם פריילעכן שמייכל, דעם וואַרעמען אָטעם זייערן; זי האָט געוואָלט הערן די רואיקע, געזעצטע רייד פון די פראָפעסאָרן, אָנגעזעטיקטע מיט וויסן און חכמה. אָבער זי האָט מער נישט געזען ווי ליידיקע, קאַלטע טישן און בענק, אומגוצלעכע, פאַרלאָזענע. די ווענט זענען געשטאַנען נאַקעטע, וויסטע. צוזאַמען מיט די פאָרטרעטן און מאַפעס איז אַראָפ פון זיי די וואַרעמקייט, די היימישקייט. פרומע האָט אַריינגעקוקט אין אַ צווייטן קלאַס. אויך דאָ איז ליידיק. זי איז געגאַנגען פון איין זאַל צום צווייטן, און עס האָט זיך איר נישט געוואָלט גלויבן, אַז אין גאַנצן אינסטיטוט איז שוין קיינער נישט פאַראַן. זי האָט גענומען שרייען, רופן נעמען פון באַקאַנטע פראָפעסאָרן און סטודענטן. די טירן הינטער זיך האָט זי געלאָזט אָפן און פון די ליידיקע צימערן האָבן איר געענטפערט אַ סך הוילע שטימען. זי האָט זיך דערפרייט מיט דער היימלעכקייט און געזוכט אין די שטובן ווער עס ענטפערט איר. נישט געפונענדיק קיינעם, איז זי געלאָפן פון צימער צו צימער און זיך געיאָגט נאָך איר אייגענעם ווידערקול.

פון פרומעס ברוסט האָט זיך אַרויסגעריסן דער נאָמען, מיט וועלכן זי איז פול געווען: גאַוריש! גאַוריש האָט איר געענטפערט מיט אַ סך קולות. עס האָט זיך אין איר דערוועקט אַ ווייט געפיל פון אַמאָל, ווען זי האָט זיך געשפילט מיט גאַורישן אין וואַלד... ער איז פאַרשוווּנדן, און זי האָט אים גערופן. זי האָט דעמאָלט נישט געוווּסט, ווער עס ענטפערט איר אָפּ: גאַוריש, צי דער וואַלד. אַז עס האָט זיך צעקלונגען איר געלעכטער, האָט זי אויך נישט געוווּסט ווער עס שפּעט איר נאָך — גאַוריש צי דער וואַלד...

פרומע האָט גענומען רופן דעם פאָטער און מוטער. זי האָט אויסגעשריגן יעדן נאָמען, וואָס איז איר געלעגן אויפן האַרצן. זיי האָבן איר געענטפערט מיט זייערע אייגענע נעמען. נאָר אַ סך מאָל טאָפּלט. זי איז געלאָפן איבער די לאַנגע קאָרידאָרן, אַרויף און אַראָפ איבער די שטאָקן, און דער גאַנצער אינסטיטוט, ביידע עטאַזשן, זענען געווען פול מיט ווידערקולות, מיט נעמען פון אירע נאָענטסטע.

צום סוף האָט זי איינגעזען, אַז זי איז אינגאַנצן אַליין. עס האָבן זי געשראָקן די קולות, וואָס זענען געקומען פון דער פוסטקייט, פון די הוילע ווענט און ליידיקע צימערן. זי האָט זיך דערמאָנט אין דער שטענדיקער היימלעכקייט פון איר צוזאַמענוווינונג און איז אַהין אַריין. דאָס שענקל צווישן די צוויי ברייטע, ליכטיקע פענצטער איז געשטאַנען מיט אָפענע טירן, ווי אויסגעשטרעקטע הענט פאַר זיך, נאָר אינעווייניק איז נישט געווען באַמאָלן מיט פאַרבן פון פאַרשידענע קליידער און וועש ווי שטענדיק. עס האָט פון דאָרט אַרויסגעקוקט אַ טונקעלע, שרעקעדיקע פוסטקייט. אויף די בעטלעך ביי די ווענט איז מער נישט געלעגן דאָס ווייסע בעטגעוואַנט, וואָס האָט אין זיך געטראָגן די וואַרעמקייט און דעם לעבעדיקן אָטעם פון מענטשן. זי האָט געקוקט אויף די ליידיקע אייזערנע בעטן, און עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז די קישנס און קאָלדרעס זענען געווען דאָס לעבעדיקע לייב זייערס, וואָס מ׳האָט אָפגעשיילט פון זיי און עס זענען געבליבן בלויז די שקעלעטן.

.5

אין ווינקל נעבן איר בעט האָט זי דערזען דאָס בלויע וואַליזקעלע, וואָס שטייט שוין דאָרט עטלעכע טעג אַן איינגעפּאַקטס, אַ גרייטס צו איר אַהיימפאָרן. די חברטעס אירע האָבן, ווייזט אויס, בעתן געאײַל, ווען זיי זענען אַוועק פון דאַנען, געטראַכט, אַז זי, פרומע, וועט זיך נאָך אומקערן אַהער און האָבן עס איבערגעלאָזט. פרומע איז צוגעלאָפן, אַ כאַפּ געטאָן דאָס וואַליזקעלע און עס געעפנט. זי האָט אַרויסגענומען פון דאָרט די זאַכן און אַ פאַרטראַכטע זיי אויסגעלייגט אויפן בעט.

...פון ערגעץ האָט זיך אַרויסגעשלייכט די מאַמע און צוגעקומען צום בעט. פרומע האָט איר אָנגעטאָן דאָס נייע בלוזקעלע און צוגעשפּילעט צו דעם די בראָש. זי האָט גלייכגעקעמט דאָס שייטל אויף איר קאָפּ און אַריינגעשטעלט די קעמלעך. דערנאָך האָט זי צוגעמאָסטן דער מאַמען דעם אָפּשניט זיידנצייג — איר אויסצייכנונג פאַרן גוטן לערנען זיך. אונטער אירע הענט איז פון דעם שטאָף געוואָרן אַ קלייד. די מאַמע איז מיט שטילע טריט צוגעגאַנגען צו דער ברוינער שאַנק און דאָס קלייד דאָרט אַריינגעהאָנגען. זי וועט עס אָנטאָן נאָר אין שבת אָדער אין אַ יום־טוב און אין דעם זיך ווייזן פאַר משפּחה און שכנים. פרומע האָט געזען, ווי די מאַמע כאַפּט ביי יעדער געלעגנהייט אַ באַהאַלטענעם קוק אויף זיך אין שפּיגל. עס פרייט זי, דער מאַמען, נישט דער בלויער גלאַנץ און די פיינקייט פון שטאָף, נאָר די לויב וואָס ליגט אין אים, די לויב פאַר איר טאָכטער, אַז זי לערנט זיך גוט. אירע אויגן וואָס זענען יאָרן לאַנג פייכט געווען פון שטילן צער, גלאַנצן איצט פון נחת...

...און אָט האָט פרומע דערזען דעם טאַטן. ער קוקט אויף איר מיט בייזקייט און פאָרוואורף. זי האָט אויסגעקליבן די העפטן, אין וועלכע די פראָפעסאָרן האָבן אַריינגעשריבן זייערע גוטע מיינונגען וועגן איר, האָט זיי געעפנט און צוגעטראָגן דעם טאַטן צו די אויגן. ער מאַכט זיך נישט זען וואָס דאָרט איז אָנגעשריבן, אָבער פון אַ זייט וואַרפט ער יעדעס מאָל אַ באַהאַלטענעם בליק אין די בלעטלעך. זי האָט זיך צוגעקוקט ווי דער בייזער וואָלקן אויף זיין פנים צעגייט זיך צוביסלעך,

נאָר ער באַמיט זיך איינצוהאַלטן די פרייד אין די אויגן, וויל נישט עפענען דאָס מויל אַ שמייכל צו טאָן. אָבער לאַנג שפּילן זיך האָט ער קיין כּוח נישט. זיינע באַקן נעמען זיך רויטלען און פון צווישן דעם קליינעם, שפּיציקן בערדעלע און די קורצע וואָנצעס רוקן זיך אַרויס די ווייסע ציין, אויף וועלכע עס שפּילט זיך אַ גוט געלעכטערל. „טאַטע, זאָגט זי צו אים, דו ביסט גאָרנישט אַזאַ בייזער ווי דו זעסט אויס." דעמאָלט צעלאַכט זיך שוין ביי אים דאָס גאַנצע פּנים, און ער איז זיך אָפּן מודה: „יאָ, טאָכטער, דו ווערסט אַ לייט." זי האָט זיך צוגעבויגן צום טאַטן און געוואָלט אים אַ קוש טאָן אין באַק, אין דעם ליידיקן שטיקל אָרט נעבן דער באָרד, נאָר אין דער זעלבער רגע האָט אַ קלאַפּ געטאָן אַ מעכטיקער דונער און באַלד נאָך אים אַ צווייטער און אַ דריטער.

פרומע האָט אַ ציטער געטאָן צוזאַמען מיט די שויבן און ווענט פון אינסטיטוט, און די אויערן זענען איר אויף אַ רגע פאַרשטאָפּט געוואָרן. זי האָט זיך שנעל אויסגעניכטערט פון אירע חלומות און צוגעלאָפן צום פענצטער.

פון אַנטקעגנדיקן הויז האָבן פון דאַך־ און פענצטער־לעכער אַרויסגעשפּאַרט וואָלקנס רויך, און שטיקער מויער, לאַווע זאַמד האָבן זיך געשיט אויף דער ערד אַראָפּ. אַ העלפט פון דער פאָדערשטער וואַנט האָט זיך גענומען וואַקלען, ווי זי זאָל נישט קאָנען באַשליסן, צי זי זאָל פאַלן אינעווייניק אַריין אָדער אין דרויסן אַרויס. צום סוף האָט זי זיך געגעבן אַ בויג אויס אויף פאָרנט, געלאָזן, מיושבדיק זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן אַספאַלט פון דער גאַס און צעשפּרונגען געוואָרן אויף שטיקלעך. דאָס הויז איז געבליבן שטיין ווי מיט אַ געעפנטן שאַרבן און פון דער אָפּנקייט האָט געזעצט אַ ווייסער און שוואַרצער רויך, אין וועלכן עס האָבן זיך געשטיקט בלויע און רויטע פייערן. ווי אויף אַ שטומען פאַרנעפּלטן עקראַן האָט פרומע דאָרט געזען אַ פרוי מיט אויסגעשפּרייטע הענט און אַ צעעפנט מויל. נאָר קיין געשריי הערט זי נישט. פרומען האָט זיך געדאַכט, אַז זי זעט אין די פלאַמען איר מוטער און האָט אַ געשריי געגעבן: מאַמע! די פרוי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אינם רויך און פייער און דאָרט דערטרונקען געוואָרן...

פרומע איז אַ פאַל געטאָן אויף אַ בעטל נעבן פענצטער. דער רויך פון גאַס איז לאַנגזאַם אַריינגעדרונגען דורך די שפּאַרעס און פול געמאַכט די שטוב. אין דער פאַרחלשטקייט האָט פרומע דערפילט ווי איר קאָפּ ווערט וואָס אַמאָל שווערער און עס שטיקט איר אין האַלדז. זי האָט אַן עפן געטאָן די אויגן און דורך אַ נעפּל געזען ווי די ווענט דרייען זיך אַרום איר. דער געדאַנק, אַז זי קאָן אַזוי איינשלאָפן אַ פאַרטשאַדעטע, האָט זי אַ שטעל געטאָן אויף די פיס. אַ וואַקלדיקע, מיט אַ שיכּרות אין קאָפּ, איז זי צוגעגאַנגען צו איר בעט, צוזאַמענגענומען די מתנות און זיי צוריק אַריינגעלייגט אין וואַליזקעלע. אין צימער איז שוין געווען טונקל פון רויך און פון אַנקומענדיקן אָוונט. דער אָפּשיין פון אַנטקעגנדיקן פייער האָט אַרומגעטאַנצט אויף די ווענט. זי האָט געכאַפּט דאָס וואַליזקעלע און אַרויסגעלאָפן פון אינסטיטוט.

.6

פרומע איז נאָכאַמאָל אַוועק צום וואָקזאַל און געזוכט אַ וועג אַהיים. זי האָט נישט געפונען קיין באַן און זיך געלאָזט צופוס אין וועג אַריין. זי איז געגאַנגען צווישן די שינעס, געשפּרונגען איבער די קלעצלעך, געוואָלט מיט איין שפּרייז זיין אינדערהיים, געפינען זיך נעבן אירע נאָענטע. די נאַכט איז איר פאַרלאָפן דעם וועג, זי נאָכגעיאָגט פון הינטן, אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן. זי האָט געמיינט, אַז זי וועט שוין אַזוי בלייבן שטעקן אינדערמיט, אַ צוגעדריקטע צו דער געדיכטער פינצטערניש, און נישט קאָנען זיך רירן פון אָרט. בלויז די זאַפטיקע ריחות פון דעם אויפגייענדיקן גרינס אויף די אַרומיקע פעלדער האָבן זיך אַדורכגעשלאָגן צווישן דער פינצטערניש און איר צו וויסן געטאָן, פרומען, אַז די וועלט אָטעמט נאָך מיט לעבן. אָבער די ווערעמלעך און פליגעלעך צווישן די גראָזן האָבן אַזוי געגרילט, געצישעט, אַז ס'האָט איינגעגעסן אין איר האַרץ, ווי אַ יאָמער. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז די ערד האָט געעפנט טויזנטער מיילער און קלאָגט און קרעכצט פון דעם ווייטיק, וואָס ווערט איר אַ גאַנצן טאָג אָנגעטאָן, פון דעם בלוט, וואָס גיסט זיך אויף איר, פון די באָמבעס און גראַנאַטן, וועלכע רייסן אויף איר לייב, פון די פייערן, וואָס ברענען זי.

מיטאַמאָל האָבן פון צוויי זייטן אויפן פעלד, גאַנץ ווייט פון איר, געגעבן אַ שיס אַרויף אין דער הויך צוויי לאַנגע, ליכטיקע שטראַלן. די שטראַלן האָבן זיך קרום געצויגן איבערן פעלד צום הימל צו און אויבן מיט די עקן זיך געקרייציקט ווי פעכטנדיקע שפּיזן. די שפּיצן פון די פייער־זיילן האָבן אַוועקגעקראַצט, פאַרטריבן די פינצטערניש פון הימל, אַדורכגעלויכטן אים און ווי מיט פינגער, געזוכט, געטאַפּט, צי עס באַהאַלטן זיך נישט דאָרט אין די הויכן קיין עראָפּלאַנען. דאָס ליכט איז געשטאַנען איבער פרומען ווי צוויי אויפגעהויבענע, פייערדיקע בייטשן, און זי איז שנעל געלאָפן פאָרויס.

ווען די צוויי ליכט־פאַסן זענען שוין לאַנג געהאַט פאַרשוווּנדן, ווי איינגעשלונגען פון דער ערד, איז פרומע נאָך אַלץ האַסטיק געלאָפן. זי האָט נישט געוווּסט וויפיל שעהן זי לויפט שוין אַזוי און ווי ווייט זי איז אַוועק. פאַר די אויגן האָט זי מער נישט געהאַט אַזאַ פינצטערניש. אויפן הימל, ביים האָריזאָנט, זענען אַרויס רויטע פלעקן, וועלכע האָבן אָפּגעווישט די טיפע בלויקייט צוזאַמען מיט די שטערן. אין טייל ערטער זענען זיך די שטיקער פייער צוזאַמענגעגאַנגען, און פון באַזונדערע פלעקן איז געוואָרן איין ברייטער פלאַם. אַמאָל האָט זיך איר געדאַכט, אַז דער גאַנצער האָריזאָנט וועט זיך באַלד אָנצונדן אַרום און אַרום אין אַ רינג און דאָס פייער וועט זי מער נישט אַרויסלאָזן פון זיך. באַלד ווידער האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז די ערד איז פאַרגאָסן מיט אַ בלוטיקן טייך, און ער שלאָגט זיך אָפּ מיט אַזאַ רויטקייט אויפן הימל.

אין לויפן האָבן זיך אירע פיס אָנגעשלאָגן אין עפּעס ווייכס, גליווערדיקס. זי איז אַ פאַל געטאָן איבער אַ גרויסער, גליטשיקער זאַך, וואָס איז געלעגן אין דער ברייט פון וועג. די פלאַמען אויפן הימל זענען געווען ווייט פון פרומען, זי האָט זיי בלויז געזען, אָבער זיי האָבן נישט באַוויזן ליכטיקער צו מאַכן דאָס אָרט ווו זי האָט זיך געפונען. זי האָט מיט די פינגער געטאַפּט דאָס פלאַטשיקע בערגל, אויף וועלכן זי איז געפאַלן און נישט געוווּסט, צי די האַנט אירע גליטשט זיך אויף אַזעלכע שטייפע גרעזלעך צי אויף האָר. מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט דאָס גערויש פון אַן

אויטאָמאָביל, און איבערן וועג איז געלאָפן אַהערצו אַ שוואַך פייערל פון אַ בלוי, מאַסקירט לעמפּעלע. פרומע האָט זיך האַסטיק געגעבן אַ קאָלער אַריבער איבערן בערגל און געבליבן ליגן ביי דער זייט. ווען דאָס לעמפּעלע פון דער פאַרביילויפנדיקער מאַשין האָט אַהערגעוואָרפן אַ ביסעלע שיין, האָט זי דערזען, אַז זי געפינט זיך צווישן די פיס פון אַ טויט פערד, און אַ גרויס, שטאַר אויג האָט געקוקט אויף איר. זי האָט זיך געגעבן אַ ריס פון אָרט און געוואָלט אַנטלויפן, אָבער אין דער פינצטער זענען אירע פיס אַריינגעטרעטן אין פערדס קלעבעדיקן אינגעווייד און זיך פאַרפּלאָנטערט. זי האָט אוממעכטיק געשלעפּט, געצאַפּלט מיט די פיס, ווי אַ געבונדן הינדל. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז דער טויט האָט זי אָנגעכאַפּט ביי די פיס און לאָזט זי נישט אַוועק.

זי האָט זיך קוים אַרויסגעגראַבלט פון דער פייכטער מאַסע, איבערלאָזנדיק די פאַנטאָפל. אויך דאָס היטעלע האָט זי פאַרלוירן. בלויז דאָס וואַליזקעלע איז געבליבן ביי איר. פון דעם שטאַרקן באַגער ניט אָנצווערן די מתנות, וואָס זי פירט אַהיים פאַר טאַטע־מאַמע, די פרייד וואָס זי האָט אַ גאַנץ יאָר געזאַמלט פאַר זיי — איז דאָס וואַליזקעלע געווען ווי צוגעוואַקסן צו איר האַנט.

דאָס פייער אויפן הימל האָט גענומען בלאַסער ווערן, דער אָנקומענדיקער טאָג האָט לאַנגזאַם געלאָשן די רויטקייט. דער טאָג איז אויפגעגאַנגען אַנדערש ווי שטענדיק. אויפן הימל איז פאָרגעקומען אַ בייט נישט צווישן פינצטערניש און העלן טאָג־ליכט, נאָר עס איז פאַרגאַנגען די פייערדיקע רויטקייט, און אויף איר אָרט זענען אַרויסגעקומען שוואַרצע וואָלקנס רויך. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער רויך קעמפט מיטן טאָג און לאָזט נישט אַראָפּ זיין העלע שיין אויף דער ערד.

דער איינציקער ליכטיקער פונקט דאָ אויף דער ערד, וואָס פרומע אַליין האָט נישט געזען, איז געווען די גאָלדענע, צעלאָזענע האָר, וואָס האָבן אַרומגעהילט איר קאָפּ. ס'האָט אויסגעזען, אַז דאָס לויפט אַזוי איבערן וועג אַן אַראָפּגעפאַלענער שטערן, וואָס האָט זיך ביינאַכט געראַטעוועט פון ברענענדיקן הימל.

.7

ענדלעך האָט זיך דער טאָג אַרויסגעקריגן פון דער פינצטערניש. בלויז אויף איין אָרט איז נאָך געבליבן אַ געדיכטער, שוואַרצער פלעק. וואָס ליכטיקער עס איז געוואָרן, אַלץ מער האָט זיך אויף דעם אָרט אָנגעזען די שוואַרצקייט. פרומע האָט דערקאָנט דעם וואַלד נישט ווייט פון איר היים־שטעטל, דעם גוט באַקאַנטן וואַלד, וווּ דאָס יונגוואַרג פלעגט אין הייסע טעג זיך קומען אָפּפרישן. זי האָט זיך דערמאָנט די לויטערע פרימאָרגנס נאָך אַ רעגן, ווען זי איז אַהערגעקומען קלייבן יאַגדעס, שוואָמען. דאָ האָט זי שפּאַצירט מיט גאַווערישן, זיך אַרומגעיאָגט מיט אים. אין איינזאַמע שעהן איז זי געלעגן אויף דער ערד אונטערגעבעט מיט גרינע נאָדלען און שישקעס, אַראָפּגעפאַלענע פון די הויכע, גלייכע סאָסנעס, און האָט אַריינגעאָטעמט דעם געזונטן, וואַלדיקן אַראָמאַט. צווישן די צווייגן האָבן געשימערט זילבערנע פלעמלעך פון שאַרפן טאָג־ליכט און אויפן בלויען הימל זענען לאַנגזאַם געשוווּמען פוכיקע וואָלקנדלעך, אַדורכגעלויכטענע פון דער זון...

ווען פרומע איז צוגעקומען נענטער צום וואַלד האָט זי געזען, ווי עמעצער שטייט דאָרט איינגעבויגן איבער אַ מאָטאָציקל און שרויפט עפּעס. באַמערקנדיק זי האָט ער זיך אויסגעגלייכט, און זי האָט דערזען אַ דייטש אין אַ גרינעם אוניפאָרם. ער האָט זי אַ רוף געטאָן מיט דער האַנט און עפּעס געשריגן צו איר. זי איז שנעל אַראָפּ פון וועג, זיך אַ לאָז געטאָן איבערן פעלד, ווי אַ געיאָגטער הירש, און פאַרשוווּנדן אין וואַלד אַריין. זי האָט געהערט דעם עכאָ פון שאָסן און דאָס אָפּקלאַפּן פון קוילן אָן ביימער. צווייגלעך האָבן געקנאַקט און געפאַלן אויף דער ערד.

טיף אין וואַלד האָט זיך פרומע אָפּגעשטעלט און פון הינטער אַ בוים אַ קוק געטאָן, צי דער דייטש יאָגט זי נישט נאָך. זי האָט קיינעם נישט געזען. ס'איז געווען שטיל. פון מידקייט האָט זי מער נישט געקאָנט איינשטיין אויף די פיס, זי האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויף דער ערד און אָנגעלענט דעם רוקן אין אַ בוים. איר פאַרחלשטער קערפּער האָט געבעטן זיך אינגאַנצן אויסצוציען און צומאַכן די אויגן, אָבער די געדאַנקען האָבן נישט געלאָזט, געהייסן זיין וואַך און פאָרזיכטיק.

דער וואַלד איז איר באַקאַנט געווען, ווי איר אייגענע שטוב, און זי האָט זיך אַרומגעקוקט צו געפינען דעם נאָענטסטן וועג אין שטעטל אַריין. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז זי זעט שוין צווישן די ביימער אַדורכשיינען די הייזלעך, און באַלד וועט זי זען טאַטע־מאַמע. זי האָט מיט די פינגער גלייכגעקעמט די האָר און זיך אַרומגעקוקט ווו צו נעמען אַ ביסל וואַסער אָפּצוואַשן די פאַרבלוטיקטע, שמוציקע פיס.

זי האָט זיך שוין געוואָלט אויפשטעלן, נאָר די מידקייט פון לייב האָט נישט געלאָזט און זי געצוווּנגען ווייטער צו זיצן. די נידריקע קוסטעס זענען געווען פול באַלייגט מיט שוואַרצע יאַגדעס, געבאָדענע אין פרישן טוי, נאָר פרומע האָט זיך עפּעס געשראָקן פאַר זיי. זיי האָבן געקוקט אויף איר פון די גרינע בלעטלעך אַפער, ווי טויזנטער שוואַרצע אייגעלעך. גאָר נידריק זענען געוואַקסן רויטע פּאָזשיאָמקעס, און זי האָט אין זיי אויך געזען אַזעלכע אייגעלעך, פאַרגאָסענע מיט בלוט.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט און געגאַנגען טיפער אין וואַלד אַריין. יעדעס שטעגל האָט זי זיך דאָ דערמאָנט. אָבער דאָס וואַלדיקע ווינטל איז איר אויסגעקומען פרעמד — עס איז נישט געווען אַזוי פריש און שמעקעוודיק ווי יעדעס מאָל אין אַזאַ זומערדיקן פרימאָרגן. עס האָט געבלאָזן אין פּנים אַריין אַ נישט אָנגענעמער ריח.

זוכנדיק מיט די בליקן אַ וועג צווישן די ביימער האָט זי פונדערווייטנס געזען ליגן אַ מענטש. זי האָט זיך פאַרהאַלטן און אַ טראַכט געטאָן צו אַנטלויפן אין אַ צווייטער ריכטונג. נאָר לויט דער לאַנגער קאַפּאָטע און פאַרריסענעם בערדל צום הימל האָט זי דערקאָנט, אַז דאָס איז אַ ייד. מיט אָנגעשפּיצטע אויגן און אַ געפיל פון פאַרדאַכט האָט זי זיך געשלייכט צווישן די ביימער נענטער צו דעם ליגנדיקן. ווען זי איז צוגעגאַנגען צום ראַנד פון דער וואַלד־געדיכטעניש, איז זי מיט אַמאָל שטיין געבליבן. אין קאָפּ האָט איר אַ בלענד געטאָן, ווי עס זאָלן זיך דאָרט האָבן געעפנט טויזנט פּאָר אויגן און דער ייד וואָס איז דאָ געלעגן האָט זיך אין זיי טויזנט מאָל געטאָפּלט.

נאָר דאָס בלענדעניש איז באַלד פֿאַרשוווּנדן און צוזאַמען מיט דעם אויך דאָס ליכט פֿון אירע אויגן, אַז זי האָט מער גאָרנישט געזען. די פֿיס זענען איר געוואָרן שטייף, זי איז שטיין געבליבן און אַזוי שטייפֿערהייט אַנידערגעפֿאַלן, נישט פֿילנדיק דעם ווייטיק פֿון קלאַפּ און נישט הערנדיק דעם אָפּהילך פֿון אייגענעם קערפּער אָן דער ערד. איר גוף איז געווען שטאַר, אָפּגעשטאָרבן, נאָר אונטערן מוח־שאַרבן איז איבערגעבליבן דאָס בילד, וואָס זי האָט פֿריער אין איין אויגנבליק אַ דערזע געטאָן. דאָס בילד האָט אויך ווי אַדורכגעשיינט דורך איר לייב און אָפּגעשפּיגלט דעם פּלאַץ דאָ, וואָס איז געווען פֿול באַלייגט מיט מענטשן. טייל פֿון די מענטשן האָבן די פּנימער געהאַלטן איינגעגראָבן אין דער ערד און אַנדערע האָבן מיט פֿאַרשטאַרטע אויגן געקוקט צום הימל. אויף עטלעכע ערטער זענען מענטשן געלעגן איינער אויפֿן צווייטן אין גאַנצע בערגלעך. זיי זענען אויך געלעגן צווישן די ביימער אַרום דעם פּלאַץ. טייל פֿון זיי האָבן ווי געוואָלט אַריינקריכן אין וואַלד און אַנדערע — ווי זיי ווילן זיך פֿון דאָרט אַרויסגליטשן.

אין פֿרומעס שווערן, פֿאַרנעפּלטן קאָפּ האָט געזווייטיקט אַ געדאַנק, אַז זי איז טויט ווי אַלע דאָ אַרום און זי האָט נישט פֿאַרשטאַנען, ווי אַזוי זי קאָן וועגן דעם טראַכטן. איר פּנים איז געווען ווייס, פֿאַרגליווערט און די אויגן — אַזוי ברייט געעפֿנט, אַז די דורכזיכטיקע, בלויע אַפּלען זענען אויסגעקומען זייער קליין אין דעם אַרום פֿון די גרויסע, גלאַנציקע ווייסלען.

אַן איינגעקורטשעטע פֿרוי איז געלעגן מיטן פּנים צו דער ערד. קורצע, גרויע האָר האָבן באַדעקט איר קליינעם קאָפּ. נעבן איר איז געלעגן אַ טונקל שייטל ווי אַ שיסל געמאַכט פֿון האָר. פֿרומע האָט לאַנג געקוקט אויף דעם רוקן פֿון דער פֿרוי, און פֿון די בלומען אויפֿן שטאָף, האָט פֿאַר איר מיטאַמאָל אַ שיין געטאָן די מאַמעס שבתדיקע בליוזקע...

די אָרעמס, אין וועלכע פֿרומע האָט אַ גאַנצע נאַכט געטראָגן די גרייטקייט אַרומצונעמען אירע נאָענטע, האָבן אַרומגענומען אַ בוים, וואָס איז געשטאַנען דערנעבן. דער בוים האָט איר נישט געענטפֿערט מיט קיין שום ווייכקייט, מיט קיין שום באַוועגונג, אָבער איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי נעמט אַרום אַ לעבעדיקן מענטש. זי האָט זיך פֿעסטער אָנגעשפּאַרט אָן אים מיט דער ברוסט, מיטן גאַנצן לייב.

---

משה קנאַפּהײַס

# דאָס קלאָג־ליד פֿון מײַן טאַטן אויפֿן גענשער בית־עולם

אויפֿן גענשער בית־עולם קוואַטיר הונדערט זעכצן,
ליגט מײַן טאַטע שמואל־יוסף. דערנעבן, פֿון רעכטס אים

ליגט דער זיידע, די פֿעטערס, די גאַנצע משפּחה,
די פֿאַרגאַנגענע דורות, פֿאַרקריצטע מיט שבחים, —

האָבן רואיק געלעבט דאָ און רואיק געשטאָרבן
אין די יאָרן די גוטע נאָך פֿון פֿאַרן חורבן.

נײַנצן־זיבעצן האָט אים געבראַכט דאָ אַהערצו
מיט יללה־באַגלייט פֿון צעבראָכענע הערצער.

פֿירנדרײַסיק יאָר לעבן, די יאָרן די שענסטע...
נאָך אין יענער מלחמה דאָס אומגליק געשען איז.

פֿאַר די דורות אין שטיין דאָ פֿאַרקריצט ס'איז אין גראַמען.
און יאָר־איין און יאָר־אויס פֿלעגט דאָ קומען די מאַמע,

פֿלעגן קומען די קינדער, וואָס זענען פֿאַרבליבן —
פֿינעף ייִנגלעך, צוויי מיידלעך — די קינדער די זיבן,

ביזן חותם פֿון געטאָ אויף יאָרן פֿאַטאַלע,
ביזן שטורעם דעם גרויסן, דעם אומקום פֿון אַלע,

און ווי נאָך יעדן שטורעם — איז שטיל דאָ געוואָרן,
מ'וועט אויף ווײַטער ס'באַווײנען און קלאָגן פֿאַרשפּאָרן.

ס'שיינט אַ זון דאָ אַ וויסטע, ווי זאַלץ איז דער רעגן.
שטום און וויסט און פאַרוואַקסן די שטעגן און וועגן.

נאָר מיין טאַטע קאָן רואיק אין קבר נישט ליגן,
יעדן חצות נעמט זיין ניגון מיין חלום פאַרוויגן.

און ער וויינט אויפן עלנט, וואָס ר'דאַרף זיין פאַרלאָזן,
און ער קלאָגט, ווי עס קלאָגן די הפקרע גראָזן.

ס'קומט נישט קיינער אַהער דאָ, קיין שומר ביים טויער,
בלויז דער ווינט אין געוויש... טויזנט־יאָריקער טרויער

שפינט אַרום, הילט אַרום, האַלט אַרום ־אַלע קברים —
דאָס געשטיין און געביין, וואָס ס'באַהיט און באַוואָרנט.

ס'זאָל דער הפקר נישט האָבן קיין דריסת־הרגל.
כ'זע דעם טאַטן צוקאָפּנס מיין קאַלטן געלעגער

(ער איז יונג און צעפּלאָמט אָט אַזוי ווי ביים לעבן;
נישט קיין סימן פון צוריר פון הענט פון באַגרעבער).

— וו זשע ביסטו, מיין קדיש, נאָך יאָרן נאָך זיבן?
פון די קינדער די זיבן אַליין ביסט געבליבן.

און איך וואַרט און איך וואַרט... נישט דו קומסט, נישט דו ווייזסט זיך,
ס'גייט אַדורך חודש אלול, ס'גייט דורך ערב־פּסח,

נישט מע זעט דיך, נישט מ'הערט דיך, ווי ס'בענקט זיך שוין הערן
מיר דיין אל מלא רחמים... איינזאַפּן די טרערן.

דו, מיין זון, אויסדערוויילט ביסט פון פאָלק אים צו לויבן,
מיט בטחון באַפליגלען, פון שאול אים דערהויבן,

ס'זאָל נישט איבערגעריסן דאָ ווערן די גזע...
אפשר האָסטו פאַרגעסן דעם גאַנג פון מעת־לעתן

און דעם גאַנג צו דיין טאַטן, די קברים־אַלייע —
פאַרגעדענק־זשע דאָס יאָר און דעם חודש — די רייע..

קום אַהער זיך פאַרטרויען דעם ווי, וואָס טוט ווי דיר,
קום זיך דורכשמועסן וועגן דיין זון און דיין נדר,

וועגן אַלע די ספקות, וואָס רעכט און וואָס אסור,
ווי דיין מאַמע אַמאָל וועגן גליק און פרנסה.

כ'וועל דיר ראָטן אַזוי ווי אַ טאַטע קאָן ראָטן,
כ'וועל פאַרטרייבן פון דיר, פון דיין זאָרג יעדן שאָטן

און אָוועקגיין פון מיר וועסטו שטאַרק דאָן, געקרעפטיקט
און צוריק זיך מיט פאָלק און מיט לעבן באַהעפטן...

— — — — — — — — — — — — —

אויף מיין גוף דריקט די נאַכט און די קעלט און דער עלנט,
נאָר אין אָדערן ס'בלוט וויל נישט אויפהערן קוועלן.

כ'זע דורך פינצטערער וייט, דורך פאַרלוירענע שפורן,
דורך באַקברימטן פעלד, דורך מצבות־קאָנטורן, —

שטאַרט אַרויס, לייכט אַרויס אַט דער שטיין צווישן שטיינער,
קלאַגט דער שטיין, קרעכצט דער שטיין, קרעכצט אַריין אין די ביינער:

כ׳דאַרף ס׳זאָל זיין דיין געוויין, ווי אַ טוי אויף מיין קבר,
ביסט האָך בלוט פון מיין בלוט, אבר ביסט פון מיין אבר.

וואַהין ווילסטו פאָרן, זיך וועגדן און קערן?
הייב דיין בליק, דו דערקענסט נישט די היימישע שטערן,

וואָס דו פלעגסט זיי אין ווינטערנעכט קלייבן און ציילן,
און אין חדר די יינגלעך מיט שמחה פאַרטיילן

און די אָרעמעלייט אויף די ראָגן, ווען עלטער
ביסט געוואָרן, בר־מצווה, אַ חתן... די וועלט דיר

האָט מיט חסידישן ברען דאָן אַנטקעגן־געהאָפסעט
און פאַרשיכורט פון פרייד האָסט געשריגן: — איך האָב זיי,

אַלע שונאים, אין דר׳ערד! לאָמיר יידן זיך פרייען!
לאָמיר אויפשטעלן דורות — דער שטאַם זאָל גדייען

און נישט טראַכטן דערפון, וואָס דער שונא פאַרטראַכט האָט,
ס׳איז געגוג בלויז, וואָס ר׳איז אונדז אין האַרצן פאַראַכטעט.

און אַזוי האָבן האָפּערדיק יידן געמערט זיך
און פאַרגעסן אין פיינט, נישט געקלערט, וואָס ער קלערט זיך...

ווען אַפילו די האַק ר׳האָט אויף זיי שוין פאַרהויבן,
איז נאָך אַלץ נישט דערשיטערט אין זיי זייער גלויבן.

משה־אברהם, משה אברהם! ביסט פאַרקניפּט מיט דער עדה,
גיב אַ קוק אויף דער ריי, אויף די דורות, די זיידעס,

אויף די יידן די אַלע, די פרומע און פּראָסטע,
די גדולי־הדור, די באַזינגער אָט האָסטו...

כ׳האָב געפרייט זיך מיט דיר, אויף די הענט דיך געטראָגן...
וואָס קאָן מער דען אַ טאַטע ווי מוסר־רייד זאָגן.

כ׳האָב דעם צער גידול־בנים אַזויפיל געהאָט אים...
זאָג, אויף וועמען אַצינד לאָזטו איבער דיין טאַטן?

פון דער גאַנצער משפחה, דעם בוים דעם צעצווייגטן —
דו אַליין ביסט געבליבן — דער שורש, וואָס וויטיקט...

ווער וועט קומען מיר זאָגן: — שלום לך, אבי מורי!
און אַ פאַל טאָן צום שטיין און באַוויינען מיין גורל

און דעם גורל פון דור, וואָס באַשאַפן איך האָב אים,
ער זאָל טראָגן מיין נאָמען דורך דורות און האָבן

אויך אַ חלק אַ גלייכן אין פאָלק, אין זיין קיום,
אין זיין אויפשטייג־נסיון, אין וועלקן און בליען...

אָט אַזוי רעדט דער שטיין און איך הער ווי פאַרמשפּט.
כ׳זע די שטוב: די קרעדענץ, די צוויי שענק און דאָס טישבעט —

מיין געלעגער צעוואַרעמט פון מיינע חלומות.
אַלצדינג בלאַנקט דאָ, אויף יום־טוב די שטוב אויפגערוימט איז.

ס׳איז די ערשטע נאַכט פסח. צום סדר געגרייט איז.
ס׳ברענען ליכט אויפן טיש, נאָר דער פלאַמענשיין ווייט איז.

דאָביים טיש זיצן אַלע — די גאַנצע משפחה.
ס׳איז די מאַמע אַ פריידיק־צעשיינטע, פאַרפאָרעט...

אירע הענט, איר געזיכט, ווי דאָס ליכט אַזוי לויטער,
סאַראַ פרייד אין די אויגן ביי אַלע!.. איך שווידער...

כ׳וויס זיי זענען דאָך טויט, נאָר איך מאַך זיך נישט וויסן...
יעדער איינער דערציילט מיט אַ פרייד אַזאַ זיסע,

ווי אַזוי ר׳האָט פון טויטקלעם אַרויס זיך געריסן,
ווי אַמאָל ס׳פלעגט דער טאַטע דערציילן די נסים

פון יציאת־מצרים... דערציילט מומע לייטשע:
— „נאָכן שיסן כ׳שטיי־אויף... כ׳זע: עס שטוינען די דייטשן...

און איך גיי זיי פאַרביי — אַזאַ שטאָלצע און גלייכע,
און נאָך מיר שטייען־אויף אַלע יידן און שלייכן

זיך אַוועק פונעם גרוב, ווו מען האָט זיי דערשאָסן,
און ביים גרוב, וואָס מיר האָבן אים נאַרוואָס פאַרלאָזן,

בלייבן איבער די דייטשן בלויז — שוואַרצע ווי שאָטנס...
אָן אַ וואָרט זיי פאַרזינקען און ווערן פאַרשאָטן...

און מיר גייען אַהיים און אָט בין איך געקומען.
אויף דער האַנט איז מיר איבערגעבליבן דער נומער..."

ס׳זעצט די מאַמע זיך צו אויבנאָן קעגן שפיגל
און שפרייט אויס אירע בלענדיקע הענט ווי די פליגל.

מיט איין האַנט נעמט זי טאָבטשען אַרום, מיט דער צווייטער
נעמט זי מישקען אַרום — אירע טרייע באַגלייטער

אויפן וועג ביז טרעבלינקע, ווו מ׳האָט זיי, די טעכטער,
מיט דער מאַמען צעשיידט, ווייל זיי האָבן די וועכטער

גלייך אין פנים געשפיגן...
— „כ׳האָב אייערע געוויינען
און געשרייען געהערט, אוי, געהערט, טעכטער מיינע.

אייער פיין און געוויין האָט פאַרהילט אייער מאַמען,
ס׳האָט מיין לייב מיר געקילט, מיך געשיצט פון די פלאַמען

און כ׳בין גאַנץ — שיינט די מאַמע — אַרויס פונעם שייטער.
פאַרברענט האָבן בלויז זיך אויף מיר נאָר די קליידער".

מיינע ברידער די צוויי פאַראַמאָל זיך צערעדן:
— „מ׳האָט אונדז אויסגעלייגט... רייענווייז... מ׳איז אויף אונדז געטרעטן,

אָט אַזוי ווי אויף שטיינער... געוויינלעך... און שפּעטער...
אונדז באַגאָסן מיט סמאָלע... באַלייגט אונדז מיט ברעטער...

שיכט אויף שיכט... ריי נאָך ריי... נאָר אונדז נעמט נישט דאָס פייער...
ס׳האָט די סמאָלע געברענט... מיט די ברעטער... די רייען...

און דער ווינט האָט דאָס פייער געריכט אויף די דייטשן
און געשמיסן אין פנים זיי גלייך ווי מיט בייטשן."

שטיי איך אויף, איך ווער קליין און איך ציטער אינגאַנצן:
— „זאָל דאָס אָרט, וווּ איך שטיי, זאָל דאָס אָרט אונדזער ראַנד זיין!

פון דעם שטאָם דעם צעצווייגטן, צעבלעטערטן, גרויסן
זענען מיר בלויז אין דרייען געבליבן פון אויסן,

מיר, די ברידער די דריי — איר געדענקט זיי מסתמא —
כיל דער עלטסטער און מאָטע דער יונגסטער — פונדאַנען

זענען ווייט... אין די לאַגערן כיל איז פאַרוואַגלט,
ס׳האָלט אים דאָרט נע־ונד צו דער נאָרע פאַרנאַגלט

מיטן ווייב מיט די קינדער אויף ערד, וואָס אין חרם.
וואָס זשע קאָן ער זיך העלפן — ער האָט דען אַ ברירה?

אונדזער ברודער דער יונגסטער אַוועק איז באַצייטנס
און געפינט זיך ביז היינט אין דעם לאַנד, וואָס פאַרבייטן

עס מיר וועלן מער קיינמאָל נישט מיט קיין שום אַנדער,
דאָרט דער ברעג איז פון אונדזער לאַנג־יעריקן וואַנדער,

און ער רופט מיך אַהין און באַשווערט מיך, כ׳זאָל קומען...
נאָר פון אָט דער מינוט, ווייסט, איך האָב נישט קיין רו מער,

ווײ מיר! ווי קאָן איך לאָזן אייך אַלע דאָ איבער,
ווער וועט וואַכן אויף אייך, ווער וועט היטן די גריבער,

די, וואָס זענען פאַראַן און וואָס זענען פאַרהוילן,
ווער וועט קומען צום שטיין אויפן גענשער בית־עולם?

ווער וועט קומען און זאָגן: — שלום לך, אבי מורי?
הייסט מיך אַלע דאָ בלייבן — מיט אייך איז מיין גורל,

מיט מיין גורל איז אייער געדעכעניש אייביק.
וואָס זשע קוקט איר אויף מיר מיט פאַרשניטענעם ווייטיק?

וואָס זשע שוויגט איר פאַרביסן, וואָס זענט איר פאַרטרויערט?
ס׳הייסט דער טאַטע מיך בלייבן, און איר?.. איר באַדויערט,

וואָס כ׳געפין זיך מיט אייך דאָ אין ליכטיקן חדר,
און איך טראָג אויף זיך גלותדיק־וואָכיקע קליידער...

ווו צערינט איר? איך זע אייך נישט? ווו זענט איר אַלע?.. — — —
ס׳בלענדט אין חושך אין אויג מיר אַ קניילעכל שטראַלן.

כ׳שטיי פאַרלאָזט פון דער גאַנצער משפחה־קדושים,
און פון גענשער בית־עולם דערטראָגט זיך דאָס רוישן

פון די ביימער־אַלייען און קברים־אַלייען,
און פון טאַטנס געוויין — כ׳קאָרטשע איין זיך אינדרייען.

כ׳בין דער דור אויפן שיידוועג פון צווייערליי וועלטן,
ווער ס׳וועט וועלן מיך בענטשן, און ווער — מיך פאַרשעלטן.

ס׳האָט דער פרילינג־ווינט פריי מיר די טיר אויפגעעפנט,
נאָר איך קאָן דאָרט אַהין צו דער טיר מער נישט טרעפן.

לאָדזש, דעצעמבער, 1947.

**יחיאל האָפער**

# מײַנע וואַרשעווער הויפן

## אַ הויף אויף פּאָקאָרנע

.1

...דערנאָך האָבן מיר זיך איבערגעצויגן אין אַ דירה אין דעם זעלבן הויז. מיר האָבן אין דער לינקער אָפּיצינע פאַרנומען פיר שטוב־צימערן מיט אַ קיך. דריי האָבן געבילדעט אַן אַמפילאַדע, און איין טונקל שטיבל איז געווען אין דער זייט. אין דעם קליינעם שטיבל האָבן די מיידלעך (מײַנע שוועסטער און זייערע „קאָלעזשאַנקעס") געמאַכט די לעקציעס. אינמיטן שטוב איז געשטאַנען דער דעמבאָווער טיש, אַ נישט־באַדעקטער, מיט שטולן ארום אים, אויף אַ וואַנט האָט געהאָנגען אַ מאַפּע: צווײ בלויע, ווי די אויגן פון אַ קו נאַיווע האַלב־ערד־קײַלעכן. אין אַ האָלצערן, גאָלד־געפאַרבט רעמל האָט מיט גאָלדענע אותיות געגלאַנצט אַ „פּאָכוואַלני ליסט", וואָס מײַן שוועסטער חוה האָט באַקומען אין דער ערשטער קלאַס גימנאַזיע. ס'זענען געהאָנגען אויסגעניײטע מיט העלע „וולוטשקע" אויף ווײַסע קאַנווע פאַרשידענע פייגל.

אין דער שטוב האָבן זיך מײַנע שוועסטער געלערנט פּויליש בײַ דער פרענקלוונע, אַן עלטער מיידל פון אַ ייִדיש־אַסימילירטער היים. אַ דיקלעכע, מיט אַ שרינט אינמיטן קאָפּ, די האָר פאַרלייגט אַרום אין אַ „קאָשיק". די פרענקלוונע האָט געטראָגן בינאָקלען און געשנײַצט די נאָז מיט געפילדער אין אַ גרויס שניי־ווײַס מענער נאָז־טיכל. זי האָט אַדורכגעמאַכט מיט מײַנע שוועסטערן אַ פאַרברייטערטן קורס פון פּוילישער געשיכטע און ליטעראַטור. פון די לעקציעס פלעגן מײַנע שוועסטערן אַרויסקומען מיט פאַרפלאַמטע פּנימער. אין שטיבל האָט זיך געפילט אַן אַטמאָספער פון בונט און פּראָטעסט.

אין דעם שטיבל האָב איך געמאָזלט. בײַנאַכט איז מיט מיר עפּעס געשען. ווען כ'האָב זיך אויפגעכאַפּט אינדערפרי, האָבן אַלע געקוקט אויף מיר מיט גוטע און אומרואיקע אויגן. מ'האָט מיך מיט מײַן בעטל אַריבערגעטראָגן אין טונקעלן שטיבל. דער טאַטע איז נישט געגאַנגען אין געשעפט אריין. ס'איז געקומען דער דאָקטאָר קראַמטשיק, אַ גרויער, אַ נידעריקער, אַ לאַכעדיקער, מיט פולע קעשענעס שפילצייג. מײַן מאַמע האָט מיך געהאַלטן אויפן שויס און דער דאָקטאָר האָט מיך, אַ דערשראָקענעם, אויסגעקלאַפּט מיט אַ העמערל. אין דעם שטיבל בין איך קנאַפּע צוויי וואָכן געווען דער באַלעבאָס. אַלץ האָט געהערט צו מיר, אַפילו אַלץ וואָס איז פריער געהאָנגען אויף דער וואַנט, אַפילו דער „פּאָכוואַלני ליסט" איז איצט געלעגן אַרום מײַן בעטל.

.2

דעמאָלט, ווען מיר האָבן זיך אַריבערגעצויגן, האָב איך ערשט דערזען דעם גאַנצן הויף. ער איז געווען בלוי, כאָטש די שטיינער זענען געווען גרויע, די ווענט געלע, דער בײַכיקער מיסטקאַסטן רויט. אָבער דער הויף איז פאָרט געווען בלוי.

אונטער פרידמאַנס, דעם ווײַן־פאַבריקאַנטס, פענצטער, וואָס זענען געווען אינדערנידער, זענען געלעגן לאַנגע האָלצערנע שטאַנגען, וועלכע מען פלעגט אָנשפּאַרן אין די גרויסע, פלאַטשיקע פלאַטפאָרמעס, בכדי אַראָפּצוקאָלערן אויף זיי פעסער ווײַן אין ווײַן־קעלער אַרײַן. אויף די שטאַנגען פלעג איך אָפט זיצן אייגער אַליין. אַמאָל שפּיל איך זיך אין קלאַס אָדער „סערסאַ" מיט מײַן שוועסטער חוה, מיט סיראָטקינס צוויי מיידעלעך, מיט חן־גריבעלעך אין די באַקן און מיט אַ ייִנגעלע, וואָס האָט נאָך געטראָגן לאַנגע האָר און שפּעטער צעבראָכן אַ פוס. מיר האָבן צווישן זיך גערעדט פּויליש. לאַנדאַוס קינדער, וואָס האָבן געוווינט אונטער אונדז, דעם שמוקלערס און דעם באַוואַרניקס קינדער, פּאַוועל דער סטרוזש, זײַן ייִנגל סטאַשעק און זײַן געהילף — האָבן גערעדט ייִדיש.

פאַרנאַכט. ס'ווערט טיף טונקל. פּאַוועלס געהילף צעטראָגט אויף די געדרייטע, האָלצערנע שטיגן, קעסטלעך אָנגעצונדענע נאַפט־לעמפּלעך. לאַנדאַוס ייִנגלעך פאַרטשעפּען אים און פירן מיט אים עפּעס אַן ערנסט געשפּרעך. פּלוצים דרייט זיך דער געהילף אויס און שרײַט, לאַכנדיק צו פּאַוולען: „הערט נאָר, זיי זאָגן, אַז זייער גאָט איז אַ גאָט". פּאַוועל לייגט אַוועק די בעזעמער און צעלאַכט זיך מיט אַ פעט געלעכטער. לאַנדאַוס ייִנגלעך בלײַבן דערשראָקן. זיי זענען זיכער, אַז באַלד וועט מיט פּאַוולען געשען עפּעס אַ שרעקלעכע זאַך. ווען די שרעק גייט אַביסל אַדורך און מיט פּאַוולען געשעט גאָרנישט, שאַרן זיי זיך פּאַמעלעך, מיט שווײַגנדיקע, פאַרשעמטע, אומעטיקע טריט אַהיים.

.3

פּאָקאָרנע גאַס איז געווען זייער נאָענט פון דער נאַדווישלאַנסקיע באַן. דער קליינער וואָקזאַל־בנין, ווי יעדער וואָקזאַל, האָט געהאַט צוויי פּנימער. איינס געווענדעט צו די אָנקומענדיקע באַנען, און דאָס צווייטע צו דער זיך אויסשפּרייטנדיקער שטאָט. נעבן וואָקזאַל־בנין, אויף דער לינקער זייט, מיטן פּנים צו די שינעס, איז געהאָנגען דער אײביקער, אומעטיקער רוסישער גלאָק. נעבן דעם גלאָק איז דאָ אין וואַרשע, ווי אין גאַנץ רוסלאַנד, ווי אין ליטע און לעטלאַנד, ווי אין עסטאָניע און פינלאַנד, געשטאַנען אַ רוס, מיט אַ פלאַקסענער באָרד, מיט אַ פּאַפּאַכע אויפן קאָפּ און מיט אַ שטים פון אַ דיאַק אויסגערופן: „פּיערווי זוואָנאָק, ווטאָראָי זוואָנאָק, טרעטי זוואָנאָק".

אין יענע צאַרישע צײַטן האָט יעדע באַן געבראַכט קיין וואַרשע אַרויסגעשטויסענע, אַרויסגעטריבענע ייִדן „ליטוואַקעס" פון גאַנץ רוסלאַנד. זיי זענען נישט געגאַנגען אויף טוואַרדע אָדער גראַניטשנע, אין סאַמע געדיכטעניש פון ייִדישן וואַרשע, נאָר דאָ אויף פּאָקאָרנע, ביים רואיקן ברעג פון דער שטאָט, באַלד נעבן דער באַן, האָבן זיי געדונגען לײַדיקע דירות און אויף קאַלטע פּאָדלאָגעס אָוועקגעלייגט די האַרטע טשעמאָדאַנעס, פון וועלכע ס'האָט זיך געטראָגן אַ ריח פון רויער לעדער.

דער הויף אויף פּאָקאָרנע איז טאַקע אָממייסטן גע־ווען באַוווינט פון אַזעלכע ליטוואַקעס. אַלע זענען זיי געווען קאָמיסיאָנערן. בלויז אין דער אַפּיצינע, אַנט־קעגן דעם טויער, דאָרט ווו עס זענען געווען עטלעכע דירות פון איינצלנע שטובן מיט קיכן, האָט געוווינט אַ רוס. ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אַ בלויען כאַלאַט, אַ ראָזע העמד אָן אַ קראַוואַט און אַ קיילעכיק היטל מיט אַ לעדערנעם דאַשעק, ווי אַ „סישטשיק". ער האָט גע־האַט צוויי יינגלעך: וואַניאַ און סאַשאַ. ער, דער הויכער, ביינִיקער רוס, ברענגט כמעט יעדן טאָג אין אַ קראַ־טענער נאָז־פּאַטשיילע שפּילזאַכן פאַר די קינדער. אויפן הויף האָט מען געזאָגט, אַז דער רוס אַרבעט ביי דער באַן, און אַז די אַלע זאַכן געפינט ער.

אין פונקט אַזאַ דירה ווי דעם רוס'ס, האָט גע־וווינט אַ קאַפּעלוש־מאַכער. ער פלעגט איבעראַרבעטן אַלטע, האַרטע קאַפּעלושן און זיי פאַרקויפן אין אייגע־נעם סטראַגאַן, אויף דער „וואָלוווקע". אין שטוב ביים קאַפּעלוש־מאַכער האָט אויסגעזען, ווי אין אַ פּראָספּעק־טאָריום. פול מיט טויטע, האַלצערנע קאָפּ־שיידלעך, אויף וועלכע מען פלעגט פּרעסן די איבערגעדרייטע קאַפּעלושן.

דעם קאַפּעלוש־מאַכערס יינגסטע טעכטערל, געלע, האָט געהאַט אַ „געוועלבל" פאַר זיך. אין אַ קליין קעס־טעלע, וואָס איז געשטאַנען אונטער אַ בעט, האָט זי גע־האַט אַ ביסל צוקערלעך מיט ביליקע שאָקאָלאַדקעס, וועלכע זי פלעגט פאַרקויפן די רייכערע קינדער פון הויף. זי נעמט די קינדער אַרויף צו זיך אין שטוב אַריין און צאַרט און איידל, מיט אימיטירטער סוחרישער פיינקייט רעדט זי צו זיי, באַווייזנדיק די סחורה. די קינדער קרומען מיט די נעז, חוזקן אָפּ פון די „וואַזש־נע" שאָקאָלאַדקעס. זיי בייסן אָפּ שטיקלעך פון קאַר־מעלקעס און די רעשט וואַרפן זיי מיט אַ ביטול צוריק. געלע רעדט הכנעהדיק צו זיי: „דאָס איז גוט, נאַ, פאַר־זוך דאָס, פון דעם וועסטו האָבן הנאה". זי מרוזשעט דער־ביי מיט די אויגן, מאַכט אַ פּנימל פול מיט רחמנות, וואָס זי קאָן דערוויל נישט פאַרשאַפן די רייכערע קינ־דער קיין גרעסערע פאַרגעניגנס.

אין אַזאַ דירה האָט אויך געוווינט דער שמוקלער. ער פלעגט אויסאַרבעטן שלייפלעך צו דאַמען־לאַטשן און פון לאַנגע בענדער מאַכן שנוראַוואַדלעס. אַלע פּריי־טיק־צו־נאַכטס, ווען די ניי־מאַשין איז געשטאַנען אין אַ זייט פאַרדעקט מיט אַ פאַרגעלט ליילעך און אויפן טיש האָט מען דערלאַנגט יויך מיט באַבעלעך און פאַרפל, דערהערט זיך אַ געוואַלט פון שמוקלערס יינגל, אַזש שכנים לויפן זיך צונויף. ער שרייט, אַז מען גיט אים צו ווייניק באַבעלעך, אַז ער וויל שוין מער נישט זיין אין שטוב, אַז מען זאָל אים געבן אַ ווייב מיט אַ קינד, מיט דרייסיק רובל, גייט ער וווינען פאַר זיך.

4.

אַנטקעגן איבער אונדזער דירה אויפן צווייטן שטאָק, האָט געוווינט אַ ליטוואַק. זיין פאַמיליען־נאָמען איז געווען פעיסין. מיין טאַטע האָט געזאָגט, אַז דער ליטוואַק האַנדלט מיט גאַנצע פעסער קעלבערנע מעגע־נער. מיר איז געווען אַ גרויסער חידוש, צו וואָס מען דאַרף אַזוי פיל קעלבערנע מעגענער. אָבער מיין טאַ־טע האָט דאָס דערציילט ערנסט און צוגעגעבן, אַז דאָס איז זייער אַ גוט געשעפט.

צי פעיסין האָט געהאַט אַ ווייב, געדענק איך נישט. כ'געדענק נאָר, אַז ער האָט געהאַט צוויי טעכטער. צו דער עלטערער טאָכטער פלעגט יעדן טאָג קומען דער חתן. זיי פלעגן זיך אָנשפּאַרן אויפן פּאַראַפּעט און שעהן לאַנג אַרויסקוקן דורכן פענצטער אויפן הויף, נישט אויסרעדנדיק צו זיך קיין וואָרט. שפּעטער האָבן זיי חתונה געהאַט. זעלטן געקומען צו גאַסט. פון דעמלט אָן, ווייס איך נישט פאַרוואָס, נאָר די בילדער האָבן זיך ביי מיר אויסגעמישט און איך האָב פעיסינס טאָכטער מיט איר מאַן אָנגעהויבן אידענטיפיצירן מיט דער פאָ־טאָגראַפיע פון מיין קוזינע, אסתר, וואָס מען האָט אונדז צוגעשיקט פון אַמעריקע, ווי זי שטייט אין אַ ווייס טיולן קלייד אָנגעשפּאַרט מיטן רעכטן אָרעם אויפן מאַנס אַקסל. די פאָטאָגראַפיע איז ביי אונדז געווען אַריינגעשטעלט אין אַ גרין־פּליושענעם אַלבום, וואָס האָט זיך פאַרמאַכט מיט אַ בראָנזענעם שלאָס און איז געלעגן קרומלעך „פּאַנטאַזי" אויפן טישל פון שטייענ־דיקן שפּיגל.

די צווייטע טאָכטער פעיסינס איז געווען אַ דאַרע, און איינגאַנצן אַ גרינע. מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זי עסט בלויז משוגענע שוואָמען. פעיסין אַליין איז געווען אַ דאַרער, אַ ברוינער, שוין דעמלט געהאַט גאָלדענע ציין, געהאַט אַ גראַמאַפאָן און איז שטענדיק געגאַנגען אין בלויזן קאָפּ.

אויפן ערשטן שטאָק, אונטער פעיסינען, האָבן אויך געוווינט ליטוואַקעס, די פאַמיליע זשוליבערג.

די גאַנצע פאַמיליע, דער פאָטער, די מוטער, שוועסטער־ברידער, זענען אַלע געווען זייער הויכע. דער אַלטער זשוליבערג מיטן עלטסטן זון האָבן גע־האַט צו טאָן מיט כאַלעווקעס צו שיך. מ'פלעגט דאָרט אויך מיט אַ מאַשינדל אַריינקלאַפּן מעשענע רעדלעך אין די כאַלעווקעס, בכדי קאָנען אַדורכציען די שנור־ראַוואַדלעס. די רעשט קינדער, זשוליבערגס, אַחוץ דעם עלטסטן זון, האָבן זיך געבילדעט, געווען אָנגעטון אין גימנאַסטישע מונדירן. ביי די זשוליבערגס זענען גע־ווען אָפטע געסט יינגעלייט, סטודענטן און שילער פון די העכערע קלאַסן גימנאַזיע. אַן אָפטער גאַסט איז דאָרט אויך געווען דער אַלטער „רעוויראָווי" זאַיטשיק, מיט אַ באָרד אַלאַ „גענעראַל סקאָבעלאָוו". דער אַלטער זשוליבערג פלעגט זיך מיט אים אַמפּערן, באַווייזן פאַר־שידענע פּאַפּירן, בייזערן זיך אויף אַ ראַציקן רוסיש און דער אַלטער רעוויראָווי זאַיטשיק פלעגט שטענדיק עמיצן פון דאָרט אַרויספירן.

אויפן דריטן שטאָק, איבער פעיסינען האָט גע־וווינט קוליק, אויך אַ ליטוואַק. ער איז נישט געווען קיין גרויסער גביר. ער איז געווען אַ בוכהאַלטער. ער האָט אָבער פאַרמאָגט אַ פּאָר שפּיציקע וואָנסעס גע־דרייט אַרויף. ווי נאָר ער קומט אַהיים, פאַרלייגט ער תיכף אויף די וואָנסעס אַ מאַשינקע, זיי זאָלן נישט אַרויס פון דער פאָרם. ער האָט אויך געטראָגן גאָל־דענע פענסנע. די עלטסטע טאָכטער קוליקס האָט גע־לייענט אַ סך ביכער און זיך פון אַלע געהאַלטן פונ־דערווייטנס. דער זון, אַ דאַרער הויכער בחור, מיט אַ פּנים פול בלעטערלעך האָט כסדר געהאַלטן עקזאַמינס און זיין מאַמע פלעגט כסדר געבן אויף רב מאיר בעל הנס און אָנצינדן ליכט אַפילו ווען דער עקזאַמען איז אויסגעפאַלן אין שבת.

אין דער נידער, אונטער זשוליבערגן, האָט גע־וווינט דער וויין־פאַבריקאַנט, פרידמאַן, אַ פּוילישער ייד. ער איז געווען אַ הויכער, אַ בלאָנדער, מיט אַ

העל געזיכט און מיט גאָלדענעברילן אויף דער נאָז. ער האָט געטראָגן אַ לאַנגע, טונקעלע, געהאַקטע קאַפּאָטע. אויפֿן קאָפּ אָפּט אַ הויך זיידן קאַפּל, ווי אַ סאַרווער. ער מיט זיין אָנגעשטעלטן זענען כמעט שטענדיק געווען אין וויין־קעלער און געמאָסטן די פּעסער און באַליעס ווײַן מיט לאַנגע, געלע מעטערס. פֿון זיי ביידע פֿלעגט זיך שטענדיק טראָגן אַ זויערער ריח. אַחוץ דעם זויערן ריח איז צום אָנגעשטעלטנס גלאַנציק כאַלאַטל געווען שטענדיק צוגעקלעפּט אויסגעקוועטשטע ראָזשינקעס ווי קיילעכדיקע, ברוינע שטיקעלעך פּאַפּיר.

פֿרידמאַנס אָנגעשטעלטער איז געווען אַ מיטליאָריקער, אַ מיטלוווקסיקער, מיט אַ האַרטער, ברוינער באָרד און מיט אַ געל פּנים.

ער איז קראַנק געוואָרן. ס'האָט זיך אים געוויזן בלוט. זיין ווייב איז מיט אַ געוויין געקומען צו מיין טאַטן. די דאָקטוירים הייסן פֿאָרן קיין אָטוואָצק און פֿרידמאַן וויל נישט געבן קיין געלט. מיין טאַטע האָט אַ פֿאַרזאָרגטער אויסגעהערט די פֿרוי, צוגעזאָגט איבערצורעדן מיט פֿרידמאַנען און זיך זען מיט עטלעכע היימישע מענטשן. אין אַ צייט אַרום איז געקומען צו אונדז דער קראַנקער אַליין. ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין יום־טובֿדיקן פֿאַלטן און געהאַלטן אַ קליין, האַרט פּעקעלע אונטערן אָרעם. אַ שטרענגע, ערנסטע, ווי אַ יום־טובֿדיקע, פֿייערלעכקייט האָט זיך געלייגט אויף זיין אויסגעצערט פּנים מיט די רויטלעכע קינבאַקן. ער איז געקומען פֿון אָטוואָצק. ס'איז אים נישט בעסער. ער וואַרט אויף מיין טאַטן, פֿרעגן אים אַן עצה, וואָס ווייטער צו טאָן. מיין טאַטע קומט אַריין מיט אַ רעש. שטעלט גיך אַוועק דעם זילבערנעם שטעקן און זעצט זיך מיט דער משפּחה צום טיש. דער ייִד טרינקט דערווייל דאָס גלאָז מילך, וואָס מיין מאַמע האָט אים אַוועקגעשטעלט. דער טאַטע פֿרעגט גענוי אויס דעם ייִדן וועגן דער קראַנקהייט און אַ פֿאַרזאָרגטער עסט ער שנעל די איינגעמאַכטע לעבערלעך. עס פֿאַלן ווידער ווערטער וועגן בלוט, וועגן געלט, וועגן פֿרידמאַנען. מיר איז מאָדנע נישט גוט און כ'בין דערשראָקן פֿון דעם בלוט, פֿון דעם, וואָס פֿרידמאַן וויל נישט געבן קיין געלט און פֿון מיין טאַטנס פֿאַרזאָרגטקייט.

ס'איז אַוועקגעגאַנגען פֿון אונדז די דינסט האָדעס. כ'ווייס נישט פֿאַרוואָס מען האָט איר אָפּגעזאָגט פֿון דער שטעל. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אויב האָדעס וועט אַוועקגיין פֿון אונדז, וועט זי נישט האָבן צו וועמען צו גיין, אַז אונדזער שטוב איז די איינציקע, אין וועלכער זי קאָן זיין. כ'האָב זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפֿונען. מיר האָט זיך זייער געוואָלט, אַז האָדעס זאָל זיך וואַרפֿן מיין מאַמען צו די פֿיס מיט אַ געוויין. כ'בין געווען זיכער, אַז זי וועט דעמאָלט ווייטער ביי אונדז בלייבן. ווען האָדעס איז אַריינגעקומען מיט איר דינסט־מיידלעריש קוישל ווייזן דער מאַמען וואָס זי האָט דאָרט, אַז זי האָט גאָרנישט אַוועקגעגנבֿעט, ווען זי האָט אַריינגעשטעקט אירע אויסגעהאָרעוועטע הענט אין קוישל און אָפּגעדעקט די עקן פֿון אירע אייגענע, פֿון גראָבן לייוונט אויפֿגענייטע, פֿאַר מיידלשע העמדער — איז מיר געוואָרן ביטער פֿון שרעק און חרפּה. כ'האָב זיך באַהאַלטן אין דער צווייטער שטוב. מיר איז אָבער זייער אויפֿפֿאַלנד געווען האָדעסעס גלייכגילטיקייט און כ'בין געווען שטאַרק פֿאַרוווּנדערט, ווען כ'האָב געזען דורך אַ שפּאַרע אין דער טיר, ווי האָדעס געזעגנט זיך מיט דער מאַמען און קושט זי אין האַנט אַריין.

.5

אונטער אונדז, אין אַזאַ דירה ווי מיר האָבן פֿאַרנומען, האָט געוווינט די משפּחה לאַנדאַו. לאַנדאַו האָט געהאַנדלט מיט אויסלענדישע זיידנס און מיט אויסלענדישער שטרוי צו קאַפּעלושן. ער האָט געהאַלטן אין איין רייך ווערן. ער און זיין פֿרוי זענען געווען בלאָנדע, נידעריקע, דיקלעכע. ער האָט זיך אָנגעטאָן פֿאַרשידן: אַמאָל אין אַ קורץ געהאַקטע קאַפּאָטע מיט אַ קליין קיילעכדיק ייִדיש היטעלע אויפֿן שפּיץ קאָפּ אָנגערוקט אַביסל אין אַ זייט. אַמאָל — אין אַ קורצן ראָק מיט אַ שוואַרצן האַרטן קאַפּעלוש. זי, אָדער אין אַ ברייט בעל־הביתטיש פֿאַרטוך, אָדער אין מאָדעלענע קליידער, גענייט ביי דער קריסטלעכער שניידערין, וואַנדאַ.

די לאַנדאַוס האָבן געהאַט פֿיר זין און פֿיר טעכטער.. די זין, נישט געקוקט אויף דעם חילוק אין עלטער צווישן זיי, זענען זיי אַלע געגאַנגען אין איין קלאַס גימנאַזיע. נישט נאָר אין איין קלאַס, נאָר שטענדיק אין דער זעלבער קלאַס (אין דער ערשטער). נאָר יעדעס יאָר אין אַן אַנדער גימנאַזיע.

אויך ביי זייער רבין רב לייבל, זייערס אַ קרובֿ, האָבן אַלע צוזאַמען געלערנט בלויז חומש, און שטענדיק די זעלבע סדרה.

יעדן שבת־צו־נאַכטס, ווען לאַנדאַו פֿלעגט מאַכן הבדלה, פֿלעגן די ייִנגען ספּעציעל מאַכן אַרום אים אַ קינסטלעך געדראַנג, בכדי דער יונג, וואָס האַלט די געדרייטע, קאָלירטע, ברענענדיקע הבדלה, זאָל מוזן דעם טאַטן אָפּגיסן די הענט מיט הייסן חלבֿ. לאַנדאַו פֿלעגט קוים אויסהאַלטן ביזן סוף. ס'ברעכט אויס אַ מהומה. דער קליינער טאַטע וויל דווקא שמייסן די הויכע, געזונטע זין זיינע. די ייִנגען פֿאַרבאַריקאַדירן זיך מיט אַ בעט, וואָכ זיי רוקן אַרויס אין מיטן שטוב. זיי לאָזן דעם טאַטן נישט צו צו זיך, חוזקן אָפּ פֿון אים און ווייזן אים „פֿאַנפֿערס".

לאַנדאַוס ייִנגען זענען געווען די גרעסטע לאָבוזעס אויפֿן הויף. די ווילדסטע שפּילערייען האָבן זיי צוגעטראַכט. פֿאַר זיי איז דער הויף געווען אַ המשך פֿון דער הפֿקרדיקער גאַס. פֿאַר מיר איז דער הויף געווען אַ המשך פֿון דער געשלאָסענער שטוב. נישט בלויז פֿון אונדזער שטוב, נאָר פֿון שטוב בכלל, פֿון אַלע שטובן, וואָס האָבן מיט פֿענצטער, פֿאַרהאָנגען מיט פֿאָרהאַנגען, דיסקרעט אַרויסגעקוקט אויפֿן הויף. פֿאַר מיר איז אַ סך שווערער געווען דאָס איבערטרעטן דעם טויער, וואָס האָט געפֿירט פֿון הויף אין גאַס אַריין, איידער דאָס איבערטרעטן די טיר, וואָס האָט געפֿירט פֿון שטוב אין הויף אַריין.

ווען ס'איז מיר דערעסן געוואָרן דאָס סקריפּען פֿון דער פּאָסאַדזקע פּאָדלאָגע, די האַרטע ברוינקייט פֿון דעמבענעם מעבל, פֿלעג איך אַראָפּגיין אויפֿן הויף, אין זיין קיל־בלויען רוים, מיטן רויטן, הייסן פֿלעק פֿון מיסטקאַסטן אינדערמיטן. מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דער הויף איז אַ גרויסע שטוב פֿאַר אַלע איינוווינער. מיר איז געווען באַקאַנט און נאָענט יעדעס פֿענצטער. בלויז דאָס פֿענצטער פֿון סטרוזשס פֿאַוועלס שטוב איז מיר געבליבן פֿרעמד און ווייט. כאָטש פֿאַוועלס שטוב איז געווען דאָס קלענסטע, זיין פֿענצטער דאָס נידעריקסטע, האָט דאָך פֿון דער בלויער, פֿאַרצלייענער פֿיגור פֿון דער הייליקער מאַמען, פֿון דעם

שווערן, ניקלענעם צלם מיט דעם געקרייציקטן יעזוס, וואָס זענען געשטאַנען אויפן פענצטער — געשלאָגן מיט אַזאַ זיכערקייט, רואיקייט און מאַכט, אַז דאָס פלעגט מיך, אַ קינד, שרעקן. און אַרויפגייענדיק אין שטוב, און צוקומענדיק צו דער טיר, פלעג איך בעטן מיין שוועסטער חוהן, זי זאָל מיך אונטערהייבן און איך פלעג מיט קינדישע, אויסגעצערטלטע ליפן צופאַלן צו דער מזוזה פון מיין יידישער היים.

.6

איבער אונדז האָט געוווינט מאַנדעלברויט. אַ ליטוואַק מיט אַ האַרטן קאַפּעלוש, פאַררוקט אַרויף אויפן קאָפּ און מיט אַ גלאַנצנדיקן שטערן. ער איז געווען זייער באַרדעווּדיק, געשוויצט, געציילט געלט און מ׳האָט געזאָגט אויף אים, אַז ער איז אַן אָרעמאַן. ער האָט נישט געהאַט קיין קינדער און געווען שטאַרק צוגעבונדן צום ווייב. איך מיט נאָך אַ פּאָר „איידעלע“ קינדער פלעגן מיר אַרויפקומען צו מאַנדעלברויטן. מ׳האָט אונדז דאָרט גוט אויפגענומען. מיר פלעגן דאָרט צונויפקליבן אַ סך „מאַלאָוואַנקעס“ און בלויע בענדלעך, מיט וועלכע ס׳זענען געווען צוגעבונדן גלאַנציקע ווייסע שטיקלעך וועב און „מאַדעפּאָלאַם“. אויך צונויפגעקליבן גלאַנצנדיקע פּאַפּירלעך פון פּעקלעך קאַלישער לאַטגעטן, עטיקעטן מיט אויסגעמאָלטע אויף זיי פאַבריקן פון דער „קאַסטראָמסקער“ מאַנופאַקטור און פון סאווי מאָראָזאָווס סחורות. מאַנדעלברויט האָט געהאַט אויף קאָמיסיאָן מאַנופאַקטור. מיטאַמאָל פלעגט ער האָבן אַ פולע שטוב מיט סחורה. באַלד יאָווען זיך יידן און ווייבער, מען שרייט, מ׳רייסט זיך פון די הענט און אין משך פון עטלעכע שעה בלייבן אין מאַנדעלברויטס שטוב בלויז פיר ליידיקע ווענט און מ׳האָט ווייטער געזאָגט, אַז מאַנדעלברויט איז אַן אָרעמאַן.

דער ליטוואַק סיראָטקין איז אויך געווען אַ קאָמיסיאָנער. ער איז געגאַנגען עלעגאַנט אָנגעטאָן און געהאַט אין זיך דאָס רחבות פון אַ פּוילישן גביר. גערעדט מילד און זיכער. ער האָט פאַרנומען אַ גרויסע דירה אין פּראָגנט. געהאַט אַ ספּעציעלע שטוב פאַר זיינע סוחרים. סיראָטקין האָט געהאַט צוויי מיידעלעך. די עלטערע האָט געהייסן אַנדזשע. זי איז געווען דיק און געהאַט צוויי חן־גריבעלעך אין די באַקן. זי האָט שטענדיק געשמייכלט. איך פלעג אָפט קומען צו איר. מיר פלעגן זיך שפּילן אין געסט. איך נעם צוויי טשעמאָדאַנעס אין די הענט, קלאַפּ אָן אין טיר, ווו אַנדזשע וואַרט מיך שוין אָפּ, מיר באַגריסן זיך און מיר צעקושן זיך.

אין דער צייט האָב איך געלערנט ביי רב ניסנען. ער איז געווען אַ הויך, דאַר יידל, מיט אַ קליין גרוי בערדעלע. ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ גרויען באַראַנקאָווע פּאַלטן. צווישן די האָר פון דער באַראַנקאָווער סחורה פלעגט זיך אָפט פאַרגנבענען און זיך געמיטלעך שפּאַצירן אַ לויז, אויף וועלכער כ׳פלעג קוקן מיט שרעק און נייגער. רב ניסן האָט גערויכערט קליינע פּאַפּיראָסן ווי פאַר קינדער. ער פלעגט אָפט רעדן מיט מיין מאַמען. זיי זענען געווען פון איין שטעטל. דערציילט איר מיינע חכמות, מיין חריפות אין אלף־בית. און קלאָגן זיך אויף פאַרשידענע חולאתן. רב ניסן האָט געהאַט זיין גרויסע משפחה אין אַ קליין שטעטל און אַליין געוואַלגערט זיך אין וואַרשע, אַרומגעגאַנגען אָפּלערנען אלף־בית און טראָף מיט ייִנגלעך און מיידלעך. זיינע טרוקענע ליפן און די עטלעכע קייילעכדיקע געלע ציין האָבן מיך געשראָקן מיט אָרעמקייט. ער האָט זייער ווייניק געגעסן. ער איז דערגאַנגען דערצו, אַז ער האָט שוין גאָרנישט באַדאַרפט. די היים, ווי נאָענט זי איז נישט געווען, האָט זיך פאַרווישט אין זיין זכרון. ער האָט אויפגעהערט בענקען נאָך אַ וואַרעמער היים, און נאָך אַן אייגן בעט. און זיצנדיק אַמאָל מיטן אלף־בית ביי אַ ייִנגל איז אים אַזוי שטאַרק קאַלט געוואָרן, אַז ער האָט זיך שוין מער קיינמאָל נישט דערוואַרעמט.

.7

ס׳האָט געוווינט אין פּראָגנט לעווין. אַ ליטווישער ייד מיט אַ שיינער גרויער באָרד און מיט אַ שאַפּאַקלאַק (צילינדער) אויפן קאָפּ אין שבת און אין יום־טוב. ער האָט געדאַוונט אין אַ גרויסער שול און אַפילו חסידים האָבן פאַר אים דרך ארץ געהאַט. ער איז געווען אַ קאָמיסיאָנער און געהאַט בלויז ערלעכע סוחרים, וואָס האָבן קיינמאָל נישט באַנקראָטירט. אַלע לאָקאַטאָרן פון הויף פלעגן מיט פאַרגעניגן אים אָקעגנטראָגן דעם גוטמאָרגן און גוטשבת. כ׳געדענק אַז פון לעווינס וווינונג זענען מיר געבליבן אין זכרון די הויכע, גרויסע שטובן, מיט דעם טונקעלן גלאַנץ פון די פּראָטירטע פּאָדלאָגעס, גרויסע דעמבענע קרעדענסן, מיט געשניצעכטס און דאָס טישל מיטן ניקלענעם סאַמאָוואַר. לעווינס משפּחה געדענק איך נישט. כ׳געדענק, אַז מען האָט געזאָגט, אַז זיינע זין זענען נישט קיין גרויסע לייט און מענטשן האָבן שטאַרק רחמנות געהאַט אויפן אַלטן.

אויפן דריטן שטאָק אין פּראָגנט האָט געוווינט די משפּחה פון דעם ייִנגעלע, וואָס האָט געהאַט לאַנגע האָר און שפּעטער צעבראָכן אַ פוס. כ׳האָב געזען בלויז זיין טאַטן. ער האָט אויסגעזען ווי אַ פּוילישער פּריץ. אַ פול פּנים מיט אַ שיינער באָרד, אַ טיראָלער קאַפּעלוש פעסט פאַרזעצט אויפן גרויסן קאָפּ. אַן אימפּאָזאַנטע פיגור, וואָס האָט געוועקט אַכטונג. ער איז געווען זייער מילד צום ייִנגעלע און פלעגט זיך מאָדנע צעשמייכלען, ווען ער פלעגט אים דערזען.

עס האָט געוווינט מאַריאַנקאַ, וואָס פלעגט שבת מיטגיין מיט מיין טאַטן אין שטיבל אַריין דאַווענען. פון שבת צו שבת פלעגט זיין בערדל אין פּאַלטן וואָס אַמאָל ווערן קירצער. זיין קליין סאַמעטן היטעלע אויפן קאָפּ איז געווען זייער אויסגעריבן. דאָס איז געווען דאָס לעצטע סאַמעטענע היטעלע, וואָס ער האָט געזאָלט אין זיין לעבן טראָגן. מער אַזעלכע היטלען האָט אים זיין ווייב און טעכטער נישט דערלויבט צו קויפן. ער וועט דאָס צוטראָגן ביזן סוף און מיט דעם איז געענדיקט דאָס זיין אַ חסיד, אַ צלאַפּ. מאַריאַנקאַ פלעגט אַ פאַרשעמטער נאָכגיין מיין טאַטן דורך די גאַסן אין שטיבל אַריין. מיין טאַטע פלעגט אויפן וועג אים אַריינזאָגן שטעכווערטלעך און אָפּחוזקן פון אים, פאַרוואָס ער לאָזט זיך פירן פון די ווייבער ביי דער נאָז.

אין אַ דירה אין דער נידער, צוזאַמען מיט דער „באַוואַריע“ האָט געוווינט דער באַוואַרניק. ווען ער האָט זיך אַריינגעצויגן אין דעם הויף איז ער געווען אַן אָרעמאַן. איצט, זאָגט מען, האַלט ער גאַנצע טעג אין איין „זשאָבן“. אין די מאַרק־טעג, ווען דער פּלאַץ ביי דער עספּלאַנאַדנער גאַס איז פול מיט פויערישע פורלעך, איז די שענק איבערפולט מיט פויערים, וועלכע טרינקען בראָנפן און פאַרבייסן מיט זויערע אוגערקעס. זיי שלעפּן די זילבערנע פּערציקערס, איינגעוויקלטע אין שטיקלעך לייוונט, פון דער טיפער קעשענע פון דער

סערמיענגע. וועלכע פאַרשווינדן אין דעם גרויסן שלינגענדיקן שופלאָד פון דער „באַוואַריע“.

פון צייט צו צייט פלעגט אויך אין שענק אַריינפאַלן אַ ייד. אַ קוק טאָן מיט ביטול אויף די שיכורע גוים, אָפּרוקן זיך אין אַ זייט, מאַכן אַ שהכל, אויסטרינקען אַ לאַמפּקע בראָנפן, פאַרבייסן מיט אַ שטיקל „פינטשעווער“ קעז און שנעל פאַרשווינדן ווערן. אין דער באַוואַריע האָט זיך געטראָגן אַ ריח פון געפּרעגלט פלייש, פון געפּרוירענע פיס, פון געזאָטענע אַרבעס און בייעריש ביר. ס'האָט זיך געהערט אָן אויפהער דער קאַלטער קלאַנג פון גלאָז, דער שווערער אַראָפּפאַל פון קופּערנע מטבעות און דאָס קלינגענדיקע קול פון די זילבערנע פערציקערס.

פרייטיק־צו־נאַכטס און שבת פלעגן אין דער שענק קומען חסידישע יידן, דער עיקר יונגעלייט. זיי זענען געזעסן אין דעם באַוואַרניקס פּריוואַטער שטוב, ביים שבתדיקן טיש מיט זילבערנע לייכטער, געטרונקען בייעריש ביר און צוגעגעסן געזאַלצענע וואַסער־פּלעצלעך מיט הערינג.

אַ געצוימטער ווילן צו אויסגעלאַסנקייט, צו הפקרות האָט זיך געטראָגן פון זייערע צעהיצטע לייבער. זיי זענען געזעסן און דערציילט חסידישע מעשיות, זיי האָבן זיך געריסן פון דער ערד. נאָר שלעכטע מחשבות פלעגן זיי יעדעס מאָל אָנגיסן און פול מאַכן זייערע גלידער. זייער התפעלות פלעגט דערגיין ביז עקסטאַז, זיי רייסן זיך די הייליקע ווערטער פון מויל און אַ נאָגנדיקער צוזאָג שלעפּט זיי כסדר צוריק אויף דער ערד. די ליידיקע פלעשער ביר מערן זיך אונטערן טיש. דער שענקער איז געשטאַנען אָנגעלענט איבערן בוך און געמאַכט קנייטשן. אין דעם בוך האָט יעדער יידישער איינגייער געהאַט אַ בלעטל. די בלעטער זענען געווען דורכגעשניטן מיט קליינע דריי־עקן. אַ פלאַש שוואַרץ ביר — און איינגעקנייטשט איין דריי־עק, אַ פלאַש בייעריש ביר — צוויי דריי־עקן און אַזוי כסדר. פון צייט צו צייט שטרעקט דער שענקער אויס אַ טעוועלע פון אַ בוך אויף וועלכער אַ גוישער באַזוכער פון דער שענק אום שבת לייגט אַוועק זיינע פאַרטרונקענע פאַר קאָפּיקעס. דער באַוואַרניק האָט געטראָגן אַ קורצע מאַרינאַרקע מיט אַ קליין קיילעכדיק יידיש היטעלע. געווען אַ פּראָסטער ייד און נישט קיין גאַנץ אָפּגעהיטענער. חסידים פלעגן שפּעטער אויסמיידן זיין שענק. געקויפט ביי אים נאָר ביר צו טרינקען אין דער היים. דער שענקער פלעגט עטלעכע טעג נאָך שבת קומען מיטן בוך אונטערן אָרעם, אויפמאָנען חובות, ציילן די קנייטשן אין בוך און ציילן די פאָר רובל, וועלכע די בעל־חובות פלעגן נישט זייער גערן באַצאָלן.

דעם באַוואַרניקס ווייב איז געווען אַ נידעריקע, דיקע, צעשריגענע יידענע. זי האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ קראַנקע, נאָר ווען מען פלעגט דאַרפן אַרויספירן פון דער שענק אַ שיכורן גוי, וואָס האָט געמאַכט אַוואַנטורעס, פלעגט זי אָננעמען דעם שיכור דעליקאַט ביי דער האַנט און אין איין מינוט איז ער געלעגן אין רינשטאָק ביים אַנטקעגנאיבערדיקן טראָטואַר.

ס'האָט אויך געוווינט אַ קליין, שוואַרץ יידעלע, וואָס האָט געהאַט אין דעם הויז אַ צעלניק־געוועלבל. אויף פּולקעס זענען געשטאַנען אַ סך פידעלעך מיט קנעפּ, מיט מוסטער־קנעפּ פון פאָרנט. אין געוועלבל פלעגן זעלנער קויפן „גוויאַזדקעס“ צו די היטלען. פרייטיק פאַרנאַכט קומען עלעגאַנטע יונגעלייט און בחורים קויפן פּאַפּירענע קעלנער פון דער לייפּציקער פירמע „מעי אונד ערליך“, וואָס זענען געלעגן אויסגעצויגן שטייף אין בלויע פידעלעך, וואָס מ'פלעגט זיי אַרויסרוקן ווי אַ שופלאָד. טייל האָבן אויך געקויפט פּאַפּירענע פאָרלאַגעס. חסידישע בחורימלעך פלעגן קויפן בויגנס ווייך פּאַפּיר אָנצורייסן אשר יצרס אויף שבת. דער צעלניק־געוועלבער איז געווען קליין, דאַר און שוואַרץ מיט אַ שטאַרק באַוואַקסן פּנים. ער איז געווען רירעוודיק און באַרעדעוודיק. געהערט צו די חברה „ביקור חולים“, געגאַנגען נעכטיקן צו קראַנקע אין הקדש. ער פלעגט פאַרציילן אויסטערלישע מעשיות וועגן היציקע קראַנקע און חוזק געמאַכט פון חסידים שוטים, וואָס ווילן זיך נישט צורירן צו קיין קראַנקע נקבות.

אַנטקעגנאיבער דעם באַוואַרניק אין דער נידער האָט געוווינט אַ חסידישער ייד, וואָס האָט געהאַט אויף דער וואָלאָווקע אַן אייגענע בויד מיט געלע, זעלנערישע שטיוול. ער איז געווען אַ נידעריקער, אַ ברייטבייניקער, מיט אַ האַרטער, געדיכטער געלער באָרד. ער איז נישט געווען קיין נגיד, נאָר געהאַט אין זיך דאָס חסידישע רחבות, די ברייטקייט פון ביטול. אַ גאַנצע וואָך איז ער געווען פאַריאָגט, פאַרהאָרעוועט, נאָר ערב שבת פלעגט ער לויפן אין מקוה אָנגעטאָן אַ זיידענע קאַפּאָטע מיט אַ גרויס, הויך שטריימל. ער האָט געדאַוונט הויך פון רב יעקב עמדינס סידור. סוכות פלעגט ער מאַכן אַ סוכה פאַר זיך. געטיילט דעם עולם אָרעמעלייט, וואָס זענען אַריינגעקומען אין סוכה אַריין גלעזלעך צמוקים־ווין און אויסגעקאָכטע באַרנדלעך.

עס האָט נאָך אויפן הויף געוווינט ברייטמאַן, אויך אַ ליטוואַק, אַ קאָמיסיאָנער. אַ קרוב, דאַכט זיך, פון דער טשערנאָבעלער גזע און דער „מעלדונקאָווע“ זשאַנדצע, וואָס איז אויך שפּעטער געוואָרן אַדמיניסטראַטאָר. דער זשאַנדצע איז געווען אַן אַלטער בחור. ער איז געקומען קיין וואַרשע אין דער יוגנט פון ערגעץ אַ רוסיש שטעטל, געשלאָפן אויף די שטיגן פון דעם הויז, אין וועלכן ער איז שפּעטער געוואָרן זשאַנדצע. געצאָלט דעם סטרוזש פאַר דעם זכות צו שלאָפן אויף די שטיגן אַ האַלבן רובל אַ חודש. געגעסן האָט ער טרוקן ברויט מיט אַ זויערער אוגערקע. אין די יונגע יאָרן האָט ער געזען בלוט און די דאָקטוירים האָבן אים פאַרבאָטן חתונה צו האָבן. דער זשאַנדצע פלעגט שבת רויכערן בפרהסיא פּאַפּיראָסן. מיין טאַטע איז געווען אויסער זיך. „מילא פּעיסין, פלעגט ער זאָגן, רייכערט פּאַפּיראָסן אום שבת, איז ער כאָטש אַ גביר, אָבער אַזאַ דלפּניעץ זאָל מחלל שבת זיין, דאָס איז שוין גאָרנישט צו פאַרטראָגן!“ כ'ווייס נישט, וואָס ס'האָט מיין טאַטן אַזוי אַריינגעבראַכט אין כעס, צי דאָס רחמנות צום זשאַנדצע, וואָס וועט נעבעך נישט האָבן נישט די וועלט און נישט יענע וועלט. צי די מורא פאַר דער חוצפּה פון די אָרעמעלייט, די מורא, וועלכע מיין טאַטע האָט געטראָגן אין זיך זייט יאָר 1905, ווען פרעמדע מענטשן האָבן איבערגעטרעטן די שוועל פון זיין אויסגעהיטן הויז און געדראָט אין נאָמען פון עפּעס אַ נישט פאַרשטענדלעכער פאַר אים גערעכטיקייט. כ'ווייס נישט צי מיין טאַטע האָט מורא געהאַט פאַר דער נשמה פונם זשאַנדצע, וואָס וועט נישט האָבן קיין תיקון, צי פאַר דער נשמה און זיכערקייט פון זיין הויז, וואָס ער האָט געבויט פאַר קינדער און קינדס־קינדער.

**דוד ספרד**

# לידער

## אין אַן אייגענער שטאָט

איך בלאָנדזשע אום אויף פרעמדע גאַסן פון אַ פרעמדער שטאָט.
אַלץ אַרום איז ווייט אַזוי אין אָוונט־בלאָ.
און יעדער מענטש, וואָס קומט אַנטקעגן אָן, איז ווי אַ סוד
פון עמעצן, וואָס איז שוין לאַנג נישטאָ.

אויסטערליש און פרעמד כ׳קום פאָר איצט זיך אַליין:
ווער בין איך? פון וואַנען קום איך דאָ אַהער?
ס׳איז נאַכט. יעדעס הויז — אַ שווערער שוואַרצער שטיין.
יעדע שויב — אַ פינקלנדיקע טרער..

## צו מיין אייגענעם פאַרלאָזטן קוואַל

אָ, לעבן מיינס, ווי אַ קוואַל פון אונטערדורותדיקע פלאַסטן,
האָסטו אַ רעד געטאָן אין מיר מיט גורלדיקער שטים, —
און ס׳וויל נישט מיין געביין זיך שטיקן מער אונטער פרעמדע לאַסטן,
און מיין געזיכט — פאַרמעקט זיין אונטער פרעמדן גרים.

ס׳איז נישט וואָר, אַז ווי אַן אָפּגעריסן צווייגל פון אַן אַלטן בוים,
איך דריי זיך אָן אַ ציל פון ווינט געטראָגן צווישן פרעמדע אַקסן, —
איך בין צום וואָרצל זיינעם צוגעוואַקסן, ווי זיין שפּיץ אין רוים,
און טרינק נאָך אַלץ די זאַפטן פון זיין אייביק וואַקסן.

און ווען אַפילו וועגן פיל עס צערטלט אויפריכטיק מיין בליק, —
בלויז איינער ציטערט אין מיין האַרצן ווי אַ שטראַל,
און ווי צו זון ער פירט מיך צו מיין איינציק גליק —
צו מיין אייגענעם פאַרלאָזטן קוואַל.

אַלמאַ־אַטאַ.

## דאָס לאַנד פון מיין חלום

מיין בענקשאַפט — ציטערדיקע כוואַליעס,
מיין האַרץ — אַ וואגלנדיקע שיף.
יעדע נאַכט אין חלום מיט קינדערשער התפעלות
כ׳שווים צו דיינע ברעגעס דורך אַ חושכדיקער טיף.

נאָר ס׳לייכטן ווי לבנות מיינע שווייגנדיקע יאָרן,
ווי שטערן זיך צעצינדן מיינע קינדערישע טעג,
עס פלאַמט מיין לעבן אויף — אַ ברענענדיקער דאָרן,
און כשופט אויס אין נאַכט אַ שטראַלנדיקן וועג.

אָט זע איך שוין די ערד פון מיינע שטילע טרוימען,
זי איז נישט ווי אַמאָל מער איינזאַם און אַליין,
נאָר אירע בערג פאַרלוירענע אין בענקנדיקע רוימען
זענען אַלץ נאָך איינגעהילט אין נעפּלען פון געוויין.

איין רגע בלויז — און ווי אַ וואגל־זון אַ מידער
כ׳וועל טוליען אין איר שויס מיין אומעטיק געזיכט —
נאָר איבער מיר אַ ניכטערער באַגינען ווידער
לעשט מיט קלאָרן בליק דאָס כשופדיקע ליכט.

און ס׳לאַכט ווי פריער די זון אויף פרעמדע שוועלן,
און ס׳גייט מיין חלום אָפּ פאַרשעמט אין נעפּלדיקער טיף,
בלויז די בענקשאַפט ציטערט אַלץ, ווי זילבערדיקע וועלן,
און איבער זיי מיין האַרץ — אַ וואגלנדיקע שיף.

לאָדזש 1947.

## כ׳וויל נישט — — —

איך וויל נישט די טעג מיינע בינדן אין טונקעלע בענדער פון יאָרן
און אויסשטעלן שטומע אַלס אָנדענק פאַר שפּעטערע צייטן,
נאָר רייסן ווי בלעטער פון לוחות אין ווייטיק, אין צער און אין צאָרן, —
און זאָלן די ווינטן זיי טראָגן אין אַלע פאַראַנענע זייטן.

זאָל יעדער פון זיי, ווי אַ בלוטיקער אויפשריפט, זיך לייגן אויף קברים
פון ברידער און שוועסטער געהייליקט אין פּיין און אין ליידן,
זאָל יעדער פון זיי, ווי אַ דראָענדער אויפבליץ אויף שטורעם,
דעם שונא דערמאָנען, אַז ס׳וועט אים די שטראָף נישט פאַרמיידן.

איך וויל נישט די טעג מיינע שמעלצן אין זילבערנע מאַטע מנורות,
ווי יאָרצייט־ליכט פרומע אויף צידוק־הדין און הסכמה,
נאָר איין מאָל אַ צינד טאָן אין פלאַקערס פאַר אַלע פאַרשניטענע דורות,
עס זאָל זייער אָפּשיין אויף אייביק נישט אויפהערן מאָנען נקמה.

עס זאָל זייער אָפּשיין אויף אייביק באַלייכטן דעם וועג פון אַן אומה,
וואָס האָט איבער שייטערס און קברים געשלאָסן אַ בונד מיטן לעבן,
און וועט שוין מער קיינמאָל נישט פרווון מיט שפּרוכן באַקעמפן די טומאה,
און וועט שוין מער קיינעם נישט שענקען און קיינעם פאַרגעבן.

אַלמאַ־אַטאַ.

## דערמאָנונג וועגן מאָסקווע

עס גייט דיין ערד מיר נאָך מיט פריינדשאַפט און מיט פרידן,
און אומעטום,
ווו עלנט נעמט אַרום
מיין גוף דעם מידן,
און תהומען טונקעלע זיך שפּרייטן פאַר מיין בליק —
דאָרט קומסטו אויף ווי פרייד פון קינדערשע אַמאָלן,
ווי זון־שיין איבער שטילע אומעטיקע טאָלן,
ווי מיין פאַרלוירן גליק,
און דורך נעכט פאַראייִנזאַמטע און שוואַרצע
פליסט ווי שטערן־ליכט דיין טרייסט צו מיר אין האַרצן.

איך זע דיך אין באַגינען־ליכט אין בלאַסן:
ווי טויבן גילדענע די ערשטע שטראַלן איבער דיינע קרעמל־שפּיצן שוועבן,
פון נעפּלען לייכטנדע, ווי זילבערנע געוועבן,
ווי וווּנדער גייען אויף די דרימלנדיקע גאַסן
מיט גלאַנציקן אַספאַלט, ווי לאַנגע שמאָלע טייכן.
אויף פאַליעס שיין צעוויגט פאַמעלעך זיך די שטאָט.
די גאָרקי־גאַס ציט אויס זיך שלאַנק און קרעפטיק ווי אַ יונגער גאָט,
און פון דעם רויטן פלאַץ צו אַלע בלאָע הייכן
די זון שטייגט־אויף אַלץ העכער און אַלץ העכער —
אַ פאָן אַ גילדענע אויף אַלע דיינע דעכער.

אין אָט דער צייט לעשט אויס אַ פענצטער זיך אין קרעמל־וואַנט אין גרויער.
אַ מענטש וואַשט אָפּ מיט קילער לופט זיין מיד געזיכט
און שמייכלט מילד אַנטקעגן מאָרגן־ליכט —
אַ רויטאַרמייער שטעלט אויף אַכטונג זיך ביים טויער.
דער מערב טונקלט נאָך, דער מזרח ווערט אַלץ בלויער.
דער מענטש ביים פענצטער טראַכט:
דאָס מאָרגן־ליכט וועט גרייכן אויך צו מערב־נאַכט —
דער רויטאַרמייער שטייט אויף אַכטונג ביי דעם טויער.
און ווי אַ פאָן אַ גילדענע איבער אַלע דיינע דעכער
הויבט אויף די זון פון רויטן פלאַץ זיך העכער אַלץ און העכער..

— — — — — — — — — —

אַזאַ־אָ טראָג איך דיך ביז איצט אין מיין זכרון,
און ס'איז מיין טראָ־ דערפון אויף יעדער ערד נאָר פעסטער.
און ווען איך הער דיין נאָמען ווער פאַרשוועכט און לעסטערט,
איך הויב ווי פאָנען אויף דאָ מיינע יענע יאָרן,
ווען ס'האָבן טעג צוריקגעקערט פאַרשעמט פון אַלע לענדער,
און פון אַלע גרענעצן געלויערט האָט די נאַכט —
אָ, דעמאָלט האָסטו איינע בלויז אַ מונטערע געוואַרט,
איינע קעגן אַלע שענדער — — —
אַזאַ־אָ טראָג איך דיך ביז איצט אין מיין זכרון.
אַזאַ וועל איך דיך טראָגן שוין אויף אַלע יאָרן.

לאָדזש 1948.

## נישט אויף די טייכן פון בבל

נישט אויף די טייכן פון בבל —
אויף פריינדלעכער ערד איצט מיר זיינען,
פאַרוואָס איז דאָס האַרץ ווי אַן אַבל
פאַר יידן זיך גרייט צו צעוויינען?

אין עלנטע בלאָע פאַרנאַכטן,
ווען מויער זיך טוליעט צו מויער,
אין טונקעלע גאַסן, ווי שאַכטן,
דאָס האַרץ איז אַ גרודע פון טרויער,

און ס'ווילט זיך, ווי זיידעס פאַרצייטן,
מיט הענט ווי פאַרבראָכענע־צווייגן,
דעם ווייטיק אויף ווערטער נישט בייטן,
נאָר זיצן און שווייגן און שווייגן.

איך האָב דאָך פאַר קיינעם געשווירן
אין וואָגל פון לאַנגע מעת־לעתן,
אין לאַנד פון מיין נייעם געבוירן,
אַז אויב כ'וועל מיין היימלאַנד פאַרגעסן,

זאָל ווערן פאַרגעסן מיין אָרעם,
זאָל קלעפּן מיין צונג צו דעם גומען, —
פאַרוואָס־זשע אַפילו אין שטורעם,
ווען הערצער און מוזעס פאַרשטומען,

זינגט אַלץ מיר מיין האַרץ אויס דעם ניגון
פון בענקשאַפט צום היימלאַנד פון טרוימען,
און ס'זענען די קלאַנגען ווי שטיגן,
וואָס פירן צו ליכטיקע רוימען?

מאָסקווע 1945.

## דאָס איז מיין פאָלק

נאָך איז מיין גוף מיט גרודעס פיין פאַרשיט,
און שרעקן פינצטערע אין האַרצן מיינעם ווימלען —
און שוין גייט אויף אין מיר פונסנייי אַ ליד,
ווי ס'גייט אַ שטערן אויף צווישן וואָלקנדיקע הימלען.

נאָך הויערן אויף מיר די נעפּלען פון געוויין
און איבער פרעמדע וועגן כ'בלאָנדזשע אום אַ מידער,
נאָר ס'לעבט אַ ניגון אויף מיין מיד געביין
און שליסט מיך אָן אין גאַנג פון דורות ווידער.

זיי קומען שטיל פון שאָטנלאַנד אַרויס —
די קייט פון צייט אויף רינגען בלוטיקע צעריסן —
און יעדער רינג איז ווי די ערד די גרויס
און רויט ווי איר געשענדעטער געוויסן.

דאָס איז מיין פאָלק, זיין אָנהייב — אין בראשיתדיקער
ווייט,
זיין צאָל איז ווי די שטערן, ווי דאָס זאַמד ביים ברעג —
מיין פאָלק, וואָס האָט פאַרמאָסטן זיך מיט צייט,
אַ בלוטיקן פאַרמעסט ביז ענד פון אַלע טעג.

לאָדזש 1947.

## ד אָ ס   וו אָ ר ט

עס קומט אומגעריכט פון די טונקעלע תהומען
אויף ראַנד פון מיין זינען אין נעפּל פאַרשפּינט, —
אַ בלאָנדזשענדער שטערן אין נאַכטיקע רוימען
בליצט ליכטיק אַדורך און אין ווייטקייט פאַרשווינדט.

נאָר ס'גייט שוין מיין האַרץ נאָך זיין זילבערנעם שימער
אין שטילער דערוואַרטונג אויף העלן באַשייד —
אויף נאַקעטן דיל פון מיין טונקעלן צימער
אַ יום־טוב־שיין בלויער מיט מילדקייט זיך שפּרייט.

און ס'דוכט זיך פונסנייי מיר, אַז כ'וועל נאָך דעריאָגן
מיין קינדערשן חלום אין סוף פון די טעג,
און ס'וועלן נאָך ציטערדיק־לעצטע פאַרטאָגן
באַשיינען מיט פרידן מיין איינזאַמען וועג.

אינמיטן פון טעגלעכע וואָכיקע זאָרגן,
עס גיט נישט די זעונג קיין רו מיין געמיט —
מיין האַרץ ציטערט שטיל ווי אַ בלאַט אין פרימאָרגן,
מיין בלוט זינגט אַן אומעטיק, אויסטערליש ליד.

לאָדזש 1947.

הערש סמאָליאַר

# סקיצן

## שונאים

געוויינלעך, ווען דער „דייטש" פלעגט צוריקקומען אין אונדזער הייל, פלעגן מיר שוין פון אים נישט אָפּ־טרעטן, און כאָטש ער איז שטענדיק טויט־מיד געווען, פלעגן מיר אים נישט אָפּלאָזן ביז ער האָט נישט „אויס־געלייגט" אַלץ, וואָס ער האָט אין משך פון דער צייט אויפגעטאָן. ער איז געווען אַן אויסשפירער און זיין זאַך איז דער עיקר געווען „ריניקן" די געגנטן פון די היימישע שונאים. דאָ פלעגט ער באַוויזן אַזעלכע קונץ־שטיק, וואָס פלעגן דעם סאַמע פאַרמאַסקירטן פיינט צווינגען רעדן קלאָרע דיבורים. דערביי האָט ער פאַר־מאָגט אַזאַ נאָז, אַז ער פלעגט, ווי ער אַליין האָט ליב געהאַט זיך צו באַרימען, „דערשפירן פאַדלינע אַזש פאַר אַ מייל".

געווען איז ער דער איינציקער, וואָס האָט קעגן דעם באַפעל, געהאַט דאָס רעכט צו טראָגן אַ פולשטענ־דיק דייטשישע אוניפאָרם (לויטן באַפעל האָט עפעס פון דער קליידונג געמוזט עדות זאָגן, אַז ער איז אַ פאַרטיזאַנער און נישט קיין דייטש). דערפאַר מסתמא האָט מען אים גערופן „דייטש", כאָטש זיין אויסזען האָט בולט עדות געזאָגט, אַז ער איז ווייט צו זיין אַן אַריער. ער האָט אויך גערעדט דייטש, הגם איבערגעפלאָכטן מיט יידישע ווערטער.

דאָס מאָל, ווען „דער דייטש" האָט זיך אַראָפּגע־לאָזט אין דער הייל, איז ער נישט צוגעגאַנגען ווי גע־וויינלעך צום ברענענדיקן אויוועלע. דער עולם האָט באַמערקט, אַז עפּעס איז געשען, איז מען צו אים נישט צוגעשטאַנען און אים געמאַכט אַן אָרט אויפן געלעגער, ער זאָל זיך קאָנען אויסציען.

ביינאַכט זענען מיר אַוועק אויף אַ שלאַכט־אויפ־גאַבע — אויפרייסן אַ בריק. ווען מיר זענען אויפצו־מאָרגנס צוריקגעקומען האָבן מיר, צו אונדזער אַלע־מענס שטוינונג, געטראָפן „דעם דייטש" ליגן, אַזוי ווי מיר האָבן אים איבערגעלאָזן. אונדזער טומלדיקער דערציילן וועגן אַלע אונדזערע „זיבן גליקן" בעתן פטרן די בריק און אירע שומרים, האָבן אים בכלל נישט גערירט. ער איז געבליבן ליגן מיט אָפענע אויגן, ווי ס׳וואָלט אים דער גאַנצער ענין נישט אָנגעגאַנגען.

די מעשה מיטן „דייטש" האָט אונדז אַלעמען גע־נומען שטאַרק אינטריגירן. וואָס איז דאָ אַזוינס מיט אים געשען? אומבאַמערקט האָבן מיר אַרויסגעשיקט איינעם פון אונדזער טייל, בכדי צו מעלדן דעם אָפּטייל־קאָמאַנדיר, וועגן דער פלוצלומדיקער „מעלאַנכאָליע" פונעם אויסשפירער. יענער איז גיך צוריקגעקומען מיט אַן איבערגעשראָקן פנים, געבנדיק צו וויסן מיט אַ קוועטש פון די פלייצעס, אַז ער האָט זיך... גאָרנישט נישט דערוווסט. „מער נישט — האָט ער שטיל איבער־געגעבן — דער קאָמאַנדיר האָט זיך שטאַרק אויסגע־זידלט, געזאָגט האָט ער: „זאָל ער ליגן אין געהאַקטע צרות, אויב ס׳הויבט אים נישט אונטער פון אָרט."

דער עולם האָט שוין רוען נישט געקאָנט. מ׳האָט גענומען זיך נאָכפרעגן ביי דער חברה פון אויסשפיר — אפשר ווייסן זיי עפעס. אפשר ווייסן די, וועלכע זע־נען אויף דער באַזע געבליבן, בעת מיר זענען אַוועק אויף דער אָפעראַציע? אַ נעכטיקער טאָג, קיינער ווייס גאָרנישט.

נאָך מיטאָג איז פלוצלונג געקומען דער באַפעל צו שפאַנען פערד און שליטנס און נעמען שנעל אַרויס־פירן פון לאַגער אַלץ, וואָס קאָן נאָר אַרויסגעפירט ווערן. ס׳איז געוואָרן קלאָר: מיר „ציען אָפ", מיר בייטן די באַזע. אָבער וואָס איז געשען? קיינער אַפילו פון אויסשפיר האָט נישט געהערט, אַז דער שונא זאָל זיך האָבן ערגעץ באַוויזן.

ווען ס׳איז טונקל געוואָרן האָבן מיר פאַרלאָזן די באַזע. לעבן אונדז האָט שווער געשלעפט זיינע פיס דער שווייגנדיקער „דייטש". מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס שנעלע פאַרלאָזן אונדזער באַזע האָט געוויס אַ שייכות מיטן „דייטשס" שווייגן. ס׳איז אונדז אַלעמען שווער געווען אויפן האַרצן. מיר פאַרלאָזן אַ היימיש־אָנגעוואָרעמט אָרט מיט באַקאַנטע פויערים אַרום. איצט, ווו מיר זאָלן נישט קומען, וואַרט אויף אונדז בלויז אַ טיפער שניי און פאַרפרוירענע סאָסנעס, וואָס שיצן ווייניק וואָס קעגן ווינט. אוודאי איז עס נישט צום ערשטן מאָל, אָבער קיינמאָל איז דער פאַרדרוס נישט געווען אַזוי שטאַרק, ווי איצט — צוליבן בלויזן חשד, אַז שולדיק איז דערביי אַן אייגענער. און דערביי נאָך איינער אַזאַ, וואָס האָט זיך גערעכנט צווישן די בעסטע, די פלינקסטע...

דער „דייטש", ווי ער זאָל האָבן דערפילט דעם אָנוווקס פון פאַרדרוס לגבי אים, האָט גענומען דרייען מיט דעם קאָפ אויף אַלע זייטן, זוכנדיק עמיצן. ער האָט זיך נענטער צוגערוקט צו אונדזער גרופע און גענומען אונטערהאַלטן אונדזער פוסטראָט. קיינער האָט אים אויף קיין שמועס נישט אָנגעצויגן, אַליין האָט ער גע־נומען זיך אויסטענהן. און כאָטש אין זיין גאַנצן דער־ציילן איז קיין סימן פון פאַרטיידיקן זיך נישט געווען; — פאַרקערט, עטלעכע מאָל האָט ער איבערגעחזרט: „איך בין שולדיק, איך אַליין!" — האָט זיך דאָך געפילט, אַז פון אונדז, זיינע אַלטע קאַמפס־חברים, דערוואַרט ער אַ ביסעלע מיטגעפיל, אַ טרייסט־וואָרט כאָטש...

„...מ׳האָט מיר געגעבן צו וויסן, אַז פון טראַקט אויף אַ וויטן דאָרפישן וועג זענען אַראָפ 2 פרויען. קיין שום סמנים האָט מען מיר נישט איבערגעגעבן. געזאָגט האָט מען בלויז, אַז דאָס זענען אוודאי פאַרטיזאַנערינס. זיי־ער אָנטאָן זאָגט וועגן דעם עדות. און דאָס האָט מיר גראָד אויסגעזען פאַרדעכטיק. ווי באַלד פון טראַקט — האָבן זיי זיכער געדאַרפט גיין געקליידט שטאָטיש־ציוויל, באַזונדערס אונדזערע פרויען...

כ׳האָב געלאָזט אין גאַנג מיין אַגענטור און מיר האָבן שוין די צוויי פרויען אויפן אויג. נישט פאַרהאַלטנ־דיק זיי אין ערגעץ, האָבן מיר פעסטגעשטעלט, אַז זיי גיי־ען אין דער ריכטונג פון אונדזער באַזע. ווער זענען זיי? פון וואַנען קומען זיי און ווער האָט זיי אַזאַ גענויעם מאַרשרוט געגעבן?

ס׳איז מיר איינגעפאַלן צו מאַכן די פרויען אַ שטיקל

קומען, איידער זיי וועלן פֿאַרהאַלטן ווערן דורך אונדזער פּאָסט. צוויי פֿון מײַנע אויספֿירער האָב איך איבערגעטאָן אין דײַטשע קליידער און אין דרײַען האָבן מיר זיך פֿאַרשטעקט אויפֿן נאָענטסטן כוטאָר. ווען אויפֿן וועג, וואָס איז אַ פּאָר הונדערט מעטער ווײַט געווען פֿון כוטאָר, האָבן זיך באַוויזן 2 סילועטן, האָב איך אויף פֿערד אַרויסגעשיקט מײַנע אויספֿירער אָנזאָגנדיק, אַז זיי זאָלן מיט קיין איין וואָרט זיך נישט אַרויסכאַפּן, אַ חוץ מיט אַן אַליאַרמדיקן „ה־אַ־ל־ט" ברענגען די צוויי אַהער צו מיר. די באַלעבאַטים פֿונם כוטאָר האָב איך באַוויזן צוצוגרייטן — דער עיקר זיי זאָלן מאַכן אַ טויט־איבערגעשראָקן פּנים.

פֿאַר מיר זענען געשטאַנען 2 „אויסגעגאָסענע" פּאַרטיזאַנערינס. איינע, אַ שוואַרץ־חנעוודיקע, אין שטיוול און הויזן מיט אַ לעדערנער קורטקע פֿון אויבן. די צווייטע, אַן עלטערע, אין אַ פּעלצל אונטערגעגאַרטלט מיט אַ רימען. די ייִנגערע האָט קיין סימן שרעק נישט אַרויסגעוויזן, שטייענדיק פֿאַר מיר — פֿאַר אַן אָפֿיציר פֿון דער דײַטשער אַרמיי. זי האָט גערעדט אַ ביסל דײַטש און פֿרײַ געענטפֿערט אויף מײַנע פֿראַגן. די עלטערע איז געשטאַנען אַ פֿאַרלוירענע. אַרומקוקנדיק זיך פֿון אַלע זײַטן האָט זי זיך צוגערוקט נענטער צו דער ייִנגער, ווי זי וואָלט געוואָלט זיך באַשיצן פֿון אַלץ אַרום.

— אין וואַלד, אויף אַ שפּאַציר, נישט אַזוי מײַנע שיינהייטן? —

— אַזוי הער אָפֿיציר — האָט געענטפֿערט לײַכט שמייכלענדיק, די ייִנגערע.

— אָ ,דער וואַלד איז גוט, באַזונדערס שיין איז דאָס פֿויגל־געזאַנג... פֿאַרשיידענע פֿייגל זענען פֿאַראַן אין וואַלד... וועלכע פֿון זיי געפֿעלן די פֿריילינס צום בעסטן, נישט די, וואָס מאַכן פּיף־פּאַף?...

די עלטערע איז טויט־בלאַס געוואָרן. די ייִנגערע האָט אַ שמייכל געגעבן און געבליבן שטיין אין פֿאַרלעגנהייט. איך האָב בעת מעשה זיך אַ לאָז געטאָן מיט רציחה און מיט אַלע באַוווסטע מיר דײַטשישע קללות צו די באַלעבאַטים פֿון כוטאָר און זיי פֿאַרטריבן פֿון כאַטע. די מיידלעך האָב איך העפֿלעך געבעטן אַוועקלייגן אויפֿן טיש דאָס געווער, אויב זיי פֿאַרמאָגן. די ייִנגערע האָט גלײַך פֿון קעשענע אַרויסגעלייגט אַ קליין פֿראַנצויזיש פּיסטאָלעטל. די עלטערע האָט זיך אומגעקוקט אויף צוריק, דערזען די שטרענגע בליקן פֿון מײַנע 2 אויספֿירער און גענומען אַרויסציִען פֿון אונטערן פּעלצל אַ נאַגאַן.

איך האָב געזען, אַז לאַנג טענהן וועט נישט אויסקומען. כ'בין אָבער נאָך נישט גענוג זיכער געווען, ווער אייגנטלעך האָט זיי דירעקט אַהער געשיקט.

— דער וועג איז שווער געווען? איר האָט זיכער געבלאָנדזשעט? —

די ייִנגערע האָט לײַכט קאָקעטירנדיק געענטפֿערט, אַז „ס'מאַכט נישט", „מיר זענען געוווינט צו גיין צו פֿוס".

— נו, אײַך האָט מען גענוי באַצייכנט, ווי אַזוי צו גיין... —

די ייִנגערע האָט געוואָלט עפּעס ענטפֿערן. פּלוצים האָט זי זיך צוריקגעצויגן און אַ קורצן בליק געכאַפּט אין דער זײַט פֿון דער עלטערער, באַגעגנדיק זיך מיט אירע אָנגעשטרענגט־עקבערנדיקע אויגן.

— יאָ, דעם וועג קענען מיר... —

פּלוצים איז די עלטערע אַזוי שנעל צוגעגאַנגען נאָענט צו מיר, אַז מײַנע אויספֿירער האָבן זיך אַ וויג געטאָן פֿון אָרט. שטיל אָבער, געציילט יעדעס וואָרט, האָט זי מיט פֿאָרוואורף אין איר שטים מיר געמאָלדן:

— הער אָפֿיציר, איר דאַרפֿט אונדז נישט פֿאַרהאַלטן. אַלנפֿאַלס מוזט איר די פּויערים, די לעבעדיקע עדות, שוין צונעמען פֿון דאַנען, אַז נישט קענען מיר ווײַטער נישט גיין... כ'מיין, אַז איר האָט מיך פֿאַרשטאַנען... —

ס'זענען שוין בײַ מיר קיין שום ספֿקות נישט געווען, ווען, וועמען איך האָב דאָ פֿאַר זיך. כ'מוז אָבער דעם פֿאָדעם אָנכאַפּן און ציִען ווײַטער.

— ווײַטער קענט איר איצט נישט גיין. איר וועט זיך גלײַך ווײַטער אָנשטויסן אויף מײַנע סאָלדאַטן. אײַער באַפֿרײַען וועט ווערן אין וואַלד באַוווּסט. מיר מוזן איבערוואַרטן... —

— איז גוט — האָט זיך אָנגעכאַפּט די ייִנגערע — מיר גייען צוריק צו סט־1 און דאָרט וועלן מיר איבערוואַרטן. —

— אין שטאָט אַלזאָ? — האָב איך צוריק איבערגעפֿרעגט, נישט אַרויסגעבנדיק מײַן מורא, אַז דאָס אָנגעצויגענע שטריקל זאָל זיך נישט איבעררײַסן.

— ניין, סט־1 איז איצט בײַ זיך אין דאָרף.

— אָ, וווּנדערבאַר. מיר פֿאָרן אַהין, צו אים. וואָס שייך די פּויערים, זענען דאָס מײַנע מענטשן, אַזוי, אַז מאָרגן וועט איר דאָ ווידער זײַן... —

מיר זענען אַרויסגעפֿאָרן מיטן שליטן און מײַנע אויספֿירער האָבן אָן שום באַפֿעל פֿאַרשטאַנען, אַז זיי דאַרפֿן טרײַבן די פֿערד לויט דעם זעלבן וועג, מיט וועלכן די „פֿריילנס" זענען אַהער געגאַנגען. מיר האָבן די פֿרויען אײַנגעטוליעט אין פּעלצן, כלומרשט קיינער זאָל זיי אויפֿן וועג נישט דערקענען. נישט ווײַט פֿון טראַקט, נישט ווײַסנדיק ווו ווײַטער צו פֿאָרן, האָב איך זיך צו די פֿריילנס געווענדעט: אפֿשר וויל ווער פֿון זיי אַליין נעמען די לייצעס. די ייִנגערע האָט גערן גענומען, געכאַפּט אַ בליק אַרום און געהייסן פֿאָרן צוריק און מיטן ערשטן וועגל אויף לינקס פֿאַרקערעווען,

ס'האָט מיר אַזש אַ זעץ געטאָן אין האַרצן. דאָס איז דאָך דאָס דאָרף, ווו אַלע אונדזערע דיווערסאַנטן, איידער זיי גייען אַריבער דעם טראַקט, צו דער אײַזנבאַן־ליניע, שטעלן זיך אָפּ. דאָ, אין דעם דאָרף, האָב איך דאָך מײַן אייגענע אַגענטור...

כ'באַוויַיז נישט דערטראַכטן ביזן סוף דעם שרעקלעכן געדאַנק, ווי אונדזער שליטן בלײַבט פּלוצים שטיין. די פּיס זענען בײַ מיר ווי אָפּגענומען געוואָרן און כ'קען קוים זיי אַרויסשלעפּן אויף דער ערד. די מיידלעך גייען, אַזוי ווי צו זיך, אין דער כאַטע, וועלכע איך האָב אין משך פֿון חדשים געהאַלטן פֿאַר מײַן רעזידענץ...

כ'האָב מײַן אייגענע שטימע נישט דערקענט, ווען כ'האָב באַפֿוילן דער באַלעבאָסטע רופֿן איר מאַן. דאָס פֿאַרוווּנדערטע פּנים פֿון די פֿרויען, וואָס האָבן מיך דערהערט רײדנדיק נישט אויף דײַטש, האָט מיר אומגעקערט אַביסל דאָס גלײַכגעוויכט. דער סטאַראָסטע (אַזוי פֿלעגן מיר אים רופֿן) האָט מיך באַגעגנט מיטן געוויינלעכן, ברייטן, גאַסטפֿרײַנדלעכן שמייכל, וועלכער האָט זיך באַלד אין אַ גרימאַסע צעלאָזט איבער זײַן בלייך־געוואָרענעם פּנים. ער האָט דערזען די „פֿריילנס".

מיט מיר האָט עס נאָך קיינמאָל נישט געטראָפן, אָבער דאָס מאָל איז עס אַזוי געשען און דאָס איז מיין אייגענע שולד. איך האָב דעם סטאַראָסטע אַ וואָרט נישט געלאָזט אויסריידן. כ׳בין צוגעפאַלן צו אים מיט מיין פּיסטאָלעט. איך האָב גאָרנישט געפילט אויסער דאָס קאָכעדיקע בלוט, וואָס האָט מיר געברענט מיין אינגעווייד, איז מיר דערגאַנגען ביזן האַלדז, אַ זעץ געטאָן מיר אין קאָפּ און פאַרגאָסן די אויגן. ווען כ׳האָב דערהערט האָרט ביי מיין אויער דאָס פליסטערן פון מיין אויסשפּירער „קאָמאַנדיר, באַרואיק זיך" בין איך אין פולן אָנמאַכט געלעגן אויפן באַנק. ערשט זענען צו מיר דערגאַנגען די יללות פונעם סטאַראָסטעס ווייב. איך האָב דערזען, ווי דער צווייטער אויסשפּירער האָט אויף הינטן פאַרקוועטשט די הענט פון דער עלטערער „פאַרטיזאַנערקע", וועלכע האָט בייסנדיק די ליפּן געפּרוווט זיך פון אים אַרויסרייסן. די יינגערע איז מיט אַן אָפן מויל, ווי נישט קענענדיק כאַפּן דעם אָטעם, געלעגן אַ פאַרשטאַרטע אָנגעשפּאַרט אויפן קאָמאָד.

כ׳האָב אייגנטלעך שוין דאָ אויפן אָרט פאַרשטאַנען מיין פעלער און ווי פּרווונדיק זיך צוריקציען האָב איך באַפוילן אַרויפשלעפּן דעם סטאַראָסטע אויפן שליטן. מיינע יאַטן האָבן שוין אָבער בלויז אַ פּגר אַהין אַריינגעוואָרפן. בין איך אַריינגעפאַלן אין פאַרצווייפלונג, זיך ווידער געכאַפּט צום נאַגאַן און ווי וועלנדיק זיך אַליין פאַרטויבן, האָב איך אַרויסגעלאָזן דעם גאַנצן באַראַבאַן קוילן. ערשט דאַן בין איך אינגאַנצן געקומען צו זיך. אויף אַ שטיק ווייסע לייוונט האָב איך מיט טרייסלענדיקע הענט אָנגעשריבן: „אַזוי וועלן מיר טאָן מיט אַלע אונדזערע שונאים" און באַפוילן פירן די פּגרים צום טראַקט. דאָרט האָבן מיר זיי אויפן סאַמע מיטן אַרויסגעוואָרפן צושפּילענדיק צו זיי דעם לייוונט מיטן צושריפט.

אויף דער באַזע בין איך געקומען שוין אינגאַנצן אַ ניכטערער. כ׳האָב זיך געמאָלדן צום קאָמאַנדיר: אַזוי און אַזוי, באַפויל מיך צו אַרעסטירן. און ער, — אָנשטאָט זידלען מיך אויף זיין שטייגער — האָט גזלניש־קאַלט גענומען אַרויסלייגן מיר אין וואָס איך בין שולדיק: אַז אַן אַגענט פון שונא האָב איך אָנגעטרויט דעם אויסשפּיר, און דאָס ביים סאַמע טראַקט, האָט ער אַזוי „געשפּירט", אַז ער האָט אַזש גענוי זיך דערוווסט, ווו איז אונדזער באַזע — דאָס איז איינס; אַז אָנשטאָט אים צו ברענגען אַ לעבעדיקן, ער זאָל אונדז געבן לשון, האָב איך אים אין דער ערד אָפּגעשיקט אַ שטומען — דאָס איז צוויי; אַז אָנשטאָט צו ברענגען די „פּריילנס" צו אונדז און דורך זיי ציען דאָס שנירל נאָך ווייטער, האָב איך אים איבערגעריסן ביים סאַמע אָנהויב — דאָס איז דריי. דריי פאַרברעכנס, פאַר וועלכע ס׳קומט מיר דריי מאָל צו דריי גראַם בליי. קלאָר! און באַלד הייסט ער מיר גיין צו זיך אין הייל זיך אויסשלאָפן..."

מיד האָבן מיר פון טיפן שניי געשלעפּט די פּיס. די געלענקן האָבן ווי געטאָן. טראָפּנס שווייס האָבן זיך געגאָסן פון הינטער די ווינטער־היטלען. פון מזרח־זייט האָט גענומען שאַריען אויף טאָג און מיר האָבן דערזען די קאָנטורן פון אַ געדיכטן וואַלד. ס׳איז אונדז מיט אַמאָל לייכטער געוואָרן צו שלעפּן די לאַסט פון די אייגענע קערפּערס. געדוכט האָט זיך אויך, אַז לויטערער איז געוואָרן דאָס פאַרחושכט פּנים פון אונדזער „דייטש", וועמען ס׳איז אוודאי נאָכן אַראָפּריידן זיך לייכטער געוואָרן אויפן האַרצן.

# דער פּרעזידענט פון אונדזער הויפּטשטאָט

וואָלט עס עמעצער אַן אַנדערער געווען, וואָלט ער זיכער שלעכט אָפּגעשניטן. טעוול איז אָפּגעקומען בלויז מיט אַ חוזק־ווערטל אויף זיין חשבון פונעם בריגאַדע־קאָמיסאַר סאָבטשיק און מיט אַ צענדליק גרינגשעצנדיקע בליקן מצד אַנדערע שטאַב־מיטגלידער. מיט אַ געמאַכטן לעקישעוואַטן שמייכל האָט עס טעוול כלומרשט פאַר ליב אָנגענומען, אַראָפּגעשלונגען און שטום געבליבן זיצן אויף דער טאַבורעטקע, אין סאַמע עק פון דער אָנגעפּראָפּטער און אָנגערויכערטער פויערישער כאַטע.

אוודאי וואָלט טעוולען, דעם אַדיוטאַנט פונם בריגאַדע־קאָמאַנדיר וואַסילעווסקי, קיינמאָל נישט איינגעפאַלן — נישט געבעטענערהייט זיך אַריינצומישן אין דעם אָנגעשטרענגטן שמועס ערב דער גרויסער שלאַכט. זיין זאַך האָט ער גוט געקענט: אויפן ווונק פאַרשטיין באַפעלן, אויספירן זיי און באַלד מעלדן: אַזוי איז עס, חבר פולקאָווניק! אוודאי וואָלט ער אויך איצט נישט געוואַגט דאָס מויל עפענען. האַנדלט זיך עס אָבער וועגן דורכפירן אַ פּלאַן, וואָס ער, טעוול, האָט מיט אַלע איינצלהייטן שוין צענדליקער מאָל פאָרגעשטעלט דעם פולקאָווניק, בעת יענער איז געווען אויפגעלייגט און פלעגט מיט טעוולען פאַרפירן איינעם פון די אומענדלעכע ביינאַכטיקע שמועסן.

טעוול האָט ליב געקראָגן דעם בריגאַדע־קאָמאַנדיר. אין זיין עטלעכע און דרייסיקיאָריקן לעבן באַגעגנט ער צום ערשטן מאָל אַ מענטשן ניט פון זיין פאָלק צו וועלכן ער, טעוול, זאָל אַזוי, אָן אַ שום באַוואָרעניש, זיך צובינדן און פאַרגעסן אינגאַנצן, אַז צווישן זיי ביידע שטייען פון איין זייט לאַנגע יאָרן ישיבה־לערע, בית־מדרש־סביבה און פון דער צווייטער — 25 יאָר פּראָפעסיאָנעלע אַרמיי־דינסט, פון אַ פּשוטן סאָלדאַט אין דער צאַרישער אַרמיי ביז אַ פאַרטיזאַנערישן בריגאַדע־קאָמאַנדיר. וואַסילעווסקי האָט גענוי געקענט טעוולס פאַרגאַנגענהייט. עס האָבן אים מיט אַלע איינצלהייטן דערציילט די פאַרטיזאַנער, אָפּשטאַמיקע פון דער געגנט, וועגן טעוולס סמיכות אויף רבנות, וועגן טעוולס אָנזען אַפילו צווישן פויערים פון אַרום, וועלכע פלעגן קומען צו אים אויסלאָדן סכסוכים. פאַרוואָס דווקא אים האָט דער פולקאָווניק אויסגעקליבן פאַר זיין געהילף, האָט טעוול ניט געוווסט. צום אָנהויב האָט עס אים שטאַרק געשראָקן — ווי וועט ער זיך אַן עצה געבן, נישט האָבנדיק קיין אָנונג אין וועלט־זאַכן; ווער רעדט נאָך אין מיליטער ענינים?! געשראָקן האָט אים נישט אַזוי דער מעגלעכער כעס פונעם קאָמאַנדיר, ווי דער חוזק מצד די פאַרטיזאַנער, אויסגעשולטע מיליטער־לייט, צווישן וועלכע אַ סך וואָלטן זיך גליקלעך געפילט צו זיין דעם בריגאַדע־קאָמאַנדירס אַדיוטאַנט. „אָט דער חוזק זאָל חלילה ניט טרעפן די איבעריקע יידן" האָט זיך געדאגהט טעוול און די דאָזיקע דאגה האָט אים צוגעשמידט צום פולקאָווניק, ניט אָפּצוטרעטן אַ טריט פון אים. און גראָד ווי אויף צו להכעיס איז ניט קענטיק געווען, אַז דער קאָמאַנדיר זאָל אים באַמערקן — ער האָט גאָרניט קיין אויפטראָגן פאַר אים. ערשט שפּעט

ביי נאַכט, ווען אַלע באַפעלן אויפן מעת־לעת זיינען געווען אַרויסגעגעבן, אַלע ראַפּאָרטן אויסגעהערט און אַלע פאַרבינדלער אָפּגעשיקט מיט שליחותן אין די אָפּטיילונגען פלעגט דער פּאָלקאָווניק זיך אַריינלאָזן אין אַ לאַנגן שמועס מיט זיין אַדיוטאַנט.

אַן אָפּשטאַמיקער פון אַ פאַרשיקטער אויף סיביר פּוילישער משפחה, האָט וואַסילעווסקי געירשנט די אייגנשאַפטן פון די קאַטאָרזשאַנעס־פרייהייט־קעמפער: דערגרונטעווען זיך צו פּראָבלעמען, וואָס האָבן גאָר־ניט געפּאָרט זיך מיט דעם ביז גאָר איינפּאַכן אַרום. און האָט וואַסילעווסקי אָנגעהויבן זיין באַליבטן שמועס וועגן דעם היינט, פאַר וועלכן ס'לוינט נישט קיין טראָפּן שווייס — ווער רעדט נאָך בלוט צו פאַרגיסן, אויב אין אים זענען קיין זוימען ניט פאַרזייט פאַר אַ דערהויבענעם מאָרגן, — האָט טעוול דערפילט אין אים די קרובה־שאַפט מיט זיין אייגענער נשמה, וואָס האָט אין איר שטרעבונג צו פולקאָמקייט געצייט אים זיך אָפּצוזאָגן פון רבנות, כדי נישט צו ווערן קיין „פּראָפעסיאָנאַל". און כאָטש אין אַ פּרעמדער, ניט גוט באַהערשטער שפּראַך האָט טעוול אָן אָפּהאַלט אויסגעלייגט פאַרן פאַרטרוימטן מאַן — דעם זעלבן, וואָס מיט אַ שעה צוריק האָט ער איין באַפעל נאָכן צווייטן אַרויסגעגעבן: שיסן, חרוב מאַכן, צעקלאַפּן — זיין, טעוולס, זעאונג פונעם היינט, וואָס דאַרף שוין פאַרגעלטן, היילן, טרייסטן, און דער עיקר — ראַטעווען.

ס'האָט טעוול אין גרויס אייפער ניט באַמערקט די כעסדיק־צונויפגעשרומפּטע קוּוער־קנייטשן אויפן פּאָלקאָווניקס שטערן. ס'האָט אין דעם מאָמענט דער מיליטער־מאַן זיך צעבונטעוועט קעגן עזות פונעם איגנאָראַנט, וואָס האָט זיך דערלויבט ספקען אין דעם ווערט פון אונדזער באַוואָפנטן קאַמף. ער האָט אים אָבער נישט איבערגעריסן, און טעוול האָט זיינס געטענהט:

— פאַר זיך אַליין ווייסט איר דאָך אַזוי ווי איך: איין ראָטע רעגולערע אַרמיי אויפן פראָנט ברענגט אום אין אַ טאָג מער חילות פונעם שונא, ווי מיר אַלע דאָ אין וואַלד אין משך פון חדשים. איז דעריבער נישט דאָס קריגערישע דער עיקר ביי אונדז. ס'איז אונדזער כוח אַ העכערער. מיר צעברעכן דעם בלינדן גלויבן אין דער אַלמעכטיקייט פונעם שונא אַפילו דאָרט, ווו ער איז ווירקלעך אַלמעכטיק. מיר דיקטירן אונדזערע מידות און אונדזערע דינים, מיר וואַרפן אָן אַ פּחד אויף דעם פרעמדן הערשער און דערלאָזן אים נישט געפינען קיין אָנשפּאַר צווישן אונדז. מיר טראָגן מיט זיך דעם גלויבן אין אונדזער איבערהאַנט, און ס'ענטפּערט דער גלויביקער מענטש, אַזוי ווי אין אַלע צייטן, מיט פאַרהערלעכן אין זיינע לעגענדעס אונדזער נישט־באַזיגבאַרן כוח, און די דאָזיקע לעגענדעס ווירקן, ווי דאָס בעסטע כלי־זין...

בעת איינעם אַזאַ פיבערדיקן נאַכט־שמועס האָט טעוול פאָרזיכטיק אַ פרעג געטאָן דעם פּאָלקאָווניק ווי האַלט ער פון דער מעגלעכקייט צו צעקלאַפּן דעם דייטשן גאַרניזאָן אין שטעטל ר.

— אָפּעראַציעס מאַכן מיר אַ סך און צעוואָרפן איבער פאַרשידענע עקן פון דער געגנט. איז עס וויל און גוט. אָבער דער אמתער עפעקט, וואָס זאָל אַלעמען איבערצייגן אין אונדזער כוח, וואָלט געווען ווען מיר נעמען זיך צו אָט אַזאַ מין עובדה...

ווי געוויינלעך האָט טעוול געדעדט לאַנג און היציק און דערוויזן, אַז דער גאַרניזאָן אין ר. פאַרשפּאַרט אונדז דעם צוטריט צו מזרח, אַז אונדזערע דיווערסאַנטן דאַרפן אָנלייגן מיילן, כדי זיך דאָרט, אויף יענע וויכטיקע באַן־וועגן דורכרייסן. און ווידער פאַרדריסט עס דעם פּאָלקאָווניק, וואָס דער „ראַבינער" (ווי פּאַרטיזאַנער האָבן טעוולען אין דער שטיל גערופן) דאַרף אים, דעם מיליטערמאַן, אויסטייטשן וועגן דעם סטראַטעגישן באַדייט פון דעם שטעטל ר. וואַסילעווסקי איז שוין גרייט אַ סוף צו מאַכן צום שמועס. זאָל ער וויסן אַ גרענעץ, דער אַדיוטאַנט, אָבער טעוול האָט נאָך נישט געענדיקט און לאָזט זיך נישט איבעררייסן. „איך קען נישט — זאָגט ער — איבערלאָזן פאַר זיך קיין שום נישט דערזאָגטע געדאַנקען. יאָ, קאָמאַנדיר, ס'איז מיין היים־שטעטל. און דאָרט אין געטאָ זענען געבליבן מענטשן, וואָס דערוואַרטן פון מיר, פון אונדז פאַרגעלטונג, טרייסט, דערלייזונג..."

טעג זענען פאַרביי, און טעוול האָט צוגעזען, ווי זיין טיפּסטער באַגער הויבט אָן צו באַקומען דאָס פּנים פון אַ גענוי־פאַנאַנדערגעאַרבעטן שלאַכט־פּלאַן. ער האָט עטלעכע מאָל באַגלייט דעם בריגאַדע־קאָמאַנדיר אין באַזונדערע אָפּטיילונגען, ווו ס'זענען פּרווו־שלאַכטן געמאַכט־געוואָרן. טעוול אָריענטירט זיך שוין אויסגעצייכנט אין אַלע דעטאַלן פונעם פּלאַן. ער זעט פעלערן, וואָס ווערן בעת די פּרוון געמאַכט. בייטאָג איז ער אָבער בלויז אַדיוטאַנט און שטייט דיסציפּלינירט־שווייגנדיק צום דינסט פונעם פּאָלקאָווניק. ביינאַכט ערשט טיילט ער זיך מיט זיין פריינד וואַסילעווסקין, מיט זיינע באַמערקונגען, לייגט פאָר קאָרעקטיוון, און ס'באַמערקט אַפילו נישט דער פּאָלקאָווניק, ווי ס'איז פאַרשוווּנדן זיין אַמאָליקער פאַרדראָס, ווען טעוול פלעגט אַ וואָרט זאָגן וועגן „זיינע", דעם קאָמאַנדירס, מיליטערישע ענינים.

אויך אויף דער לעצטער באַראַטונג אין דער פּויערישער כאַטע, אויף אַ האַלבן וועג פונעם שטעטל ר., ווען טעוול האָט נישט געבעטענערהייט אַריינגעוואָרפן זיין וואָרט, אַז אין פּלאַן פעלט דער עיקר: (אַז ער וועט געלונגען — וועגן דעם האָט טעוול נישט געספּקט) — ס'פעלט דאָס באַהערשן די לאַגע נאָכן פאַרטרייבן די דייטשן, האָט דער קאָמאַנדיר זיין וואָרט אויפגענומען אַזוי, ווי אין די אָפטע אָוונט־שמועסן. בלויז דער קאָמיסאַר האָט אים אומגעריכט צוריקגעשטויסן אויפן טאַבורעט מיט זיין שפּאָטישן ענטפער:

— דיך וועלן מיר דאַן באַשטימען אַלס שטאָט־פּרעזידענט...

און אַ פּאָר צענדליק אויגן פון די אָפּטייל־קאָמאַנדירן האָבן אים דורכגענומען מיט זייער חוזק־אָפּשיין. אָן אָפּגעקילטער איז טעוול געבליבן זיצן און נישט געהערט אַפילו דעם פּאָלקאָווניקס טענה, אַז „אָן שפּאַס — מיר מוזן עס פּאָרויסזען, אַז ביז איצט האָבן מיר נאָך קיין שטעט נישט באַהערשט, און ס'גייט דאָך נישט בלויז וועגן צעקלאַפּן דעם גאַרניזאָן..."

ס'האָט טעוול אַפילו נישט קלאָר באַנומען דעם לעצטן באַפעל, וואָס דער פּאָלקאָווניק האָט איבערגעלייענט פאַר די קאָמאַנדירן פון אַלע שלאַכט־אָפּשניטן, ווו ס'איז אויך זיין נאָמען דערמאָנט געוואָרן. אַ לעצטער האַנט־דרוק פונעם קאָמאַנדיר — און ער האָט ערשט קלאָר באַנומען: ער, טעוול שימאַנאָוויטש, דער אַדיו־

טאַנט פון פּולקאָווניק וואַסילעווסקי, איז אין באַפעל פאַר דער גאַנצער בריגאַדע באַשטימט געוואָרן אַלס מיליטערישער קאָמענדאַנט פונעם באַפרייטן שטעטל ר.

* * *

אויפן הויכן ברעג פונעם שטילן שטעטלשן טייך איז אַ בערגל געוועןn אויפגעשאָטן און אויף אים — אַ טאָוול מיט אַן אויפשריפט:

דאָ ליגט דער העלדישער פּאַרטיזאַן
ט ע וו ל   ש י מ אַ נ אָ וו י ט ש
אומגעקומען אין דער שלאַכט פאַר באַפרייען
זיין היימשטעטל

* * *

אַ סך מאָל האָבן די דייטשן געפּרוווט אָפּנעמען צוריק דאָס שטעטל ר., וואָס איז נאָך דאַן ווייט געלעגן פון די פאָדערשטע פראָנט־פּאָזיציעס. אָפּטמאָל פלעגט זיי געלינגען אַפילו אויף אַ לענגערער צייט זיך דאָרט צוריק צו באַזעצן. אויך דאַן פלעגט דאָס שטעטל נישט אַנדערש גערופן ווערן דורך אַלעמען אין דער געגנט, ווי „די פּאַרטיזאַנישע הויפּט־שטאָט”. ווי נאָר די דייטשן פלעגן פאַרטריבן ווערן פלעגן, טאָג און נאַכט, קימען און אַוועקגיין און ווידער קומען פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילן, זיך באַזעצן אין נאָרמאַלע מענטשלעכע דירות, גיין צו געסט צו דער שטאָטישער באַפעלקערונג, פון דאַנען זיך פאַנאַנדערגיין איבער דער גאַנצער געגנט, כדי דורכצופירן שלאַכט־אָפּעראַציעס און אַהערברענגען די ערשטע ידיעות וועגן נצחונות אָדער פאַרלוסטן.

און יעדע איינע פּאַרטיזאַנישע גרופּע האָט פאַר איר חוב געהאַלטן פריער פאַר אַלץ אָפּצושטאַטן אַ וויזיט דעם „פּרעזידענט פון דער הויפּט־שטאָט”.

---

גוטע גוטערמאַן

# לידער

## פאַר פרילינג

אַ טשערעדע וואָלקנס באַפאַלן  דעם הימל
אַזוי ווי אין האַרבסט.
דער אומעט קריכט באָרוועס ארום
אויף פייכטלעכער ערד פון אַפּריל.
און אין מיר פליסט דער טרויער פון קאָפּ ביז די נעגל,
פליסט אַזוי שטיל.

נאָך וואַנדערערס טריט בענקען וועגן
און ציעז אויס סטעזשקעס — הענט שוואַרצע,
ווי בעטלער.

דער נאַקעטער בוים טייעט אויף פון זיין חלום,
אין פאַלן פון רעגן
דערהערט ער דאָס רוישן פון בלעטער.
ביינאַכט שפּרינגט אַ שטיקל לבנה
ווי קוועק־זילבער אום אויף מיין קישן,
מיט אָפענע אויגן איך חלום:
ס'האָט טאָג זיך אין נאַכט איינגעביסן
מיט שטראַלן — גינגאָלדענע זעגן —
און מאָלט מיט אַ פּענדזל, אַ בלויען
די דעכער, די שויבן, די טונקעלע מויער.
נאָר מיר איז אַלץ באַנג, נאָך אַלץ באַנג:
כ'האָב צו לאַנג געוואַרט. — ס'קאָן די פרייד נישט
דערפרייען.
איך זע אין די פלאַמען פון מאָרגן
דאָס בלוט  פון אַ זון־אונטערגאַנג.

## צעשיידונג

צו וועמען וועל איך קומען, צו וועמען וועל איך גיין,
ווען עס וויל זיך אַנטלויפן פון זיך אַליין?
ווער וועט מיין צער מיט איין וואָרט דערשטיקן
און טיף אין די אויגן מיר קוקן און קוקן,
ביז עס קומען אָן מינוטן געהיילטע אין רו —
און ווער וועט מיך ליבן ווי דו?

אָ, דער האָט קיין האַרץ נישט, קיין שכל
ווער ס'האָט אויסגעטראַכט דאָס וואָרט צעשיידונג. —
אַזוי האָב איך גערעדט צו דיר שטילערהייט,
און ס'האָבן מיך געגלעט דיינע געזעגענונגס־רייד,
און געציטערט ווי דאָס אומרואיקע ליכט פון דער באַן,
און געוואָיעט אין די רעלסן אריין —
ביז זיי זענען אין ווינט און אין ווייטקייט צערינען.
פּלוצלונג האָסטו מיך באַטראַכטן גענומען
פּונקט ווי דו וואָלסט מיך ערשט איצטער דערקענט.
האָבן אין דיינע הענט
מיינע פינגער זיך פאַרפּלאָנטערט אומבאַהאָלפן און
ווילד.
און אַזוי ווי ס'טרינקט אָן זיך מיט פאַרבן אַ בילד
האָב איך איינגעזאַפּט דיין לעצטן, דיין געטרייען בליק
און טראָג אים אין האַרץ, ווי אַ הייליק גליק.

באָברויסק 1941.

## יעדן אָוונט

יעדן אָוונט דאַכט זיך מיר:
כ׳הער לויפן דיינע טריט
און אַן עכאָ לויפט זיי נאָך געשווינד.
עפן איך אין איילעניש די טיר
נאָר אַנשטאָט דיר
לויפט אריין דער ווינט.

יעדן אָוונט דאַכט זיך מיר:
איך הער דיין שטים,
יעדן אָוונט רופסטו מיך ביים נאָמען.
אויפגעציטערט קוק איך אינעם צימער זיך אַרום:
ס׳איז שטיל.
נאָר פונעם האַרץ דעם אייגענעם, דאָס קול כ׳נעם אויף,
וואָס בעט און רופט
זאָלסט קומען.

יעדן אָוונט דאַכט זיך מיר:
מ׳קלאַפּט אין שויב.
גיב איך ס׳ווייסע פויערהענגל אַ פאַרהויב
מאָלן שאָטנס מיר דיין שוואַרצן קאָפּ.
קילע פּערל קיילעכדיקע, קוקן בלאָס
נישט ענלעכע צו דיינע אויגן.
דאָס קלאַפּט
דער האַרבסטיק־גרויער, טריבער רעגן.

יעדן אָוונט נאַרט די פינצטערניש אַרויס מיך אויף
דער גאַס,
גריסט אַ קרומער בוים מיך מיט אַ צווייג
אין אַ טרויעריקן, כמורנעם בויג.
שפּאַר איך אָן דעם קאָפּ אָן אים און וואַרט.—
אַרום אונדז ביידן פליסט די קעגנוואַרט
און גליווערט איין אין קאַלטע רגעס.
דעם פלאַטער פון די האָר מיינע
וואַשט אָפּ דער רעגן.
דער טרוים,
פליט אָפּ ווי אַ פאַריאָגטער פויגל אין דער הויך.
נאָר די בענקשאַפט, וואָס פאַרוויקלט אַרום האַלז —
פאַרבלייבט
און שטיקט מיט שוואַרצע קנוילן רויך.

באָברויסק 1941.

## זיי מיר מוחל

זיי מיר מוחל, פריינד,
וואָס איך האָב דיך פאַראַטן.
כ׳האָב געמיינט:
אַזוי ווי דער ליכטיקער טאָג,
איז צום אָוונט פאַרגאַנגען
און אַ ליכטיקער ווידער געקומען —
האָסטו בלויז געענדערט דעם נאָמען.

ווי עס ציט זיך אַ בלאָנדזשענדיקע שיף
צום מאַיאַק איבער ימיקע וועגן,
איינגעקוקט אין דעם טרוים וועגן דיר,
כ׳בין געגאַנגען דעם צווייטן אַנטקעגן.

דאָס בוך פון מיין לעבן
האָב איך אויפגעבלעטערט פאַר אים
אַנטקעגן דער זון.
כ׳האָב געמיינט, אַז ווי דו
וועט ער לייענען דעם אמת אין קלאַנג פון מיין שטים
און מיך ליבן אַזאַ ווי איך בין.
נאָר דיין שאָטן — ווייזט אויס —
וואָס פאַרויס איז דעם וועג אונדז פאַרגאַנגען
האָט פאַרטונקלט דאָס ליכט פונעם וואָרט
און צעטומלט דעם זין פון פאַרלאַנגען.

ווער עס טרינקט ווין מיט טראָפּנס פון גאַל,
מוז שווענקען די ליפּן
אין געזאַלצענעם טרעריקן קוואַל. —
זע מיין אויג איז מיט שטאָלץ אַנגעזעצט,
כאָטש דאָס פּנים פון הונגער פאַרמאַטערט.
זיי מיר מוחל — פריינד —
וואָס איך האָב דיך פאַראַטן.

קראַסנאָוואָדסק 1944.

## פאַרנאַכט אין געטאָ

טראַמווייען קלינגען אין פאַרנאַכט אַריין.
עס ברענט אַ הויז אין צינאָבער־ווינט.
איך שליידער דעם צווייפל, די זאָרג און די זינד
אין דעם פלאַם
פון דער גאָלדענער שקיעה.
באַלד וויגט זיך פאַמעלעך פאַרביי אַן עגלה,
די שוואַרצע געוואַנטן פליען.
דער קלאַפּ אויפן ברוק פון די פערדישע טלאָען
באַגלייט מיך אַזוי ווי אַ קללה.
ערגעץ יאָמערט אַ ווייטע בהלה!
ניין! דאָס קלאַפּט מיין האַרץ ווי אַ גלאָק
ביי דער גרענעץ פון דער נאַכט און דעם מאָרגנדיקן טאָג.

# מינוטנווייז רינט אויס דער טאָג

מינוטנווייז רינט אויס דער טאָג.
דו ביסט געקומען זיך מיט מיר געזעגענען.
אָ, פריינד, אין יעדער שטאָט
וועט דיך די איינזאַמקייט באַגעגענען
ביים ערשטן ראָג.

און באַנען וועלן קלאַפּן מיט איינטאָניקן געקלאַנג:
ס׳טוט באַנג! ס׳טוט באַנג! ס׳טוט באַנג!
איך ווייס: דיין טרוים
גראַמט זיך מיט אַ שיין וואָרט: בוים.
איז ער דאָך אויך דאָ פאַראַן,
אָט שטייט ער אויף דער וואָר,
דער ווינט קעמט אים פאַנאַנדער זיינע גרינע האָר
מיט אַ ווייכן קאַם.

איך ווייס:
דו גייסט
דעם זונאויפגאַנג אַנטקעגן.
אָ, פריינד!
ביז דו וועסט אַהינצו קומען
וועט דיר די פינצטערניש פאַרלויפן אַלע אומבאַקאַנטע וועגן;
פאַרוועלקט וועלן שוין האָבן אַלע בלומען,
דו וועסט אומקערן צום מזרח דיין געזיכט,
וועט די ערד זיך אויסדרייען צום שטערנדיקן ליכט
און ס׳וועט אויף דיינע ברעמען אַראָפּפאַלן דער שניי.
קאָן זיין:
דו וועסט די לעצטע כוחות קוים
דערשלעפּן צו אַ ברעג פון ים
און מיט די נערוון אַלע
שלינגען וועסט דעם ריטם פון שפּילנדיקע כוואַליעס
וואָס וועלן צויבערן און רייצן דיינע אויגן
מיט פאַרבן פון מיליאָנען רעגנבויגנס,
און וועסט זיך לאָזן לויפן
מיט אויסגעשטרעקטע הענט, אַזוי ווי אַ קינד.
נאָר וועסט דערזען פון וויטן
ווי דיין שיף דערטרינקט.
און אומעטום וועט טריט נאָך טריט
באַגלייטן דיך מיין אומעטיקער בליק.
וועסטו וועלן קערן זיך צוריק
וועלן אַלע גרענעצן מיט זעלנער זיין באַוואַכט
און שאָטנס וועלן לויערן מיט בליי געלאָדנט.
אַ פינצטערע וועט זיין די נאַכט
און הייזער וועלן שטומען מיט פאַרהאַקטע לאָדנס
אין דרויסן וועט בלויז בושעווען דער ווינט.

— — — — — — — — — — — — — —

נאָר פאַרסטו פאָרט, טאָ פאָר געזונט.
און גלויב מיר נישט: ס׳איז אַלץ אַ ליגן.
דאָס האָב איך מיט א כיוון
צו אַזעלכע ימען דיך געפירט
אין מזרח, צי אין צפון —
כ׳ווייס אַליין נישט ווו —
וו ס׳זעגלען נישט קיין שיפן.
און כ׳האָב אַליין דעם ווינט צעבלאָזן
כדי מיין פריינד —
דו זאָלסט מיך נישט פאַרלאָזן.

## דוד האָפנונג

# ווען דאָס געטאָ האָט געברענט

### (פון דער סעריע: געטאָ־דערציילונגען)

אינעם פרימאָרגנדיקן, גרויסשטאָטישן גערויש האָבן זיך פון צייט צו צייט אַריינגעריסן טויבע קראַכן פון אויפרייסן. די ווייטע, טויבע קראַכן האָבן נישט צוגעצויגן קיינעמס אויפמערקזאַמקייט. אין גאַס האָט געהערשט אַ געוויינלעכע פרימאָרגנדיקע באַוועגונג. מענטשן זענען געלאָפן פאַרהאַוועט אַהין און צוריק, פאַרנומען מיט זייערע געשעפטן. קינדער האָבן זיך געשפּילט אין דער ניי־דערפינדענער שפּיל: טייל קינדער האָבן זיך באַהאַלטן אין קעלערס, און די אַנדערע האָבן זיי, מיט געשרייען „יודע ראַוס!", אַרויסגעשלעפּט פון די באַהעלטעניש. אַלטע לייט, שכנים, זענען געשטאַנען ביי די טויערן, געקוויקט זיך מיט די וואַרעמע שטראַלן פון דער פרימאָרגנדיקער נידעריקער זון און געשמועסט, באַקלאָגנדיק זיך איינער פאַרן אַנדערן אויף שלאָפלאָזיקייט, אויף דער ביינאַכטיקער שיסעריי, וועלכע דערלאָזט שוין בכלל נישט צו כאַפּן קיין דרימל.

נאָך די ערשטע טעג פון פאַרוווּנדערונג און דערשטוינקייט האָבן אַלע שנעל זיך צוגעוווינט צו די ביי־טאָגעדיקע קראַכן און ביינאַכטיקע אַווטאָמאַטן־זאַלפּן. און דערנאָך, ווען דער קאַמף אין געטאָ האָט זיך פאַרצויגן, זענען כמעט אַלע געוואָרן גלייכגילטיק, און בכלל זיך אויפגעהערט צו אינטערעסירן מיטן קעמפנדיקן געטאָ.

די גאַס האָט זיך ווייטער געלעבט מיט איר אַלט טאָג־טעגלעך לעבן. מענטשן האָבן געאַרבעט, געהאַנדלט, פריילעך געשמועסט, זיך געוויילט. אַן אויסנאַם זענען נאָר געווען די טעג, אין וועלכע הער ווינט האָט געבלאָזן פון דער געטאָ־זייט און באַדעקט די גאַסן מיט אַ שווערן, שוואַרצן רויך. מענטשן האָבן דעמלט שטאַרק זיך באַקלאָגט אויף דער שטיקנדיקער לופט, אויף דער שטעכעניש אין די אויגן, און טייל מענטשן האָבן אין זייער פאַרביטערונג געשאָלטן די סיבה פון זייערע ליידן... די יידן.

אַרום צען אַזייגער איז די זון פּלוצלונג פאַרדעקט געוואָרן דורך אַ שוואַרצער, געדיכטער כמאַרע, און קנוילן רויך האָבן אָנגעהויבן צו ציען איבער דער גאַס. מענטשן האָבן פאַרחידושט זיך אַרומגעקוקט, דערשפּירט דעם שטאַרקן ריח פון בענזין און זיך דערוווּסט, אַז די דייטשן האָבן אונטערגעצונדן דאָס קליינע געטאָ.

— נאַ, האָסט געהאַט ווייניק, נאַדיר נאָך! — האָבן מענטשן גאַליק געשמייכלט איינער צום אַנדערן, לויפנדיק אָנקוקן די ברענענדיקע הייזער.

אָבער די דייטשן זענען געשטאַנען אַרום די געטאָ־מויערן מיט אַווטאָמאַטן אין די הענט און קיינעם נאָענט נישט צוגעלאָזט.

נישט ווייט פון דער געטאָ־מויער, וועלכע האָט זיך געצויגן לענג־אויס אַ גאַס און זי צעטיילט אויף צוויי טיילן, אויף אַ יידישער און אַן אַרישער, איז געשטאַנען אַ המון מענטשן און געקוקט אויף דעם ברענענדיקן געטאָ. די הייזער ערשט מיט אַ קורצער צייט צוריק געוואָרן אונטערגעצונדן, און דאָס פלאַקערנדיקע פייער איז מיט אַ ליאַרעם און געטראַסקעריי געקראָכן וואָס אַמאָל העכער. דורך די פענצטער פון די ערשטע שטאָקן, האָבן אַרויסגעזעצט פלאַמען און געדיכטע קנוילן רויך.

די מענטשן, ווי זיי וואָלטן געשטאַנען ביי אַ שווער קראַנקן, ביי איינעם וועלכער גוסס און וועט באַלד אויסהויכן די נשמה, האָבן געשוויגן, געשאָקלט מיט די קעפּ און באַדויערט דעם גרויסן שאָדן — די הייזער.

הינטער די מויערן — אַרומרינגלענדיקע דייטשן. נענטער צום המון, איז געשטאַנען אַ דיקער ס"ס אונטעראָפיציר, אַ מיטלוווּקסיקער מיט אַ קיילעכדיק ברייט פּנים, העלע אויגן און דיקע טונקעלע ברעמען, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי צוגעקלעפּט. פונעם שטענדיקן האַלטן אַ ציגאַר אָדער פּיפּקע אין מויל, זענען זיינע מגושמדיקע ליפּן, אין דער לינקער זייט, געווען אַביסל אַראָפּגעקרומט און צוגעגעבן זיין פּנים אַן אויסדרוק פון שטאַרקער לאַנגווייליקייט. ער איז געשטאַנען אויסגעגלייכט, די ברוסט פאָרויס, די לינקע האַנט אויף דער היפּט, און וויגנדיק זיך אויף די ברייט־צעשטעלטע פיס, האָט ער, מעשה גענעראַל אויפן באָאָבאַכטונגס־פונקט פון שלאַכט־פעלד, פון צייט צו צייט מיט אַ פאַמעלעכער נאָר וויכטיקער באַוועגונג אויפגעהויבן זיין מאַסיווע, פלײשיקע האַנט, צוגעשטעלט די פעלד־לאָרנעטע צו די אויגן און באַטראַכט די ברענענדיקע הייזער. ער האָט געדרייט מיטן קאָפּ אין אַלע זייטן, און, ווי ער וואָלט נאָכגעפאָרשט עפּעס אַ פאַרדעכטיקע באַוועגונג פון שונא, באַטראַכט יעדעס פענצטער באַזונדער.

פּלוצלונג איז איבערן שווייגנדיקן המון, ווי אין אַ הייסן זומערדיקן טאָג איבער אַ צייטיק קאָרן־פעלד, דורכגעלאָפן עפּעס אַ גערויש. מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן אַרומצוקוקן, פרעגנדיק איינער ביים אַנדערן וואָס עס איז געשען.

אַ יונגע פרוי, האָט מיט ענערגישע האַנט־באַוועגונגען זיך דורכגעשטופּט דורכן המון, רופנדיק מיט אַן איבערגעשראָקן קול:

— מיינע קינדער! מיינע קינדער! ווער ווייסט, וואָס מיט מיינע קינדער איז דאָרט געשען!

זי איז אַרויס און אָנגעהויבן צו לויפן אין דער ריכטונג צו דער דורכגעטיילטער גאַס. אָבער אַ געשריי פון אַ דייטש מיט אַן אויסגעשטרעקטן אַווטאָמאַט האָט זי פאַרהאַלטן. דער אונטעראָפיציר האָט אַוועקגענומען די פעלד־לאָרנעט פון די אויגן, אויסגעדרייט דעם קאָפּ, און זי מיט אַ גערונצלטן שטערן אָנגעקוקט.

זי איז צוגעגאַנגען נענטער צו אים.

— הער לויטענאַנט, האָט זי מיט אַ געבראָכענער שטים, כאַפּנדיק שווער דעם אָטעם, אָנגעהויבן צו רעדן— איך וווין דאָ אין דער גאַס. איך האָב מיינע קליינע קינדער איבערגעלאָזט אַליין אין שטוב. עס קאָן נאָך וואָס מיט זיי געשען.

ער האָט גאָרנישט געענטפערט, נאָר ווייטער זי אָנגעקוקט. זי האָט זיך אונטער דעם בליק פון זיינע העל־וואַסערדיקע אויגן אָנגעהויבן שלעכט צו פילן.

— דאָ איז איצט אַ שלאַכט־פעלד, — האָט ער ענדלעך אָנגעהויבן צו רעדן — קיין ציוויל־מענטשן קאָנען זיך דאָ נישט דרייען.

זי האָט אים קוים פאַרשטאַנען. ער האָט גערעדט אומדייטלעך, מיט אַ פויל צעקראָכן קול, נישט באַוועגנדיק כמעט מיט די ליפן.

— הער לויטענאַנט... — זי האָט נאָך עפעס געוואָלט זאָגן. דערזעענדיק אָבער זיין פון כעס אויסגעקרומט פנים און דערהערנדיק זיין שוין צופיל דייטלעך געשריי „וועק!”, זענען איר די ווערטער געבליבן שטעקן אין דער קעל, און זי האָט זיך מיט שרעק צוריקגעצויגן.

זי איז געבליבן שטיין צווישן המון און פון פאַרצווייפלונג אָנגעהויבן וויינען. דער המון האָט אָנגעהויבן צו רוישן. מענטשן האָבן זיך געשטופט נענטער, געקוקט מיט מיטלייד אויף איר. אַלע האָבן זיך איבערגענומען מיטן גורל פון די קליינע קינדער, וועלכע זענען געבליבן אַליין אָן אַן אויפזיכט. זי האָט, וויינענדיק, יעדע וויל אָן אַנדערן דערציילט, ווי אַזוי זי איז אינדערפרי, נישט ריכטנדיק זיך אויף גאָרנישט, אַרויסגעגאַנגען און איבערגעלאָזט די קינדער אַליין אין שטוב, און ערשט איצט אין שטאָט זיך דערוווסט, וואָס דאָ איז געשען.

— און ווו איז אייער מאַן? — האָט עמעץ געפרעגט.

— מיין מאַן איז אין 39טן יאָר געפאַלן אויפן פראָנט, — האָט זי שטאַרקער אָנגעהויבן צו וויינען.

דער עולם האָט נאָך העכער אָנגעהויבן צו רוישן. די ווייבער האָבן געפילדערט. יעדעס מאָל, ווען דער ווינט האָט אַ טרייב געטאָן קנוילן רויך אַהער אויף די הייזער פון דער זייט, איז געוואָרן אַ גרעסער גערודער.

— די דייטשן זענען דאָך אויך מענטשן, — האָט אַן עלטערע פרוי מיט אַ טיכל אויפן קאָפ זיך אָנגערופן — מען דאַרף זיי געבן צו פאַרשטיין, אַז די קינדער קאָנען נאָך, חלילה, דערשטיקט ווערן. דער רויך גייט דאָך גלייך אויף די הייזער!

— איך האָב דאָך דאָס זעלבע געזאָגט דעם אָפיציר, — האָט די מוטער פון די קליינע קינדער, כליפנדיק, געענטפערט — אָבער ער האָט מיך גאָרנישט געוואָלט אויסהערן און אַוועקגעיאָגט.

אַ שטאַרק אָנגעפודערט מיידל, אָנגעטאָן אין הויכע קאָטורנעס אויף די פיס, האָט פון דער האַנט־טאַש אַרויסגענומען אַ קליין שפיגעלע, און שפיגלענדיק זיך געקוקט, צי דער רויך האָט נישט אַמאָל פאַרדעקט דעם פודער אויף איר פנים.

— ווען איך וואָלט נאָר געקאָנט רעדן דייטש, — האָט זי זיך געהנדלט צום שפיגעלע — וואָלט איך אים שוין געגעבן צו פאַרשטיין...

— וועמען וואָלט איר געגעבן צו פאַרשטיין? — האָט זיך אָנגערופן אַן עלטערער מאַן מיט אַ דאַר, אויסגעצערט, אינטעליגענט פנים, אָרעם געקליידט, אין אַן אויסגעריבענעם אָנצוג — אָ־דאָ דעם דייטש? זיי פאַרברענען דאָרט טויזנטער קינדער לעבעדיקערהייט, וועלן זיי זיך איבערנעמען מיט צוויי קינדער, וואָס קאָנען נאָך, חלילה, דערשטיקט ווערן פון רויך?

— אָבער דאָס זענען דאָך פוילישע קינדער, נישט קיין יידישע! — האָט דאָס מיידל אָפגעוואָנדן די אויגן פון שפיגעלע און אים אָנגעקוקט.

— הייסט עס, לויט אייער מיינונג, אויב מען פאַרברענט יידישע קינדער, איז דאָס גאָרנישט, איז עס נישט קיין שום פאַרברעכן? ניין! — האָט ער אומעטיק געשאָקלט מיטן קאָפ — אויב זיי קאָנען, אָן אַ פאַרוואָס אויסשעכטן און ברענען לעבעדיקערהייט יידישע קינדער, זענען זיי נישט קיין מענטשן, נאָר ווילדע, בלוטדורשטיקע חיות. חיות אונטערשיידן נישט מענטשן פון איין פאָלק און אַ צווייטן.

און אָפווענדנדיק זיין בליק אויף די ברענענדיקע הייזער, האָט ער צוגעגעבן, ווי צו זיך אַליין:

— ס'איז ביי זיי, אפשר, נאָר אַ פראַגע פון צייט, און ווער ס'איז דער ערשטער אין דער ריי...

— אָבער... — האָט דאָס מיידל אים אָנגעקוקט מיט פאַרוואונדערטע, נישט פאַרשטייענדיקע אויגן.

— איבעריקנס... — האָט ער, איבעררייסנדיק איר, אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, באַווייזנדיק אַן אויסגעדריוולטן אַרבל פון דער מאַרינאַרקע, זיך אויסגעדרייט און אַוועקגעגאַנגען.

דאָס מיידל האָט מיט צעמישטע אויגן אים נאָכגעקוקט.

— עפעס אַ צעדולטער. — האָט זי געפליסטערט צו זיך.

מיטאַמאָל האָבן די דייטשן ביי די מויערן אָנגעהויבן צו שיסן. דער עולם האָט אויפגעהערט צו רעדן, ס'איז געוואָרן שטיל. פון הינטן האָבן זיך מענטשן אויפגעשטעלט אויף די שפיץ פינגער און געקוקט אַהין צו די דייטשן. מען האָט אָבער גאָרנישט געזען. די דייטשן האָבן אויפגעהערט צו שיסן. מענטשן האָבן שוין אָנגעהויבן צו טראַכטן, אַז זיי, די דייטשן, האָבן גלאַט אַזוי זיך, פון לאַנגווייליקייט געשאָסן, ווי דער אונטעראָפיציר האָט זיך אָנגעהויבן צו קאָכן. ער איז געשפרונגען, געטופעט מיט די פיס, הויך געשריגן, ווייזנדיק עפעס מיט די הענט אויף די פענצטער, פון וועלכע ס'האָבן אַרויסגעשלאָגן קנוילן רויך, דערזען אַ געשטאַלט, וואָס איז פאַרשוווּנדן, נאָך איידער די דייטשן האָבן אויסגעשאָסן.

— אָ, אָ, אַ קליין יידל איז אין פענצטער! — האָט עמיץ אַ געשריי געטון — אין דער לינקער זייט!

— ווו? ווו? — האָבן מענטשן געפרעגט.

— אָ, אָ, דאָרט! — האָט ער געוויזן מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט — אָ!... אַ כאָלערע, דער רויך האָט אים איצט פאַרשטעלט.

דער רויך איז זיך צעגאַנגען. מען האָט אָבער קיינעם נישט געזען.

— אָ, ער איז שוין ווידער דאָ!

אַ קליין יינגל, מיט לאַנגע, ווילד־צעפלאָשעטע שוואַרצע האָר, האָט זיך באַוויזן אין אַ פענצטער אויפן ערשטן שטאָק און פאַרשוווּנדן.

— אָ, זעט נאָר, איצט איז ער אין דעם פענצטער! האָט אַן אַנדערער אויסגערופן.

די דייטשן האָבן שוין אויך באַמערקט דאָס יינגל און אָנגעהויבן צו שיסן. דאָס פייער האָט זיך ערשט איצט אַדורכגעקראָגן אויפן ערשטן שטאָק. פון די פענצטער האָט געזעצט וואָס אַמאָל אַ שטאַרקערער רויך. דאָס יינגל איז, ווייזט אויס, אומגעריכט אַרומגערינגלט געוואָרן מיט פלאַמען. ער האָט זיך געריבן די אויגן,

געשטיקט זיך מיטן רויך און געלאָפֿן פון איין פענצטער צום אַנדערן, כדי אַרויסצושפּרינגען. די שרעק פאַר די דייטשן איז אָבער געווען שטאַרקער פון די נאָכיאָגנדיקע פלאַמען־צונגען. די דייטשן האָבן געהאַלטן אין איין שיסן, אָבער צוליבן רויך נישט געטראָפן. דער אונטעראָפיציר איז מיט רציחהדיקע אויגן צו צו די דייטשן, געשפּרונגען פון איינעם צום אַנדערן, געטופּעט מיט די פיס און געשריגן, אַז דער „יהדע וועט זיך נאָך אַרויסבאַקומען און אַנטלויפן!“ איבער זיין גלאַנצנדיק פעט פנים זענען געריבען קליינע ריטשקעלעך שווייס. ער האָט געזידלט, געשאָלטן, געדראָט מיטן רעוואָלווער. ס'האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. דאָס ייִנגל האָט כסדר אויסגעמיטן די קוילן. דער המון איז געוואָרן וואָס אַמאָל מער געשפּאַנט.

— זעט נאָר ווי דאָס יידל שפּילט זיך מיט זיי, — האָבן מענטשן געשמייכלט.

— אָ!... איצט האָבן זיי געטראָפן!

— ניין, איצט אויך נישט געטראָפן.

— און איך גיי אין אַ געוועט — האָט זיך אָנגערופן אַ הויכער יונגערמאַן מיט אַ ברוין אָפּגעברענט פנים, אין אַ העלן ספּאָרט־אַנצוג — אַז איצט האָבן זיי געטראָפן.

— אוי, טאַדעוש, טאַדעוש, — האָט זיין שכן, אַ פּופּציק־יאָריקער, אַ בייכיקער, מיט אַ קרעפּטיק רויט פנים פון אַ שענקער, געשאָקלט מיטן קאָפּ — זיי נישט אַזוי היציק. דו וועסט פּונקט אַזוי פאַרשפּילן ווי ביים טאָטאַליזאַטאָר אויף די פערד־געיעגן. ער איז אַוועק פון פענצטער נאָך איידער די דייטשן האָבן אויסגעשאָסן.

— און איך, פּעטער, בין גרייט זיך צו וועטן, אַז זיי האָבן אים געטראָפן.

— און איך זאָג, אַז נישט.

— אין וויפל וועטן מיר זיך, פּעטער? — דער יונגערמאַן אין ספּאָרט־אַנצוג האָט אויסגעשטרעקט די האַנט.

— אין וויפל דו ווילסט, — האָט דער דיקער שענקער גלייכגילטיק געענטפערט.

— פינף הונדערט.

— גוט.

מען האָט זיך געדריקט די הענט.

דער הויכער יונגערמאַן אין ספּאָרט־אַנצוג האָט געשמייכלט און זייטיק געוואָרפן בליקן אויפן פּעטער זיינעם.

— איַיל דיך נישט, טאַדעוש — האָט אים דער פּעטער שענקער געענטפערט געלאַסן, באַמערקנדיק זיין איראָנישן בליק — ער וועט זיך באַלד באַווייזן. ער מוז צוקומען צו אַ פענצטער. ער האָט דאָך נישט קיין אַנדערן אויסוועג, — האָט ער גערעדט ווי צו זיך אַליין. ער האָט שוין אַליין אָנגעהויבן צו צווייפלען, אַז דאָס ייִנגל זאָל זיך נאָך באַווייזן.

— זיי האָבן אים, פּעטער, דערשאָסן. איך האָב דאָך אַליין געזען ווי ער האָט זיך אַ וואַקל געטון.

— עך, וואָס דו רעדסט! — האָט ער מיט גערייצטקייט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט.

ס'איז וויטער געווען שטיל. קיינער האָט נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. אַלעמענס אויגן האָבן געברענט פון נייגיריקייט.

— אָ, זעט נאָר! — האָט עמיץ איבעררייסנדיק די שטילקייט, אויסגערופן — זיי האָבן געכאַפּט צוויי יידישע קינדער!

עטלעכע דייטשן האָבן פון דער דורכגעטיילטער גאַס אַרויסגעפירט צוויי קינדער, אַ ייִנגל און אַ מיידל, און געגאַנגען מיט זיי אין דער ריכטונג צו דעם נישט־וויטן געטאָ־מויער.

די קינדער האָבן געוויינט און יעדע ווילע זיך אָפּגעשטעלט. אָבער די דייטשן האָבן זיי מיט קורצע, בילנדיקע געשרייען און אויסגעשטרעקטע אַוטאָמאַטן געשטופּט פאָרויס.

— מען וועט זיי אויף יענער זייט מויער באַלד „גלייך־לייגן“, — האָט עמעץ גלייכגילטיק אַ זאָג געטון.

פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ שרעקלעך געשריי:

— יעזוס מאַריאַ!

די יונגע פרוי, וועלכע די דייטשן האָבן פריער נישט געלאָזט אַהיים גיין, איז אַרויס פון המון און צוגעשפּרונגען צו די דייטשן, וועלכע האָבן געפירט די קינדער. זיי האָבן זי פאַרהאַלטן. זי האָט אָנגעהויבן צו וויינען און צו שרייען און זיך געריסן צו די קינדער. די דייטשן האָבן זי אָנגעהויבן צו שלאָגן. די קינדער האָבן גענומען נאָך העכער וויינען, שרייענדיק: מאַמעשי, מאַמעשי!

פון אָנפאַנג האָבן מענטשן נישט פאַרשטאַנען וואָס עס איז געשען. ערשט איצט האָבן זיי זיך געכאַפּט, וואָס דאָ קומט פאָר.

— דאָס זענען דאָך קריסטלעכע קינדער! — איז צווישן המון אַדורך אַ שטילער געמורמל, פול שרעק — זיי גייען דאָך קריסטלעכע קינדער דערשיסן!

— האַלט!

דער אונטעראָפיציר, האָט מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט פאַרהאַלטן די דייטשן און זיי צוגערופן.

זיי האָבן זיך געשטעלט אויף אַכטונג און געמאָלדן, אַז זיי האָבן נעבן דער געטאָ־מויער געכאַפּט אָט די צוויי „יודען“.

— הער לויטענאַנט! — איז די יונגע פרוי צוגעפאַלן מיט אַ געוויין צום אונטעראָפיציר — דאָס זענען נישט קיין יודען, דאָס זענען דאָך מיינע קינדער!

ער האָט גאָרנישט געענטפערט. ער האָט זי בכלל נישט „באַמערקט“. מיט זייער אַן ערנסט פנים און דורכדרינגלעכן בליק האָט ער באַטראַכט די קינדער. דאָס ייִנגל פון אַן ערך צען יאָר מיט העלע האָר, אָבער איבערגעשראָקענע אויגן, האָט געהאַט עפּעס ענלעכעס צו אַ יידיש קינד. דער אונטעראָפיציר האָט פאַרמרוזשעט די אויגן.

— דאָס זענען דיינע קינדער? — האָט ער געפרעגט, נישט אַוועקנעמענדיק די אויגן פון זיי.

— יאָ, הער לויטענאַנט, דאָס זענען מיינע קינדער, — האָט זי כליפּענדיק געענטפערט.

ער האָט אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער.

— האָרך אויס, וואָס איך וועל דיר זאָגן, — האָט ער, אויסדרייענדיק זיך צו איר, גערעדט מיט אַ גלייכגילטיק קול, אָן כעס — אויב ס'וועט זיך אַרויסווייזן, אַז דאָס זענען יידישע קינדער, וועסטו צוזאַמען מיט זיי דערשאָסן.

זי האָט ווידער אָנגעהויבן שטאַרק צו וויינען.

— דאָס זענען נישט קיין יידישע קינדער. דאָס זענען מיינע אייגענע קינדער!

— אַנו, קנעפּל אים אויף די הויזן און ווייז צי ער איז נישט קיין ייִד.

זי האָט נישט פאַרשטאַנען.

— שנעלער, ווייז זיין געשלעכטס־אָרגאַן.

זי האָט ווייטער נישט פאַרשטאַנען.

מיט אַ גראָב געלעכטער האָט ער זיך אַליין מכלומרשט אויפגעקנעפלט די הויזן פון פאָרנט און מיט אַ פרעכער האַנט־באַוועגונג געוויזן, וואָס זי זאָל טון. זי האָט ענדלעך פאַרשטאַנען און שנעל אויסגעפירט זיין באַפעל. דער קליינער האָט זיך געוועהרט. דערהערנדיק אָבער דעם אונטעראָפיצירס געשריי, און דערזעענדיק פאַר זיך זיינע בייזע וועלפישע אויגן און דעם רעוואָלווער דערצו, האָט ער גלייך פאַרגעסן אָן דער בושה.

דער אונטעראָפיציר איז אַ לענגערע צייט געשטאַנען איבער אים אַראָפגעבויגן, געדרייט מיט זיין גראָבן קאָפּ, ווי אַ פויגל, וועלכער האָט פון דער זייט דערהערט עפּעס אַ פאַרדעכטיקן שאָרך, און באַטראַכט פון אַלע זייטן. ער האָט זיך ענדלעך אויסגעגלייכט און, ריידנדיק האַלב דייטש, האַלב פויליש, געפרעגט דעם קליינעם, צי דאָס איז זיין מוטער. דער קליינער, רויט פון תרפּה, ווי אַן אינדיק, איז צוגעפאַלן צו דער מוטער און איינגעגראָבן דאָס פּנים אין איר קלייד. דאָס מיידעלע איז אויך צו צו איר.

דער אונטעראָפיציר האָט שוין איצט נישט געצוויפלט, אַז דאָס זענען אירע קינדער, און, פאַררייכערנדיק אַ ציגאַר, מיט אַ הערשערישער באַוועגונג פון דער האַנט געוויזן, אַז זי זאָל אַהין גיין צום המון.

מענטשן האָבן מיט דערלייכטערונג אָפּגעאָטעמט. מען האָט זיך צערוקט און זיי אַריינגעלאָזט אין דער מיט. אַלץ האָט זיך געפרייט. ווייבער האָבן זיי אַרומגערינגלט, געכאַפּט די קינדער, געקושט און אויסגעפרעגט.

— פונדעסטוועגן איז ער אַ מענטש, דער אָפיציר, — האָט זיך אַ פרוי אָנגערופן — ער האָט זיך די מי געגעבן און די זאַך אויסגעפאָרשט, און ווי נאָר ער האָט זיך איבערצייגט, אַז דאָס זענען נישט קיין יידישע קינדער, האָט ער זיי גלייך באַפרייט.

— אַ מענטש איז ער טאַקע — האָט זיך אַ יונג מיידל אָנגערופן — אָבער אַ חזיר ווי אַלע דייטשן. ער האָט דאָך דעם קליינעם געקאָנט נעמען כאָטש אין אַ זייט. נישט אין אַלעמענס אויגן.

אַ יונגער יונג האָט מיט אַן ערנסט תמעוואַט פּנים געפרעגט.

— און פונוואַנען ווייסט איר דאָס, אַז אַלע דייטשן זענען אַזעלכע חזירים?

— מן הסתם ווייסט זי וואָס זי רעדט — האָט אַ צווייטער זיך אָנגערופן.

נאָר דער שענקער מיטן רויטן קרעפּטיקן פּנים האָט קיין אָנטייל אין דער אַלגעמיינער פרייד נישט גענומען. ער האָט געוואָרפן אומרואיקע בליקן אין אַלע פענצטער פונעם ברענענדיקן הויז. און וואָס העכער דאָס פייער איז געגאַנגען, אַלץ שווערער איז אים געוואָרן אויפן האַרצן. ער האָט זיך שוין לאַנג מיאש געווען, אַז דאָס ייִנגל זאָל זיך נאָך באַווייזן. אָבער זיינע אויגן, געשטויסן פון עפּעס אַ קראַפט און אומאָפּהענגיקע פון זיין ווילן, זענען געלאָפן אַהין, צום הויז און אָנגעשטרענגט געקוקט... אפשר... אפשר דאָך...

דער ווינד האָט שוין געזעצט פון דריטן, העכסטן שטאָק.

און פּלוצלונג... ער האָט פאַרהאַלטן דעם אָטעם. ס'האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער האָט אין אַ פענצטער אין דער הייך, אויפן דריטן שטאָק, באַמערקט עפּעס אַ באַוועגונג.

— טאַדעוש! — האָט ער, מיט אַ פריידיק קול, אַ געשריי געטון און אויסגעשטרעקט די האַנט — גיב אַהער די פינף הונדערט זלאָטעס!

ער האָט אַרויסגעשאָסן אין אַ הילכיק און גליקלעך געלעכטער, דערזעענדיק יענעמס פאַרענדערט פּנים.

— האָסט פאַרשפּילט! גיב אַהער די פינף הונדערט זלאָטעס! כאַ, כאַ...

און אויפסניי זיך אָנגעהויבן צו פּאַטשן איבער די קניען.

דערהערנדיק זיין נצחונדיק געשריי, האָט דער אונטעראָפיציר אַ דריי אויס געטון דעם קאָפּ, און באַמערקנדיק זיין אויסגעשטרעקטע האַנט צוריק זיך אויסגעדרייט און אַ געשריי געטון צו די דייטשן:

— אויפן דריטן שטאָק!

די דייטשן האָבן אָנגעהויבן צו שיסן.

דאָס גאַנצע הויז האָט שוין געברענט. אויפן דאַך און אין דער שטוב, וווּ דאָס ייִנגל האָט זיך געפונען, האָבן זיך באַוויזן פייערדיקע צונגען. דאָס ייִנגל איז יעדע ווייל צו צו אַ פענצטער און אַנטלאָפן. אָבער דער רויך און די פלאַמען האָבן אים צוריק צוגעטריבן.

— אָ, זעט נאָר, דאָס יידל ברענט שוין! — האָבן זיך דערהערט שטימען.

די דייטשן האָבן אויפגעהערט צו שיסן.

דאָס ייִנגל איז צו צום פענצטער, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די ברענענדיקע אויבער־מלבושים און אַרויסגעשפּרונגען.

די דייטשן האָבן אויסגעשאָסן.

דאָס ייִנגל האָט זיך אַ וואַקל געטון, אומגעפאַלן, און פאַמעלעך זיך אַראָפּגעגליטשט פון פענצטער. דערנאָך איז ער ווי אַ שווערע זאַך אַראָפּגעפלויגן.

* * *

די הייזער האָבן אויסגעברענט. דער אונטעראָפיציר האָט שוין די מענטשן, וועלכע האָבן געוווינט אין דער דורכגעטיילטער גאַס, דערלויבט אַהיימצוגיין. די יונגע פרוי, האַלטנדיק אירע צוויי קינדער ביי די הענט, איז געשטאַנען נעבן אונטעראָפיציר און אים געדאַנקט פאַרן אָפּראַטעווען די קינדער. אין אירע אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן. אָבער איר פּנים האָט געשטראַלט פון גליק און זי האָט צו אים פריידיק געשמייכלט.

הינטער איר איז געשטאַנען אַ חברה ווייבער און אויך מיט אומדרייסטער חניפהדיקער פריינדלעכקייט געקוקט אויף אים.

דער אונטעראָפיציר האָט געהאַלטן די הענט פאַרלייגט אויף דער ברוסט, אַ ציגאַר אין מויל, און מיט זיין פאַרגליווערט לאַנגווייליקן אויסדרוק אין פּנים אַ ווייל זיי אָנגעקוקט.

— גוט, גוט, מאַטקאַ, גיי, גיי — האָט ער פּיפּקענדיק דעם ציגאַר אַרויסגעברומט.

מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערצוגיין.

און פאַנאַנדערגייענדיק זיך האָט אַלץ גערעדט פון די צוויי אָפּגעראַטעוועטע קינדער, פון דעם נס, וואָס די מוטער איז דאָ פונקט געווען אויפן פּלאַץ, און פון דעם גוטן, מענטשלעכן אָפיציר.

**פסח בינעצקי**

# דאָס ליד פון דעם קופּערנעם גראָשן

בלויז ציגל צעקרישלט, בלויז שטויב און בלויז זאַמד;
ווי ווייט נאָר דאָס אויג קען דערגרייכן.
קיין גאַס נישט געבליבן, קיין הויז נישט, קיין וואַנט—
פון היים נישט אַפילו קיין צייכן.

איך ווייס נישט אַליין ווו צו זוכן איך האָב
יענעם אָרט ווו מיין היים איז געשטאַנען.
פון באַגין ביז ביינאַכט, נאָר איך נישטער און גראָב —
קיין שפּור איז דאָ אַלץ נישט פאַראַנען.

טאָ ווו זאָל איך זוכן, אין וועלכן באַרג
פון שטיינער פון זאַמד און פון ציגל?
דער שטויב פּרעסט אַריין זיך אין האַלדז און מיך וואַרגט,
נאָר כ'זוך אַלץ דעם שפּור פון מיין וויגל...

מיר דאַכט, אַז דער גרויער פּירקאַנטיקער שטיין
אויף מיין הויף איז דאָך תמיד געלעגן.
דאָרט פלעגן זיך שפּילן אָפט קומען צוגיין
די קינדער פון הויף וואָס אַנטקעגן.

מיר דאַכט... נאָר אַ וואָרעם פּרעסט איין זיך אין האַרץ:
„אומזיסט, דו וועסט גאָרנישט געפינען,
ס'איז אַלץ דאָ צעקרישלט, פאַרשרפהט און שוואַרץ
און ס'האָט נישט דאָס זוכן קיין זינען".

נאָר פלוצלונג, ווען איך האָב דערגראָבן צום גרונט —
אַ שוואַרצע די ערד אָפּגעפונען —
אין אויג האָט מיר עפּעס אַ בלינצל געטאָן —
אַ קופּערנעם גראָשן געפונען...

אַ קופּערנער גראָשן פאַרוואַלגערט אין ברוך,
פאַרשטויבט צווישן ציגל און שטיינער —
נאָר זע, ווי עס וואָלט ווער אַ זאָג געטאָן אַ שפּרוך
מיר דאַכט, אַז ער הויבט אָן צו וויינען...

„געגנוג, נעם אַריין מיך צו זיך אין דער טאַש.
וואָס איז דיר נאָך מערער פאַרבליבן?
דער ווינט האָט צעטראָגן דאָס לעצט ביסל אַש,
וואָס איז פון דיין היים נאָך פאַרבליבן..."

און ס'ציטערט דער גראָשן ביי מיר אין דער האַנט.
און פלוצלונג כ'דערזע ווי אין שפּיגל:
אַ הילצערן הייזל, אַ טיש ביי אַ וואַנט,
אין ווינקל לעם פענצטער אַ וויגל...

מיין רבי ר' שמעון — אַ גרוילעכע באָרד
און בלויע צעשמייכלטע אויגן.
ער ווייזט מיטן פינגער אין ספר אַ וואָרט
און שאָקלט זיך צו איינגעבויגן.

דער רבי ר' שמעון אַ ניגון זינגט צו —
מיר דאַכט יעדעס וואָרט איז אַ פויגל...
און ס'פליען די פויגלען אַוועק ערגעץ ווו
און פינטלען פאַרביי מיינע אויגן.

און כ'הויב נאָך מיין רבין אַ טריט נאָך אַ טריט
אויפן לייטער פון יעקב אבינו...
נאָר פלוצלונג טוט עפּעס אַ פאַל פון סופיט —
אַ קופּערנעם גראָשן געפין איך —

אַ מלאך געוואָרפן האָט אים אויפן טיש —
דער רבי געלאַכט האָט אַנטקעגן...
פון חדר אַהיים כ'בין געלאָפן פאַרשוויצט —
די מאַמע — זי דאַרף שוין נישט פרעגן. —

די מאַמע, די גוטע, געוווסט האָט שוין אַלץ,
ווי זי וואָלט דערביי דאָרט געזעסן...
איך האָב זיך געוואָרפן צו איר אויפן האַלדז —
פון פרייד שיר דאָס לשון פאַרגעסן.

דער טאַטע האָט אויך שוין געוואַרט ביי דער טיר —
אַ גלעט און אַ קוש מיר אין קעפּל.
און האָט אַ צעשטראַלטער אַ געב געטאָן מיר
אַ גרויסן, אַ ראָזיקן עפּל.

ניטאָ שוין מיין היים און מיין רבי ניטאָ —
אַוועק איז דאָס אַלץ און פאַרשוווּמען...
אומזיסט כ'יאָג זיך אום אין דער וויסטעניש דאָ —
ס'איז אַלץ אינם בראַנד אומגעקומען.

און ס'וויינט איצט דער גראָשן אַזוי אין מיין האַנט
און ציטערט, וויל רואיק נישט בלייבן,
און ס'איז אַזאַ אומרו אין קופּער פאַראַן,
ווי ס'וואָלט אים די שרעק ערגעץ טרייבן?

און פלוצים, ווי ס'וואָלט זיך דער גראָשן צעגליט —
אַ בלוט־טראָפּן זע איך אַ רויטן.
דער טראָפּן צעפלייצט, און איך זע אין דערמיט —
מיין טאַטן דאָרט ליגן אַ טויטן...

מיין מאַמען איך זע דאָרטן אויך לעבן אים —
פונם זעלביקן שונא פאַרשניטן.
מיין רבין, ר' שמעון, לעם זיי איך געפין —
ס'האָט מיין רבין דער טויט נישט געמיטן...

נאָר איך בין געבליבן, געבליבן אַליין —
פון בלוט נאָר געבליבן אַ טראָפּן —
דער טראָפּן — אַ קופּערנער גראָשן וואָס וויינט
אינם אַש פון מיין היים אויסגעגראָבן...

לאָדזש 1946

# פון אונדזערע אומגעקומענע שרייבער

אלטער קאציזנע

## צוויי לידער

### אָן אַ היים

אַ בלעטל צו אַ בלעטעלע, פון שטרויעלעך מיט ליים
זיך אויסגעבעט אַ בעטעלע, זיך אויסגעבויט אַ היים.
איצט בלאָזן בייזע ווינטעלעך — עס קומען אָן די פרעסט,
איצט ווי איז אונדז און ווינד איז אונדז —
פאַרטריבן פון דער נעסט.

אָן אַ היים, אָן אַ דאַך, ווו געטאָגט, נישט גענאַכט.
ווער זשע, ווער אין שניי און קעלט וועט אונדז דערוואַרעמען?
ווער זשע, ווער אַצינד אויף אונדז וועט זיך דערבאַרעמען?
אָן אַ היים, אָן אַ וועג, שוואַרצע נעכט, וויסטע טעג —
אונדזער נעסטעלע צעשמעטערט און די פליגעלעך געליימט
אָן אַ היים, אָן אַ וועג, אוי, אָן אַ היים!

מיר וואָגלען און מיר וואַנדערן
אַריבער ים און לאַנד
פון איין אָרט אויפן אַנדערן
אויף וועגן אומבאַקאַנט;
פון אַלע עקן פינצטערע עס בלאָזט אַ בייזע קעלט,
פון אַלע וויסטע ווינקעלעך עס פּלאָגט אַ בייזע וועלט;

אָן אַ היים, אָן אַ דאַך, ווו געטאָגט, נישט גענאַכט.
ווער זשע, ווער אין שניי און קעלט וועט אונדז דערוואַרעמען?
ווער זשע, ווער אַצינד אויף אונדז וועט זיך דערבאַרעמען?
אָן אַ היים, אָן אַ וועג, שוואַרצע נעכט, וויסטע טעג —
אונדזער נעסטעלע צעשמעטערט און די פליגעלעך געליימט
אָן אַ היים, אָן אַ נעסט און אָן אַ היים.

### דאָס שטעטעלע

האָט אַ שטעטעלע, פול מיט טיפער לייד,
די לויה ביז צום קברל באַגלייט;
און נאָר אַ מאַמעס קול האָט אַ וועלט געוועקט:
-- מיין זיס פייגעלע, ווו פירט מען דיך אַוועק?
— ליבע מאַמע,
ליבע מאַמעניו, נישט וויין,
וועסט נישט בלייבן,
מאַמע, איינינקע אַליין;
ווי אַ פייגעלע איך פלי צו דיר צוריק,
איך וועל דיר זינגען פון דער ליבע און פון גליק. —

פונס גרויען טאָג ביז שפעטער נאַכט
האָט אַ מאַמע אויפן קבֿרל געוואַכט:
— מיין זיס פייגעלע, דאָ וועט זיין מיין היים;
כ׳וועל נישט לאָזן דיך אין וויסטן פעלד אַליין.
— ליבע מאַמע,
ליבע מאַמעניו, נישט וויין,
וועסט נישט בלייבן,
מאַמע, איינינקע אַליין;
ווי אַ פייגעלע איך פלי צו דיר צוריק,
איך וועל דיר זינגען פון דער ליבע און פון גליק. —

און אויף מאָרגן פרי, דאָס שטעטעלע דערוואַכט,
האָט עס אָנגעקוקט אַ וווּנדערלעכע זאַך —
אויפן קבֿרל אַ קאַרשן־בוים פאַרבליט
און אין אַ צווייגל זינגט אַ פייגעלע זיין ליד:
— ליבע מאַמע,
ליבע מאַמעניו, נישט וויין,
וועסט נישט בלייבן,
מאַמע, איינינקע אַליין;
ווי אַ פייגעלע איך פלי צו דיר צוריק,
איך וועל דיר זינגען פון דער ליבע און פון גליק. —

**מרים אולינאַחער**

# לידער

## מיידל אָן קאַם

אויסגעבראָכן האָבן זיך ד ציין פון אַלטן קעמל
נויטיק איז אַ קאַם אַ נייער, נויטיקער — אַ זעמל,
טאָ פון ווו וועסט, בלאָנדע טריינע, יעצט אַ קאַם
גאָר נעמען?
מוז דער גראָבער, וויסטער עלנט דיר די צעפּ צעקעמען!

אוי, איז ער זיך אָנגעגאַנגען!
נאָך דעם נייעם אַפּיטרופּס
זאָל ער זיין פאַרשאָלטן!
הייסט זי „טריינע קאָלטון".

## מיידל אָן זייף

און ווי כ׳זיץ אַזוי פאַרוואָלקנט
און פון דלות מיד,
האָט זיך מיר פאַרגלוסט צו שאַפן
פון דער נויט אַ ליד.

שווער איז ס׳העמד אויף מיר פאַר דאגות,
מ׳דאַרף דאָך וואַשן וועש,
ס׳פאַלט די וועב אַריין אין געלקייט,
נאָנט שוין באַלד צו מעש!

איינגעבויגן ווערט דער מאַרך־ביין
ס׳דריקט ווי אַ פּרעס די זאָרג,
צי נאָר וועט מיר דער געוועלבער
געבן זייף אויף באָרג.

ניין! ער האָט מיר נישט געגעבן!
געווען ווי קראָכמאַל שטייף!
בלויז פאַר שיינע שוואַרצע אויגן
גיט ער נישט קיין זייף!

און פון וועש פון ווייסער, פרישער
בין איך אָפּגעפרעמדט,
כאָטש געוואָלט האָט ס׳לייב מיינס זינגען
ס׳ליד פון ריינעם העמד.

## מיידל איינע אַליין

ווען זאָל איך רופן גיך צו הילף,
ווען ס׳ווערט דאָס לייב מיר שלאַף,
נישט ציט זיך דורך די ווענט, ווו כ׳וווין
קיין דראָט פון טעלעגראַף.

נאָר כ׳ווייס שוין כ׳ווייס, וועם רופן כ׳וועל,
ווען ס׳וועט דער וויי מיך כאַפּן,
כ׳וועל מיט מיין האַרץ צום גרויסן גאָט
אַ טעלעגראַמע קלאַפּן.

**י. בערנשטײן**

# וואַרשע, ה'תש"א

וואַרשע!

כ'האָב דיך געזען אַ ברענענדיקן שטורקאַץ אין שפּעט־זומערדיקע, פריהאַרבסטיקע נעכט פון סעפּטעמבער 1939. געזען האָב איך דיך אין פאַרפּייניקנדיקן הונגער פון באַלאַגערונג (ווען מענטשן האָבן וואָכן גענערט זיך מיט קערעלעך און מיט אוגערקעס), ווען שרפות האָט גורל אָנגעצונדן מיט זיין בלינדער אַלץ־זעענדיקער האַנט. יענע שרפות האָבן געברענט און געבלענדט און געלויכטן אין די אָסיענדיקע נעכט. יענער הונגער איז געווען אַ תענית פון פאַרגעבונג, ווייל ס'איז נישט געדעקט געוואָרן קיינעמס טיש. יענער הונגער־פּיין איז געווען הונגער־לייטערונג און הימלישער חסד פאַר אַן איבערגעזעטיקטער שטאָט.

וואַרשע!

די פלאַמענדיקע נעכט פון סעפּטעמבער זענען געווען גרוילעך און שיין. היינט, אין העלפט פון 1941, האָט הונגער—קאָשמאַר געבוירן און קאָשמאַר האָט אויף בראַך־שטול אומזין געפונען. און אומזין האָט מענטשלעכע הערצער פאַרשטיינערט, און עס גייען אום אין דיינע גאַסן מענטשלעכע חורבות און אויסגעלאָשענע געוויסנס. עס זענען אויפגעשטעלט מזבחות אויף דיינע גאַסן, און עס ווערן קרבנות אויפגעבראַכט פון מענטשלעכע גופים, וואָס פאַלן אין די צענטויזנטער אונטערן הונגער־מעסער. און אויף אַנדערע מזבחות קומט פאַר אַ שוואַרץ־שבת פון גייסטער ביי מענטשלעכע, אויף אייביק פאַרלאָשענע געוויסנס. אַן אומזיניקער וואַקכאַנאַליע־טאַנץ, ווי פאַר עשתרות, אַרום זאַטן טיש פון געזוס.

וואַרשע!

עס פירט הונגער אַרום דיר אַן אומגעזעענע באַלאַגערונג. עס האָבן הערצער און געוויסנס זיך פאַרפּאַנצערט פאַר הונגער־פּיילן און פאַרן געשריי פון הונגעריקע. וואַרשע, דו ביסט אַ בית־הקברות פון געוויסנס! עס וואָיעט הונגער אין דיינע גאַסן דורך פאַרכריפּעטע העלדזער — ווי סטאַדעס וועלף. נאָר די וועלף — זיי פאַרציקן נישט, זיי שטאַרבן. זיי ציען דורך דיינע גאַסן מיט געוויין, געבעט און יאָמער, מיט געשריי פאַר פאַרלענדונג; דאָס געשריי פאַלט צוריק, שפּרינגט אָפּ פון דיינע מויערן, פאַרפּאַנצערטע שטאָט.

וואַרשע! דו ברענסט און בלענדסט, ווי מיט איידלשטיינער, מיט שקאַרבוט און שחין, וואָס בליט אויף מענטשלעכע פּנימער און אויף לייבער פאַרפּייניקטע.

וואַרשע! דו ביסט אַ מזבח פאַר הילפלאָזע און אַ לעבעדיקער דענקמאָל פאַר דעם שטן, אַ דענקמאָל פון פאַרלאָשענע געוויסנס.

וואַרשע! דו ביסט גרויס און זינדיק, ביסט פּיין און אומגליק!

* * *

איך האָב געזען היינט אַ שוואַרצע עגלה מיט אַ טיר אַ געעפנטער, און אַן ארון מיט אַ מת אין איר אינגעווייד. אַ פרוי איז נאָכגעלאָפן אַן אויפגעריסענע פון געשריי, איינע אַליין. און אַ גאַנצע גאַס מענטשן האָט מיט פאַרוואונדערונג געקוקט אויף איר און אויף איר געשריי. זי האָט זיך געצויגן, נאָכגעלאָפן דעם ארון, ווי אַן אונטערגעשאָסענער פויגל, און אַלע אַרום האָבן געגאַפט.

מיין פריינד האָט מיר דערציילט היינט, אַז אין זיין שכנות איז פון אַ פאַמיליע פון אַכט געבליבן אַ מאַמע מיט אַ זון. ווייסט מען נישט ווען פון זיי וועט פריער פאַרשניידן די קאָסע פון הונגער. גייען זיי אַרום, מוטער און זון, געל אויסגעטרוקנטע גופים, און לייכטן און ברענען מיט פאָספאָרישן ליכט.

עס ציען זיך הענט און געזאַנגען מיט יאָמערדיקער בקשה. מענטשלעך געבעט... ווען מען זאָל פאַרשרייבן אויף פאַרמעט די הונדערט טויזנט פאַרשיידענע בקשות, וואָס ציען זיך פון מענטשלעכע הערצער אויף דיינע גאַסן און הויפן יעדן טאָג, וואָלט עס אַ נייער תהילים געווען. וואָרום הונגעריקע רעדן ווי פּראָפעטן, און שטאַרבנדיקע ברענען און בלענדן מיט אינערלעכער ליכט.

עס זענען אין גאַס אַרויס האַלביערוקע עופהלעך אין קישנס, מיט בקשות אויף פּאַפּיר אָנגעשריבענע, מיט פאַרפינצטערטע מאַמעס אין דערנעבן שטייענדיקע.

אַ בלינדער, וואָס האָט צוואַנציק יאָר געטראָגן זיין געזאַנג איבער די הויפן פון וואַרשע, שטייט איצט אויף דער גאַס און בענטשט, און דראָט, און מאָנט זיין ביסן ברויט. זיין קול און זיין געבעט זענען גוט באַקאַנט. ער דערקענט אָבער נישט זיין עדה. דראָט ער, און מאָנט, און שילט, און בלייבט אומדערהערט. מיט זיינע בלינדע אויגן רופט ער די עדה, און קאָן זי נישט דערזען. דער בעטלער האָט צוויי קינדערלעך געשטרעקט צו די באַלקאָנען און געמאָנט פאַר זיי חיונה. נעכטן האָט מען אים די קינדער צוגענומען. שטייט ער, דער בעטלער, ווי אַ בוים אַ נאַקעטער אין האַרבסט־צייט, הויבט זיינע הענט צו די באַלקאָנען און שרייט אין געבעט: איך וויל נאָך נישט גיין צו מיינע קינדער. געטריי איז ער געווען זיינע קינדער ביי זייער לעבן. (געפירט זיי פון שטוב אין גאַס, פון גאַס אין שטוב אין פרעסט און שנייען און אין ברענענדיקן תמוז). היינט איז ער זיי אומטריי געבליבן. אַן עדה אַ שטאַרבנדיקע, האָט זיך איינגעשפּאַרט: מיר ווילן לעבן. איינגעפאַלענע פּנימער, ווילדע אויפגעריסענע אויגן, פאַרדאַרטע איינגעווייד שרייען אויס זייער פּראָטעסט, זייער ווילן צו לעבן.

„ס'הונגערט! ס'הונגערט! ס'הונגערט!" — שרייט ער מיט ווילדקייט, אַ געטראָגענער מיט אימפּעט, מיט ווילדן בליק געווענדעט צו די דורכגייער און צו זוניקע אויפגעריסענע באַלקאָנען. „ס'הונגערט!" — נישט קיין וואָרט מער, ווי „ס'הונגערט!" טרוקענער ווערט זיין גוף פון וואָך צו וואָך, פון טאָג צו טאָג. שטילער, הייזעריקער ווערט זיין שטים. אָבער האַסטיק ווילד קלינגט זיין וואָרט, וואָס וועט זיין לעצט וואָרט זיין. ער שטעלט זיך אָפּ און שרייט אויס מיט באַנומענעם קול: „ס־ה־ו־נ־ג־ע־ר־ט!" ווי אַ סטאַדע קראָען באַגלייטן דעם אויסגעשריי קורצע אָפּגעהאַקטע פאַרכריפּעטע קלאַנגען: „ס'הונגערט!" „ס'הונגערט!" „ס'הונגערט!" — באַגלייט מיט ווילדן בליק, מיט קנאַביק־אויסגעשטרעקטער האַנט. דאָס גיריקע וואָרט און דער ווילדער בליק ווערן

באַלד פאַרגיין צוזאַמען מיטן גוף, וואָס ברענגט זיי אַרויס. און אויפשטראַלן וועט דער פּראָטעסט פון הונגער דורך אַנדערע אויסגעקרימטע לעפצן.

עס האָט אָפּגעהילכט אַ הויך גאָטעס־דינסט אין די פרימאָרגן־שעהן אין אונדזער הויף. אַן אַלטער מוזיקאַנט מיט זיינע צוויי זין האָבן אויסגעזונגען אַ העלן לויב צו גאָט. געזעסן איז דער אַלטער מוזיקאַנט אויף אַ פיסן־בענקעלע, וואָס ער טראָגט מיט זיך, געשפּילט אויף זיין האַנט־האַרמאָניע, פון ביידע זייטן — זיין גוואַרדיע, זיינע צוויי זין. נעבן אים, פאַר אים, זענען צוויי געשוואָלענע פיס, ווי קאַנען. ער האָט ליכטיק־העל געשפּילט, און זיינע זין האָבן געזונגען. העל און ליכטיק און פייערלעך זענען אויפגעגאַנגען די קלאַנגען אין חלל פון הויף, אין העל געלויכטן און פייערלעך געשטומט האָבן די ווענט פון אונדזער הויף. און געזאָגט האָט דער מוזיקאַנט אַזוי: „איך וועל סיױוי שטאַרבן; וואַרפט אַראָפּ אַ שטיקל ברויט, נישט פאַר מיר, נאָר פאַר די יונגען מיינע, וואָס זענען געשוואָלן פון הונגער.” און פייערלעכע טענער האָבן זיך געהויבן פון זיין האַרמאָניע און פון דעם געזאַנג פון די יונגען, וואָס איז דורך קיינעם נישט געשטערט געוואָרן אין דעם זוניקן פרימאָרגן. בלויז אַ האַלבן כזית ברויט, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן פון אַ פענצטער, האָט דער יונגער זון געטוליעט צו זיין מויל, כדי עס זאָלן נישט פאַרפאַלן ווערן די קרישקעס ברויט. שפּעטער האָט נאָך שאַליקער אויפגעקלונגען דאָס געזאַנג און די מוזיק. דער אַלטער האָט פאַר די ווענט אויסגערעכנט די מוזיק־נומערן. לאַנג געפלאָסן איז דאָס געבעט פון קלאַנגען, זיך געטוליעט צו די איינגעהאָרכטע ווענט און אויפגעגאַנגען צו דעם הימל־בלוי אין פייערלעכן לויב און פּראָטעסט.

עס האָבן קינדערלעך באַלייגט דעם טראָטואַר — דאַרע גופּימלעך, שקעלעטלעך. פּנימער פאַרטריקנטע. ביי איינעם בלויז איז דאָס פּנים אויפגעגאַנגען, אויפגעיוירן, ווי אַ טייג, מיט געשווילעכץ. דאָס פּנים זיינס — פּירקאַנטיק, אומנאַטירלעך גרויס, אומבאַוועגלעך. זעט עס אויס ווי אַן אַלטער קוראַנט־זייגער, וואָס כריפּעט אויס דעם איינציקן קלאַנג אין אומאויפהערלעכער מאָנאָטאָניע: „ברויט, ברויט, ברויט!”. קינדערשע הערצלעך פּישטשען, ווי פייגעלעך: „ברויט, ברויט, ברויט!” — דאָס מאַגישע וואָרט „ברויט”, וואָס איז געדעכטעניש און אַנונג. „ברויט”, קינדערשע פינגערלעך האָבן עס שוין לאַנג נישט באַרירט. וועלן עס שוין נישט באַרירן.

אַ יונג, אַ האַלב־אַנטבלויזטער, אַ פאַנאַנדערגעלייגטער אויף אַ האַנט־וועגעלע, שטופּט זיך אָפּ, פירט אַליין זיין עקיפּאַזש. ער זיצט אויסגעלייגט. די פיס־סטאָפּעס בלוטיק אָפּגעשניטן און כמעט נאָך נישט פאַרהיילט, ווי פון אַ יאַטקע־קלאָץ אַוועק. די פיס — אַנטבלויזט ביז אַרויף צום קערפּער, שיינענדיק רויט אין דער זון. און זיין וואָרט איז קלאָר: „איך קום פון אַ לאַגער נאָך אַן אָפּעראַציע”. דער אָפּגעדעקטער יונג בלענדט, ווי אַ שטורקאַץ אַ ברענענדיקער, ווי אַ געטלעך געשטאַלט, וואָס פאָרט אַדורך פייערלעך אין אַ מרכבה. (דער צעשויבערטער קאָפּ פון יונג, זיין אָפּגעדעקט לייב, די מיט בלוט פאַרגאָסענע פיס פונעם לעבעדיקן שייטערהויפן וואַרפן אָפּגלאַנץ אין דעם אַרום און דערשרעקן מענטשלעכע הערצער). מענטשן שרעקן זיך און וויכן פאַר דעם בילד פון מעשה מרכבה, וואָס האָט פון הימלען אַראָפּגענידערט צו דער ערד.

גייען יונגעלייט ריזן, פון אַכצן ביז צוואָנציק יאָר, איינגעבויגן, איינגעקוילערט אין דרייען, מיט אייטערדיקע לייבער, מיט דאַרע הענט און פיס, ווי שקעלעטן, אין אויפגעריסענער בלאָטיקער וועש, מיט פּנימער, אויף וועלכע עס בליט שקאָרבוט און צרעת. יונגען, געקומענע פון לאַגער— רוקט מען זיך אָפּ פון זיי מיט מורא, ווי פאַר געשפּענסטער. גייען זיי אַרום איבער די גאַסן ווי ברענענדיקע צאַנקענדיקע חורבות.

עס איז יום־טובדיק אויף דיינע גאַסן, וואַרשע, פון פרילינג, זומער און פון בראָך. פייערלעכע שפּאַלערן זענען אויסגעשטעלט ביי דיינע ווענט, שפּאַלערן געדיכטע פון קינדערלעך, וואָס זיצן אויף קוטשקעס און פּישטשען ווי קאַנאַרעקלעך זייער ניגון, פון אַלטע לייט מיט אויסגעשטרעקטע הענט ווי אין תפילה. אָט זיצט אַ ייד מיט האַנט אויף האַרץ, פאַרגליווערט אין איין פּאָזע, טאָג נאָך טאָג. אָט שטייט אַן אַלטער מיט אַ האַנט אַ געהויבענער צום הימל, און אַ זקנה מיט אויסגעדאַרטע הענט און פינגער, אויסגעשטרעקטע גיריק, ווי גאָפּלען מיט אַ צעקנייטשט פאַרמעט־געזיכט, מיט האַלב־בלינדע גיריקע אויגן...

# דער קעלמער מגיד

ווו איז דער קעלמער מגיד? ווו איז דער מאַן, וואָס האָט אָנגעוואָרפן פּחד אויף יידן און יידן געשטראָפט? ווו איז דער ייד, וואָס האָט געקאָנט אַלע מדורי־גיהנום און האָט געשילדערט ווי דאָס גיהנום זעט אויס, ווי אַזוי מען שטראָפט און פאַרוואָס מען שטראָפט? דער ייד, וואָס האָט געמאַכט פיבערן לייבער און ציטערן לענדן, וואָס האָט אויפגעציטערט פאַרהאַרטעוועטע הערצער, וואָס האָט אָנגעצונדן מענטשלעכע פאַרזאַמלונגען מיט שרעק פאַר באַצאָלונג, אויפגעבראָכן מענטשלעכע געוויסנס מיט געוויין און יללה — ווו איז ער? אַ מענטש — די רוט פאַר דעם פאָלקס פאַרהאַרטעוועטן געוויסן, וואָס זאָל אויפנעמען די פאַרצווייפלטע הילף־רופן, וואָס גייען אויף אין די גאַסן און בלייבן אָן ענטפער; די וויי־געשרייען פון פאַרצווייפלטע מוטערס, דעם אומגליק פון קליינע קינדער, די הונגער־חרפּה פון רייפע מענער, די אומזיניקע בליקן פון פאַרהונגערטע צום טויט; די פלעקן און בלאָזן אויף פּנימער, וואָס בליען מיט בלומען פון שחין צוליב הונגער; וואָס זאָל אויספלעכטן אַ רוט פאַר די בייזוויליקע פון דער עדה, און זאָל זייערע לייבער דרעשן, און אַוועקרויבן זייער רו, פאַרגליווערן דאָס בלוט אין פּחד פאַר באַצאָלונג?

צי גלויבט איר נישט אין באַצאָלונג? צי גלויבט איר נישט, אַז פאַר די זינד פון סדום קומט אַ רעגן פון פייער פון הימל, אַז זינד ברענגט אויף זיך אַ מבול, אַז זינד ברענגט פאַרלענדונג, מדה כנגד מדה, אַ מעסטל פאַר אַ מעסטל? איר גלויבט נישט אין גהינום? איר, וואָס גייט אַרום איבער די גאַסן פון וואַרשע תש״א,

איר גלויבט נישט אין גיהנום? אָדער גלויבט איר אין גיהנום פאַר אַנדערע, און נישט פאַר זיך? איר, קלוגע, ראַציאָנאַליסטן, אַפּיקורסים, וואָס גלויבט נישט אין גיהנום, וואָס פרעמדע יידן טועָן אייך נישט וויי, וואָס איר ווערט נישט וואַנזיניק, ווען איר טרעט איבער וועגן געפלאַסטערטע מיט קינדערשע שיידלען — הערט, איר רואיקע און זיכערע, און ווערט אומרואיק: עס קומט אַ מגפה אונדז צו פאַרלענדן, צו פאַרטיליקן. יעדער בלוטיקער שפּיי פון די פאַרהונגערטע, יעדער הויך פון זייערע פאַרצערטע לייבער, יעדע אויסדאַמפונג פון זייער בלוט און מאַרך, און די קללה, וואָס גייט פון זייערע לייבער אין דער שטיל, און דאָס כריפּנדיקע געבעט אויפן קול — וועלן אָנצינדן אַ צאָרן. הונגער, וואָס ווערט אַזוי פאַרוואָרלאָזט, ווערט פאַרווערעמט און פאַרוואַנדלט אין אַ סערפּ, וואָס שנײַדט אָרעם און רייך. די באַצאָלונג שטייט פאַר אונדזערע טירן. דאָס געשפּענסט, וואָס ווערגט — מאַן און פרוי, יונג און אַלט, אָרעם און רייך — מדה כנגד מדה, אַ מעסטל פאַר אַ מעסטל, עונש און פּייערדיקע ריטער.

ווו נעמט מען דעם קעלמער מגיד, וואָס זאָל וואַרפן אויף אייך פחד, ווי אַ ווערגנדיקע שטריק איבער העלדזער, וואָס זאָל מאַכן צעגיין פאַרשטיינערטע הערצער, וואָס זאָל מיט צוואַנגען בײַ אייך אַרויסציען דעם באַשלוס צו טיילן זיך מיטן לעצטן ביסן פון אייער מויל מיט דעם הונגעריקן, וואָס זאָל אייך באַצווינגען דעם באַשלוס צו פאַרוואַנדלען אין מעשים? ווו נעמט מען דעם בייזן שטרענגן ייד, דעם קעלמער מגיד, וואָס זאָל אויפשוידערן די געוויסנס, וואָס זאָל אייך באַווייזן אַ צווייטן מדור פון גיהנום, וואָס זיין נאָמען איז: באַצאָלונג פאַר הונגער־טויט פון ברידער, ווען דער ערשטער מדור — הונגער — איז נישט גענוגנד? ווו נעמט מען אַ קעלמער מגיד, וואָס זאָל אייך צעברעכן, כדי איר זאָלט גאַנץ ווערן?

אונדזער אָפּגעצוימטקייט איז אַ מדבר פאַר שאַקאַלן. אונדזער אָפּגעצוימטקייט ברענט מיט ווונדן, בליט מיט שחין, זינגט אַ לויב מיט קאָרטשנדיקן ווייטיק. אונדזער אָפּגעצוימטקייט — איז אַ בית־המקדש פון לײַדן און אַ הייל פון פאַרברעכן.

## ברוך אליצקי

# צוויי לידער

* * *

ס׳האָבן אויסגעוויגט די בוידן
אַ ציגיינער־יאַט.
האָב איך אָנגעטרויט מיין אָטעם
שליאַכן — נע־ונד.

ווינט! דו טאַטע מיין!
כמאַרע! מאַמע מיין!
צי וועל איך אייביק שוין
אַ הפקר־בלעטל זיין?

האָב איך וואַנדער אָפּגעזעגנט
אָן א זיי־געזונט:
ס׳האָט געוואָלט די קאָרט פאַרטוישן
קליינער וואַגאַבונד.

ווינט! דו טאַטע מיין!
כמאַרע! מאַמע מיין!
צי וועל איך אייביק שוין
אַ הפקר־בלעטל זיין?

טראָג זשע, האַלדז, א נומער ערגער,
טראָג, געוויין, מיין בלוט!
עמערס טרערן פאַר אַ גראָשן —
וואַרפט אריין אין הוט!

ווינט! דו טאַטע מיין!
כמאַרע! מאַמע מיין!
צי וועל איך אייביק שוין
אַ הפקר־בלעטל זיין?

פאַרגעדענקט פון דער פּרעבליסטן רבקהלע שעלובסקאַ.

## הימן פון דער יידיש־וועלטלעכער שול

פאַרשאָלטן אויף אייביק זאָל זיין מיין געביין,
אויב כ׳וועל זיך נישט לייגן אַזוי ווי אַ שטיין
אין יידישער שול־וואַנט, וואָס בויט זיך און בויט —
שטאָט וואַסער — פון טרערן, שטאָט ליימען — פון נויט.

לייגן צונויף זיך געשטיין אויף געשטיינען,
נעמען צונויף זיך געביין אויף געביינען,
שאַפן זיך ווונדער און העלע לעגענדן,
וואָס בלויען,
וואָס טויען,
וואָס בלינדן און בלענדן.

פאַרשאָלטן זאָל ווערן פון אויג מיינס דאָס ליכט,
אויב איך וועל נישט טייטן דעם שאָטן, וואָס קריכט
און פויזעט פון הינטן, אַזוי ווי אַ שלאַנג,
צו גיפטן מיין טראָט אין זיין לויטערן גאַנג.

לייגן צונויף זיך געשטיין אויף געשטיינען,
נעמען צונויף זיך געביין אויף געביינען,
שאַפן זיך ווונדער און העלע לעגענדן,
וואָס בלויען,
וואָס טויען,
וואָס בלינדן און בלענדן.

געזונגען געוואָרן אין די יידישע שולן; פאַרגעדענקט פון דעם דיכטערס שוועגערין שרה אָליצקי.

**קלמן ליס**

# לידער

## באַרג־מאָטיוו...

און זאָג, אַז דער באַרג איז מיר פֿרעמד, איז מיר ווייט,
און איך בין נישט מער, ווי אַ ייִנגל פֿאַרשייט,
וואָס יאָגט אָן אַ ציל, אָן אַ זין ערגעץ קריכט
צו פֿאַנגען פֿון גאָלדענעם טעלער דאָס ליכט,
וואָס טאַנצט ווי אַ וועווריק אויף פּלויט און אויף וואַנט
און איז בלויז אַ שטיף פֿון אַ שפּיגלנעם ראַנד...

און גלויב, אַז מיר, קלמן דעם ייִד, האָט ער פֿיינט:
ס'טייטש עפּעס אַ קלמן זאָל זיין גאָר אַ פֿריינד
פֿון אַ באַרג, וואָס שטאָלצירט מיט זיין אַרישן שטאַם,
אַז קומען צו אים זאָל ער פּשוט און סתם
מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס, אַ שטעקן, אַ שטריק
און געניסן פֿון בערגיקן, אַדלערישן גליק...

נאָר ווייס, ס'איז דער באַרג נישט אַזאַ שוין, מיין פֿריינד,
דער באַרג קוקט פֿון הויכן אַראָפּ אויף דעם הייַנט,
און זעט, וואָס עס טוט זיך אין בלוטיקן טאָל,
און קלערט זיך זיין קלערונג, אַז קומען אַמאָל
וועט פֿאַרט אַזאַ צייט, און דער מענטש וועט פֿאַרשטיין,
אַז איינס אויף דער וועלט איז נאָך רייִנער פֿון ריין —

דאָס איז נישט די ראַסע, דאָס איז נישט דער שטאַם,—
נאָר באַפֿליגלטער שווונג, נאָר דער צונטערער פֿלאַם
וואָס ברענט אין דעם בלוט מיט איין גרויסן פֿאַרלאַנג
צו גיין און צו קומען מיט באַרגיקן גאַנג
אַהין וווּ דער רוים גיסט צונויף זיך מיט צייט —
אין דער בלויער, אומענדלעכער אייביקייט...

באַברויסק 1941.

## אַ בריוו מיט אַן ענטפֿער

(פֿאָלקסטימלעכער מאָטיוו)

האָב איך דיר אַ בריוו געשריבן
און קיין ענטפֿער נישט באַקומען,
בין איך מיר אַליין פֿאַרבליבן
מיט מיין אומעט מיט דעם שטומען.

אפשר... טאָמער... כ'וויל נישט פֿרעגן,
נאָר עס פּיקט אַ קראָ אַ שוואַרצע,
האָסט אויף אייביק מיך געזעגנט
אויסגעמעקט מיך פֿון דיין האַרצן...

כ'ווייס אַליין נישט... זיי מיר מוחל
פֿאַר די נאַרישקייטן מיינע,
ס'גייען שטיל מיר אויס די כּוחות
נאָך די צערטלעכקייטן דיינע...

סיי ביים שלאָפֿן, סיי ביים עסן
טאַטע, מאַמע בעטן: פֿריידע,
בעסער וואָלסטו אים פֿאַרגעסן,
ס'וועט זיין גלייכער פֿאַר איך ביידע.

גיי־זשע שריי און גיי־זשע ליאַרעם,
טויבע ווענט און טויטע שטיינער —
ס'האָט אַ שאָף מיך אויסגעוואַרעמט,
וועט נאָך איר נישט טרייסטן קיינער.

שרייב איך דיר אַצינד די שורות,
און עס טרייסלען מיר די פֿינגער, —
אפשר דאַרטן דיר, ווי מיר, איז
אויך נישט לייכטער איצט, נישט גרינגער...

כ'האָב חלילה קיין תרעומות,
און איך וויל דיר גאָרנישט קרענקען,
גלויב מיר, כ'בין אַליין זיך נמאס
מיט מיין נאָגן, מיט מיין בענקען.

קענסטו זאָגן — האַרץ, מער פֿיל נישט,
דו, געדאַנק, הער אויף צו קלערן?
אַז צי איך וויל און צי איך וויל נישט,
לעבסטו פֿאָרט אין מיין באַגערן...

און אַצינדערט ציען טעג זיך,
ווי די צישענדיקע שלאַנגען,
און נישט פֿרעג מיך, און נישט פֿרעג מיך,
ווי עס שטאַרבן אָפּ פֿאַרלאַנגען.

און די נעכט, ווי שוואַרצע קראָען,
שפּרייטן איבער מיר די פֿליגלען,
און מיט ליפּן בלייכע, בלאָע
ווינקט דער טויט פֿון מאַטע שפּיגלען.

בעט איך דיר, נאָר צוויי דריי ווערטער,
צוויי געציילטע, קורצע שורות:
„דו, מיין ליבער און באַשערטער,
אָט אַזוי־אָ דאַרטן מיר איז...״

## ענטפֿער

ליבע כאַווערטע אין שטעטל
מיט פֿאַרטרערטע בלויע אויגן,
פֿאַר דיין צער דעם טיפֿן ברייטן
שטיי איך קאָפּ אַראָפּגעבויגן.

ווי אַ קילער טוי אַ פֿרישער
אויף אַ פֿעלד פֿון זון צעגליטן,
האָט ער פּלוצים אויף זיין קישן
פֿון דיין ליבן בריוו צעבליט זיך,

און געבעטן מיר דיר שרייבן
אָט די שטילע, לעצטע ווערטער:
„ביסט געווען און וועסט פֿאַרבלייבן
ליב אויף אייביק מיר באַשערטע.

כ'האָב דיין צאַרטן בריוו דערהאַלטן,
כ'האָב דיין ליבן בריוו געלעזן,
אין מיין זעל דער פייכטער, קאַלטער
האָבן ווייס צעפּיקט זיך בעזן.

גלויב מיר, כ'האָב דיך נישט פאַרגעסן
אין די אַלע, שווערע יאָרן,
ביזט מיר טיף אין האַרץ געזעסן,
ווי אַמאָל נאָך פאַר מיין פאָרן.

כ'בין אַוועק פון דיר, מיין ליבע,
אויסצוקעמפן פאַר אונדז ביידע..."
אָט דאָס אַלץ האָב איך פאַרשריבן,
און איך שיק דיר זיינע רייד ערשט.

עפּעס האָט געפלאַמט אין אַפּל,
אויף די ווייעס פייכט געהאָנגען,
און צולעצט זיך אויסגעצאַפּלט
אויסגעוועפּט און אויסגעגאַנגען.

נאָר געטרייסט זיי, צאַרטע כלה,
אין דיין ווייטיק אין דיין טריבן,
דיין באַשערטער איז געפאַלן
פאַר אַ גרויסער, טיפער ליבע,

פאַר דעם גליק, וואָס ליגט פאַרבאָרגן
אין דעם טונקלען היינט, פאַרגרויטן,
פאַר אַ העל־צעשטראַלטן מאָרגן
מיט אַ זון־אויפגאַנג אַ רויטן...



**ז. סקאַלאַח**

# דער האַקנקרייץ

(פראַגמענטן)

ווי עס פאַלט צו די נאַכט, ווערט גדליה וואַך. ער הויבט זיך אויף פון זיין בעט, ציט אַרויף די קאַפּאָטע, די שטיוואַליעס, און הויבט אָן אַרומטרעפן איבער די צימערן. ווען אַלע פענצטער אויפן הויף און אויף דער גאַס שוואַרצן פון פינצטערניש, רוקט ער אָפּ אַ שענקל, עפנט אויף צוויי פאַרמאַסקירטע טירלעך און גייט מיט אַ ליכטל אַריין אינדערמיט פון אַן ענגן חדר. דאָ שטעלט ער אַנידער דאָס ברענענדיקע ליכטל — דאָ פילט ער זיך זיכער.

דאָ, אין דער ענגער קאַמאָדע אָן פענצטער געפינט זיך גדליהס אַן אוצר. פאַר דעם אוצר איז ער גרייט אַוועקצוגעבן דאָס לעבן. שפּרייזט טאַקע גדליה די גאַנצע נאַכט אין די האַרטע שטיוואַליעס, לאָזט נישט רוען די שכנים פון אונטערשטן שטאָק. פון דער יוגנט אָן אַן אַרבעטער פון טריקאָטאַזש, האָט גדליה זיך דערשלאָגן צו אַן אייגן מאַשינדל. טאַקע דאָס מאַשינדל האָט ער געהיטן. פאַר דעם מאַשינדל האָט ער געציטערט, עס זאָל נישט פאַלן דערויף קיין „בייז אויג". אָבער נישט נאָר בלויז צוליב דעם שלאָפט נישט גדליה. ער קאָן נישט פאַרגעסן דאָס אייניקל מיטן איידעם — דאָס אומגליק, וואָס מיט זיי האָט פּאַסירט. נאָכדעם ווי אַ פויערטע פון פּאָפּלאַוועס, ביי פּולטוסק, האָט אַוועקגעלייגט אויפן טיש רפאלס דאָקומענטן, האָט זיך שוין קיינער נישט געקענט בלענדן מיט דער האָפענונג, אַז טאַטע און זון וועלן מיט אַ נס זיך אָפּגעפונען לעבעדיקערהייט.

„...מ'וואָלט באַדאַרפט ברענגען זיי צו קבר ישראל". האָט זיך גדליה צעוויינט ווי אַ מענטש, וועלכער וויינט אויס דעם סך־הכל פון זיינע 70 יאָר. ער דערמאָנט זיך אָבער: די פויערטע האָט דערציילט, אַז אין דער גאַנצער געגנט ארום ווישקאָוו־פּולטוסק זענען דערוויטערט געוואָרן אַלע יידן. די געגנט ווערט געכשרט...

אַרום האַלבער נאַכט זאָגט גדליה חצות: על נהרות בבל שם ישבנו וגם בכינו... אָן אַ ניגון, מיט אַ געוויין. אַזוי וויינט אַ געשלאָגן קינד, וואָס ווייסט נישט פון געזעצן און גרענעצן. בייטאָג שמעלצט ער חלב, פאַרפולט דערמיט אַ בלעכן שאַכטל, דרייט קנייטלעך פון וואַטע, כדי צו באַלייכטן ביי דער נאַכט די פּיצינקע אותיותלעך פון תוספות און רש"י. אָפטמאָל הערט מען גדליהן מרוקען. דאָס אימפּראָוויזירט ער אונטער דער נאָז מיט אַ טיפן גמרא־ניגון:

„מה דאָך טיטוס הרשע איז אומגעקומען פון דער וועלט דורך אַ קליין פליגעלע..." דאַן באַוויזט זיך אויף אַ רגע אַ ליכטיקער שטראַל אויף זיין צעאַקערט פּנים און לעשט זיך באַלד אויס פונדאָסניי.

ווידער שפּרייזט אום גדליה הין און צוריק אין די האַרטע שטיוואַליעס. דאָס לעבן איז נמאס, וואָרעם וואָס איז דער מענטש אין זיין גאַנצן מהות. מיט זיין קערפּער און נשמה, אויב עפּעס אַ חיה, אַ פאַרזעעניש, רחמנא־לצלן, וואָס הערשט איבער אים, נעמט אים אָפּ דאָס רעכט, דעם נאָמען מענטש צו טראָגן, אין דער טיפקייט פון האַרצן דאָס געשטאַלט פון אַ גאָטהייט צו דערציען.

עס צעפלאַמט זיך גדליהס פאַרמעטן פּנים. ער הייבט אויף אַ פויסט צום סופיט מיט אַ דראָאונג. ער לאָזט אָבער פאַלן די האַנט אויף צוריק:

— ...אַ כופר בעיקר קאָן מען ווערן, רחמנא־לצלן,— דערשרעקט זיך גדליה פאַר זיך אַליין, פאַרן אייגענעם געדאַנק. ער באַמיט זיך איינשלאָפן. ער פילט אָבער, אַז ס'האָט זיך אָפּגעטאָן פון זיינע ווייעס דאָס געשאַנק פון דער נאַטור, דער שלאָף, וואָס מאַכט דעם מענטשן פאַרגעסן זיינע אַנגסטן. אים איז נישט באַשערט פון דעם געשאַנק צו געניסן. דעריבער שלאָגט דאָס בלוט צום האַרצן און צום קאָפּ.

דער וואַנט־זייגער האָט אין אַ געלאַסענעם טעמפּאָ באַוועגט זיין אומרו, ציילנדיק די רגעס. דער אַלטער

האָט זיך אַנגעכאַפּט אין זייגערס געמיטלעכן ריטם און אַנגעהויבן דרעמלען. ס'איז אים פאַרגעקומען, ווי ער וואָלט שווימענדיק זיך אָנגעכאַפּט אין עמעצנס שיפל, איבער שטילע וואַסערן צו פליסן — אַ זאָרגלאָזיק קינד אין אַ וויג.

— — — — — — — — —

דער אַלטער גדליה האָט אַרומגעשווירן זיין גרוי בערדל, אַראָפּגענומען דאָס יידישע היטל מיטן קאַפּל און אָנשטאָט דעם אַרויפגעצויגן אויפן קאָפּ דאָס גרויע נאַרטן־היטל. איצט האָט ער געהאַט אַן אויסזען פון אַ הויז־וועכטער, אָדער האָלץ־העקער פון דאָרף, אַחוץ זיין הערבל און מאָגערער ברוסט האָט אין אים גאָרנישט דערמאָנט זיין יידישן אָפּשטאַם, זיין חצות־זאָגן און לערנען גמרא מיט רש"י און תוספות.

שוין מער ווי אַ חודש, אַז גדליה איז געזעסן פאַרשפּאַרט אין זיין שטוב, מורא האָבנדיק פאַר דער ליכטיקער שיין, פאַרן קאַפּל און דער עיקר פאַר דער באָרד.

גדליה האָט זיך געשטעלט פאַר דער גאַס און אָנגעהויבן שעפּן לופט. ער האָט געשעפּט מיט פולע הויפנס. אַ יעסנדיקער טאָג איז געווען, און כאָטש די חרובע מויערן פון אַקייגנאַיבער זענען געהאַנגען ווי מתים, גרייטע יעדע רגע זיך אַראָפּצורייסן פון דער שטריק — האָט גדליה אַריינגעצויגן לופט מיט דער פולער ברוסט.

דער הויז־וועכטער וואַלענטי איז פאַרביי, האָט אַ שמיץ געטאָן מיט די וואָנצן צום אַלטן: — פּאַניע בערמאַן, מען כאַפּט...

גדליה האָט אָנגעשטעלט אַן אויער:

— כ'הער נישט...

אָבער וואַלענטי האָט אים אין פּנים אַריינגעגרילצט:

— ביסט אַ ייד, צי נישט? אויב אַ ייד, טאָ שטיי נישט ווי אַ כראַביע ברייטלעך פאַר דער גאַס. פאַרשטאַנען, צי ניין?

ס'איז שוין נישט געווען ווען צו פאַרשטיין — פאַר גדליהס פּנים האָט אַ ייִנגער זעלנער געפאָכעט מיטן בלויזן שטילעט:

— יודע, קאָם!

וואָס מיט אים האָט פּאַסירט ווייטער, האָט ער נישט געקענט געדענקען. דורכגייער האָבן געזען ווי אַן אַלטיטשקער ייד האָט באַקומען אַ פעסטן שטויס אין דער זייט, ווי ער איז אַנידערגעפאַלן און זיך צעהאַקט דעם קאָפּ. זיי האָבן געזען ווי אַ צווייטער, אין אָפיציר־אוניפאָרם, האָט אַרויפגעלאָזן אויפן זקן אַ גרויסן וואָלפישן הונט, און ווי יענער האָט דעם אַלטן געצופּט אַזוי לאַנג ביים קאַרק, ביז ער איז צו זיך געקומען און אויפגעשטאַנען פון דער ערד.

אַ צעבלוטיקטער איז גדליה איצט געשטאַנען אין אַ לאַנגן הויף צוזאַמען מיט אַנדערע, אויך אַלטיטשקע מיט גרויע לאַנגע פּאות און בערד. זיי זענען געשטאַנען אין רייען, ווי די זעלנער „אויף אַכטונג" — אַזוי האָבן באַפוילן די לייט. איצט האָט איינער אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

נין, נין!

ס'האָט אים קיינער נישט פאַרשטאַנען. האָט ער מכבד געווען מיט זיין גומענעם שטעקן גדליהן צוזאַמען מיט אַנדערע.

— קניען, שמוציקע ב...!

איצט האָט „די באַנדע" פאַרשטאַנען וואָס מען פאַרלאַנגט. מען האָט זיך געמוזט שטעלן אויף די קני. גומענע שטעקנס האָבן זיך געלאָזט ווילגיין איבער די גרויע קעפּ. ווידער האָט אַן אָפיציר באַפוילן:

— זינגען!... זינגען, פערפלוכטע באַנדע!

יאָ, ס'איז געווען אַ געזאַנג! חסידישע נגונים פון אַלעקסאַנדער און גער, אַדורכגעפלאָכטענע מיט טרייסט און געבעט־רייד:

„גאָט וועט אונדז העלפן... אַ כפרה וועלן גיין פאַר אונדז אונדזערע שונאים".

בלויז איינאונאיינציקער איז געווען אין דער „באַנדע" אַן אַראָפּגעפאַלענער פון מוט. ער האָט נישט געזונגען.

— וואָס זינגסטו נישט, טינוף?

אַן עלאַסטישער גומי־שטעקן האָט אים צוריקגעבראַכט צו די געדאַנקען.

דאָס איז געווען דער הויז־וועכטער וואַלענטי. דאָס בלוט האָט אים געגרונען איבער די אויגן, אים באַזאַלצן די צונג. ווען מען האָט אים געכאַפּט, האָט מען ביי אים נישט געפרעגט, צי ער איז אַ ייד, אָדער נישט. זיין עטוואָס קרומלעכע נאָז האָט אים געמאַכט ענלעך צו אַ סעמיט, נאָך מער פון די ייִנגעלייט, וואָס האָבן דאָ צוזאַמען מיט די זקנים דעם טאָג „געאַרבעט". באַקומענדיק גלייך אויפן אָרט אַרויסגעהאַקטע ציין און אַ פאָרציע גומעס (עס האָט נישט געהאָלפן דאָס צלמען זיך), האָט וואַלענטי זיך שוין מער נישט געווערט.

...טא־טא ־טא־טא, ־טא־טא,
טאַ־טאַ טאַ־טאַ, טאַ־טאַ,
טאַטאַטאַ, טאַטאַטאַ, טאַטאַ — — — —

וואַלענטי האָט, אַ רעזיגנירטער, מיטגעזונגען מיט אַלע, באַמבלענדיק דערביי מיט די הענט, אַזוי ווי עס איז געווען דער באַפעל. ער האָט געגלאָצט ווי אַ צעמישטער. ער האָט זיינע אויגן נישט געטרויט. ערשט איצט האָט ער פאַרשטאַנען מיט וואָס עס שמעקט אַ פאַרלוירענע שלאַכט.

דאָ איז געשטאַנען אַ פריזיר־געזעל אין אַ ווייסן פאַרטוך ביי דער זייט פון אַ חסיד אין שטריימל און פּאות און טאַקע פון מויל פון דעם קרומלעכן חסיד האָט כסדר געטריפט דאָס נאַגנדיקע „טאַטאַטאַטאַ", אַזוי מעכאַניש און איינטאָניק, ווי אַ טריפנדיקע כראָנישע ווונד.

—טאַטאַ, טאַטאַ, טאַטאַ, טאַטאַ...

דאָ אין דעם לאַנגן בלינדן פאַבריק־הויף, וועלכער האָט אויסגעזען ווי אַ תפיסה, האָט וואַלענטי דערפילט דעם גרויל, וואָס איז אויסגעפאַלן אויפן גורל פון זיינע מיטבירגער־יידן. אַפילו אַ רחמנות־געפיל צו דער דאָזיקער מחנה האָט ער דערשפּירט אין זיין ברוסט.

— טאַ טאַ טאַ טאַ...

ס'איז אויך געווען אַזאַ מינוט, ווען אָפּווישנדיק מיט דער האַנט דעם שווייס פון זיינע וואָנצן, האָט ער געוואָלט זיך אַ שטעל טון אויף די פיס און אויסשרייען צו די מונדירטע אויפן קול:

— צו וואָס מאַטערט איר מיך אומזיסט? איך בין אַ געבוירענער ריינער אַריער. ער האָט זיך אָבער גע־

שעמט פאַר זיך אַליין און אויך פאַר גדליהן, וועלכער איז אויף די קני געשטאַנען, אַ פאַרשטיינערטער און צעקאַליעטשעטער.

אָפּיצירן האָבן גרויסמוטיק געשמייכלט, געמאַכט פאָטאָגראַפישע אויפנאַמען.

— טאַ טאַ טאַ — — — —

— שוייג! אָרדנונג! דו, יודע!

דער אַלטער גדליה האָט אין פאַרגעסנהייט ווייטער געזונגען, געטאַקעט, ווי רעגן איבער בלעך. אַ שטויס מיטן פוס האָט אים דערמאָנט אין דער „אָרדנונג".

איצט איז געקומען דער באַפעל צו טאַנצן. די יידן, אַלט און יונג, האָבן געפאָרעמט אַ קאַראַהאָד, אָנגעלענט אַקסל אויף אַקסל, קאָפּ צו קאָפּ. וואַלענטי איז פאַרבליבן אַליין, נישט וויסנדיק וואָס ווייטער. ער האָט זיך אָבער באַלד געכאַפּט, האָט אויף כוח אָפּגעריסן ביי די טאַנצנדיקע אַן אָרעם פון אַן אָרעם און פאַרנומען אַ פלאַץ אינדערמיט.

ערשט אין מיטן טאַנץ, ווען וואַלענטי איז צוזאַמען מיט די יידן געגאַנגען אין קאַראַהאָד, איז דער וועכטער פון פאַבריק־הויף פאַרבייגעגאַנגען און האָט דערקענט אין וואַלענטין אַ מיטגליד פון זיין פאַריין. דער וועכטער האָט פאַרשטאַנען צו זאָגן:: „אַריער, קריסט", און אַזוי אַרום איז וואַלענטי באַפרייט געוואָרן און געקאָנט באַצייטנס זיך אָפּטראָגן אַהיים.

ביים געזעגענען זיך האָט ער געקריגן פון אַ זעלנערישן שטיוול אַלס לעצט־געלט אַ פּאָר פלעצלעך אין זיין אַרישן הינטער־חלק.

—פאַרפלוכטער שוויין!

די אמתע פאַרווײלונג האָט זיך ערשט איצט אָנגעהויבן.

— וואַרפט מיט די הענט אָט אזוי און אַזוי! — האָט אַן אָפּיציר באַפוילן. זיין גאָמבע האָט זיך געקנייטשט פאַר פעטקייט. ער האָט אינגאַנצן געפייערט פון געטרונקענעם ווײן. איבער יונישער פנימער צעלייגט זיך אַ שמייכל: ;

— עס שטינקט מיט יודע, סאַראַ באַנדע!

איצט באַקומט גדליה אַ שווערע שמידישע צוואַנג— צו שערן די בערד. מיט פאַרבלוטיקטע פינגער לייגט צו גדליה די צוואַנג צו אַ גרייז־גרויער באָרד פון אַ צעטומלטן ייד, פון איינעם צום צווייטן. יעדער איינער מוז שפייען גדליהן אין פנים און פאַטשן אין אַ באַק.

—לאַוז! הערונטער די לומפן, באַנדע!

דער באַפעל האָט באַדייט — אַראָפּוואַרפן פון זיך די מלבושים און די שיך און בלייבן שטיין האַלב נאַקעט אונטערן רעגן, וועלכער האָט אָנגעהויבן טריפן. איצט בלייבט די באַנדע שטיין נאַקעט. ציצית פלאַטערן. פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן מאַכן אויפנאַמען, שיכורע פנימער ווערן צעשמאָלצן פון נחת.

— יודע, ווער צעזעצט!

עס האָט גערעגנט. דער רעגן האָט געהאַט די חוצפה צו פאַרנעצן די בלויע מונדירן פון די זיגער צוזאַמען מיט די יידישע פאות און בערד. די ווילגעבוירענע האָבן באַשלאָסן אויסצולאָזן דעם כעס אויפן רעגן צו די יידישע פלייצעס און ווידער האָבן זיך די שטעקנס געלאָזט ווילגיין איבער די גרויע יידישע קעפּ. גדליה האָט געפילט, אַז די כוחות פאַרלאָזן אים אויף שטענדיק. ער איז אַנידערגעפאַלן אין זיין בלוט. זיינע אויגן זענען געהאַנגען איבער מעשענע קנעפּ:

— האָט רחמנות!

אָבער פון די קנעפּ האָט געשטראָמט גזלנישע רציחה.

שוואַכע ביינערדיקע פינגער שטרעקן זיך אויס צו פאַרלאָפענע אויגן פון מונדירטע, אָבער זייערע ווייסלען בליצן ווי זעלנערישע טשוועקעס.

דורשטיקע גומעס פון מונדירטע גאַרן נאָך בלוט, און ווען דאָס בלוט שטראָמט שוין גענוג, דאַן צעלייגט זיך אַ שמייכל איבער וועלפישע יאַסלעס:

—יודע, קרעפּיר!

דער לאַנגער פאַבריק־הויף איז געווען פאַרשלאָסן אויף אַלע שלעסער. אויף דער גאַס האָבן מענטשן נערוועז געטון זייער טאָג־טעגלעכע אַרבעט. ס'האָט נאָך קיינער נישט געוווסט, אַז הינטער די טויערן פון דעם פינצטערן הויף פלאַקערן שייטער־הויפנס פון מיטלאַלטער, מענטשישע ביינער קראַכן אונטער די רעדער פון טאָרטור־מאַשינען — אַז דאָ בושעוועט ווילד־געוואָרענער שגעון איבער צעבראָכענע, שוצלאָזע זקנים.

אַ קינד האָט זיך צעזונגען. אַן אָרעם אָפּגעריסן יידיש קינד האָט אויסגעזונגען אין שכנישן הויף אויף אַ קלאָגנדיק קול: „דאָס שטעטעלע בעלז". עס האָט זיך געדאַכט, אַז די גרויע מויערן אַליין וויינען אַרויס זייער בענקשאַפט נאָך פרידלעכע צייטן, נאָכן לעגענדאַרישן, אויסגעטרוימטן, ווען אַ מענטש וועט זיך צונויפרעדן מיט אַ מענטשן אויף אַ מענטשלעכער שפראַך — — — —

גדליה האָט שוין נישט געלעבט. ער האָט געקראָגן אַ האַרץ־שלאַג. — — — —

— — — — — — — — — —

אויף די ווענט אויף נאַלעווקעס זענען געווען אָנגעקלעפּט אילוסטראַציעס פון „שטירמער". דאָ איז געווען דאָס בילד פון גדליהן, מיט אַ דערקלערונג: „אַ ייד אַ בלוט־זויגער, וועלכער שטודירט אין תלמוד די קונסט פון מישן גיפט, כדי צו פאַרניכטן די גאַנצע נישט־יידישע וועלט". אויך — דאָס בילד פון דעם הויזוועכטער, דעם פּאָליאַק וואַלענטי מיט די וואָנצן; אויפגעקלערט: „דער מאָדערנער ייד האָט אָפּגעשוירן פון זיך זיינע טראַדיציאָנעלע באָרד און פאות, כדי אויסצובאַהאַלטן פאַר דער דייטשער ווערמאַכט זיין ריכטיק וועזן. די געפערלעכסטע און שמוציקסטע בריאה פון דעם מין, וועלכע צינדט אָן אַ פייער פון פאַרדאַרבונג, כדי שמייכלענדיק אונטער די וואָנצן, ווי איר אַליין זעט, ביי אים זיך צו וואַרעמען". אַ דריט בילד האָט פאָרגעשטעלט די אומגליקלעכע גרופּע פון 130 ווישקאָווער יידן. „די דאָזיקע חברה, — האָט געלויטעט די דערקלערונג — איז געכאַפּט געוואָרן ביי דער האַנט ביים סמען דאָס וואַסער פון אונדזערע ברונעמער".

וואַלענטי, דערוויסנדיק זיך פון די יידישע שכנים וועגן זיין ערדישן גילגול, האָט מיט פאַראַכטונג אויסגעשפּיגן אויפן ברוק:

— פשאַ־קרעוו, בידלאָ!

זיין ווייבל מאַלגאָשאַ אָבער האָט אום זונטאָג אַרויפגעצויגן אויף זיך איר פּאָקענעם ראָק, וועלכן זי האָט צוגעלקחנט אין אַ צערואינירט געשעפט בעת דער קאַנאָנאַדע, און איז אַוועק אָנקוקן די מערקווירדיקע פאַרוואַנדלונג פון איר פון גאָט געבענטשטן זיווג.

## ש. שײעחיטש

# לידער

### ס'קינד אין האַרבסט

ס'וויינט דער טאָג אַ האַרבסטיק געוויין,
וואָס מיינט דער טאָג?
— כ'האָב געליבט און געליבט
און אין לאַץ אַ צייכן געטראָגן —
ווייסע און רויטע רויזן,
איצט האָט מיין געליבטע מיך פאַרלאָזן —
וויינט דער טאָג אַ האַרבסטיק געוויין.

ס'קרעכצט די נאַכט האַרבסטיקע קרעכצן.
וואָס קרעכצט די נאַכט?
— כ'האָב אין בלויען טייך
זילבערנע פיש געפאַנגען —
אַ מתנה פאַר מיין געליבטן,
איצט זענען זיי אַלע שוין אויסגעגאַנגען —
קרעכצט די נאַכט האַרבסטיקע קרעכצן.

די בלום לאָזט דאָס קעפל אַראָפּ.
וואָס וויל די בלום?
— כ'האָב געבליט און געבליט
און פאַר יעדן געווען אַ בעכער וויין,
איצט וועלק איך אַליין —
לאָזט די בלום דאָס קעפל אַראָפּ.

ס'פייפט דער ווינט אַ צאָרן־ליד אויס
וואָס פייפט דער ווינט?
— כ'האָב בלאָנדע חלומות געטרוימט
פון גרינס, פון שטערן און פון וואַלד,
איצט האָט דער הונגעריקער
אַ שווערד באַהאַלטן אין מיין פעלד —
פייפט דער ווינט אַ צאָרן־ליד אויס.

אומעטיק איז דער וואַנדערער.
וואָס טרויערט ער?
— כ'האָב געוואַנדערט און געוואַנדערט,
אין מיין באָרד האָט געשפּילט זיך דער ווינט,
אַצינד ביי דער טיר פון מיין היים
בילן אויף מיר די בייזע הינט —
איז טרויעריק דער וואַנדערער.

דער טענצער טאַנצט אַ צווייפל־טאַנץ אויס.
וואָס צווייפלט דער טענצער?
— כ'האָב געדרייט זיך און געדרייט זיך:
איינס, צוויי, דריי, איינס, צוויי, דריי—
ס'איז שוין אַלץ פאַרביי,—
ס'איז שוין אַלץ פאַרביי —
טאַנצט דער טענצער זיין צווייפל־טאַנץ אויס.

נאָר ס'זעט דאָס קינד: אין האַרץ פון האַרבסט
בליט אַ ווייסער פרילינג־קוסט
שפּילט זיך דאָס קינד: איינס, צוויי, דריי—
גאָרנישט איז פאַרביי, גאָרנישט איז פאַרביי,
און ס'לאַכט אין דער נאָסער שויב.
— אין האַרבסט צייטיקט זיך די טרויב,
און ס'לאַכט דאָס קינד אין דער פאַרווינטער שויב.

### ס'ליד פון דער מאַמען, וואָס האָט פאַרלוירן איר קינד אין דער מלחמה

וואַנדערט די מאַמע
פון שטאָט צו שטאָט,
און ס'בעט איר בלוט
אַ תפילה צו גאָט:

—דערלייכט מיין פינצטערן וועג
מיט דיין לויטערן שיין —
אַנטפּלעק מיר דעם סוד
פון מיין קינדס געביין...

—כ'וויים נישט, און כ'קען נישט
אַזאַ נאָמען;
אפשר ווייסט די נאכט,
ווען דיין זון וועט קומען.

בלאָנקעט די מאַמע
פאַרן טויער פון נאַכט,
די הענט אין פלאַטער געשטרעקט,
ווי די אַרבעטס־הענט אין קוילן־שאַכט:

— גיב מיר אָפּ מיין קינדס
מונטערן בליק,
זיין זילבערנעם לאַך —
מיין גאָלדן גליק!

— באַהאַלטן האָט זיך אַנומלט
דיין זון אין מיין שויס
און אַקעגן באַגינען
איז ער צום שלאַכט אַרויס.

גייט די מאַמע, גייט און גייט
ביז זי קומט צום שלאַכט־פעלד צו
און ס'ברענט איר לייב אין בלוטיקן וויי:
— ווו איז מיין קינד, מיין איינציקס, אַווו?—

ענטפערט דער האַרמאַט —
— ס'האָט רב און גלח,
מיט גאָטס וואָרט
אויף צעכאָליעטע הענט,
און דער מאַן
אין שווארצן באַגילדערטן פראַק
מענטש קעגן מענטש
אַוועקגעשטעלט
און באַפוילן זיי אין דער נאַכט:
„שיסט, הרגעט און שענדט”.

בעט זיך די מאַמע
ביים ווייע פון ווינט,
ביים בלויעכץ פון פעלד
און ביים ביל פון הינט:

— ווייזט מיר אָן מיין קינדס
לעצטן פאַרחלשטן טריט,
זיין גאָלדערנע טרער
און יונג זידיק בלוט.

גייט די מאַמע, גייט און גייט,
און ס׳יאָמערט דער ווינט
אויף סטרונעס פון איר האַרץ,
און אין לייב — בילט דער הונט.

נאָר ווען זי דערזעעט ס׳בערגל
באַוואַקסן מיט גראָז — בלייבט זי שטיין
מיט פויסטן געביילטע צום הימל
און מיט פאַרשטשירעטע ציין:

— דאָס ביסטו דער גאָט
אל רחום וחנון,
וואָס קענסט נישט פאַרגינען
ס׳גליק פון דער אַלטער מאַמען? —

און ס׳נעמט די מאַמע
אַ גאָלדן זעמדל פון זונס טריט,
אַ פערל פון זיין טרער
און אַ קרעל פון בלוט

און בינדט איין אין פאַלד פון ברוסט
דעם צייכן פון איר איינציק קינד:
— אַצינד וועט מיין גאָט זיין
די ערד, די שטערן און דער ווינט!...

////////////////////////////////////

## יהודה פעלד

# פופצן מינוט נאָך פינף

(אַ פראַגמענט פון אַ גרעסערער דערציילונג א״נ „אין די צייטן פון המן דעם צווייטן“)

דער דרייצנטער מלחמה־טאָג. ערב ראש־השנה. דער טאָג האָט זיך געשטעלט אַ רואיקער. ס׳האָט אויסגעזען ווי צו זיין אַ שטילער און אָן שום שטורם, ווי דאָס איז געווען מיט צוויי־דריי טעג פריער. בלויז די מענטשן פון שטאָט זיינען כסדר געלאָפן, ווי געיאָגט פונם אייגענעם אומרו און פון דעם הימל, וואָס האָט געשראָקן די וועלט מיט אַן אומבאַוווסטער אימה...

און מען האָט טאַקע געקענט אַ טעות האָבן. ווי תמיד אין האַרבסט, האָט די זון עטוואָס קאַלטלעך באַלויכטן די וועלט, דער הימל האָט בלאָלעך געשמייכלט צו דעם אַרום, אַזוי ווי נאָר אים וואָלט געווען באַקאַנט דער סוד פון דעם, וואָס האָט געזאָלט קומען...

עס איז נישט געווען צו זען קיין שום וואָלקן אויפן הימל. און דאָך האָבן אַלעמענס אויגן געבליקט אַרויף, גענישטערט, געזוכט די צעשטערער — באָמבן־וואַרפער, און געפילט נאָר דעם בייזן וואָלקן, וואָס האָט זיך פאַנאַנדערגעשפרייט איבער דער שטאָט און פאַרשטעלט זיי די הימלישע בלאָקייט פון האָריזאָנט...

עס איז נישט געווען צו זען קיין שום רויך אויפגיין איבער דער שטאָט, אָבער דאָך איז דאָס ליכט פון דער זון פול געווען מיט פאַרסמאַליעטקייט און אָפּגעברענטס, וואָס האָט געריצט די נאָז־לעכער און געטרערט די אויגן... יעדער איינער איז פול געווען מיט וואָלקן, מיט שוואַרצער מרה־שחורה, און מיט פחדפולער, פינצטערער שרפה אין זיך...

דאָקטאָר גבריאל עטקין, וואָס האָט אָנגעפירט מיטן אַמבולאַנס פון דער יידישער אָפּטיילונג פון רויטן־קרייץ אויף גענשע גאַס, האָט ביז מיטאָג־צייט געהאַט ווינציק וואָס צו טון. געקומען זענען דעם היינטיקן טאָג בלויז די פריערדיקע פאַרוווּנדעטע, בלויז כדי איבערצובינדן די ווונדן, צו מאַכן די נויטיקע פאַטראַנאַזשן און איינשפריצונגען. אָבער דאָס האָט שוין געקענט מאַכן די קראַנקן־שוועסטער אַליין. און אויף זיין געהילפין, אויף סאַרען, האָט זיך דער דאָקטאָר גבריאל געקענט פולשטענדיק פאַרלאָזן.

אָפּטמאָל ווען ער איז אומעטיק געוואָרן, אָדער דער אינערלעכער אימפּעט האָט אים געטריבן אויסצולאָדן זיינע איבעריקע כוחות, האָט ער אַליין געוואָלט צוגיין און אַליין אויך העלפן מאַכן אימפונגען און באַנדאַזשן. קיינמאָל אָבער האָט ער דאָס נישט געטון, ווייל ער האָט סאַרען גוט געקענט און געוווּסט, אַז זי וואָלט זיך דערמיט איבערגענומען. זי וואָלט זיכער געקלערט, אַז ער האָט ביי איר באַמערקט עפּעס אַ פעלערהאַפטן פאַטראָנאַזש, און אַז טאַקע צוליב דעם געטרויט ער איר נישט די אַרבעט און וויל עס דעריבער אַליין אָפּטון...

ער האָט זיך דעריבער איינגעהאַלטן, אַרומגעשפּאַצירט מיט זיינע נערוועז־לאַנגע טריט איבערן זאַל, און מיט שטאַר־פאַרטראַכטע אויגן געקוקט אויף די אַרומיקע און קיינעם נישט געזען.

עס איז נאָך אַפילו נישט געווען די צייט פון זיין מיטאָג־עסן, אָבער לענגער אַרומגיין ליידיק האָט ער שוין מער נישט געקענט. ער האָט ווי פאַרשעמט אַ שמייכל געגעבן צו סאַרען.

— כ׳גיי מיטאָג עסן — אַ כאַפּ־געגעבן דעם הוט, און גיך ארויס אויף דער גאַס.

פון ערגעץ, פון ווייטע גאַסן, האָט זיך אַהערגעטראָגן אַן אָפּקלאַנג פון טעמפּע קלעפּ. דעם דאָקטאָרס געניט אויער האָט לייכט דערקענט דאָס שיסן פון לייכט־אַרטילעריע. דאָ אָבער, אין דער געגנט, האָט געהערשט אַזאַ אומרואיקע שטילקייט, אַז נישט געקוקט אויף דעם הילכיקן אָפּקלאַפּן זיך פון די אייזערנע רעדער מיט די פולע פורן אויף די נאָענטע גאַסן, זענען צום געהערדערגאַנגען די באַקאַנטע דונערן פון די צעשטערער־באָמבעס אויף די הייזער, כאָטש זיי זענען אין דער אמתן דערוויל אין ערגעץ נישט געפאַלן... די מענטשלעכע אויערן זענען שוין געווען אַזוי צוגעוווינט צו די דאָזיקע דונערן, אַז קיין אַנדערע אָפּקלאַנגען האָבן זיי שוין נישט געקענט אויפנעמען...

אָנגעהויבן האָט זיך עס דעמאָלט, ווען דער דאָקטאָר האָט געהאַלטן ביים סוף פון זיין מיטאָג. אַן אומרואיקער, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט דעם אַמבולאַנס אָן אַ דאָק־

טאָרישער השגחה, איז ער אויפגעשפרונגען פון אָרט, געוואָלט ווידער כאַפּן דעם הוט און צוריקלויפן צו דער אַרבעט.

דאָס איז שוין אָבער איצט געוואָרן אינגאַנצן אוממעגלעך. דער באַקאַנטער גערויש פון די באָמבן־אַעראָפּלאַנען האָט זיך געלייגט איבער די דעכער און אין אַלע שטובן אַזוי הילכיק און שטאַרק, אַז אַלץ האָט געשטראָמט מיטאַמאָל. עס איז איצט געשען אַלץ מיט אַנאַנדער: א יללה פון קליינע קינדער, וואָס האָבן זיך צעשראָקענע געטוליעט צו די מאַמעס און די טאַטעס, אַן אָפּרופן און אַ געשריי פון די עלטערן צו זייערע קינדער, און אַ שטילשוויגן פון דערוואַקסענע, איבערגעשראָקענע, וואָס האָט אַ סך מער געווירקט אויפן דאָקטאָר, ווי דער גערויש פון די אַעראָפּלאַנען און דער געטומל פון די מענטשן...

דאָס בלוט האָט געזאָטן. דאָס האַרץ האָט זיך געהויבן אַרויף צו דער ברוסט, ווי עס וואָלט געוואָלט צוזאַמען מיטן אָטעם אַרויסקריכן דורכן האַלדז...

דאָקטאָר גבריאל האָט געקוקט אויף זיין שכן, וואָס איז מיט אים געשטאַנען לעבן דער וואַנט אין קעלער פאַרבאָרגן פון די אַרומיקע, און נישט געקענט די אויגן אַראָפּנעמען פון אים. דער שכן האָט זיך געגלעט מיט ביידע הענט די בריסטן, פּונקט ווי ער וואָלט דערמיט געוואָלט דאָס האַרץ צוריק אַראָפּשטויסן אויפן שטענדיקן אָרט...

דער שמייכל פון ביטול, וואָס האָט ער האָט תמיד געפילט צו אַזעלכע פּחדנים, האָט זיך דאָס מאָל נישט באַוויזן אויף זיינע ליפּן. ער אַליין האָט איצט געפילט דעם מוראדיקן גערויש קרייצן זיך אין זיין מוח, און וואָלט מסתמא אַלץ געטון, כדי אים פון דאָרט אַרויסצוטרייבן. עס איז געווען אַזוי ווי אין אַ חלום... עס האָט דאָך גאָר קיין ענלעכקייט נישט געהאַט צו קיין שום ביז איצט געשעענעם פאַל... אים האָט זיך אויסגעוויזן אַזוי ווי עס וואָלט אים ווער מיט האַמערס געקלאַפּט איבערן שאַרבן, — אַזוי ווי די רעדער און די פליגלען פון די אַעראָפּלאַנען וואָלטן איבער זיין אייגענעם קאָפּ געפאָרן, און אים, מיט דעם שרעקלעכסטן ווינט איבערן פּנים געשמיסן. דאָס ערגסטע פון דעם אַלעם איז געווען, וואָס ער האָט דאָ געפילט מער ווייטאָג אין קאָפּ, ווי ביי אַ גייסטיק־שווערן קלאַפּ, ווי אין האַרץ, בשעת אַ פיזישן שמערץ. דעם גרעסטן ווייטאָג אָבער האָט ער געפילט דעמאָלט, ווען ער האָט געהערט דאָס פאַלן פון באָמבעס. עפּעס ענלעכעס האָט ער אין לעבן נישט געפילט. אַ שנייד איבער דער לופט פון אַ טויזנט־קילאָדיקער משא, אַ האַסטיקער און ראַפּטעמדיקער הויב אויף פונעם אַעראָפּלאַן, וואָס האָט פאַרלוירן אַזאַ שווערקייט, און כמעט אין דער זעלבער רגע, דער אויפרייס פון אַ נאָענטן הויז, וואָס האָט אויפגעקראַכט מיט מיליאָנען דונערן, מיט אַן אָפּקלאַפּן זיך פון ציגל און שטיינער איבער דעם אייגענעם קאָפּ...

אין יעדער רגע האָט דער דאָקטאָר גבריאל געטראַכט אייבס און דאָס זעלבע: „זאָל עס געדויערן נאָך אַ מינוט, און צוזאַמען מיטן הויז וועט ער אַליין אויך אויפקראַכן און צעשפּרונגען אין דער לופטן.“

מער ווי אַ שעה צייט האָט דאָס גהינום אַזוי געדויערט. און דעמלט, ווען עס איז עטוואָס רואיקער געוואָרן, די באָמבעס האָבן נאָר אויפגעהערט צו קראַכן, אָבער מען האָט נאָך געהערט דאָס גערויש פון די אַעראָפּלאַנען, זענען אַלע אַרויס פון קעלער.

דאָקטאָר גבריאל איז געלאָפן ווי געטריבן דורך עמעצן. די גאַסן זענען איצט פול געווען מיט מענטשן. ער איז אָבער אַזוי צעטומלט געוואָרן פון דעם, וואָס ער האָט דאָ דערזען, אַז ער האָט צומאָל נישט פאַרטראַכט פון וואַנען האָבן זיך מיטאַמאָל אַזוי פיל מענטשן גענומען מיט דעם אַלעם אויף די גאַסן...

און עס האָט טאַקע אויסגעזען, ווי דער שטראָם מענטשן וואָלט שוין אַזוי געגאַנגען שעהן לאַנג. יעדער איינער איז געווען באַהאָנגען מיט פאַרשידענע פּעק, מיט פּעקלעך, מיט קליינע קינדער און מיט כלערליי חפצים.

אָט איז געגאַנגען אַ יונגערמאַן מיט אַ קינד פון דריי יאָר אָנגעהאָנגען אויף דער פּלייצע, און איז גלייכצייטיק באַהאָנגען געווען מיט אַ פּעקל בעטגעוואַנט, פאַרפּאַקט אין אַ ליילעך, און פאַרוואָרפן אויפן לינקן אַקסל, און פון יעדער האַנט, אַפילו אויפן אָרעם, ווו דאָס בעטגעוואַנט האָט געהאָנגען, זענען אָנגעוואָרפן געווען מלבושים...

אַן אַלטיטשקע האָט געטראָגן אַ צעריסענעם פּאַראַסאָל אין דער רעכטער האַנט און זיך אויף אים אָנגעשפּאַרט יעדער ווילע, געהאַט פאַרוואָרפן אַרום דעם געוויקלטן פאַרמעטענעם האַלדז עטלעכע ווייסע העמדער, און אין דער לינקער האַנט האָט זי געטראָגן אַ ריזיקן גאָנשאָר מיט איינגעמאַכטס. דערביי האָט זי זיך יעדעס מאָל אָפּגעשטעלט, אַ הויכן זיפץ געטון, און דערנאָך שוין הויך געזונגען איר פּזמון מיטן ניגון פון דער תחינה:

— אוי איז מיר, ווינד איז מיר! אוי איז מיר, ווינד איז מיר...

אַ קליינע, דיקלעכע יידענע, האָט געשלעפּט אין איין האַנט אַ קינד, פון אַ יאָר צוויי. נאָך זיי זענען נאָכגעלאָפן נאָך צוויי קינדערלעך פון אַ יאָר פינף און זיבן. אין דער צווייטער האַנט האָט זי געהאַלטן אַן ערדענעם טאָפּ מיט עפּעס אַ פליסיקייט אין דעם, און אומעטום, אַרום דעם גראָב־געוויקלטן האַלדז, פון הינטן אויף דער פּלייצע, ביים קאַרק אַפילו אויפן קאָפּ, זענען אָנגעהאָנגען געווען פאַרשידענע פּעקלעך, קריגלעך און פלעשער...

עס איז זיך גאָרנישט געווען פאָרצושטעלן ווי אַזוי זי האָט דאָס אַלץ באַוויזן אָנצוהענגען. צי זענען די אַלע טעפּלעך און פלעשער געווען צוגעבונדן מיט אַ שטריק צו אירע קליידער, אָדער זיי זענען צוגעהעקלט געווען מיט עפּעס אַן אומזעבאַרער זאַך...

אַלע פיר האָבן געשריבן. אַ צוויי יעריק פּיצלס האָט געוואַלדעוועט: טאַטעשי, טאַטעשי. די מאַמע האָט מיט אַ גראָב און הייזעריק קול איינגעשטילט דאָס קינד מיט אַזאַ ניגון, אַז אָנשטאָט צו ווירקן באַרואיקנדיק, האָט זי נאָך געמאַכט וויינען די איבעריקע צוויי קינדער פון הינטן...

אַ הויכע פרוי, אין געלאַטעטע קליידער, איז גיך געלאָפן, ווי געיאָגט דורך עמעצן. אין איין האַנט האָט זי געהאַלטן אַ גרויסע שיסל, נאָר אַ שטאַרק אָפּגעקלאַפּטע פון דער פריערדיקער ווייסקייט, און אין דער צווייטער האַנט אַ ריזיקע שוואַרצע שמאַטע צו פאָדלאָגעס וואַשן. צי האָט זי געראַטעוועט אירע כלים צו דער אַרבעט, אָדער בלויז נאָר דאָס איז איר פאַרבליבן פונעם גאַנצן פאַרמעגן?...

דער שטראָם מענטשן, מיט די פּעק, קינדער און אַלטוואַרג, וואָס האָט פאַרפלייצט די טראָטואַרן און דעם מיטן־וועג פון דער ברייטער סמאָטשע־גאַס, האָט אָבער נישט געקענט איינהאַלטן דעם דאָקטאָרס טריט.

ער האָט געקוקט אויף דעם אַלעם אײנגאַנצן אַ צעחושטער, מיט מאָדנע משונהדיקע געדאַנקען, וואָס האָבן קיין שום קלאָרס אין זיך נישט געהאַט...

אײדער ער איז צוגעקומען צום אַמבולאַנס האָט ער נאָך געמוזט דורכמאַכן פאַרשידענע אומוועגן. בײם עק סמאָטשע און גענשע האָט אַ הויז געברענט. אַנטקעגנאיבער האָבן די מיליטערישע מאַגאַזינען געפלאַמט. זעלנער האָבן אַרומגעצוימט די עקן גאַסן, אַלעמען פון דאָרט אַרויסגעלאָזט, אָבער צוריק שוין קײנעם נישט אַרײנגעלאָזט אין דער גאַס אַרײן.

דער דאָקטאָר האָט דאָס הויז, וווּ דער אַמבולאַנס האָט זיך געפונען, שוין כמעט נישט דערקענט. אַ געביידע אויף לינקס, דערנעבן, איז שוין געווען אַ חורבה און געפלאַקערט מיט אַ הילכיק פײער. זעקס טיפע גרייבער, בײ די סאַמע מויערן, האָבן די צעשטער־באָמבעס אויסגעגראָבן אין געציילטע רגעס. צוויי זײנען געווען האַרט לעבן הויז פון אַמבולאַנס.

אַ שטיק פון אַ ברען־באָמבע איז געלעגן אויפן אַספאַלט בײם אַרײנגאַנג אין טויער און דאָרט זיך אַרײנגעגראָבן מיט היץ און פײער אינעם צעגליטן סמאָליעדיקן אַספאַלט. די שויבן, טירן, פענצטער און אַסך גלאָזוואַרג, וואָס דער שטורם האָט אָנגעיאָגט פון די אַרומיקע הײזער, האָבן זיך געוואַלגערט אויף דער ערד, אין געריטנדל. אָבער דאָקטאָר גבריאַל האָט גאָרנישט געפילט ווו ער געפינט זיך און אויף וואָס ער גייט.

אַלץ איז דאָ געשטאַנען אָפן. די טירן און פענצטער. די לעכער אין די ווענט, אין די סופיטן, אין פּאָדלאָגעס, און אַפילו צעעפנטע שענק, די איבערגעקערטע טישן, שאַפעס און שטולן — אַלץ האָט געטריבן פון זיך, געוואָרפן מיט אימה און דערציילט וועגן דעם חורבן, וואָס איז דאָ געשעען...

אויף די ווענט איז גאָרנישט געהאָנגען. די פּאָרטרעטן, שענקלעך און אַנדערע חפצים האָבן זיך ווילד אָפּגעריסן פון זייערע האַקעס אַראָפּ און אָדער זיי האָבן זיך געוואַלגערט צעשמעטערטע אויף דער ערד, אָדער זיי זענען געהאָנגען אויף אײנציקע האַקעס, צעקלאַפּטע, צעשפּליטערטע, ווי די געשאָכטענע אָקסן אין שעכטהויז...

בלויז דער עלעקטרישער זייגער, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט צוליב דעם איבערגעריסענעם שטראָם, האָט מיט זיינע צוויי ווייזערס געוואָרנט דעם דאָקטאָר, אַז ער טאָר אַזוי נישט בלייבן פאַרטראַכט, און פרעגט אים מיט אַ כעס ווו עס זענען אַהינגעקומען די מענטשן פון דאַנען...

דער זייגער האָט געוויזן פופצן מינוט נאָך פינף.

דאָקטאָר גבריאל איז אַרויס פון זאַל, שיעור זיך נישט צעקלאַפּט און צעבלוטיקט בײם פאַלן אויפן גלאָז, און אָן שום אָפּהאַלט געלאָפן צו דער סטאַווקע צו.

אַליין אַ שטענדיקער תושב פון דער געגנט, האָט ער געהאַט זיין גאַנצע משפחה וווינען אויף דער סטאַווקע. צוויי שוועסטערן מיט זייערע מענער און קינדער און דריי ברידער מיט זייערע ווייבער און גאַנצן געזינדל. כמעט אַלע האָבן געוווינט אין איין און דעם זעלבן הויף.

אַלץ אין אַרום האָט געפלאַמט. אַמאָל, בשעת ער איז נאָך געווען אַ ייִנגל פון אַ יאָר צוועלף־דרייצן, און האָט נאָך געלערנט אין דער ישיבה, האָט ער זיך אויסגעמאָלט אַ גיהנום. ביי קיין פאַל אָבער האָט ער אים איצט נישט געקענט פאַרגלייכן צו דעם, וואָס ער האָט דאָ געזען... די לובעצקע גאַס, די ניסקע, פון ביידע זייטן און די סטאַווקע — און אַלץ אַרום האָט זיך אים אויסגעוויזן, שטייט אין פײער און אין רויך.

שוואַרצע וואָלקנס רויך מיט שטיקער פײער, האָבן זיך אויפגעהויבן מיט אַ כעס צום הימל און דאָרט מיט צאָרן געוואָלט שלאָגן דעם בייזן גאָט, וואָס האָט אַזוי שרעקלעך געפּרוווט מיט צרות די אָרעמסטע פון די אָרעמע, דערצו נאָך אָנגערייצט דעם הײנטיקן טאָג אַ ליכטיקע זון, וואָס שפּאַט מיט דער בלאָקייט פונעם לויטערן הימל, מיט דער שפע פון די אומצאָליקע קאָלירן איבער דעם גורל פון דער נעבעכדיקער וועלט און אירע מענטשלעכע ברואים...

איבער שטיינער און ציגל, שטיקער דעכער און באַלקנס, געהילץ, טעפּ, תפצים, קאַסטנס און נאָך לעבעדיקע מענטשן, וואָס האָבן זיך אַרײנגעגראַבלט אין דעם אַלעמען מיט אַ מאָדנער גיריקייט, האָט זיך דער דאָקטאָר געטראָגן גיך און געשווינד.

און מיטאַמאָל האָט ער זיך האַסטיק אָפּגעשטעלט. ער האָט דערזען אַ מאָדנעם פאַרשוין, מיט אַ ווילד פאַרסמאַליעט פּנים, מיט אַרויסגעגלאָצטע אויגן, ווי ביי אַ צעיושעטן אָקס. דער דאָזיקער פאַרשוין איז געפלויגן אין דער פינצטער ווי אַ רוח. ער האָט געטרעטן איבער אַלעמען, כאָטש קיינער האָט אים נישט געיאָגט. קיינער האָט אים נישט געשטערט און צומאָל אויף אים קיין אַכט נישט געלייגט. דער פאַרשוין אָבער איז געשפּרונגען איבער אַלע שטערונגען מיט אַזאַ האַסטיקייט און גיכקייט, און געשלעפּט אויף זיך אַ קעפּל פון אַ ניימאַשין אויפן אַקסל, און אַ ריזיק קעסטל אין האַנט.

און אַ מאָדנע זאַך. באַלד נאָך אים און אַרום אים האָט דער דאָקטאָר דערזען נאָך אַזעלכע ברואים. ער האָט געקוקט אויף די דאָזיקע פאַרשוינען אַ נשתוממדיקער, אַז ער איז אַזש דערפון געשטאַנען אַ צעטומלטער אַ לאַנגע צייט. צום סוף, ווען ער האָט פון דעם אַלעמען נישט געקאָנט אַרויסשיילן קיין שום קלאָרקייט, האָט ער אַ שפּיי געטון אויף דער ערד און לויפנדיק געמורמלט צו זיך:

— קראָען, ווילדע היענעס און שאַקאַלן האָבן שוין דערשפּירט זייער רויב!...

ענדלעך איז ער צוגעקומען צום אָנגעצייכנטן הויז. דאָ אָבער איז שוין נישט געווען וואָס צו מאַכן. אַלץ אין אַרום איז געווען איין שטיק פײער מיט רויך. און כאָטש די פלאַמען האָבן כמעט יעדן איינעם דאָ אַרומגענומען, געלעקט זיי מיט פייערדיקע צינגער, און עס איז געווען אַ ריזיקע געפאַר, אַז די געביידע זאָל אינגאַנצן איינפאַלן האָט דאָ געווירבלט און געזשומעט ווי אין אַ בינשטאָק...

מענטשן מיט חפצים, מיט פּעק, שטולן, טישן, סתם העלצער און מכשירים, האָבן געשלעפּט פון אַלע זייטן. פון די שטאָקן און די קעלערס אַרויס. אַלץ, וואָס זיי האָבן נאָך באַוויזן אַרויסצוראַטעווען.

אַ סך פון זיי — דאָס האָט דער דאָקטאָר דייטלעך דערקענט — זענען נישט געווען די אייגנטימער פון די אַרויסגעראַטעוועטע זאַכן. מיט אַלע כוחות האָט ער זיך איינגעהאַלטן ער זאָל נישט צופאַלן צו אַזאַ איינעם מיט אַ דראָנג, אָדער מיט אַ שטיק האָלץ אין די פויסטן, און אים שפּאַלטן מיט אַ ווילד געשריי:

— שאַקאַל! היענע! — טראָג זיך אָפּ מיט דיין רויב! די מענטשן לעבן דאָך נאָך! אַ סך מאָל שפּעטער האָט זיך דער דאָקטאָר גבריאל געוווּנדערט און זיך נישט געקענט דערמאָנען ווי אַזוי און ווען ער איז פון דאָרט אַוועק. אַ הויז האָט מיטאַמאָל ערגעץ אַ קראַך געגעבן,

— איינגעפאַלן מסתמא צוליב דעם בראַנד, — און ווילדע משוגענע קולות האָבן זיך דערהערט פון גאָר נאָענט.

אין געשריי האָט זיך אים אַמטיפסטן איינגעקריצט אין מוח. ער איז זיכער געווען, אַז דאָס האָט אַזוי אויסגעשריגן זיין עלטסטער ברודער.

ערשט אויפֿדער קאַרמעליצקע גאַס האָט ער זיך דערזען שטיין מיט אַ גאַנצער מחנה מענטשן פאַרחושכטע, אָפגעריסענע, פאַרבלאָטיקטע און פאַרשמירטע מיטן ווייסן קאַלך פון די ווענט און מיט דעם שוואַרצן רויך פון דער אַרומיקער לופט. ער האָט דער פילט אַ משא אין דער האַנט, און זיך אַרומגעקוקט ווי אַזוי ער מיט נאָך אַנדערע דריי מענטשן טראָגן אין די הענט אַ טראָגבעטל מיט אַ פאַרוואונדעטן אין וואַנגעלישן שפיטאָל אַריין.

אין מוח האָט פלוצים אויפגעוואַכט אַ געדאַנק, וואָס האָט אים נישט אָפגעלאָזט ביז וואַנען ער האָט אַוועקגעלייגט דעם קראַנקן אין קאַנצעלאַריע־צימער פון שפיטאָל. ער האָט אָפגעשטופט אין אַ זייט אַלע איבעריקע פאַרשוינען, וואָס האָבן אונטער אים אויך געטראָגן אַנדערע קראַנקע, פאַרוואונדעטע, אין שפיטאָל אַריין, און איז אומגעדולדיק צוגעלאָפן צו דער קראַנקן־שוועסטער ביים דיזשורנע־טישל:

— אַנטשולדיקט — האָט ער הייזעריק קוים אַרויסגערעדט און אַליין זיין קול נישט דערקענט — צי האָט מען דאָ נישט אַהערגעברענגט אַ פאַרוואונדעטן עטקין פון דער סטאַווקע גאַס?

די קראַנקן־שוועסטער האָט אויף אים קיין בליק נישט געגעבן, נאָר אַ בלעטער געטון אין דעם גרויסן בוך אויפן טיש, און מיט דעם צעשויבערטן קאָפ האָר אָן דעם ווייסן קאָפ־טיכל, וואָס איז געלעגן אויפן טיש, אַ שאָקל געגעבן מיטן פנים און דורך די ציין ביז אויסגעצישעט:

— יאָ, געברענגט מיט צוויי שעה צוריק!...

— ווו איז ער? — האָט דער דאָקטאָר אויסגעשריגן

— איך בין אַ דאָקטאָר, לאָזט מיך צו, איך וועל צוהעלפן אָפערירן!...

אין דער זעלבער רגע האָט דער דאָקטאָר גבריאל דערפילט אַ מאָדנע צאַפלעניש אין גאַנצן קערפער, אַזש אַ היץ האָט אים געשלאָגן דערפון אין פנים אַריין.

די קראַנקן־שוועסטער האָט אַ כאַפ־געגעבן דאָס ווייסע קאָפ־טיכל און גיך אַרויפגעוואָרפן אויפן קאָפ אַרויף, אַזוי ווי זי וואָלט זיך דערשראָקן פאַרן נאָמען דאָקטאָר, און זיך פאַר אים באַוויזן אָן דעם רעגולאַמינטוך אויפן קאָפ...

אַ פאָר שלעכטע גרינע אויגן, האָבן אַ בליק געגעבן אויפן דאָקטאָר. דאָס האַרץ האָט האַסטיק אָנגעהויבן צו קלאַפן און זיך מיטאַמאָל איינגאַנצן אָפגעשטעלט.

— צוויי זענען זיי געווען — האָבן אירע ציין אַרויסגעקריצט און אויסגעשפיגן די ווערטער פון מויל אַרויס — צוויי, אַ פרוי מיט אַ מאַן! אָ, שוין מער ווי אַ שעה צייט זינט זיי געפונען זיך אין מתים־שטיבל...

דער אָפענער און בייזער שפאָט אין אירע אויגן האָט אים דאָס האַרץ ווייטער געמאַכט קלאַפן. ער איז מיט אַזאַ כוח אַרויסגעיאָגט געוואָרן דורך איר בליק, אַז אין אַ מינוט אַרום איז ער שוין ווייט אויף דער גאַס אַוועק...

עטלעכע מאָל האָט ער זיך געוואָלט אומקערן צוריק, אַריינגנבענען זיך אין שפיטאָל, און מיט אַ פאָר גראָשן אָפבעטן דעם דינער ער זאָל אים ווייזן די טויטע, דעם שוואָגער מיט דער שוועסטער.

צוריקגיין האָט ער אָבער שוין נישט געקענט, פון איין זייט האָט ער געהאַט פאַר זיך די בייזע אויגן פון דער קראַנקן־שוועסטער און איר שפאָט האָט אים געשטאָכן ווי מיט שפילקעס, און פון אַנדערער זייט האָט אים עמעצער מיטאַמאָל צוגעצויגן צו אַ טראָג־בעטל און דורכאויס פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל דעם קראַנקן אין דער פינצטער, אויף דער שמוציקער גאַס, מאַכן אַן איינשפריצונג, ווייל אַנדערש האָט ער געזאָלט אויסגיין פון שטאַרקן בלוט־אָפפלוס.

מיט געוואַלט האָט ער קוים אָפגעהאַלטן די מענטשן דערפון. ער האָט אַליין געהאָלפן טראָגן דאָס בעטל מיטן פאַרוואונדעטן צום שפיטאָל אויף עלעקטאָראַלנע גאַס, און גלייך האָט ער פאַרגעסן ווו ער געפינט זיך און ווער ער איז.

מיטאַמאָל, שוין מסתמא זייער שפעט אין דער נאַכט, האָט אים אַ פרוי אָנגעכאַפט ביים אַרבל און גענומען צו אים האַסטיק רעדן:

— הער דאָקטאָר! וואָס טוט איר דאָ? אייער שוואָגער איז דאָך שוין אַהיימגעגאַנגען מיטן ווייב! זיי האָבן בלויז די הענט עטוואָס אָפגעסמאַליעט. נאָך גוט, וואָס דאָס פנים האָט דאָס פייער נישט אָנגערירט.

און איידער די פרוי האָט באַוויזן זיך אַרומצוזען, האָט איר דער דאָקטאָר אָנגעכאַפט מיט ביידע הענט ביי די אָרעמס, אַזוי ווי ער וואָלט זי געוואָלט אומאַרמען, און זי פשוט באַשיט מיט אַ מבול ווערטער...

עטלעכע מאָל האָט ער איבערגעחזרט זיין פראַגע, צי זי אַליין האָט זיי געזען אַ היים גיין געזונטע, ווען דאָס איז געווען און פון וואַנען זי קען אים. ערשט דערנאָך ווען ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער קען זי, האָט ער זיך באַרואיקט און ווידער איר געוואָלט פאַרוואַרפן מיט זיינע פראַגן, אָבער איצט האָט מען אים אויפסנייאַוועקגעשלעפט פון אָרט און די פרוי איז פלוצעם פאַרשוונדן געוואָרן.

ווען ער איז ענדלעך צוריק פריי געוואָרן און געקומען צו זיך נאָך זיין נאַכטיקן אַרומוואַנדלען איבער די גאַסן ביים זוכן דעם שוואָגער מיט דער שוועסטער, האָט שוין דער טאָג אַרויסגעצויגן די אכזריותדיקע זון פון איר באַהעלטעניש, כדי מיט איר אָפשפאָטנדיקער ליכט צו ווייזן דער וועלט, וואָס די רוצחישקייט פון די מענטשלעכע ברואים האָבן פאַר דער צייט אָפגעטון.

דאָקטאָר גבריאל איז שוין ווידער געשטאַנען אין זעלבן זאַל ווי נעכטן פאַר זיין לויפן אויף דער סטאַווקע גאַס, געקוקט אויפן אַרום מיט משוגענע מחשבות, און מיט פאַרוואונדערונג אויפגענומען דעם שפאָט פון דעם צעווילדעוועטן זייגער, וואָס האָט כסדר געטייטלט מיט די צוויי ווייזערס: פופצן מינוט נאָך פינף...

אַ ווילדער פון כעס האָט ער אַ כאַפ געגעבן אַ שטיקל ראַם פון אַ פאָרטרעט, אַ וואָרף געטון אין זייגער אַריין און באַלד האָט אַ געבראַזג זיך צעהילכט איבערן גאַנצן ריזיקן זייגער.

**בינעם העלער**

# לידער

## איך בין געבליבן

אַט דאָ, הינטער מאָסקווע, אין סאָסנע־וואַלד שטיי איך
און קען נישט פאַרשטיין אַט דעם קלעפּיקן ריח
פון סמאָלע און האָניק, פון מאָך און פון שוואָמען,
וואָס גרייכט מיך פון פוילן, נאָך זעקס יאָר מלחמה.
ווייל איך בין געבליבן, און איך מוז געדענקען,
אַז ס'לעבן דערלעב איך, בכדי נישט צו שענקען.

ס'איז פרילינג אין ברעגן און די קנאָספּן קנאַקן.
די זון האָט געפּאַקט מיך, זיצט פעסט אויף מיין נאַקן.
יאָ, יאָ — אין די סעדער פון מאָסקווע און וואַרשע,
איז איינער דער דרך פון בליען ביי קאַרשן;
אין וועלדער פון רוסלאַנד, אין וועלדער פון פוילן —
די ריחות די זעלבע פון גרינען און פוילן
די פייגל ריידן אויף די זעלבע שפּראַכן,
דערציילן זיך נאַרישע, אייביקע זאַכן. —
נאָר איך בין געבליבן, און איך מוז געדענקען,
אַז ס'לעבן דערלעב איך, בכדי נישט צו שענקען.

מיך האָט מען צעשפּאָלטן, גענומען אַ האַלבן
און דווקא די קינדהייט מיט רוישיקע שוואַלבן
געוואָרפן אין פייער, פאַרלענדט און פאַרוויסט זי —
איצט ליגט זי מיט מתים אויף וואַרשעווער מיסטן.
און איך בין געבליבן און איך מוז געדענקען,
אַז ס'לעבן דערלעב איך, בכדי נישט צו שענקען.

באַראַוויכע, הינטער מאָסקווע, 1945.

## ווען איך וואָלט געקענט

ווען איך וואָלט געקענט פון זיך רייסן די הויט —
געזען וואָלסטו דעמאָלט, ווי בלוט קען זיין רויט;
ווען איך וואָלט צעשניטן אויף צווייען דאָס האַרץ —
געזען וואָלסטו דאַן, ווי די נאַכט קען זיין שוואַרץ.
נאָר בעסער פון אַלץ איז פאַרהאַקן די ציין
און בלייבן, ווי אַלעמאָל, איינער אַליין.

און ווען איך בלייב איבער אַליין מיט פיר ווענט,
פיל איך זיך אַזוי, ווי דער דאַך וואָלט געברענט,
פון אַלע פיר זייטן פאַרשפּאַרט איז דאָס הויז
און איך וועל שוין קיינמאָל נישט קענען אַרויס.
און קומט־אָן די נאַכט איז שוין גרייט נאָך אַ שטראָף
און דאָס הייסט: מיין חלום, מיין אָפּרו, מיין שלאָף.
נאָך מער, ווי אויף וואָר איז די פּיין דאָרטן האַרב,
דער אומקום האָט דאָרטן אַ שאַרפערע פאַרב,
די פּנימער ווערן פאַרגרעסערט אין שרעק,
און — שלאָפנדיק — רייבן מיך טויטע אַוועק...

ווען איך וואָלט געקענט פון זיך רייסן די הויט —
נאָר זי היט מיין לעבן דאָך אָפּ פונעם טויט.

## טרייסט

און יעדער גוטער פריינד זיך מיט
און יעדער ברענגט מיר טרייסט צום ליד.

און איינער זאָגט: דער סאָסנע־בוים,
וואָס שטאַרצט פאַר דיר אין בלויען רוים
זיין היימיש שטיקל ערד פאַרנעמט
און ערגעץ אַנדערש איז ער פרעמד.

אַ צווייטער זאָגט, אַז אויך דער ווינט
צו צייט קומט אָן, צו צייט — פאַרשווינדט,
און יעדן מענטש, און יעדן פאָלק
פאַרבייט מפּלה דעם דערפאָלג.

מען זאָגט: דער מערדער נאָך זיין מאָרד,
מוז בענקען צום פאַרברעכן־אָרט,
און ווערן שטויב, און ווערן ערד,
איז סוף כל סוף אים אויך באַשערט.

נאָר ווער זשע, ווער זשע, ווער זשע ווייסט,
אַז נישט פאַר מיר איז דאָס אַ טרייסט?

פאַרגאַנגענהייט — אין טיפער נאַכט.
איך הער די סאָווע בלויז וואָס לאַכט:
— איך האָב דיך קיינמאָל נישט געזען,
דו ביסט אינגאַנצן נישט געווען!

דיין טויטער טאַטע זוכט זיין רו
נאָר איך וועל אים נישט ווייזן — ווו.
אַ דייטשקע טראָגט דיין שוועסטערס קלייד,
אַ דייטש טראָגט־אום דיין ברודערס פרייד,

און אין דיין מאַמעס שבת־שאַנק
איצט שטייט אַ חזריש געשטאַנק.
פון זייער פלייש פון זייער הויט
דערנערט אויף פעלדער זיך דאָס ברויט.

און יעדער בוים, וואָס גרינט און בליט —
פון זייער בלוט יניקה ציט.
די פרוכט איז ווונדערלעך אין טעם —
געמיסטיקט האָט מען מיט דיין שטאַם.

דערפאַר בעט איך: הער־אויף, נישט טרייסט!
וואָס ס'פעלט צום גליק — ווער ווייסט, ווער ווייסט?

## אַ טויטער בוים

אַלע ביימער זענען געוואָרן גרין,
בלויז איינער פון זיי איז אַראָפּ פונעם זין,
בלויז ער איז געבליבן פאַרלאָשן און שוואַרץ,
ווי ס'וואָלט נאָך דער ווינטער געוווינט אין זיין האַרץ.

דער פויגל, וואָס זינגט, היפּערט שנעל אים פאַרביי:
נישט זינגען — נאָר רוען איז אויך נישט כדאי
אויף אַט אַזאַ בוים, וואָס איז נישט ביי דעם זין
און איז נאָך אינמיטן פון פרילינג נישט גרין.

בלויז איינער אַ פויגל אַ שוואַרצער — דער ראָב —
ער שטעלט זיך און קראַקעט און רוט אויף אים אָפּ,
און רופט מיט זיין שוואַרצן, פאַרעקשנטן געשריי
פון ערגעץ אַ ווינטער — דעם פראָסט און דעם שניי.

## מאַמע, מאַמע, מאַמע מיין

פֿאַרגיב מיר אַלע קרומע גענג,
לייג דיין קאָפּ, לייג דיין קאָפּ.
דאָס וויג־ליד דיינס, וואָס איך געדענק,
גיב איך דיר אין בלוט איצט אָפּ.

דיין זון איז ווידער ווי אַ קינד —
גאַנץ אַליין, גאַנץ אַליין.
ער וואַקלט זיך אין לייכטן ווינט,
דאַרפֿסט אים ווידער לערנען גיין.

פֿאַרגעסן האָט ער דעם דערפֿאָלג —
ווייטער רויש, ווייט פֿאַררוישט.
ער וואָלט דיך איצטער שוין געפֿאָלגט
און אויף קיינעם איינגעטוישט.

ער וואָלט אין זייד דיך אָנגעטאָן —
האָב און גוטס, האָב און גוטס.
ער וואָלט געזעצט דיך אויבנאָן
שיינענדיק און אויסגעפּוצט.

און קיינמאָל נישט געלאָזן מער
איין און איין, איין און איין.
און וואָלט פֿון גאָס געגרופֿן ווער,
וואָלט ער קורץ געענטפֿערט: ניין.

און איצטער זוכט ער דיך אַרום
טאָג און נאַכט, טאָג און נאַכט.
נאָר ווו ער גייט און ווו ער קומט —
שטייט ווער קעגן אים און לאַכט.

ער טראָגט אַרום אַ טרערן־קנויל
טיף אין האַלדז, טיף אין האַלדז.
לפֿנים וועגן, אויף זיין מויל
בלאָס דער שמייכל שפּילט נאָך אַלץ. — — —

מאַמע, מאַמע, מאַמע מיין,
פֿאַרגיב מיר אַלע קרומע גענג,
לייג דיין קאָפּ, לייג דיין קאָפּ.
דאָס וויג־ליד דיינס, וואָס איך געדענק,
גיב איך דיר אין בלוט איצט אָפּ.

## דאָס ליד פֿונעם וואַלד־ייִד

אַ, קינד מיינס, האַלט פֿעסטער זיך אָן אין מיין האַנט —
מיר דאַרפֿן איצט ווידער זיך זוכן אַ לאַנד.

ווי גרויס און ווי שיין ס׳איז די גליקלעכע ערד,
נאָר אונדז בלויז איז דאָרט דאָס געלעכטער פֿאַרווערט.

פֿון מענטש מיט געווער ווערט באַוואַכט יעדע שטאָט
און ס׳ניוכעט פֿון ווייטן דער הונט אונדזער טראָט.

דעם שונא גיט אויס אונדז דאָס גראָז אינעם פֿעלד
און שטעמפּלט אָפּ יעטוועדן טראָט וואָס מען שטעלט.

עס וואַרט אונדז פֿאַרטאַיעט ווער אָפּ אינעם וואַלד —
אויך דאָרט האָט דער שונא אַ מענטשלעך געשטאַלט.

אויף שטיקער געמאָסטן, צעטיילט איז די וועלט.
אַ מענטש מיט געווער היט זיין שטיק און פֿאַרשטעלט. —

וווהין זשע דיך פֿירן, וווהין מיט דיר גיין?
אַז יעדער פֿאַרווילט זיך מיט אונדזער געוויין.

אַז אָט אַזאַ ריח פֿאַרמאָגט אונדזער בלוט,
אַז נאָר ווען עס גיסט זיך — מען זאָגט, אַז ס׳איז גוט.

דער הימל הענגט בידריק, די ערד האָט אונדז פֿיינט;
ס׳פֿאַראַט אונדז די זון — זי פֿאַראַט, ווען זי שיינט.

און ס׳טראָגן די ווינטן אַרום אונדזער שטויב,
און ס׳טיילן זיך וואָרעם און מענטש מיט דעם רויב.

דער וואָרעם עסט־אויף בלויז דאָס הארץ און די הויט,
דער מענטש — נעמט־צו אַלץ, וואָס עס בלייבט נאָכן טויט.

ער ציט אָפּ דאָס קלייד פונעם קאַלטן געביין,
און רייסט פונעם מויל אויס די גאָלדענע ציין.

ער טוט אויף זיין אייגענעם גוף אָן דאָס קלייד
און טראָגט עס אַרום אויף זיין יום־טוב און פרייד.

די ציין שטעלט ער איבער צו זיך אינעם מויל
און לאַכט פאַר דער וועלט — צו איר שטוינונג און גרויל

## צו —

מיר זענען געגאַנגען אינצווישן די וועכטער,
אינצווישן דעם רוצחישן, קאַלטן געלעכטער.

און איר האָט מיט גלייכגילט געגאַפּעט אויף ראָגן,
און איר האָט מיט גלייכגילט געקוקט, ווי זיי שלאָגן.

זיי הערצער אין אַש און די אויגן — פאַרלאָשן,
פאַרגעסן האָט איר שוין דאָס מענטשלעכע לשון.

צי האָט פון אייך עמעץ געפּרוווט זיך צעשרייען?
און ווער האָט איין טראָט כאָטש באַגלייט די לוויה?

געווען, יאָ, געווען. און נישט איינער, נישט איינער,
וואָס האָט אונדז פון הינטן באַוואָרפן מיט שטיינער.

איך קען זייער שוואַרצע, פאַרשקלאַפטע נשמה,
וואָס טאַנצט ווי אַ ראָב אום אויף יעדער מלחמה.

פאַר געלט איז זי גרייט יעדן גאָט זיך צו טויפן,
מיט מעל און מיט צוקער קען יעדער זי קויפן.

דאָס האָבן זיי, זייערע קינדער און ווייבער,
געשלעפּט די מלבושים פון בלוטיקע לייבער.

דאָס האָבן זיי, זייערע זין און די טעכטער,
פאַרדעקט אונדזער אומקום מיט פוסטן געלעכטער.

און שפּעטער געטיילט זיך מיט יידן־ירושה,
דערביי צווישן זיך, זיך צעשלאָגן אָן בושה.

אין יידישן אַטלעס און זייד זיך געסטראָיעט
און שכורע חתונה־לידער געוואָיעט.

געליגט זיך אין יידישע בעטן אויף קינדלעך,
די קינדער געוויקלט אין יידישע ווינדלען. —

איך קען אייך, געציילטע, איך קען אייך, די בעסטע,
ווייל איר האָט אין הויז מיט די מערדער גענעכטיקט.

נאָר איך וועל מיט אייך זייער אומשולד נישט מעסטן.
און איר האָט דעם מאָרד מיט דעם שווייגן באַרעכטיקט!

---

**בינעם העלער**

# די היים אין חלום

(אַ קאַפּיטל פון דער פּאָעמע „דער וועג אויף וואַרשע")

### 1

געבענטשט וועט בלייבן אָט דאָס שטיקל ערד,
וואָס האָט אַמאָל אַ היים אים אָנגעקערט,
און איז געווען אַ שוץ פאַר היץ און קעלט,
און האָט באַדייט זיין ווינקל אויף דער וועלט.
ס'איז יעדער מינדסטער ראַץ דאָרט אויף דער וואַנט,
געווען פון אים באַמערקט און גוט באַקאַנט.
און יעדעס ווינקעלע איז פול געווען מיט עול,
און מיט דעם אָפּקלאַנג פון אַ ליבלעך קול,
און מיט דעם אָטעם פון דעם הויז־געזינד,
און מיט דעם פייפן פון דעם קוימען־ווינט.
די שויב האָט דורכגעזייט דאָס גרעלע ליכט,
די טיר האָט דורכגעלאָזט דעם דופט פון קיך
און ס'האָט דער מינדסטער סקריפּ פון אַלטן דיל
אויפסניי דערמאָנט, ווי שטיל דאָ איז, ווי שטיל.
אום זומער האָט געשטעלט זיך דאָ די היץ,
פאַרבייגעפלויגן איז דער שאַרפער בליץ.
אום ווינטער האָט געשפּאַרט אַהער דער פראָסט
און האָט אויף פייכטע שויבן נאָכגעלאָזט.

אין אויוון האָט די זשיוויצע געקנאַקט.
און אויסגעשפּילט אַ פייערדיקן טאַקט,
דער זייגער האָט געמאָסטן זיינע קלעפּ,
אינדרויסן האָט דער שניי פאַרווייט די טרעפּ. —
נאָר דאָ אין שטוב ביים שווערן דעמבן־טיש,
האָט עמיצער אַ בלאַט פון בוך געמישט,
און איבער אים — פון באַלקן האָט געוואַכט
אַ לאָמפּן־ליכט אינמיטן פון דער נאַכט.
נאָר ווען איז דאָס געווען, אין וואָסער צייט?
אין וועלכן אָרט? אָ, זייער, זייער ווייט!
צי בלויז דערפאַר, ווייל ס'ציט דאָס האַרץ און צאַנקט —
זעט אויס ווי דאָס וואָלט זיין שוין מי־יודע־לאַנג?
צי בלויז דערפאַר ווייל ס'לעבט שוין נאָר אין טרוים,
ווייזט אויס דאָס ווייט און צו דערגרייכן קוים? — —
אַ פרעמדער שטיוול קלאַפּט דאָרט אָפּ די שוועל,
און וואַנט און באַלקן ווערן גרין און געל.
דער דיל קרעכצט טעמפּ אויף יעדן טראָט און ריר,
און ווילד דאָרט שרייט ביים עפענען די טיר.
דאָס דייטשיש לשון הילכט דאָרט פרעך און גראָב,
און ס'פאַלט דערביי דער טינק פון שרעק אַראָפּ.

נאָר ערגעץ־ווו, באַהאַלטן, פון אַמאָל,
לעבט אַלץ אַ זכר, ווי אַ ווידערקול,
דאָרט לעבט נאָך אַלץ אַ שאָטן אין געהיים —
אַן איבערבלייב פון דעם, וואָס רופט זיך היים.

## 2

אָ, ווען איז דאָס געווען, אין וואָסער יאָר?
צי איז אַמאָל געווען דאָס אויף דער וואָר?
אינצווישן היימען און יענער שטילער פרייד
האָט צוויי מאָל זיך אַ פייער אויסגעשפרייט...
זיין איבערלעבונג איז געווען נאָך פריש,
ווען ער איז דאָרט געזעסן ביי דעם טיש,
ווען ער האָט מיט דעם שיינעם העלד פון בוך
געבלאָנדזשעט און אַ וועג פאַר זיך געזוכט.
ביז בלוט האָט יעדע עוולה אים געקרענקט,
און יעדע רשעות האָט געמאַכט אים ענג
זיין לעבן אין דער גרויסער, ברייטער וועלט,
אַז אים האָט לופט אויף אָטעמען פאַרפעלט.
און אומבאַמערקט האָט ער פאַרפרעסט אַ פויסט,
און אומבאַמערקט איז ער אין גאַנצער גרויס
צוזאַמען מיט דעם העלד פון בוך אַוועק,
און שרייענדיק — די טיפע נאַכט געוועקט.
ניין, ניין! אים האָט זיך דאָס בלויז אויסגעדאַכט —
אין זיך האָט ער געוויינט, אין זיך געלאַכט.
ער האָט אַרום זיך קיינעם נישט געשטערט —
זיין שטורעם האָט דאָרט קיינער נישט דערהערט.
ער איז געווען פאַרטיפט אַלץ אין זיין העפט.
די מאַמע האָט גענייט, נאָר ווי עס טרעפט,
ווען ס'לויפט אַן אָנהייב אָן פון ווייטער לייד —
געפירט אויף אים דעם בליק צעשטרייטערהייט.
דער טאַטע האָט געחשבונט און געטראַכט
און ווי געפרווט פאַריאָגן אַ פאַרדאַכט.
ער האָט זיין חשבון אַלץ נאָך נישט געטרויט,
אַז פון סך־הכל קוקט אַרויס די נויט. — — —
אין וועלכע וועלטן איז ער דאַן געווען?
צי האָט ער דעמלט גאָרנישט נישט געזען?
אַז ער, דער טאַטע, איז פון דאגהן קראַנק,
אַז אָפּגעשריבן איז דאָ אַלץ שוין לאַנג:
דער טיש און די ירושהדיקע שרענק —
ווי האָט ער אין דעם אַלעם נישט געדענקט?
ווי ס'וואָלט אַרומגערינגלט אים דער קרייז
פון ליכט, געהיטן ווי אַ גוטער גייסט
היט אָפּ פון פינצטערניש און שלעכטס —
פון טאַטנס דאגהן און פון מאַמעס קרעכץ,
איז ער געזעסן דאָרט און ווי פאַרבלענדט
געקוקט אַדורך די אָפּגעצוימטע ווענט. — — —
וואָס האָט ער דאָרט, פון יענער זייט, געזען?
אין וועלכע וועלטן איז ער דאַן געווען?
ער האָט געשפּירט דאָס אומגליק וואָס קומט אָן,
כאָטש דאָ, דער טאַטע זיצט נאָך אויבנאָן,
און רעכנט, רעכנט נאָך אַמאָל און ציילט,
און לייגט צונויף דעם חשבון און צעטיילט,
און קנייטשט נאָך מער די אויסגעקנייטשטע הויט,
און פון סך־הכל — קוקט אַרויס די נויט.
די מאַמע שווייגט און טוט איר אַרבעט שטיל,
און בלויז פון צייט צו צייט קרעכצט אָפּ דער דיל.
ער האָט געוווסט, אַז אין די שטילע ווענט
איז אַלץ פונאַינעווייניק שוין פאַרלענדט
און אַז זיין שטילע, זינגעוודיקע פרייד,
האָט אים מיט זייער אונטערגאַנג צעשיידט.

## 3

סייווי האָט ער צום סוף זיך נישט דערטראַכט.
דערוויייל איז דורך דער טאָג, דערנאָך — די נאַכט.
אין צושטאַנד פון האַלב־דרימל און האַלב־וואַך,
ווי ס'טרעפט אַמאָל אונטער אַ פרעמדן דאַך,
האָט זיין פאַרגאַנגענהייט אויפסניי געבליט,
מיט אַלע זיבן פאַרבן אָפּגעהיט. — — —
און אויב ער האָט זיך שטילערהייט געוועדט,
און אויב ער האָט דעם אונטערגאַנג צעשטערט
מיט זיין געלייטערט אינערלעך געזאַנג —
צי דאַרף פאַר אָט דאָס אַלץ איצט טאָן אים באַנג?
און אויב עס וואָלט געשען אַזאַ מין נס:
ווען פון זיין לעבן צען יאָר ער פאַרגעסט,
און ער וואָלט ווידער זיך געזעצט אַצינד
צום טיש, צוזאַמען מיט דעם הויזגעזינד
און ס'וואָלט דער זייגער זיך אַזוי געוויגט,
און ס'וואָלט דער אומעט פונקט אַזוי געשטיקט —
צי וואָלט ער נישט געגעבן זיך אַ שטעל
אויפסניי — מיט וויי און ווארגעניש אין קעל?
צי וואָלט ער ווידער זיי דען נישט פאַרלאָזט?
כאָטש איצטער ווייסט ער וואָס דאָס האָט געקאָסט...
דער טאַטע איז געלעגן אינעם בעט,
דאָס איז געווען אָוונט־צו, שוין שפּעט,
(די גאַנצע צייט זעט אויס אים אין פאַרנאַכט).
די קראָם איז שוין געווען פון לאַנג פאַרמאַכט:
אַ העלפט האָט צוגערויבט דער שטייער־אַמט,
די רעשטע האָט דער הונגער אויפגעראַמט.
דער טאַטע איז געלעגן אינעם בעט
און עפּעס שווערס און פלאָנטערדיקס גערעדט.
און נאָר די מאַמע האָט געוווסט זיין ווונק
און יעדן קער פון זיין געליימטער צונג.
און ער קומט אָן אַ היים, ווי ס'קומט אַ גאַסט,
נאָך פול מיט רויש און רעגונג פון דער גאַס.
דער טאַטע הויבט פון קישן קוים דעם קאָפּ
און לאָזט אים באַלד, אַ שווערן, צריק אַראָפּ,
און שטרעקט צו אים די ציטערדיקע הענט
און — אפשר האָט ער טאַקע אים דערקענט?
אַלץ ענגער טרעט צום האַלדז אים צו דער קנויל,
און ס'הייבט אָן ציטערן ביי־אים דאָס מויל.
און חיים דרייט דעם קאָפּ אָפּ פון דער וואַנט,
די מאַמע זאָל נישט זען זיין טרער און שאַנד.
נאָר זי האָט טיי שוין פאַר דעם זון פאַרבריט,
דער טשייניק זינגט שוין טרויעריק און זידט.

## 4

ער האָט נאָך אַלץ צום סוף זיך נישט דערטראַכט...
אין אים נאָך לעבט די ווייטע ווינטער־נאַכט,
ווען ער איז מיט דעם שניי־באַדעקטן ברוק
אַוועק פון שטוב און — זיך נישט אומגעקוקט.
נאָך אים האָט קיינער נישט די הענט געשטרעקט,
נישט פון פאַרצווייפלונג און אויך נישט פון שרעק.
די מאַמע איז געבליבן אין איר פּיין,
פאַרגליווערט און געוווינט צום איינזאַם־זיין.
און ער האָט נישט געוווסט, אַז איר געוויין
ער טראָגט אַרויס פון שטוב — אין צוגעהאַקטע ציין;
אַז אין זיין האַרץ, וואָס איז צונויפגעפרעסט —
פאַרוואַנדלט ווערט איר עוולה — אין פּראָטעסט.
עס האָט שוין ערגעץ־ווו אויף אים געוואַרט

אַן אָנגעהייצטע בוידעם־שטוב, פאַרשפּאַרט
מיט יאַטן, אויסגעזעצטע ביי די ווענט
און צווישן זיי דער בלייכער רעפערענט.
אַליין איז ער געווען שוין גאָרנישט יונג,
נאָר אין זיין אויג געפינקלט האָט אַ פונק,
און ווען ער איז געשטאַנען און גערעדט,
האָט אויסגעוויזן זיך, אַז ער דערזעט
דעם קוילנגרעבער אין זאַגלעמביער שאַכט,
דעם וועבער אין דער לאָדזשער ווינטער־נאַכט,
אַז וועגן זיי ער רעדט אויף דזשיקע גאַס
און ווייזט דעם וועג צו ליבשאַפט — דורכן האַס.
צי הערט דאָס חיים דען צום ערשטן מאָל?
אָ, ניין. נאָר איצטער, דורך דעם שטאַמלענדיקן קול,
דורך וואַנען יעדעס וואָרט ווערט דורכגעגליט,
דערגרייכט די שנאה ביז צום בלוט און בריט.
און ווי מען וואָלט אַ שלייער פון זיין בליק
אַוועקגעשאַרט — ער זעט זיין שטוב צוריק:
ער זעט דער מאַמעס חרובע געשטאַלט,
פון וואָסער זייט — דער קלאַפּ אויף איר עס פאַלט.
ער ווייסט, אַז אין געראַנגל איז זי שוואַך,
אַז איבער איר — דער שטורעם רייסט דעם דאַך.
און ער, דער זון, וואָס ברענגט ער איצט פון גאַס,
אַחוץ דעם שטרענגן אָטעם פון אַ קלאַס,
וואָס האָט דאָך אויך פאַר איר זיך איינגעשטעלט,
כאָטש זי געהערט גאָר צו אַן אַנדער וועלט...

**5**

און יעדער חלום זיינער נאָך געדענקט
די לעצטע וואָכן פון דעם טאַטנס קרענק.
דורך גאַנצע נעכט אין שטוב געברענט האָט ליכט.
די מאַמע האָט אויף וועמען זיך גערעכנט,
באַצויגן ריין דעם טאַטנס אַלטע בעט
און אָפּט דעם קאַלטן שטערן אים געגלעט.
מיט אומרו פלעגט זי צוגיין צו דער טיר,
ווי זי וואָלט אין אַ טונקלקייט געפירט.
דער רופא איז געקומען יעדע נאַכט
און יעדעס מאָל — פאַרשטאַרקט נאָך דעם פאַרדאַכט.
ער האָט אויף ספּירט געקאָכט זיין נאָדל־שפּיץ,
דורך אים האָט ער דעם קאַמפער איינגעשפּריצט
אין גליווערדיקן שטאַרבנדיקן בלוט
און צוגעזאָגט: עס קען נאָך ווערן גוט...
סיי ווי האָט אים שוין קיינער נישט געגלויבט;
די מאַמע האָט, ווי פון אַ קלאַפּ פאַרטויבט,
געקוקט אויף אים, געשאָקלט מיטן קאָפּ
און פאַר זיין טרחא אים דערלאַנגט די גאָב.
זי האָט אים גלייך אויף מאָרגן שוין באַשטעלט,
כאָטש יעדן מאָרגן האָט אַן אַנגסט פאַרשטעלט...
די טיר פון שטוב האָט מער שוין נישט גערוט,
געקומען איז אַ פריינד אויף אַ מינוט,
געקומען איז אַ שכנה מיט געקעכץ,
געקומען איז אַ קרוב מיט אַ קרעכץ.
מיט זיי האָט יעדעס מאָל געטאָן אַ שפּאַר
פון טיר — מיט קעלט, מיט חושך און געפאַר.
ווי יעדער איינער וואָלט מיט זיך געבראַכט
אויף איבערלאָזן דאָ אַ ביסל נאַכט.
די מאַמע איז געווען פאַרביסן־שטיל,
געהאַקט דאָס האָלץ אין סאַמע מיטן דיל,
דערנאָך דאָס אין דעם אייוועלע גערוקט
און אָנגעצונדן און — דערין געקוקט.

— — — — — — — — — —

און איינמאָל: ס'איז געווען שוין שפּעט ביינאַכט,
האָט מיטאַמאָל די טיר זיך אויפגעמאַכט.
עס האָט אַ יאָג געטאָן מיט שניי און קאַלטס
און — ס'איז אַריין אַ קאַץ מיט שטריק אויף האַלדז.
די מאַמע איז געבליבן ווי פאַרשטיינט,
און נישט געוווסט — צי טרייבן זי, צי ניין...

**6**

...אינמיטן נאַכט, אין וואַרשע, ס'פאַלט אַ שניי.
ער איז אַרויס אויף מילדערן דעם וויי.
די שטוב איז פול מיט אימהדיק געקלאָג,
וואָס האָט באַגלייט אים ביז אַהער צום ראָג.
געקומען איז אַ מנין פונעם הויז,
אַ מנין יידן — אויף באַקלאָגן בלויז.
זיי האָבן ראַפּטעם זיך אַריינגעשטעלט,
ווי שוואַרצע שאָטנס פון אַן אַנדער וועלט,
געמאַכט ריקודים אַרום טאַטנס בעט,
מיט שטרענגע רייד אין אים אַריינגערעדט,
זיין אָטעם — מיט אַ פעדער אויסגעהערט
און — אָפּגעהויבן אים אויף הוילער ערד,
אַוועקגעלייגט אויף אים אַ רעפּטל ברויט
און אָפּגעשמועסט, אַז דאָס איז דער טויט.
זיי האָבן אים מיט שוואַרצן איינגעדעקט
און אויף דערשלאָפן זייער שלאָף אַוועק,
ווי ס'וואָלט דערוואַרט זיי נאָך אַזעלכע נעכט
און שכנים — אויף צו טאָן זיי זייער רעכט...
און איצטער איז די שטוב שוין שוואַרץ און פול
מיט ווייבערישן ניגון פון דער שול.
זיי ליגן אויף דער ערד, די הענט צעשפּרייט,
און טענהן מיט משונהדיקע רייד.
ביים מת צוקאָפּנס שמעלצט זיך אויס דאָס ליכט,
און, דאַכט זיך, אַז אין שאָטן אַלץ צעקריכט,
און בלויז די מאַמע זיצט אויף דר'ערד, ביים ברעג
און שווייגט מיט שוואַרצע אויגן פול מיט שרעק.

— — — — — — — — — —

אינמיטן נאַכט, אין וואַרשע, ס'פאַלט אַ שניי.
ער איז אַוועק אויף מילדערן דעם וויי.
אָט פאַלט אַ שנייעלע און לעשט זיין הויט —
— ווי מיאוס, אוי, ווי מיאוס איז דער טויט!
ער שטייט ביים ראָג און וויקלט זיך אין ווינט.
דער שניי פאַרשיט, פאַרוויט — דער טויט פאַרשווינדט.
ער אָטעמט טיף, די קילע לופט ער שעפּט.
עס קלאַפּט זיין האַרץ, זיין בלוט קרייזט אום און לעבט.
אויף ווייעס האָבן שנייען זיך צעטויט —
ווי מיאוס, אוי, ווי מיאוס איז דער טויט!

**7**

...דער טאַטע איז שוין לאַנג אין שטוב נישטאָ.
ס'איז אָנהויב זומער, און ס'איז אָוונט־שעה.
די מאַמע ענדיקט צערעווען אַ זאָק,
און ס'פאַלט פון טיכל איר אַ ווייסער לאָק.
די שאָטנס גייען פון די ווינקלען דיל —
אין שטוב ווערט ענג און אָנגעשטעלט און שטיל.
ער טוט זיך איבער, גרייט זיך צו צום גיין —
די מאַמע איז געווינט צו זיין אַליין,
און דאָך וואַרפט זי אַ שווייגנדיקן בליק:
צי וועט ער היינט אויך קומען שפּעט צוריק?
און ווי נאָר ער פאַרמאַכט די טיר נאָך זיך —

ער שפּרינגט פון טרעפּ צו צוויי אַריבער, גיך.
ער לויפט אַדורך דעם טוכלען, ענגן הויף
און — מישט זיך מיט דער גאַנצער גאַס צונויף.
צום ליבסטן האָט ער זי אין אָוונט־צייט,
ווען אַלע וועגן ווערן ווידער ווייט
און ווי אין קינדער־יאָרן, נישט פאַרשטעלט —
זיי פירן ווידער אין דער גרויסער וועלט.
און ליב האָט ער דעם שרייאיקן המון —
ער האָט מיט אים זיין יוגנט אָפּגעוווינט.
אים דאַכט זיך, אַז מיט יעדער גרויער וואַנט,
איז אים אויך יעדעס פּנים דאָ באַקאַנט.
נאָר איצט דאַרף ער נישט ווערן דאָ דערקענט —
ער איילט אַוועק. די גאַס האָט זיך צעברענט
מיט נעאָן־פייער און מיט בלויען ליכט,
וואָס טוישן איבער זיך אויף זיין געזיכט .
ער איילט אַוועק אין יענעם עק פון שטאָט,
ווו ס׳וואַרט היינט די געפּאַר אויף אים און דראָט...

זיי טרעפן זיך צונויף דאָרט אַלע פיר,
און טיילן זיך מיט קליי און מיט פּאַפּיר,
און פון פּלאַקאַטן שמעקט די פרישע פאַרב,
ווי זייער אינהאַלט: דראָענדיק און האַרב.
די גרופּע וואַרפט זיך אויף די גרויע ווענט,
פאַרכאַפּט די שטאָט מיט אירע הוילע הענט;
די גרופּע שפּאַנט און אַלע — שטרענג און בלאַס —
זי נעמט אַצינד שוין איין די פינפטע גאַס.
דאָס לעצטע הויז טרעט אָפּ. ס׳פּאַפּיר פאַרשווינדט
און די לאַמטערנס צאַנקען אין דעם ווינט.

ער קומט אַהיים. ער איז היינט טאָפּל גוט.
עס וויגט זיך, ווי אין שיכרות, נאָך זיין בלוט.
ער רעדט איצט צו דער מאַמען פראַסטע רייד,
נאָר פון די אויגן שפּאַרט אַרויס די פרייד.
די מאַמע איז געוווינט צו זיין אַליין,
נאָר אָט די מאָדנע געגנג — נישט צו פאַרשטיין.

## 8

און אָט שפּאַנט ער אַריבער נאָך אַ יאָר:
...אינגאַנצן ווייסע זענען שוין די האָר,
פון מאַמעס מידן, אויסגעזאָרגטן קאָפּ.
זי גיט שוין נאָך, זי לאָזט אים אָפּט אַראָפּ.
נישט אַלץ געפעלט איר, נאָר זי קוקט אַוועק.
און ער? צי איז ער איר דען נישט קיין זון?
צי האָט ער קיינמאָל נישט געטראַכט דערפון?
נישט איינמאָל, ווען ער בלייבט מיט זיך אַליין,
דעריאָגט אים מיטאַמאָל אַ שטיל געוויין, —
דער ניגון פון אַ נאָגנדיק געבעט —
און — ווי ער וואָלט געכאַפּט זיך ביי אַ חטא,
און — ווי ער וואָלט פאַר וועמען זיך פאַרשעמט —
ער כאַפּט צוריק און ווערט איר ווידער פרעמד. — —
מיט רחלען רעדט ער יעדן אויפדערנאַכט:
ווי זילבער ווערט איר שטימע, ווען זי לאַכט.
אַמאָל געשעט, זיי טרעפן זיך ביי טאָג,
אינמיטן פון אַ טומלדיקן ראָג.

און דעמאָלט איז איר פּנים אויפגעלעבט,
איר ברוסט — מיט פרייען אָטעם אָנגעשעפּט.
און פון דעם אָנגעפּלייצטן טראָטואַר
ער טרעט אַריין מיט איר אין דער געפאַר —
און ווען דער ברוק איז פון המון, פאַרפּלייצט,
לייכט אויף די פאָן, ווי פון אַ רוף געריצט.
ער שפּאַנט, און רחל גייט מיט אים אין גאַנג,
דאָס מויל פאַרברענט פון פייערדיק געזאַנג,
און ס׳ווערט איר האַנט — אַ דראָענדיקע פויסט,
אין אויג — די שנאה — ביז צום דעק אַנטבלויזט.
ער לאָזט זי, ווי אַ פויגל, אָפּ אין פלי
און ער — נאָך איר, מיט לייכטקייט אין די קני.

## 9

און פּלוצים ווערט צעהאַקט דער מאַרש אויף צוויי,
און צווישן ביידע העלפטן — פּאָליציי.
עס שטעלן דיבאָם זיך די שוואַרצע פערד,
און אויף אַ זייט עס בייגט זיך אויס די ערד.
די דעמאָנסטראַנטן פאַלן גאַס־אַראָפּ,
און צווישן זיי פאַרלירט זיך רחלס קאָפּ.
אין זיינע אויגן טוט אַ לויף אַ פלאַם
און לעשט זיך אויס: דאָס איז די פאָן מסתם,
וואָס ראַנגלט זיך נאָך אין געטרייע הענט...
און אפשר נישט? דאָס האָט געטאָן אַ בלענד
ביי אים אין בליק דער שמיר פון אַ נאַהיי
פון פּאָליציאַנט, וואָס איז פאַר אים פאַרביי.
ער טאַפּט דעם קאָפּ, און ווי דעם שפּור פון קנוט,
ער ווישט פון שטערן אָפּ די טראָפּנס בלוט.
פון אַ רעוואָלווער פאַלט אַ שנעלער שאָס,
דערנעבן האָט זיך ווער אַראָפּגעלאָזט.
ער שטעלט זיך אָפּ און בייגט אויף אים זיך אָן,
דערזעט אין יענעמס האַנט די רויטע פאָן.
ער נעמט זי צו און וויקלט איין זיין לייב
אין איר, און אויפן ברוק — דער חבר בלייבט.
ער יאָגט אַדורך דעם פוסטן פּלאַץ, עס פייפט דער ווינט.
עס ברעכט זיך איין די גאַס, נאָר ער איז בלינד.
ער שלאָגט זיך דורך קאָרדאָנען און דורך הייף
און ס׳גרייכט אים נישט קיין קויל אין זיין געלייף.
זיין גוף איז פון דעם רויטן טוך געשיצט
און אויף זיין קאָפּ — אַ טיפער שניט פאַרקריצט.
ער רייסט זיך גאַס אַרויף און גאַס אַראָפּ,
די רויטע פאָן פון גוף ער וויקלט אָפּ.
און דאָ, אין צווייטן עק שוין פון דער שטאָט,
פאַלט ווידער זיך צונויף אַ טראָט מיט טראָט.
זיי גייען ווידער גאַנצערהייט צוריק,
ווי קיינמאָל נישט צעקלאַפּט און נישט באַזיגט.
און חיים האָט אין מיטן גאַנג דערשפּירט,
ווי עמעץ האָט זיין אָרעם שטיל באַרירט.
ער קוקט זיך אום — דאָס איז דאָך טאַקע זי.
איר טראָט דער אָנגעשפּאַנטער, ווי צום פלי,
מיט בונט און ווידערשפּעניקייט אין אויג,
מיט פלינקער זיכערקייט אין יעדן בויג,
מיט אָפּגעדעקטע, זינגענדיקע ציין
און מיט די פויסטן — האַרטערע פון שטיין.

ישעיהו שפּיגל

# דער טאַטע סאַנעלע

(נאָוועלע)

אַז מע זאָל צורעכענען די פינף יאָר, וואָס סאַנעלע האָט אָפּגעדינט ביים שוואַרצן הערש וואָלט אויסגעקומען קיילעכדיקע פערציק יאָר. אין משך פון אַזאַ צייט האָט סאַנעלע געדינט דעם וועב־שטול. אייגנטלעך וואָלט מען די ערשטע פינף יאָר געקענט נישט פאַררעכענען צו דער אַרבעט, וואָרום יעדער ווייס, אַז ווען מען גייט צו יענעם אין דער לער און דווקא צו ווערן אַ וועבער — טוט מען אַלץ אין דער וועלט, נאָר נישט דאָס, וואָס זאָל עפענען די אויגן דעם לערן־יונג אויף די פאַרנעפּלטע סודות פון וועבער־שטול: מען ברענגט די אַלטע וועבער פעקלעך פּאַפּיראָסן פון גאַס, דער באַלעבאָסטע אין קיך העלפט מען אָפּשיירן די פּאַדלאָגע, שיילן קאַרטאָפל, ברענגען וואַסער, איינזויערן קרויט און אַפילו האַלטן ס׳קינד איינגעוויקלט אין אַ טוך אַ פּאָר שעה אין טאָג. ס׳געשעט טיילמאָל אויך, אַז מען שטייט פון דער זייט און מען קוקט זיך צו ווי די אַלטע וועבער „שיסן״, כדי זיך אויסלערנען ס׳פאַך. דאָס געשעט אָבער זייער זעלטן, וואָרום ווען האָט דאָס אַ לערן־יונג צייט צוצוקוקן זיך סתם־אַזוי ווי די אַלטע וועבער „שיסן״? די מלאכה מוז אליין קריכן אין קאָפּ אַריין, פון בלויזן אַרומדרייען זיך ביים וועב־שטול, ביי אַראָפּשאַרן דאָס לעזעוואַל פון געשער, אָדער ביים העלפן דרייען אַ קעטע.

דאָס אַלץ איז איבערגעגאַנגען פון דור צו דור וועבער־יידן, אין די פאַרוויכערטע שטיבעלעך אין באַלוט: דאָס גאַנצע וועבער־געסל איז אַדורכגעגאַנגען די ערשטע לער־יאָרן, געוואָרן שפּעטער אַליין פערטיקע וועבער מיט אייגענע „שטולן״, און אונטערוואַקסנדיקע יידישע קינדער האָבן ווידער אָנגעהויבן „גיין אין דער לער״, כדי צו דערגרונטעווען די סודות פון דער וועבערישער מלאכה.

סאַנעלע איז געווען אַ ייד אַ נידריקער, אַ צעגאָסענער מיט אַ פּלאַטשיק פּנים, טונקל ווי טינט. אַליין אַ חלוש — האָט ער אָבער געהאַט פינף זין ווי די דעמבעס. די זין האָבן געהאַט דעם טאַטנס פּלאַטשיק פּנים און ברייטע, וועבערישע הענט. חוץ זיי זענען אין שטוב אַרומגעגאַנגען די טעכטער — געוויקסיקע, געשפּרינקלטע מיידן, וואָס האָבן געזונגען זייער טרויעריקע יידישע לידער און געדרייט אויף די שפּאָלרעדלעך. די מיידן זענען אַלע געווען אינדערהיים, נישט געוואָלט חתונה האָבן און נאָך דער מאַמעס טויט געהאָלפן דעם טאַטן פירן ס׳פאַבריקל. אַ חוץ די עטלעכע „שטולן״, וואָס האָבן געקלאַפּט אין די טונקעלע קעלער־חדרים, האָט סאַנעלע אויך אַרויסגעגעבן אויף לוין צו אַ פּאָר באַלוטער וועבער־יידן און עטלעכע דייטשן פון דער דייטשער קאָלאָניע זובאַרדז. מיט די „שטולן״ האָבן זיך פאַרנומען סאַנעלעס זין. זיי האָבן דאָס געטיילט „שוס״, געוויגן די פערטיקע טיכער פון די „ביימער״, אָנגעדרייט קעטעס און אַליין פאַרריכט, ווען ס׳איז עפּעס קאַליע געוואָרן. די טעכטער האָבן גאַנצע יאָרן געשפּאָלט אויף די שפּאָלרעדלעך, און לעבן זייערע פיס אויף דער פּאַדלאָגע האָבן זיך געוואַלגערט, ווי וואַלד־שישקעס, בערגלעך מיט קאָלירטע שפּאָלן. מיט די דייטשן אַליין האָט זיך פאַרנומען דער טאַטע סאַנעלע. זיי, די דייטשן, פלעגט ער זאָגן, קען מען נישט איבערגעבן די יונגען. מיט די זובאַרדזער דייטשן מוז מען קענען אומגיין. די פּאָר „שטולן״, וואָס גייען ביי די דייטשן אויף לוין — ברענגען אויך דעם אמתן גראָשן אין שטוב אַריין.

דער טאַטע סאַנעלע האָט זיך טאַקע געמאַכט אַ קליין קאַנטאָרל ביים לעצטן פענצטער און דאָרט זיצט ער אַריינגערוקט גאַנצע טעג און חשבונט. אין אַ קליין ביכעלע שרייבט ער מיט קרומע ציטערדיקע יידישע אותיות דעם געוויכט פון די באַקומענע „שוס״, די געליווערטע סחורה, דעם אויסגעצאָלטן לוין...

יעדן פרייטיק קומען די דייטשן אין שטאָט אַריין זיך אָפּרעכענען. זיי קומען אין די הויכע הילצערנע טרעפּעס, מיט די פאַרלייגטע הויזן אין די הויכע, געשטריקטע זאָקן, וואָס זייערע ווייבער האָבן אַליין אויסגעשטריקט. זיי טראָגן אויף די פּלייצעס די פערטיקע סחורה, זעצן זיך אַוועק אויף די שוס־קעסטלעך לעבן דעם טאַטנס קאַנטאָרל און די מיידן היטן דערוויל יעדע באַוועגונג פון זייערע הענט. אַזאַ דייטש קאָן לייכט אויפהויבן ס׳דעקל פון קעסטל און אַריינפּאַקן צו זיך אין זעקל אַריין אַ גאַרשטש שפּאָלן. סאַנעלע זיצט דערוויל אַריינגעטאָן אין אַן אָפּרעכענונג מיט אַ דייטש, בעת די איבעריקע רויכערן שטאַרקע דייטשע מאַכאַרקע־פּאַפּיראָסן, שטופּן דעם אַליין־געפּלאַנצטן טאַבאַק אין די לאַנגע, געדרייטע לולקעס און שפּייען מיט אַ ברייט, דאַרפיש כראַקען איבער דער פּאַדלאָגע. זיי וואַרפן גלייכיקע בליקן צו סאַנעלעס געוויקסיקע מיידן, וואָס היטן זיי, שטייענדיק מיט די הענט אויף די צוואָקסענע באָקעס. די דייטשן ווייסן נישט צו וואָס די מיידן שטייען דאָ, כאַפּן זיי די מיידן פאַר די גאַמבעס מיט זייערע ווייסע, גליטשיקע הענט. די מיידן רייסן זיך אַרויס און פּאַטשן יענע איבער די פינגער.

יאָהאַן, אַ דייטש מיט אַ לאַנג פויגל־פּנים, וואָס זעט אויס ווי אַ „שיצן״ באַמיט זיך תמיד, בעת ער קומט אין שטוב אַריין צו סאַנעלען, צו רעדן אויף יידיש־לשון. ער טראָגט, דער דייטש יאָהאַן, אַ געלבלעכן פלאַכן הוט אויפן קאָפּ, וואָס זיצט אויף אים ווי אַ טעלער. אַז ער קומט אַריין — וואַרפט ער אַראָפּ פון דער פּלייצע ס׳פּעקל סחורה דווקא נעבן רוכטשען, נעמט אַראָפּ דעם פלאַכן הוט פון קאָפּ און ציט אויס צו רוכטשען אַ גליטשיקע, דורכזיכטיקע האַנט. רוכטשע רייסט נישט איבער ס׳דרייען אויפן שפּאָל־רעדל און לאָזט זיין האַנט הענגען אין דער לופט. דער דייטש שמייכלט פאַרלוירן און האַלט שוין יעצט איר געדיכטן קאָקס האָר, וואָס איז צונויפגעלייגט אויף איר ווייכן קאַרק ווי אַ קוילעטש, אין זיין האַנט, און אַריבערבויגנדיק זיך איבער איר, זיפצט ער איר גלייך אין פּנים אַריין מיט אַן אָטעם, וואָס שמעקט שוין מיט בראָנפן:

—איי — רוכטשע — רוכטשעלע — ווען דו מאַכן כאַסעלע? דו שיינע מעדלו!..

רוכטשע שטעלט זיך אויף פון שפּאָל־רעדל, פאַרריכט זיך דעם קאָקס האָר און בייזערט זיך אָפּ:

— דיין פאַרשיוועך עסק? — יאָהאַן נאַר...

די איבעריקע דייטשן, וואָס רעכענען זיך דערווייל אין ווינקל מיט סאַנעלען, לאַכן אַרויס פון ווינקל מיט דינע, שפּיציקע געלעכטערס, און יאָהאַן אַליין לאַכט אויך מיט. די יידן הינטער די „שטולן" שטעלן אָפּ די אַרבעט, און כאָטש ס'איז פרייטיק, און די ערב־שבת־שעהן לויפן עפּעס אַזוי גיך אַוועק — פאַרלייגט מען די האַריקע הענט אויף די ברוסטן, און מען קייכט פון געלעכטער אויף די זיץ־ברעטער, וואָס בייגן זיך אַזש אונטער זיך. די גאַנצע וועבער־שטוב טרייסלט זיך פון לאַכן, ביז סאַנעלע שרייט נישט אַרויס פון ווינקל:

— יאָהאַן!... ווייז נאָר די סחורה דיינע!... מ'עמער זעען וויפל ס'פעלט היינט צו דער וואָג!...

דער דייטש קריכט איבער די קאַסטנס אָנגעשטעלטע שוס. דערנאָך זיצט ער לעבן סאַנעלען אין קאַנטאָרל, און מען רעכנט זיך. די איבעריקע דייטשן, שוין אָפּגערעכנטע, וואַרטן ביי דער זייט, און די מיידן לאָזן נישט אַראָפּ זייערע בליקן אויף איין רגע פון זייערע הענט. סאַנעלע ווייס אויף וואָס די דייטשן וואַרטן. באַלד ווי יאָהאַן איז אָפּגערעכנט, וואַרפט סאַנעלע אויף זיך אַרויף דאָס קורצע פּאַלטנדל און לאָזט זיך אַרויסגיין. נאָך אים מיט די לײדיקע זעקלעך אונטער די אָרעמס גייען די דייטשן, איינער נאָכן צווייטן. מען גייט אין דער שענק אַריין צו דער אלמנה. און דאָ, ביי דער אלמנה אין שענק, ביי טעלערלעך געזאָטענע אַרבעס, ביי קאַלט פּילזנער ביר און האַרטע לעבערלעך, טרינקט סאַנעלע מיט זיינע דייטשן „לחיים" ביז צו ליכט־צינדן.

אַז סאַנעלע קומט צוריק, איז שוין די גאַנצע וועבער־שטוב אַן אַנדערע, — אַן אָפּגעצוואָגענע, אַ בלענדנדיקע. די שפּאָל־רעדלעך שטייען שוין אין די ווינקלען איבערגעדעקטע מיט טישטעכער און קאָלדרעס. די „שטולן" אַליין — פאַרהאָנגען. דער שבת איז דאָ. אַ טריבלעכער, אַ סודותדיקער שווימט ער אַרויס פון אונטער די ווייסע קעלער־ווענט און ווינקלען, ווי ער וואָלט דאָרט געזעסן פאַרבאַהאַלטן אַ גאַנצע וואָך און נאָר אָפּגעוואַרט דאָס קומען פון דער פרייטיקדיקער שבת־שעה. אויפן טיש שטייען די געלע פאַרחלבטע לייכטער, און ס'ברענען אין זיי ווייסע( בלאַנקענדיקע ליכט. די מיידן וואַשן אין אַ גרויסער שיסל זייערע שוואַרצע קעפּ האָר און קעמען זיי אויס מיט קליינע געדיכטע קעמעלעך. די יונגען וואַרטן נישט אויפן טאַטן און לויפן אַליין אָפּדאַווענען. דער טאַטע, באַלד ווי ער קומט צוריק פון שענק, וואַרפט ער פון זיך אַראָפּ די וואָכעדיקע וועסט מיט דעם פּאַפּירענעם געלט אין די טעשלעך און הענגט זי אַוועק אין שאַנק. ער וואַרפט אויף זיך אַרויף די שבתדיקע יופּיצע און גיט אַ קוק אינדרויסן אַרויס. ס'איז שפּעט שוין צו גיין אין שול אַריין. שטעלט ער זיך אַוועק אין אַ ווינקל, די הענט אָנגעלענט אויף דער פאַרדעקטער „לאַדע" פונם וועבער־שטול און לאָזט זיך אַוועק, ווי אַ ווינט, אין אַ שנעלן וועבעריש־היציקן דאַווענען.

* * *

ווען די מאַמע שרה־לאה איז אָפּגעשטאָרבן, איז רוכטשע נאָך געווען כמעט אַ קינד. די איבעריקע מיידן און יונגען זענען געווען שוין דערוואַקסענע און געפירט ס'פאַבריקל. דער עלטסטער, וויגדער, איז אַפילו אַליין אויך געזעסן אונטערן „שטול" און געאַרבעט. ער האָט נישט געקענט, ווי די אַנדערע ברידער, פאַרנעמען זיך אַ גאַנצן טאָג מיט שרייבן אין די וועבער־ביכלעך, נאָכקוקן די סחורה, צי זי איז נישט פעלערהאַפט, און שרייען אויף די דאַרע וועבער־יידן זיי זאָלן פעסטער „צוקלאַפּן". דאָס איז פאַר וויגדערן נישט געווען קיין אַרבעט. אים האָט זיך בעסער געוואָלט זיצן אונטערן „שטול", קלאַפּן מיט דער „לאַדע", ווי די אַנדערע יידן, און נאָך דער אַרבעט לייענען יידישע ביכלעך פון דער ביבליאָטעק. אַז דער טאַטע איז געוואָרן אַן אלמן, האָבן די טעכטער איבערגענומען ס'באַלעבאַטישקייט און נאָכגעגאַנגען דעם טאַטן, ווי מען גייט נאָך אַ קראַנק קינד. סאַנעלע אַליין האָט זיך מאַנכמאָל אַרונטערגעכאַפּט אונטערן „שטול" און אַליין געאַרבעט. ער פלעגט דעמלט אַזוי אָפּאַרבעטן עטלעכע טעג, און מ'האָט געזען, אַז ער טוט דאָס אין גרויס אבלות. די קינדער האָבן געוווסט, אַז דעם טאַטן גריזשעט עפּעס. די וועבער־געזעלן האָבן זיך געסודעט: סאַנעלע גייט כאַדאָראָם.... אַז די דייטשן פון זובארדז זענען געקומען מיט די פעקלעך, האָבן די זין געמוזט זיך אָפּרעכענען. ער אַליין, סאַנעלע, האָט זיך פאַר די דייטשן אויסבאַהאַלטן, כדי נישט צו דאַרפן גיין צו דער אלמנה אין שענק אַריין. די פּאָר גילדן אויף ביר און געזאָטענע אַרבעס האָבן די דייטשן סיי־ווי געקראָגן צוזאַמען מיטן לוין־געלט.

צו יענער צייט איז דאָס געשען, אַז די מומע זעלדע פון אָפּאַטאָוו, דעם טאַטנס אַ ווייטע קרובה, האָט אַנומלט געשריבן אַ בריוו, אַז זי וויל קומען קיין לאָדזש „אויסזוכן עפּעס" פאַר איר יתומה, שיינדעלען. אינעם זעלביקן בריוו האָט זי זיך, אגב, אויך אָנגעפרעגט, צי ווייס ער נישט, סאַנעלע, אַמ... פון עפּעס אַ לייטישן שידוך פאַרן קינד. בעת ער האָט געהאַלטן ס'בריוול אין די הענט, האָט דאָס בייגעלע פּאַפּיר אונטערגעציטערט אין זיינע פינגער. אינעם בריוו איז אויך געווען ביגעלייגט אַ פאָטאָגראַפיע פון שיינדעלען. אָנגעלענט אויף אַ ווייס מאַרמאָרן טישל איז זי געשטאַנען, דער מומע זעלדעס טאָכטער, מיט אַ שיינעם קאָפּ האָר, מיט נאַקעטע הויכע אָרעמס און מיט אַן אָפן, ווייך שיין פּנים. „ס'איז מיר אַ שאָד ס'קינד — האָט די מומע געשריבן אין בריוו — זי זאָל מיר פאַרטאַכליעוועט ווערן דאָ אין קליינעם אָרט. אַז זי וועט קומען צווישן מענטשן, וועט זיך שוין, מיט גאָטס הילף, עפּעס מאַכן. אַ גוטע נייטאָרין איז זי, אַ ניי־מאַשין אין נדן איז אויך דאָ, און אַ פּאָר גראָשן פעלט אויך נישט — און דערצו אַ געראָטן קינד, קוים נײַנצן יאָר. און לאָדזש איז דאָך עפּעס אַ שטאָט, וויל איך טאַקע — שרייבט די מומע זעלדע — אַראָפּכאַפּן זיך אויף אַ טאָג צוויי צו אייך מיט שיינדעלען, נאָר היות ווי איך בין פרעמד אין לאָדזש, צי וואָלט מען נישט געקאָנט ביים פעטער איינשטיין אַ פּאָר טעג?"

סאַנעלע האָט געהאַלטן די פאָטאָגראַפיע צווישן די פינגער און זי געוויקלט, ווי מען וויקלט אַ קייטעלע פון אַ זייגער. באַלד ווי די פאָטאָגראַפיע איז אַרויסגעפאַלן פונעם בריוול, און אויף אים האָט אַ קוק געטאָן אַ יונג ווייך פּנים פון, דוכט זיך, אַ פרעמד געוויקסיק מיידל — האָט אים פאַרכאַפּט עפּעס דער אָטעם. ס'איז אים געוואָרן אי אומהיימלעך, אי וואַרעמער צווישן די פינגער. ער האָט זיך נישט געוואָלט צוגלויבן, אַז אין די גרויסע וואַרעמע אויגן פון דעם פרעמדן מיידל ליגט עפּעס אַ לייכטער שאָטן פון זיין פאַרשטאָרבן ווייב. שפּעטער אַביסל איז אים דאָס פּנים פרעמד געוואָרן,

נאָר ער האָט בשום אופן נישט געקענט אָפּיאָגן פון זיינע אויגן עפּעס אַ מין כשופדיקן שאָטן, וואָס איז אים נאָכגעגאַנגען אין יעדן ווינקל. ער איז געוואָרן בייז אויף דער מומע זעלדע. זעלדעלעס קאָפּ!... אים האָט פאַרדראָסן, פאַרוואָס די ייִדענע שרייבט נישט אָפּענע דבורים. אַזוי און אַזוי. וואָס טויג איר דער באַהאַלטענער גאַנג? אָבער ענטפערן דאַרף מען איר. זאָל זי נישט מיינען דאָרט ווער ווייס וואָס, די מומע זעלדע...

אין אָוונט, אַז די וועבער־געזעלן זענען אָפּערגעקראָכן פון אונטער די „שטולן״ און אַוועק אַהיים, און סאַנעלע איז געזעסן ביים נאַכטעסן מיטן גאַנצן הויזגעזינט, האָט זיך רוכטשע אָפּגערופן:

— וואָס זאָגסטו עפּעס דערצו, טאַטע?...

אויפן טיש, אויפן בייגעלע פּאַפּיר, איז געלעגן שיינדעלעס פאָטאָגראַפיע, און זי האָט געקוקט גלייך אין דער לאָמפּ אַריין.

דער טאַטע האָט באַלד נישט געענטפערט, געשניטן שווייגנדיק רעפטלעך ברויט.

נאָך אַ לאַנגער רגע האָט זיך סאַנעלע אָפּגערופן, נישט אויפהויבנדיק פון טיש די אויגן:

— דו מיינסט זעלדעס בריוו, מיינסטו? ווייס איך וואָס... אַ ייִדענע קריכט אויף גלייכע ווענט... מיינט, אַז כ׳בין געוואָרן ראָטשילד... און צווייטנס...

ער האָט איבערגעריסן אינדערמיט און געשמירט די רויטלעכע מאַרמעלאַדע אויפן ברויט. — ס׳פעלן אויס אכסניות אין לאָדזש? געפונען אַן אָרט ווו צו שלאָפן!... ס׳איז דען דאָ ווו?

רוכטשע האָט געזען ווי דעם טאַטן איז דער ביסן שטיין געבליבן אין דער מיט קעל. זי האָט זיך געשעמט קוקן דעם טאַטן גלייך אין פּנים אַריין. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דער טאַטע וואָלט יאָ געוואָלט די מומע זעלדע זאָל איינשטיין טאַקע דאָ. נאָר עפּעס האָט דאָס נישט געפּאַסט.

די זין זענען געזעסן און שווייגנדיקערהייט געטרונקען טעפּעלעך הייסע קאַווע. בעת דעם גאַנצן שמועס האָבן זיך זייערע אויגן נישט אויפגעהויבן פונעם טיש.

ווידער האָט זיך אָפּגערופן:

— אָבער ענטפערן דאַרף דער טאַטע... אַזוי און אַזוי... ס׳איז ענג, נישטאָ קיין אָרט... און וואָס שייך ווידער...

סאַנעלע האָט אים אַ ביסל בייזלעך איבערגעריסן:

— כ׳על שוין וויסן וואָס צו שרייבן, כ׳על שוין וויסן!... דאַרפסט מיך נישט לערנען!...

ער האָט זיך געפילט ווי אַ געפּאַנגענער צווישן די זינס און טעכטערס בליקן, ווי אַ פישל פאַרוואָרפן אין אַ נעץ.

באַלד נאָכן נאַכטעסן האָט דער טאַטע זיך אַוועקגעזעצט אין זיין קאַנטאָרל אין ווינקל, אַרויסגענומען אַ ריין בייגעלע פּאַפּיר און ביז טיף אין דער נאַכט אַריין געשריבן דאָרט תשובה.

* * *

אין אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט זיך איינמאָל אויפגעעפנט די טיר, און אין שטוב זענען אַריין די מומע זעלדע פון אָפּאַטאָוו מיט דער טאָכטער. ביידע האָבן זיי געהאַט קליינע לעדערנע וואַליזקעלעך אין די הענט און אויף די קעפּ — קאַפּעלושלעך מיט קאָלירטע שטרויס־פעדערלעך. די משפחה האָט זיך כמעט ווי נישט געקענט. סאַנעלע האָט ערשט געמוזט פאַרשטעלן ביידע פרויען צו זיינע זין און טעכטער. מ׳האָט זיך דערלאַנגט די הענט און קאַלט געשמייכלט. די מאַמע מיט דער טאָכטער זענען געווען ענלעך צו זיך. אַז שיינדעלע האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם מאַנטל, איז זי שטיין געבליבן אין אַ לייכט זומערדיק קליידל, פון וואַנען ס׳האָבן זיך אַריבערגעגאָסן אירע יונגע צעבליטע אַקסלען. זי איז געווען פולכנע מיט רונדיקע אָרעמס און מיט וואַרעמע שוואַרצע אויגן. די האָר זענען ביי איר געווען פאַרקעמט ווי ביי רוכטשען — אין אַ קוילעטש אויף הינטן אַרום. פון איר גאַנץ געשטעל האָט זיך געטראָגן אַ שטילער ריח פון עפּעס אַ שיטערן קליינשטעטלדיקן פּאַרפום. זי האָט געהאַט רויטלעכע, פון זון אָפּגעברענטע בעקלעך און זייער דראָבנע שאַרפע ציינדלעך. די מוטער, די מומע זעלדע, האָט אַן אויפהער געקוקט אויף דער טאָכטער, דערנאָך אויף סאַנעלען און געשמייכלט מיט עטלעכע גאָלדענע ציין. ס׳האָט איר דאָס האַרץ הנאה געטון. איר בליק האָט זיך געגליטשט צווישן די זינס און טעכטערס אויגן און דערנאָך געבליבן הענגען אויף סאַנעלעס טונקל, פלאַטשיק פּנים. אין איר קאָפּ האָט זיך אַרומגעטראָגן אַ טונקעלע מחשבה: ס׳וועט שוין עפּעס אַרויסקומען דערפון... עפּעס וועט שוין אַרויסקומען...

ס׳איז שוין געווען נאָענט צו פּאַרנאַכט, ווען די מומע זעלדע מיט שיינדעלען זענען אָנגעקומען. ביים נאַכט־עסן זענען אַלע געזעסן אין דער גרויסער שטוב, דאָרט ווו ס׳איז געהאַנגען איבער סאַנעלעס בעט אַ גרויסער פּאָרטרעט פון זיין פאַרשטאָרבן ווייב, פון שרה־לאהן, אינעם זעלבן חדר איז אויך געשטאַנען רוכטשעס בעט. מ׳האָט געגעסן געקאָכטע קאַרטאָפל אין די שאָלן מיט הערינג, דערנאָך ווורשט און טיי. די מומע זעלדע האָט דערמאָנט נעמען פון דער משפחה, וואָס קיינער פון סאַנעלעס קינדער האָט זיך נישט געקאָנט דערמאָנען. סאַנעלע אַליין איז פון צייט צו צייט אויפגעשפּרונגען מיט „אַ־האַ! דאָס איז דאָך פון פעטער שמואלס צד״, אָדער: „ניין, פון זיידע אַנשלס צד קען איך קיינעם נישט״... מען האָט אויסגעהערט ווי די ייִדענע דערציילט וונדער וועגן סאַנעלעס משפחה, וואָס שייך ווידער איר, שרה־לאהן, סאַנעלעס ווייב, עליה השלום, איז אַזאַ מענטש נישט געווען צו טרעפן אין דער וועלט, שוין נישט ריידנדיק פון דעם וואָס זי אַליין, שרה־לאה, האָט גראַד ווי זי, זעלדע, געשטאַמט פון בלויז שיינע ייִדן. אַז מ׳האָט זיך דאָרט אין אָפּאַטאָוו דערוווּסט, אַז שרה־לאה איז געשטאָרבן, איז ס׳גאַנצע שטעטל געזעסן שבעה... ס׳איז דען געווען אַזאַ ליכטיקער מענטש ווי שרה־לאה! — הויבט די מומע זעלדע אויף אירע אויגן צום פּאָרטרעט איבערן בעט, און פון דאָרט גליטשן זיי זיך אַראָפּ אויף שיינדעלען, וואָס זיצט לעבן איר.

ביים טיש איז שטיל און די מומע זעלדע רעדט ווייטער.

— מיין בערל פלעגט שטענדיק זאָגן: ווייסט צו וועמען שיינדעלע איז ענלעך? צו דער מומע שרה־לאה פון לאָדזש... און כ׳זע טאַקע, אַז אינגאַנצן אומגערעכט איז ער נישט געווען....

סאַנעלע קוקט נישט אויף דער מומען די גאַנצע צייט בעת זי רעדט. אָבער אַז זי זאָגט וועגן דער ענלעכקייט פון שיינדעלען צו שרה־לאהן, הייבט ער אויף

אַ רגע די אויגן און קוקט פון דער זייט אויף שיינדעלען.

זי זיצט, שיינדעלע, אַ צעטומלטע, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, דריוולענדיק אַ פראַנדז פון טישטעך. סאַנעלעס אַריינגעזעצטע אויגן ציען זיך איבער מיט אַ פייכט נעפּעלע. אין שיינדעלען פלאַמט אַלץ אינעווייניק, און זי שפּירט ווי דער אָטעם אירער ווערט קירצער און אָפּגעהאַקטער. דאָס דאָזיקע איינגעפאַלענע יידעלע מיט די פאַרוואָקסענע ווערבערישע הענט דערמאָנען זי אין אַ פראָש פונעם אָפּאַטאָווער טייכל. אַז די אויגן זייערע טרעפן זיך, ווערט איר בליק פאַרהעקלט אין זיינע אַריינגעזעצטע טונקעלע אויגן און קאָנען בשום אופן נישט אַרויס פונעם גרינעם, טונקעלן פּנים פון דעם קליינעם סאַנעלע.

— און פאַרוואָס מאַכט דער פעטער קיינעם נישט חתונה? כ'זע, קיין עין הרע, שיינע מיידלעך, און געראָטענע זין...

— זיי וועלן גאָרנישט פאַרשפּעטיקן, נישטאָ וואָס צו פאַרשפּעטיקן — ענטפערט איר אָפּ אין אַ שטילשטימעלע סאַנעלע: אַ קינד טאָר מען נישט טרייבן פון שטוב... ווילסט חתונה האָבן — האָב חתונה, ווילסט נישט — בלייב אין שטוב געזונטערהייט!... ס'איז געלט אויף פּראָצענט...

— כ'לעבן, טאַקע געלט אויף פּראָצענט, — צעזיפצט זיך די מומע זעלדע מיט פאַרלייגטע הענט, אַרומקוקנדיק זיך איבערן טיש.

מען שמועסט נאָך לאַנג נאָכן עסן. מען טרינקט ווידער טיי מיט ציטרין נאָכן הערינג, וואָס ברענט אויפן האַרץ. דערנאָך שטייט סאַנעלע אויף און רעדט סתם אַזוי אין דער לופט אַריין:

— נו, גוט... זאָל שיינדעלע בלייבן... מ'עט שוין זען... ווי שייך — אַ שטאָט מיט יידן...

דאָס גאַנצע הויזגעזינד זיצט ווי אונטערגעצונדן פון טאַטנס רייד. אויף דעם האָבן זיי זיך נישט געריכט. די גאַנצע וויזיט פון דער מומען זעלדע ווערט זייער פיינלעך, און אַלע קוקן זיי אויפן גרויסן פּאָרטרעט פון דער מאַמען, וואָס קוקט דאָ אַראָפּ אין דער שטוב מיט טרויעריקע, פאַרשטאָרבענע אויגן.

סענדערן, דעם מיטלסטן, וואָס פירט די אָפּרעכנונגען מיט די דייטשן, קרענקט עס וואָס דער טאַטע איז מיט איינמאָל אַזאַ צוגעפאַלענער. ס'האַרץ אין אים ברענט פון אַ בייז געפיל. די איבעריקע יונגען שוויגן פאַרביסן און אין זייער שוויגן ליגט אַ שטיק להכעיס. דער טאַטע, זעען זיי, מיינט צו פאַרקאָכן אויף דער עלטער אַ קאַשע... סאַנעלע קוקט אויף זיינע יונגען און זעט ווי אויף זייערע שטערנס זיצן טראָפּנס שוויס. אים, סאַנעלען, ווערט מיט איינמאָל קיל און די אויגן הויבן זיך אים אָן קלעפּן צום שלאָפן. די פענצטער שטייען אָפן אין הויף אַריין. פון דרויסן קוקט אַריין אַ וואַרעמע, אויסגעשטערנטע נאַכט. די טעכטער זופן טיי און רופן זיך נישט אָן קיין וואָרט.

סענדער קאָן זיך נישט איינהאַלטן און פּלאַצט אַרויס:

— די מאַמע האָט געדאַרפט לעבן און צוזען אונדזער בראָך!...

דער מומע זעלדעס פּנים באַפאַלט אַ בייזע גרינקייט. זי איז שטאַרק באַליידיקט. אויף דעם האָט זי זיך נישט געריכט. צו דעם איז זי דאָך נישט געקומען אַהער קיין לאָדזש...

אירע ליפּן זענען ווייס און ציטערן אַרויס:

— כ'האָב געמיינט, אַז דער באַלעבאָס דאָ ב י ס ט ו, סאַנעלע... דערווייל זע איך גאָר...

זי ענדיקט נישט און ווערט פאַרשוויגן. די שטילקייט זעצט זיך אַוועק אין שטוב. סאַנעלעס קליין גופל קאָרטשעט זיך נאָך מער איין צווישן די הויך־געוויקסיקע יונגען, וואָס האַלטן זייערע באַהאָרטע ווערבערהענט איבערן טישטעך. ס'פאַרדריסט אים סענדערס חוצפּה. אים קומט אויס, ווי ער וואָלט געוואָרפן געוואָרן פון איין האַנט אויף דער צווייטער. ער נעמט צוזאַמען אין זיך אַ ביסל כוח און שטאַמלט אַרויס:

— דערווייל, זעלדע, לעב איך נאָך, און ווי לאַנג א י ך לעב — בין א י ך באַלעבאָס... און נישט זיי...

אויסריידנדיק דאָס, לאָזט ער אַראָפּ אַ פויסט איבערן טישטעך, פון וואָס די טעלער שפּרינגען אונטער מיט אַ מאַטן קלונג.

די זין זענען ווי דעם טאַטן וואַרפט עס אינעווייניק... ער ציטערט אינגאַנצן, זיצנדיק אויפן שטול. דאָס ביינערדיקע פּנים ווערט אים נאָך פלאַטשיקער, די באָרד — שיטערער, און די אַריינגעזעסענע אויגן וואַרפן מיט אומהיימלעכע בליצן. ס'איז אינגאַנצן נישט דער טאַטע. זיי שעמען זיך פאַר דעם אָפּאַטאָווער מיידל, וואָס זיצט אַ פאַרלוירענע. און אַלץ צוליב דער מומען. דעם גאַנצן כעס האָבן זיי טאַקע אויף איר, אויף דער מומע זעלדע. אַזאַ אָפּאַטאָווער שלאַק... דעם עלטסטן, וויגדערן, קומען אַזש טרערן אין די אויגן אַריין. ער וואָלט גערן אָנגענומען דאָס אָפּאַטאָווער מיידל פאַר דער האַנט און מיט איר אַרויס אין טונקעלן קאָרידאָרל, כדי איר אַלץ אויפצוקלערן... ער וואָלט מיט איר זיך אַוועקגעזעצט אויף דער טרעפּ — און דערציילט וועגן דער גאַנצער זאַך...

דער טאַטע שוימט נאָך אַלץ פאַר כעס, ווי אַן אויפגעפּראָפּטע פלאַש ביר. דער קליינער סאַנעלע קאָן זיך גאָרנישט באַרואיקן. אַזאַ בזיון... די יונגען זאָלן א י ם אַ דעה זאָגן!...

וויגדערן דריקט עס שוין אין גאָרגל, שטעלט ער זיך אויף און וואַרפט דער מומע זעלדען גלייך אין פּנים אַריין:

— די מומע מיינט אפשר, אַז היינט איז ס'נייַנצנטע יאָרהונדערט? האָט די מומע אַ טעות!... היינט איז ס'צוואַנציקסטע יאָרהונדערט!... דער מענטש איז אַ פריי וועזן... דער מענטש איז נישט קיין שקלאַף!...

נישט אַלץ, וואָס וויגדער האָט אַרויסגעשריגן פון זיך, האָט די מומע פאַרשטאַנען, זי האָט זיך אָנגעשטויסן פון זיין פּנים, אַז מסתמא האָט ער זי דאָ זייער שטאַרק באַליידיקט. ניין, זי קען שוין נישט בלייבן דאָ קיין איין מינוט. זי טאָר נישט בלייבן. זי שטעלט זיך אויף, כאַפּנדיק די טאָכטער פאַר דער האַנט:

— כ'האָב זיי גענוג, גענוג!... קום, נעם שוין די וואַליזקעס!... כ'זאָל וויסן וואָס — וועל איך דאָ נישט בלייבן!... קום!...

דאָס איז שוין געווען פאַר סאַנעלען צופיל. ער איז אויפגעשפּרונגען און אין איין רגע האָט ער דערלאַנגט וויגדערן און סענדערן פייערדיקע פּעטש. די פּעטש האָבן טעמפּ אָפּגעהילכט אונטער דער לאָמפּ.

די זין זיינען האָבן אַרויסגענומען ברייטע געקראָכמאַליעטע טאַשן־טיכלעך פון די קעשענעס, אַרומגעווישט

די רויט־געוואָרענע באַקן און געלאָזט זיך פאַרשעמטע, ווי חדר־יינגלעך, צו דער טיר פון דער צווייטער שטוב. נאָך זיי האָבן זיך אויפגעהויבן די טעכטער צעטומלטע. געבליבן אין שטוב איז בלויז רוכטשע מיט טרערן אין די אויגן. סענדער האָט, צוקומענדיק צו דער טיר, אויסגעדרייט זיך, שרייענדיק אין דער שטוב אַריין:

— אַלטער ווייבערניק!...

און צוגעקלאַפּט הינטער זיך די טיר.

ערשט יעצט האָט סאַנעלע אָפּגעעטעמט. די גאַנצע צייט, בעת די יונגעו זענען געזעסן ביים טיש, האָט סאַנעלע נישט צוגעלאָזט צו זיך דעם ווילן צו קוקן אויף שיינדעלען. די גאַנצע צייט איז ער געווען קליין און צעבראָכן אין די אייגענע אויגן. יעצט, ווי די טיר האָט זיך צוגעפּראַלט נאָך סענדערן, האָט ער זיך צוריק אַוועקגעזעצט ביים טיש און געקוקט דאָ אויף דער מומע זעלדען און דאָ אויף שיינדעלען. זיינע אויגן זענען לענגער געבליבן הענגען אויף איר רונדיק, שיין פּנים, און אַליין האָט ער געפילט, דער קליינער סאַנעלע, ווי דאָס האָריקע האַרץ אונטערן העמד טייעט ביי אים אויף אין אַ ווייט, שוין לאַנג אויסגעלאָשן פייער. ער האָט זיך אויסגעגליכן די איינגעקרומט־וועבערישע פּלייצע, פאַרריכט די אַרבל פונעם פאַרלייגטן קאָלירטן העמד און געפילט דאָס חשיבות אין די אייגענע אויגן.

דער טאַטע סאַנעלע האָט געהייסן מאַכן נאַכט. דער מומע זעלדען און שיינדעלען האָט ער געהייסן זיי זאָלן זיך אויסבעטן אויף דער סאָפּקע נעבן רוכטשען. מיט פאַרמאַכטע אויגן איז ער דערנאָך אַליין געזעסן ביים טיש און געהערט דאָס גערויש פון חדר־ווינקל. דאָס האָבן די ווייבער זיך געגרייט שלאָפן. אַז ס'איז געוואָרן גאָר שטיל, האָט זיך סאַנעלע אויפגעהויבן פון אָרט און מיט דער ברייטער דלאָניע זיך אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן. ער האָט אויסגעלאָשן ס'ליכט און אין דער פינצטערניש זיך אָנגעהויבן אויסטאָן. ער האָט אין דער טונקלקייט פון דער שלאָף־שטוב אויפגעהויבן זיינע אויגן איבערן בעט — צום גרויסן פּאָרטרעט פון זיין פאַרשטאָרבן ווייב. פאַר זיינע אויגן האָט פּלוצים אונטער די פאַרמאַכטע אויגן־דעקלעך אַדורכגעשוועבט שיינדעלע, בעת זיינע ליפּן האָבן קאַלט געמורמלט:

— אינגאַנצן שרה־לאה, אינגאַנצן שרה־לאה...

* * *

נאָכדעם ווי די מומע זעלדע איז אַהיימגעפאָרן קיין אָפּאַטאָוו און שיינדעלע איז געבליבן ביי סאַנעלען אין שטוב, האָבן די טעכטער איינציקווייז אָנגעהויבן צו אַנטלויפן. דער טאַטע סאַנעלע האָט זיך חדשים געקליבן חתונה האָבן. די טעכטער האָבן זיך אַליין אויסגעזוכט חתנים, גענומען דעם אויסשטייער און נעלם געוואָרן. ס'איז דאָך געווען אַ בושה פאַר מענטשן די גאַנצע מעשה מיטן טאַטן. די וועבער־יידן פון באַלוט האָבן נישט אויפגעהערט רעדן: — סאַנעלע גייט כאַדאָראָם...

די יונגעו האָבן אָנגעהויבן פאַרנאַכלעסיקן די אַרבעט ביים טאַטן אין פאַבריקל, געקראָכן צו באַלוטער מיידן גאַנצע טעג, און איידער מ'האָט זיך אומגעקוקט, איז די שטוב געוואָרן אַ ליידיקע, ווי אַ מאַרק נאָך אַ יריד. געבליבן איז בלויז ווינגדער, דער וואָס איז אַליין געזעסן אונטערן „שטול" און געלייענט ביכלעך פון ביבליאָטעק, און די יינגסטע רוכטשע, וואָס האָט געדרייט אויפן שפּאָלרעדל.

אַז די איבעריקע זין זענען אויך אַנטלאָפן, האָט זיך עפּעס ס'מזל אָפּגעטון פון קליינעם סאַנעלע. ס'איז נישט געווען ווער ס'זאָל פירן ס'פאַבריקל. די דייטשן פון זובארדז האָבן געגנבעט שוס און קעטע. סאַנעלע אַליין האָט זיך נישט געקענט מיט זיי קיין עצה געבן. דערצו איז סתם געוואָרן שלעכט. יידן זענען אַוועק אַרבעטן אין די פאַבריקן, די קאָנקורענץ איז געוואָרן גרויס. די וועבער־יידן אין באַלוט האָבן אַוועקגעוואָרפן דעם הונדערטיעריקן וועב־שטול, וואָס איז איבערגעגאַנגען בירושה פון דור צו דור, און מען האָט זיך גענומען צו אַנדערע מלאכות. פון וועבעריי איז נישט געווען וואָס צו עסן. אין די געסעלעך, וואָס זענען געווען פול מיט קלאַפּעריי פון די וועבער־שטולן, איז יעצט געלעגן אַ פאַרשלאָסן שווייגן, ווי אויף אַ בית־עלמין. די פּנימער פון די וועבער־יידן האָבן געקלעפּט אין די שויבן, בלאַסע און פינצטערע, ווי גרויסע פאַרטרוקנטע שמעטערלינגען.

סאַנעלע האָט זיך עפּעס נישט געאיילט מיט דער חתונה. דערווייל איז דאָס מיידל פון אָפּאַטאָוו געזעסן אין שטוב, געגעסן, געשלאָפן צוזאַמען מיט רוכטשען אין איין בעט און בייטאָג גענייט קאָלדרעס אויף דער ניי־מאַשין. דער טאַטע האָט געזען, ווי ס'מיידל איז זינט זי איז געקומען אינגאַנצן איינגעפאַלן. אירע באַקן זענען אַראָפּ. ס'קליידל הענגט אויף איר לויז און פרעמד.

נישט איין מאָל איז אויסגעקומען ווינגדערן מיט שיינדעלען אַ שמועס צו טון.. ער האָט געוואָלט וויסן, ווי ס'זעט אויס ביי זיי אין קליינעם אָרט. יאָ, ביי זיי איז פאַראַן אַ קליינע ביבליאָטעק, נישט קיין סך ביכלעך. זי געדענקט אַפילו וואָסערע ביכלעך: קאַרל מאַרקס, אברהם רייזען, עדעלשטאַט...ניין, געלעזן האָט זי נישט קיין סך, בלויז רייזען. ווי ס'געפעלט איר? אָ, זי האָט עס שוין אַזוי לאַנג געלייענט... אַז ס'וואָלט געווען דאָ אַ ביכל, וואָלט זי גערן געלייענט. צי האָט ער נישט אַמאָל, ווינגדער, עפּעס אַ יידיש ביכל?

דער טאַטע זעט ווי ווינגדער שטייט לעבן שיינדעלען ביי דער מאַשין און דערלאַנגט איר אַ ביכל. ווינגדער דרייט זיך אַרום ליידיק, קיין אַרבעט איז נישטאָ, זיצט ער גאַנצע טעג אונטערן „שטול" און שלינגט יידישע ביכלעך. ס'געשעט אָפּט, אַז סאַנעלע זעט ווי ווינגדער און שיינדעלע זענען ביידע פאַרטון אין די ביכלעך: ער — אונטערן „שטול", זי ביי דער ניי־מאַשין. דערנאָך טוישן זיי זיך מיט די ביכלעך און ביים טוישן די ביכלעך פאַרפּלאָנטערן זיך עפּעס זייערע פינגער און ביידע שעמען זיך לאַנג צו קוקן איינער דעם צווייטן אין די אויגן אריין.

סאַנעלע זיצט גאַנצע טעג אַ פאַרשלאָסענער אין זיין קאַנטאָרל. זינט ס'יונגוואַרג איז אַנטלאָפן פון דער היים, איז דער טאַטע געוואָרן נאָך קלענער און איינגעשרומפּענער. ער קוקט פון דער זייט אויף ווינגדערן און דערמאָנט זיך דעם פּאַטש, וואָס ער האָט אים אַנומלט געגעבן, צוזאַמען מיט סענדערן, בעת דער מומע זעלדעס וויזיט. ער שעמט זיך צו קוקן דעם זון אין פּנים אַריין. ער פאַרגראָבט זיין טונקל פלאַטשיק פּנים אין די ברייטע וועבערישע הענט, און אַ ווייטיקלעכע חרטה גריזשעט אים דאָס האַרץ.

ס׳איז האַרבסט אינדרויסן. אַ פויל דראָבנע רעגנדל וואַשט די הילצערנע הייזלעך. רויטלעכע בלעטער פון אַלטע פוילישע קאַשטאַן־בוימער יאָגט אהער דער ווינט פון די ראַדאָגאָשטשער פעלדער. אין די גרויסע קעלער־שטובן ביי סאַנעלען, ווו ס׳זענען געשטאַנען די וועבער־שטולן, און די נגונים פונם יום־טובדיקן דאַווענען האָבן זיך אויסגעמישט מיטן קלאַפּן פון די לאַדעס, שטייט נישט מער יעצט ווי איין „שטול" — וויגדערס. די איבעריקע זענען שוין לאַנג פאַרקויפט. רוכטשע העלפט שיינדעלען נייען אויף דער מאַשין קאָלירטע העמדער פאַר גבירישע טעכטער, וואָס גרייטן זיך אויסשטייערס. די מומע זעלדע האַלט אין איין שרייבן, אַז שיינדעלע זאָל אַהיימקומען קיין אָפּאַטאָוו, נאָר שיינדעלע האַלט אַלץ אין איין אָפּלייגן.

אַנומלט זיצט מען ביים נאַכטעסן, ביי קאַרטאָפל און קלייען־באָרשט. שיינדעלע און רוכטשע נעבן זיך ביי איין זייט, קעגנאיבער — סאַנעלע מיט וויגדערן.

פלוצים, נישט אויפהויבנדיק די אויגן פון טישטעך, רופט זיך אָפּ דער טאַטע:

— נו, וואָס, שיינדעלע, מ׳עט שטעלן אַ חופּה?

אַלע ביים טיש שווייגן. דעם טאַטנס רייד זענען געבליבן הענגען אין דער שטוב און ציטערן לאַנג אונטערן בעליק. שיינדעלען הייבן אָן ציטערן די פינגער. שוין חדשים ווי דער פעטער האָט גאָרנישט גערעדט וועגן דעם און פלוצטאַלבן — גאָר אַרויסגעשפּרונגען מיט דעם. זי ווייס נישט וואָס צו ענטפערן. זי הערט נאָר ווי סאַנעלע רעדט ווייטער.

— ווי מיינסטו, וויגדער, ס׳איז שוין צייט צו שטעלן אַ חופּה?

וויגדער קוקט זיך איבער מיט רוכטשען. רוכטשע שעמט זיך צו קוקן שיינדעלען אין די אויגן אַריין. אַ רחמנות באַפאַלט זי אויפן מיידל. וויגדער ענטפערט שטיל, מיט פאַרפעלטן אָטעם אין דער קעל:

— אויב דער טאַטע וויל אַזוי...

סאַנעלע שטעלט זיך אויף, גייט צו צו שיינדעלען און דערלאַנגט איר די האַנט.

— טאָ זאָל ענק זיין מיט מזל, קינדער... מזל טוב, וויגדער!...

וויגדער ווייס נישט וואָס צו טון מיט זיינע הענט, וואָס ליגן אומרואיקע אויפן טיש. רוכטשען קומען טרערן אין די אויגן אַריין. שיינדעלע שטעלט זיך אויף און פאַלט סאַנעלען מיט אַ כליפּ אויפן האַלדז ארויף.

סאַנעלע שטייט אַ צעטומלטער, נאָר זיינע ליפּן מורמלען אין זיך אַריין:

— אינגאַנצן שרה־לאה!... אינגאַנצן שרה־לאה!... אינגאַנצן שרה־לאה!...

* * *

צוויי וואָכן שפּעטער איז וויגדער מיט שיינדעלען אַוועקגעפאָרן קיין אָפּאַטאָוו און דאָרט פאַרבליבן. סאַנעלעס שטוב איז שוין אינגאַנצן וויסט געוואָרן. שיינדעלע האָט מיטגענומען מיט זיך די ניי־מאַשין. רוכטשע איז געבליבן אליין מיטן טאַטן. מ׳האָט אָפּגעגעבן צוויי שטיבן און געבליבן בלויז אין איינער, ווו ס׳איז געשטאַנען וויגדערס וועב־שטול. די אַנטלאָפענע זין און טעכטער קומען זעלטן צום טאַטן. זיי האָבן אַליין נישט קיין פרנסה. זיי פאָרן אויף מערק און פאַרקויפן שניטוואַרג. אַז מען קומט שוין יאָ אַמאָל, זיצט מען, און מען שווייגט די גאַנצע צייט, דערנאָך גייט מען אַוועק, און מען ווייזט זיך נישט ווידער גאַנצע חדשים.

סאַנעלע האָט טענות צו רוכטשען, הלמאי זי זוכט זיך נישט קיין תכלית. די יאָרן גייען דאָך. רוכטשע ענטפערט תמיד דאָס זעלבע: יעצט, טאַטע, אַז דו ביסט אַליין זאָל איך אַוועקגיין פון דיר? יעצט, ווען אַלע זענען אַנטלאָפן?

סאַנעלע קען נישט קוקן דער טאָכטער גלייך אין פּנים אַריין. ער שלעפּט אַרויס פון שענקל די לעצטע וואָלענע טיכער און גייט אויפן מאַרק אַרויף. אַז ער קומט צוריק, כאַפּט ער זיך אַרונטער אונטערן „שטול", ווו וויגדער האָט געאַרבעט. אויפן זעלבן שטול, אויפן זעלבן זיץ־ברעט האָט אויך ער, סאַנעלע, אָנגעהויבן אַרבעטן ביים שוואַרצן הערש. דאָס זיץ־ברעט איז מיטגעגאַנגען מיט סאַנעלען ס׳גאַנצע לעבן. וויפל וועבער־ייִדן זענען שוין נישט געזעסן אויפן דאָזיקן ברעט, וויגנדיק זיך ביי דער טרויעריקער וועבער־אַרבעט... אין סאַמע מיט איז עס שטאַרק אויסגעריבן און קרעכצט שוין לייכט אונטער, אַז מען זעצט זיך אַרויף. אויפן ליידיקן „שטול" איז נאָך פאַרבליבן אַ ביסל נישט אויסגעאַרבעטע קעטע, ס׳וועט זיין אויף אַ פּאָר שמיץ. סאַנעלען כאַפּט אַרום אַ טונקעלע בענקעניש צום וועבער־שטול. ער כאַפּט זיך אַרונטער, פאַרשאַרט די אַרבל פון העמד און הייבט אָן קלאַפּן אַ ריטמיש, הילכיק קלאַפּן, ווי אַמאָל.

סאַנעלע ווישט זיך דעם שווייס. די „לאַדע" איז עפּעס אַזוי שווער, ווי אָנגעלאָדנט מיט שטיינער, נאָך איין „שאָס" — און מער איז קיין פאָדעם נישטאָ. רוכטשע בעט דעם טאַטן, ער זאָל זיך נישט מאַכן צו נאַר, און אַפּוירגיין פון הינטערן שטול. סאַנעלע קלאַפּט אָבער ווייטער, און ס׳פּנים פאַרציט זיך מיט אַ דין פרעמד געלעכטערל — רוכטשען באַפאַלט אַ קילער פּחד פונם טאַטנס פּנים.

שכנים הערן פלוצים קלאַפּן הינטערן „שטול" — קוקט מען צוערשט אַריין דורך די פענצטער, און דערנאָך שטייט מען שוין אין שטוב נעבן וועבער־שטול. זיי זעען ווי סאַנעלע שיסט אָן פאָדעם, און דער ליידיקער שיצן לויפט אַהין און צוריק מיטן גלאַנציקן שנאָבל. זיי שטייען אַביסל, קוקן זיך איבער, און רוקן זיך איינציקווייז אַרויס אויף הינטערווײלעכטס פון שטוב.

* * *

ווי נאָר די מלחמה איז אויסגעבראָכן, און דער דייטש איז אַריין, האָט זיך סאַנעלע געלייגט אין בעט אַריין. עפּעס אַ בייזע קרענק האָט זיך צו אים צוגעטשעפּעט, און מען ווייס אַפילו נישט וואָס. אינדרויסן הערט מען ווי מענטשן לויפן איבערן געסל. ייִדן אַנטלויפן אין בהלה פון שטאָט אויף דער פּראָווינץ. מ׳האָט מורא צו בלייבן אין גרויסן אָרט. היינט־מאָרגן וועט עפּעס געשען. ערשט נעכטן איז ס׳פּוילישע מיליטער אַנטלאָפן קיין וואַרשע מיטן בזשעזשינער וועג. לאָדזשער דייטשן גייען שוין מיט האַקן־קרייצלעך אין די קלאַפּעס איבער די גאַסן. זיי גייען מחנותווייז איבער ייִדישע שטובן און ראַבעווען. ייִדן לאָזן אַלץ איבער אויף הפקר, און מען אַנטלויפט.

אין שמאָלן וועבער־גאַסל זענען באַלד אינדערפרי אַריינגעפאָרן עטלעכע פויערישע וועגענער, און יעצט פאָרן זיי טאַקע אַרויס — פולגעפּאַקטע מיט בעטגע־וואַנט, ווייבער און קינדער. דערשראָקענע וועבער־יידן גייען נאָך הינטער די וועגענער און שרייַען אויפן פויער, ער זאָל שנעלער פאָרן צום שאָסיי... דער פויער איילט זיך נישט, פאַררויכערט אַ פּיפּקע, לויפט אַראָפּ פון וואָגן און וויל זיך אויפסניי משוה־זיין...

רוכטשע זיצט נעבן קראַנקן טאַטן. זי הערט ווי אויפן הויף וואַקסט די בהלה, ווי ס'וואָלט געגאַנגען אַ געוויטער. איבערן שמאָלן הייפל שלעפּן יידן פּעקלעך, יונגען מיט פאַרפּאַקטע רוק־זעק אויף די פּלייצעס קושן זיך מיט זייערע מאַמעס און לויפן שנעל אַרויס פון טויער... די מאַמעס בלייבן שטיין מיט פאַרבראָכענע הענט און בלייבן לאַנג זיצן וויינענדיקע אויף דער פּלומפּ.

פּלוצים ווערט שטיל אויפן הויף. עטלעכע פאַר־שווינדלעך גייען פאַרביי סאַנעלעס פענצטער. רוכטשע פאַרריכט גראָד דעם טאַטן ס'קישן צוקאָפּנס. ס'דויערט נישט לאַנג ווי אין שטוב באַווייזן זיך עטלעכע פאַר־שוין מיט האַקן־קרייצלעך אין די קלאַפּעס. איינער פון זיי גייט גלייך צו צו דער שאַנק, עפנט ברייט די טירן און הייסט זיך געבן געלט. רוכטשע שטייט לעבן זיי, און אירע הענט ציטערן.

סאַנעלע ליגט אין בעט מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן. ער זעט ווי די מענטשן דרייען זיך אַרום אין שטוב און וואַרפן אַלץ פון שאַנק אַרויס. כמעט אין דער זעלבער צייט בליצט אויף סאַנעלען און רוכטשען אַ בלאַסע פרייד. דער מענטש, וואָס האַלט אַ שפּיצרוטל אין האַנט און באַפעלט מיט די דייטשלעך, קומט זיי אויס עפּעס זייער באַקאַנט. עס שווימען אַרויס פאַר זיי מיט איינמאָל די אַמאָליקע פרייטיקס, די אָפּרעכענונגען מיט די זובאַרדזער דייטשן, דאָס גיין אין דער שענק אַריין צו דער אלמנה — און מיט איינמאָל ברעכן זיי ביידע אויס מיט שמחה:

— י אָ ה אַ ן, ה ע ר י אָ ה אַ ן!...

דער דייטש פּאַכעט מיטן שפּיצרוטל אין דער לופט און שטייט פון דער ווייטנס אינמיטן שטוב. די הויכע גלאַנציקע שטיוול שפּיגלען מיט אַ שוואַרץ ליכט.

— יאָהאַן איזט פאַרשווונדן!... יעצט איזט דאַ אַ צווייטער יאָהאַן!... פאַרשטאַנדן? — שרייט ער צו סאַ־נעלען און רייסט פון אים אַראָפּ ס'בעטגעוואַנט.

רוכטשע בעט זיך ביים דייטש:

— דער טאַטע איז קראַנק, שוין חדשים ווי ער ליגט צו בעט...

יאָהאַן הייסט אַראָפּציען פון סאַנעלען די פערע־נעס און זוכן אין בעט, ווייל דער ייד מוז האָבן פאַר־שטעקט אַ סך געלט. די פערענעס וואַלגערן זיך אויף דער פּאָדלאָגע, און סאַנעלע ליגט אַן אָפּגעדעקטער אויפן בעט און ציטערט. דער דייטש הייסט אים אַראָפּ־קריכן פון בעט. רוכטשע נעמט דעם טאַטן פאַר די הענט און שטעלט אים מיט די באָרוועסע פיס אויף דער פּאָדלאָגע. די דייטשן צעוואָרפן ס'בעט און שליי־דערן אַרויס דעם שעניק. זיי געפינען גאָרנישט, און יאָהאַן שטייט אַן אָנגעצונדענער. אַרויסגייענדיק לאָזט ער אַראָפּ דאָס דינע בייטשל איבער סאַנעלעס העמד עטלעכע מאָל. אונטערן העמד אויפן גראָבן פלייש בליי־בן זיצן פאַרזעצטע בלוט־פּאַסן.

רוכטשע לייגט נאַסע טיכער דעם טאַטן אויפן אויפגעלאָפענעם נאַקעטן לייב. דער קליינער סאַנעלע עפנט נישט די אויגן. ער זעט זיך יעצט זיצן ווידער אונטערן שטול, און דער שיצן לויפט ווי אַ מחבל אונ־טער זיינע הענט. די שלייפן בריען אים, ווי אָנגעצוי־גענע גליאיקע דרעטלעך.

לאַנג איז שוין דער טאַטע נאָכדעם נישט געלעגן צו בעט. ער איז איינגעשלאָפן, פּלוצים, בנשיקה. רוכ־טשע האָט אַפילו נישט באַוויזן אַריינצורופן מענטשן און מאַכן אַ גוואַלד. ער איז אויסגעגאַנגען, ווי אַ הינדל. די פאָר יידן, וואָס זענען אַריינגעלאָפן אין שטוב, האָבן אים שוין געטראָפן אַ קאַלטן. האָבן זיי אים אָפּגעהויבן און אַוועקגעלייגט אויף דער טונקעלער פּאָדלאָגע לעבן דעם וועבער־שטול.

דער דייטש האָט דערווייל באַפוילן, אַז יידן מוזן אָנקלאַפּן אין זייערע טירן יידישע דוד־שטערן. ס'בית־עולם איז געוואָרן יעדן טאָג איבערפולט מיט יידישע מתים, פון דער שטאָט און פון באַלוט. אויפן הויף פון קליינעם סאַנעלע האָבן זיך צוויי יידן אויפגעהאָנגען אין אַ קעמערל. יידישע שולן האָבן געברענט אין דער שטאָט — — —

פאַר דער לויה פון טאַטע סאַנעלע האָט אַ שכן געעצהט, אַז ס'איז כדאי מיטצונעמען אויפן בית־עולם קרשים, וואָרעם ס'פעלט אויס האָלץ. אַז דער טאַטע איז שוין געלעגן אין וואָגן, האָט זיך רוכטשע אין עפּעס דערמאָנט און אין דער לעצטער רגע מיטגעכאַפּט דאָס זיץ־ברעט פון טאַטנס וועבער־שטול. דער טאַטע האָט טאַקע נישט געדאַרפט לאַנג ליגן. מ'האָט דאָס זיץ־ברעט בלויז אַ ביסל אַרומגעזעגט פון ביידע עקן, און ס'האָט גראָד געפּאַסט פאַר סאַנעלעס שמאָלן, קינ־דערישן גוף.

ל. געטאָ 1941.

## ג. אליצקי

# משלים

## דאָס פלעמל און דאָס ליכט

געשעפּטשעט האָט אַ ווינטל צון אַ פלעמל פון אַ ליכט:
— דו האָסט זיך אויסדערוויילט אַן אויסטערלישע פליכט,
צו זיין געבונדן תמיד צו דעם חלבענעם שטעמל;
דו, דו — דאָס הייליקע און ציטעריקע פלעמל,
וואָס קעמפט מיט סטרא־אחראדיקער מאַכט —
מיט פינצטערניש פון נאַכט,
און גליסט ביי איר אין האַרץ — אַ פלאַמיק קווייטל,
האָסט זיך באַהאָפטן מיטן שנויץ פון קנייטל! —
— דו פלוידערסט, ווינטל, אָן אַ זין, —
דאָס פלעמל ענטפערט שטיל און דין:
מיין כוח ליגט דאָך בלויז דערין,
וואָס זיי, דאָס שטעמל און דאָס קנייטל, קענען
זיך מקריב זיין אין פיין און ברענען;
אָן זייער פיין —
וואָלט איך נישט זיין,
דורך זייער פיין
גייט אויף מיין שיין!

---

אַזוי איז אויפגעגאַנגען אין דעם געטאָ דורך דער פיין
פון די מיליאָנען קדושים און מאַרטירער
דער אָרעאָל פון לויטער שיין —
דער ווידערשטאַנד פון קעמפער און פון פירער.

לאָדזש, 1947.

## דער עלעקטרישער שטראָם און דאָס חלבנע ליכט

געזיצן איז דער שרייבער ביי זיין שרייב־טיש און געשריבן.
ווי פּלוצעם איז זיין לויפנדיקע פעדער שטיינגעבליבן:
עלעקטערישער קורצשלוס האָט מיט זיך געבראַכט
דעם חושך פון דעם דרויסן אין דער נאַכט.
דער שרייבער האָט זיך אומעטיק פאַרטראַכט,
די אויגן זיך מיט פינצטערניש געריבן:
נו, וואָס איז אים אַצינד צו טאָן פאַרבליבן?
שוין! אויס געניוס, און אויס דערפילונג פון זיין פליכט!
אויף זיין פאַרלאַנג ברענגט עמעצער אַריין אַ ליכט
און שטעלט עס אויפן טיש פאַר זיין געזיכט.
און ווידער נעמט דער שרייבער זיך פאַר זיין מלאכה.
נאָר — ווייַ! — נישטאָ אין איר קיין מזל־ברכה:
דאָס חלבענע ליכט פאַר אים גיט קאַרגלעך שיין,
הגם עס שמעלצט פון שטאָלץ און זעלבסטצופרידנקייט זיך גאָר;
דאָס שרייבן גיט נישט קיין געניוס איצט — פיין.
ווי טוט מען זיך אַן עצה?
— בייג איין פאַר מיר דעם קאָפּ און פלייצע! —
מיט חלב זידנדיקן גיט דאָס ליכט אַ שפּריץ:
פאַר מיר געבויגן, איינגעקאָרטשעט זיץ,
און אָנגעשטאָכן האַלט דיין בליק אויף פעדערס שפּיץ! —
דער שרייבער פאָלגט אין שעפערישן פיבער,
נאָר זיין געדאַנק די פעדער יאָגט אַריבער.

— געגוג! — בלענדט אויף דאָ אומגעריכט
דער לאָמפּ מיט זיין עלעקטריש ליכט
(אינצווישן האָט עס דער מאָנטיאָר פאַרריכט):
הייב אויף דעם קאָפּ! זיץ פריי, דער רוקן נישט געבויגן!
מיט פאַרגעניגן דין איך דיינע אויגן...
ניין, דאַנק מיר נישט — נישט נייטיק — און נישט בענטש.

---

איך זאָגן וואָס מיין משל מיט די ליכט איז אויסן?
די ליכט באַלייכטן אונדז אַ ל יי ן פון דרויסן:
וואָס חלבענער, שפּלער עס איז אַ מענטש,
אַלץ שטייט ער מער ביי זיך אין גרויסן.

דושניקי־זדרוי, אויגוסט 1947.

## דער נאַפט־לאָמפּ

— צי האָט מען אים קיין דרך־ארץ נישט געלערנט?
זיך אָנגעזעצט דער פּעמפּיק אויף מיין קאָפּ!
אַראָפּ! —
אַזוי האָט זיך דער קאָלפּאַק אויפן גלעזל בייז צעצערנט.
— כ'וואָלט וועלן, — שימערט שטיל דאָס גלעזל: דיך פאַרשטיין,
פאַרוואָס איך טאָר אין דיינע דלד־אמות גאָר נישט שטיין:
צי בין איך נישט, חלילה, דורכזיכטיק און ריין?
— דו גלאָמפּ! — צעסיקעט זיך דער קאָלפּאַק ווידער:
איז ווי שוין וואָלט מיין פייער שיינען בלויז דורך מיר אַליין,
אָן דיר?! אַ פלאַצעניש אין דיינע גלידער! —
ווי ס'האָט דאָס פייער פונעם קאָלפּאַק דאָס געהערט,
דעם גלעזל אָפּטאָן אַ צולהכעיס האָט עס באַלד באַקלערט:
געגומען עס פאַררויכערן פון אויבן ביז דער נידער,
עס מאַכן, ווי אַ קוימענקערער, שוואַרץ,
און זאָלן האָבן לייט פון וואָס צו לאַכן!
די באַלעבאָסטע אָבער טוט אַ כאַפּ מיט האַרץ
דאָס גלעזל פונעם לאָמפּ, עס ריין צו מאַכן:
און אָן דעם גלעזל האַלט דאָס פייערל נישט אויס,
הייבט אָן צו טוקן זיך און טאַנצן,
אַ שפּרונג אַריין אין קאָלפּאַק און אַ שפּרונג אַרויס,
און טוט זיך אַ פאַרלעש אינגאַנצן.

---

דער מוסר־השכל פון דעם משל ביט זיך אָן אַליין:
מיט שכל אייגענעם מע דאַרף באַטראַכטן און פאַרשטיין,
נאָר ביי אַ צווייטן לערן נישט לכל־הפּחות
צו טאָן אַ דריטן אויף צולהכעיס —
ס'קאָן אויסגיין, ווי צום פייער, צו דיין קאָפּ אַליין.

## די באַרשט

אַנומלט האָט די שול־באַרשט זיך צעצערנט
און ביי דער סאַמע שוועל
זיך בייז געטאָן אַ שטעל:
— מע זאָגט נאָך, קליינוואַרג, אַז איר זענט געלערנט!
ווער אָקערט תמיד מיט דער נאָז די ערד
און ווו אַ שטויבעלע פאַרקערט
מיט חשיבותדיקער באָרד מיט זיינער?
ווער רייניקט עס אַ מינדסטן שפּור פון שיך?
די גאַנצע וועלט וועט מודה זיין, אַז — איך!
נאָר קומט צו כבוד — גאָט אין הימל מיינער! —

מע שטעלט מיך אינעם מיאוסטן ווינקל פונעם הויז —
אַוועקגעוואָרפן מיך, להבדיל, ווי אַ שרץ.
און ווו איז, פרעג איך, יושר? דרך־ארץ?!
פון היינט און ווייטער וועל איך מער נישט קערן — אויס! —

עס זאַמלען זיך אַרום דער באַרשט די שילער קליין און גרויס:
צי זאָל מען מיט איר טרייבן שפּאַסן?
צי גאָר לפנים זיך אויף איר צעכעסן?
ווי דאָ באַוויזט זיך שמייכלענדיק דער לערער אויף דער שוועל,
און ער פאַר אַלע פּטרט אָפּ זי שנעל:

— רב באָרד! איר האָט זיך נישט מיט וואָס צו איבערנעמען.
ס'איז וואָר, אַז איר פאַרקערט די שטויבן פון דעם דיל,
נאָר זאָגט, איך בעט אייך, טוט איר עס פון אייגענעם געפיל?
איר צווינגט מיך, איך זאָל אייך פאַרשעמען
און אָפן אויסדערציילן אייער שאַנד —
איר קערט נישט, אויב עס צווינגט אייך נישט קיין פרעמדע האַנט.
אויב גלוסט זיך אייך אַ חשוב אָרט אין שטוב פאַרנעמען
און נישט דאָרט ערגעץ אין אַ ווינקל שטייק,
איז מוזט איר ווייליק, איר אַליין,
אָן צוואַנג, זיך תמיד האַלטן ריין...

---

און איך קאָן שרייענדיקע מוסר־זאָגער, וועלכע
צוליב פרנסה בלויז זיי קערן אויס די וועלט,
און כאָטש אין תוך אַריין זיי זענען ברעשט אַזעלכע,
ווי אונדזער באַרשט — אויך כבוד האָבן זיי צום געלט.

וואַרשע, 1929 — לאָדזש, 1948.

## דער באַנקיר

אַ יעדער דאַרף פון זיין באַרוף זיך לאָזן פירן:
ער וועט פאַרשפּאָרן שרעקן זיך פאַר קיינעמס בליק
און פילן אויך אַמאָל — וואָס הייסט דאָס גליק.
נאָר ווי צו דעם, וואָס וויל אין פרעמדע פעדערן זיך צירן!
איך האָב אַמאָל געהערט אין אַ געזעלשאַפט פון באַנקירן
אַזאַ־אָ מעשהלע דערציילן: אַ געוויסער מאַן
האָט זיך געלאָזט פון אייגענעם באַגער פאַרפירן
און, נאָכגעגאַן
זיין תאווה שפּאַן נאָך שפּאַן,
גענומען האָט ער פאַבריצירן
באַנקנאָטן פאַלשע אַלערליי
און זיי
פאַרשווענדעריש געפּטרט.
איז וויל דאָך? ניין: ער פלאַטערט
פאַר דער געהיימער פּאָליציי;
און אויך ציווילע לייט, אויך זיי
זיך כאַפּן אָפּט — אַ פאַלשע די מטבעה!
אַחוץ דעם קאָן מען דאָך נישט מי־יודע
שוין וויפיל אַסיגנאַציעס אויסברענגען פריוואַט, —
האָט ער אַ באַנק פאַרלייגט און מיט אַ גרויסן שטאַט,
און מיט די כשרע באַנקנאָטן
איז לייכט דאָס אים געראָטן —
פאַרשפּרייטן אויך די פאַלשע כשר־גלאַט.
בקיצור — אַ באַנקיר שעבעבאַנקירן!
נאָר אויכעט דאָס האָט אייביק נישט געקאָנט געדירן —
געקומען איז די שטראָף:

עס האָבן, מעשה־שטן,
די פאַלשע אַסיגנאַציעס גאָר די באַנק פאַרשאָטן;
אַ סוף איז צו דער באַנק, און צום באַנקיר אַ סוף.

---

אַזאַ, נישט איינעם, קאָן איך צווישן רעדאַקטאָרן
(צו זוכן איר דאַרפט נישט וווייט פאַרפאָרן),
וואָס וואָלטן נישט פּרייוויליק געגאַן
אין אַ רעדאַקטאָרישן שפּאַן,
ווען נישט געווען וואָלט ער אַ גראַפאָמאַן.
צו אים מיין משל טוט זיך מיט אַ שטרענגער וואָרנונג ווענדן:
הער אויף דאָס וואָרט, וואָס הייליק איז, צו פעלשן און צו שענדן.

לאָדזש, סעפּט׳ 1947.

## די ניי־מאַשין און דאָס נעדעלע

עס וויגט די ניי־מאַשין זיך אויף איר הוידע־פוס און טומלט,
זי קלאַפּט מיט אַלע רמ״ח אברים, און ברומלט,
און מאַכט מיט זיך דאָס גאַנצע שניידער־חדר פול —
פאַרשטאָפּט די אויערן מיט וואַטע נישט צו ווערן דול!
און פּלוצעם הייבט זי אָן זיך אויף אַ נעדעלע צו כעסן,
(דאָס נעדעלע — עס אַרבעט שטיל, געלאַסן
אין שניידערס האַנט,
און ציט אַ שאַרכלענדיקן פאָדעם דורך אַ שטיק געוואַנט,
און שמייכלט מיט זיין גלאַנץ באַשיידן):
— נישטאָ קיין אָרט דאָ פאַר אונדז ביידן!
פאַרנעם זיך, שלעפּערל! געגאַנגען! גיין!
ווו איך בין דאָ, דאַרף הערשן — איך אַליין!
דאָרט טאָר זיך נישט געפינען דיין געביין!

— צו וואָס אָבער דער רעש און דער גערודער?
צי דו אַליין וואָלסט קאָנען אָן מיין ברודער...? —
זויל אויך דאָס נעדעלע אַריינשטעלן אַ וואָרט.

די ניי־מאַשין צינדט אָן זיך אַזש פאַר צאָרן,
שפּרינגט אונטער און... וואָס ס׳איז פון איר געוואָרן! —
איר נאָדל, דער מאַשינס, דאָ ליגט צעבראָכן אויפן אָרט,
און ס׳האָט שוין נישט איר אַרבעט מער קיין פּעולה.

ערשט איצטער הייבט זי אָנעט צו פאַרשטיין
דעם סוד און קווינטעסענץ פון איר גדולה:
נו, זי אַליין
איז גאָרנישט אַזאַ קנאַקעדיקער גדול —
זי לעבט און ווירקט אין זכות פון דער פון איר פאַרשפּעטער נאָדל...

וואַרשע, 1929 — לאָדזש, 1948.



## רבקה קוויאַטקאָווסקאַ

# פאַר דער באַפרייונג

(אַ פראַגמענט פון דער דערציילונג: „פון לאַגער אין לאַגער")

דער לאַגער, וואָס איז מיטן ערשטן שניי אַריינגעפאַלן אין אַ ווינטער־שלאָף, האָט מיטאַמאָל אויפגעוואַכט. אין אַלע איז אַריין אַ לעבנס־קראַפט.

די פרויען, וואָס זענען זייט וואָכן געלעגן אויף דער ערד אָן באַוועגונג, שטילשווייגנדיק, האָבן זיך אויפגעכאַפּט, צעריסן די שטרוי־זעק, אַרומגעבונדן מיט די שמאַטעס די באָרוועסע פיס און ארויס אויף דער לאַגער־גאַס. זיי האָבן גענומען זוכן אין דעם באַרג מיסט שטיקלעך טראַנטעס אויף אַרומצובינדן די גאָלע קעפּ, אָנגעהאָנגען די שיסלען אין אַ זייט און מיט אַ ציטער געוואַרט אויף אַ באַפעל צום אויסשטעלן זיך צום טראַנספּאָרט. ווי דורך אַ חלום האָט זיך יעדע דערמאָנט אין איר היים. אין זייערע שוין פון לאַנג אויסגעלאָשענע אויגן האָט ווידער גענומען פינקלען אַ פלעמל פון האָפענונג.

— מיר גייען אַ היים... איר וועט זען, אַז זיי וועלן אונדז דאָ נישט האַלטן מער — האָט איינע געטרייסט די צווייטע.

אויף די פרויען, וואָס האָבן איבערגעריסן די לאַגער־דראָטן און אַרומגעגאַנגען פריי איבער די באַראַקן, האָט זיך קיינער נישט אומגעקוקט מער. מיט דעם אַרויסמאַרש פון ערשטן טראַנספּאָרט איז דער שטרענגער לאַגער־רעזשים פאַרשוווּנדן. די אַדמיניסטראַציע האָט פאַרלוירן דעם קאָפּ. אין די ווינקלען האָבן זיך געסודעט די פּאָליציאַנטן:

— בעסער מיט די לויטע נישט מיטגיין. אָט, אָט קומען אָן די רויטע באַנדיטן, מיט די וואַלד־רויבער*).

די „קאַפּאָס" האָבן אַראָפּגענומען די בענדער און גענומען זיך דרייען אין די באַראַקן צווישן די פרויען. איינער צוגעטראָגן אַ ברויט, דער צווייטער אַ פּאָר הענטשקעס, אַנדערע — אַ קליידל, אַ פּאָר טלתים אויף אַרומצוהילן זיך אין וועג.

מיט די מענטשן האָט זיך קיינער נישט פאַרנומען, וועגן דער באַשפייזונג נישט געטראַכט.

אין דער קיך האָבן נאָר עטלעכע אַרבעטער זיך געפּאָרעט. אויף גיך האָבן זיי די קוישן מיט די צעפוילטע קרויט־בלעטער און שמוציקע מייערן אַריינגעוואָרפן אין די קעסלען, און איידער זיי זענען איבערגעקאָכט געוואָרן, צוריק אַרויסגעגאָסן אין די קאַנען.

ווען די ווייבער האָבן דערזען פון דערווייטנס די „קוכן־קאָמאַנדאָ" האָבן זיי זיך מחנותווייז געוואָרפן אויף די קעסלען און צעכאַפּט די פאַרעדיקע זויערקייט אין זייערע טעלער און פּושקעס.

ביי נאַכט זענען די עלעקטרישע דראָטן איבערגעריסן געוואָרן, און אין דער פינצטערניש איז צעגנבעט געוואָרן דאָס ברויט. נאָר קיינער האָט נישט געפילט נישט דעם שניידיקן פראָסט און נישט דעם הונגער. אַלע האָבן געאָטעמט נאָר מיט איין פאַרלאַנג: אַרויס פון די צוימען! וואָס גיכער אַוועק פון דעם טויטן־גרוב!

בלויז די אונגאַרישע יידישע פרויען האָבן נישט געגלייבט אין דעם גרויסן נס.

— איר וועט זען, אַז זיי וועלן אַלע אַרישע אַרויספירן פון לאַגער און אין אונדזערע באַראַקן אַריינלאָזן גאַז. איר קענט נאָך נישט די דייטשן, — האָבן זיי איינגעטענהט— זיי וועלן אונדז נישט ווייזן פאַר דער וועלט אַזוי, ווי מיר זעען אויס!...

די אונגאַרישע יידישע פרויען האָבן זיך צוזאַמענגענומען און אָוועקגעזעצט זאָגן תפילות. די טשעכישע מיט די פּוילישע יידישע פרויען האָבן זיי הויך נאָכגעזאָגט. אין אָנבליק פון טויט האָבן זיך אַלע מוחל געווען די עולות, איבערגעבעטן זיך און מיט ציטער געוואַרט אויף דעם מאָרגן.

ווי אַן אייביקייט האָט זיך געצויגן די נאַכט.

מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, מיט פאַרבראָכענע הענט זענען זיי געזעסן אין דער פינצטער, פאַרשטאַרטע פון שרעק, מורא האָבנדיק איינצושלאָפן.

אין דער פרי האָבן זיך די אַרישע פרויען גענומען אויסשטעלן צום טראַנספּאָרט.

— ווי מיינט איר, וואָס זאָלן מיר טאָן? פאַר וואָס לאָזן זיי אונדז נישט אַרויס? — האָבן מיט ציטער אויסגעפרעגט די יידישע פרויען, ווילנדיק זיך צושטעלן צום טראַנספּאָרט.

— מיר ווייסן אַליין נישט וואָס צו טאָן — האָבן געענטפערט די ליטווישע פרויען מיט אַ פאַרבאָרגענעם חוזק, קנייטשנדיק מיט די אַקסלען: עס איז אַ ווייטער וועג. זיבן טעג דאַרפן מיר גיין. מירן פאַרפרוירן ווערן אויף די פעלדער. עס איז אפשר רעכט זיך אויסצובאַהאַלטן אין די יידישע באַראַקן...

נאָכן אַרויסמאַרשירן פון די אַרישע פרויען האָט פון לאַגער זיך געטראָגן אַזאַ אימהדיקע פוסטקייט, אַז יעדער האָט געפילט דעם ריח פון טויט. עס זענען שוין איבעריק געוואָרן די תפילות. פאַרצווייפלט, שטילשווייגנדיק זענען די יידישע פרויען געזעסן אויפן צעשיטן שטרוי און געוואַרט אויפן סוף.

נאָר די פרומע פייגע האָט זיך נישט איינגעבראָכן.

דערלאַנגענדיק דאָס לעצטע רעפטל ברויט איר פאַרחלשטער חברטע, האָט זי געזאָגט:

— אין יעדער סכנה דאַרף מען גלויבן אין זיין רחמים. היינט וויל איך פאַסטן... נעם, עס.

באַגינען איז אַריינגעקומען די עלטסטע פון די ס"ס־פרויען און געהייסן אַלע זיך אויסשטעלן צום טראַנספּאָרט.

יעדע האָט באַקומען אויפן וועג אַ ברויט, אַ קעזל און אַ וואַרעמע דעקע. די פרויען האָבן די דעקעס גלייך צעריסן, אַרומגעבונדן די באָרוועסע פיס, געמאַכט טאָרבעס אויף ברויט.

אַלע ספקות זענען פאַרשוווּנדן.

— מיר גייען אַ היים. גאָט זיי דאַנק דערלעבט. איבערגעקומען! — האָבן זיי געוויינט לאַכנדיק און געלאַכט וויינענדיק.

אין שפּיטאָל ביי אַ נאַרע איז געשטאַנען איינגעבויגן אַ האַלב־נאַקעט מיידל מיט אַ גרויסן גאָלן קאָפּ

---

*) די פאַרטיזאַנער.

נעבן איר פאַרשלאָפענער, אויסגעטרוקנטער שוועסטער און ציטערדיק אַריינגערעדט אין איר:

— מינדעלע, זיי נישט אין כעס. איך גיי מיט זיי אַלע. איך קען נישט מער... — דאָס קראַנקע מיידעלע האָט פּאַמעלעך אויפגעמאַכט די אויגן און דערשראָקן געפרעגט:

— זעלדע, ווו גיין? ס'שנייט אין דרויסן. לאָז מיך דאָ ליגן — און זי האָט ווידער פאַרמאַכט די אויגן. זי האָט נישט געזען, ווי איר שוועסטער איז געשטאַנען געבראָכן אין צווייען, נישט געפילט איר קוש אויסגעמישט מיט טרערן, נישט געזען ווי זי איז אַרויסגעגאַנגען שטיל, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

די קראַנקע פרויען, דערזעענדיק דורך די האַלבפאַרפרוירענע שויבן דעם צוג ווייבער, האָבן זיך אויפגעכאַפּט, איינגעהילט זיך אין די יילעכער און דעקעס און באָרוועסערהייט אַרויסגעשפרונגען דורך די פענצטער, ווי קעץ אַרויסגעגליטשט זיך דורך די טירן, אַריינגעגנבעט זיך אין די רייען, אויסבאַהאַלטן זיך צווישן די געזונטע.

ווען די אָרדנערינס פון „טויטן־בלאָק” האָבן פאַרפּאַקט זייערע זאַכן און מיט רוקזעק אויף די פּלייצעס אַרויס פון באַראַק, האָבן זיך די האַלב־ טויטע ווייבער, נאַקעטע, מיט ווונדן באַדעקטע, גענומען שאַרן אויף אַלע פיר דורך די טויטע צו דער טיר, אַרויס פון באַראַק און אויף די בייכער גערוקט זיך צו דער ריי. נאָר עטלעכע האָבן באַוויזן זיך צושטעלן צום טראַנספּאָרט. אַדורכגענומען פון דער פרישער, פּראָסטיקער לופט זענען כמעט אַלע, מיט באָרוועסע פאַרשטייפטע פיס, פאַרחלשט געוואָרן. עטלעכע טריט פון „טויטן־בלאָק” זענען געלעגן די פרויען און געבעטן זיך, מען זאָל זיי צוריק אַריינטראָגן אין באַראַק.

עס האָט זיך אויסגעשטעלט אַ צוג פון עטלעכע טויזנט מענטשן. וואָס אַמאָל זענען געוואָרן צוגעפירט פון סוף לאַגער גרופּן האַלב־נאַקעטע, האַלב־טויטע ייִדישע פרויען. עס איז געפלאָסן אַ שעה נאָך אַ שעה, און די פרויען אין דעם צוג זענען בלויז געוואָרן פאַר קעלט, געטרייסלט זיך, נישט געקאָנט איינשטיין אויפן אָרט.

די צוזאַמענגעפרעסטע קערפּערס, איינגעהילטע אין די גרויע דעקעס, האָבן אויסגעזען ווי אַ לאַנגע וואַנט, וואָס וויגט זיך אַהין און צוריק און גלייך וועט זי זיך איינברעכן, פאַלן.

די פרויען האָבן אָנגעהויבן זיך צו באַומרואיקן:

— אפשר וועלן זיי אונדז אַלע אַרויספירן אויף אַ פעלד און, ווי עס איז נישט לאַנג געשען, „אויספּערטיקן”?... עס זעט גאָרנישט אויס מיר זאָלן אין וועג זיך קלייבן.

לידאַ פון דער „שרייב־שטובע” האָט זיך געראַנגלט מיט זיך, ביז משוגעת האָט זיך געשלאָגן אין איר צעהיצטן מוח איין געדאַנק:

...גיין, צי בלייבן...

אויף די פעלדער וואַרט דער טויט... און אין לאַגער איז נאָך דאָ אַ בעט, אַ דעקע, אַ רואיק ווינקל. כ'וועל נישט דערגיין, נישט אויסהאַלטן!

איר פּנים, באַדעקט מיט טיפוס־פלעקן, האָט געברענט, די פיס האָבן זיך געבראָכן, זי האָט שוין געוואָלט אַרויס פון דער ריי, ווי אַ צווייטע מחשבה האָט זי גענומען מאַטערן: אין לאַגער איז שוין אַ סוף. זיי וועלן די שוואַכע פירן אין „קוימען”, און אויף די פעלדער קאָן מען אפשר אַריין צו אַ פּויער, אויסבאַהאַלטן זיך.

דער שניי אַרום איר איז געוואָרן רויט. שפּייענדיק מיט שטיקער בלוט, האָט זי זיך צוגעגעבן מוט: מען דאַרף זיך האַלטן. אַלע זענען קראַנקע און אַלע... אַלע גייען!

פון דער „שרייב־שטובע” איז בלויז די „פריילעכע” אירקע, אַ געזונטע, אַריין אין ריי. אַלע שרייבערינס זענען געשטאָרבן בעת דער טיפוס־עפּידעמיע. אין אַ הויכן באַרג זענען זיי אַלע געלעגן נעבן דער פולער קאַמער מיט טויטע. אין שפּיטאָל, אָן באַוווסטזיין איז געלעגן ליובאַ און סולאַ.

אירקע, שטייענדיק אין דער ריי אין וואַרעמען מאַנטל מיט אַ וואָלענעם קאָפּטוך, אין הויכע שטיוול מיט אַ רוקזאַק אויף דער פּלייצע, האָט נישט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פון דעם באַרג מתים.

...הלוואי וואָלטן זיי געשטאָרבן מיט אַ יאָר צוריק. נישט געמאַטערט זיך. נאָר אין די טעג פון סוף, פון זייער סוף!... — קיינער נישט געבליבן פון דער „שרייב־שטובע”. ווען כאָטש דינע. ווען כאָטש זי איינע.

מיטאַמאָל איז צו איר צוגעלאָפן ווילי דער לאַגער־פּאָליציאַנט און גענומען זי אַרויסציען פון דער ריי.

— אירקע, — האָט ער אַ צערודערטער אָנגעהויבן רעדן: מיידל מיינס, ווו גייסטו? דער שניי איז איבערן קאָפּ. קום צוריק. איך האָב אַ וואַרים צימער. מירן אַ וואָך אויסוואַרטן.

אירקע האָט זיך אַ ריס געטאָן פון זיינע הענט.

— לאָז מיך, איך מוז אַרויס... כ'וויל אַ היים.

— אָפּ! — איז געפאַלן אַ באַפעל.

ווילי האָט איר דעם וועג פאַרשטעלט, איינגערוימט עפּעס אין אויער. אירקע האָט אַ ווייל געקעמפט מיט זיך און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, אַ אויפגעציטערטע, אַרויס פון דער ריי.

די באַראַקן זענען לער געוואָרן. אין לאַגער זענען געבליבן בלויז אַלע קראַנקע און שוואַכע, און די נאַקעטע, וואָס האָבן נישט געהאַט וואָס אָנצוטאָן אויפן וועג. זיי אַלע האָבן זיך צוזאַמענגענומען אין איין באַראַק, צוזאַמענגעשלעפּט אַלע שטרוי־זעק און איבערגעבליבענע טראַנטעס, אויסגעלייגט זיך אויף דער ערד און אַליין זיך געטרייסט.

— היינט שיסט מען שוין נישט. די „רויטע אַרמיי” איז הינטערן לאַגער. מיר קאָנען נאָך גיכער באַפרייט ווערן, ווי די, וואָס זענען אַרויס.

* * *

איבער די שנייאיקע פעלדער האָט פּאַמעלעך געצויגן דער טראַנספּאָרט.

לענגאויס דעם צוג זענען נאָכגעגאַנגען זעלנער פון דער ווער־מאַכט, מיליטער־מענער און ס"ס־מענער מיט הינט. צום סוף פון צוג איז נאָכגעגאַנגען די „לייכן־קאָמאַנדאָ”.

קיינע פון די פרויען האָט נישט געקוקט אויף די זעלנער. אַזוי ווי זיי האָבן דעם טויער פאַרלאָזן, האָט יעדע אַ פריילעכקייט אַרומגענומען. די גרויסע ווייסע פעלדער אָן דראָטן און וואַך־בודעס האָבן געשטילט און באַרואיקט, אָנגעפילט מיט אַ נאָגנדיקער בענקשאַפט און צוגעגעבן אויסדויער.

אייניקע האָבן אַראָפּגעריסן די נומערן פון די קליידער, צעטרעטן זיי מיט די פיס. דער וועג איז באַדעקט געוואָרן מיט מגן־דודס און געלע לאַטעס.

— מיר זענען פריי! פריי! — האָט איינע די צווייטע

געמוטיקט — נאָר דעם וועג אויסהאַלטן, צוקומען צו אַן אָרט...

די טריט פון די טויזנטער פיס האָבן אויפגעוועקט דאָס פאַרשלאָפענע דערפל, ווו דער צוג האָט אַריינמאַרשירט. פון אונטער די פאַרפרוירענע שויבן האָבן זיך געוויזן שאָטנס. זיי אַלע האָבן גיך געריבן, געפוצט די שויבן, באַדעקט מיט פראָסט־בלומען, ציטערדיק ארויסגעקוקט אויף די פרויען אין די גרויע דעקן, און גלייך באַהאַלטן די קעפ הינטער די פאָרהענגלעך. די פרויען האָבן מיט בענקשאַפט געקוקט אין די שויבן און זיך געטראַכט: וואָס פאַראַ גליק וואָלט דאָס געווען אַריינצוקומען אין אַ וואַרימער שטוב, און זיך לייגן אין אַ ריין בעט!

זיי האָבן זיך גענומען וווּנדערן: ווי אַזוי האָבן מיר געקאָנט דאָס אַלץ אויסהאַלטן? אַזאַ לעבן מיטמאַכן?

מ׳איז פאַרבייגעגאַנגען דאָס דערפל און ארויס אויפן שליאַך. די פיס זענען פאַרזונקען אין טיפן שניי, די קניען זענען שטייף, אָנמעכטיק געוואָרן.

פרומקע „די פאַרטיזאַנקע", האָט אין טומל פון אַרויסמאַרש פאַרלוירן די שיך. זי איז געווען אין אַ דינעם אויסגעריבענעם מאַנטל און גרויסע צעווייקטע שטעק־שיך. צעברענט פון טיפוס־פיבער, האָט זי קוים געשטעלט די פיס.

...גיי, גיי, גיי ווייטער! — האָט אַן אינערלעך קול זי געטריבן פאָרויס. זי האָט פאַרלוירן איר ריי און צוגעשטעלט זיך צו אַ פרעמדער גרופּע. אַ פאַרפרוירענע האָט זי זיך געקלאַמערט צו די ווייבער, שטאַמלענדיק:

— האַלט מיך אונטער. גיט אַ האַנט. איך פאַ—אַל...

— איך פאַל אַליין — האָט מיט אַ דערשטיקט קול געענטפערט אַ מיידל מיט אַ פּנים שוואַרץ פון דער קעלט, און אָפּגעשטופן זי אין אַ זייט.

דער צוג האָט זיך געשלעפּט וואָס אַמאָל פּאַמעלעכער. די כּוחות האָבן פאַרלאָזט, דאָס אייגענע לייב איז צו שווער געוואָרן. ביסלעכווייז האָבן די ווייבער אַראָפּגעוואָרפן די דעקעס און די טאָרבעס מיט ברויט..

די נאַכט איז צוגעפאַלן. עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ שטורעם־ווינט, אַראָפּגעריסן פון די קעפ די קאָפּטיכער און אַוועקגעטראָגן זיי ווייט איבער די פעלדער. איינע נאָך דער אַנדערער איז געפאַלן אין שניי. די „לייכן־קאָמאַנדאָ" האָט זיי גלייך דערשאָסן.

גאַנצע גרופּן זענען אָפּגעשטאַנען. זיי האָבן געפּרוווט אויף אַ ווײַלע זיך זעצן אויפן שניי, אָפּרוען זיך, נאָר קיינער האָט נישט באַוויזן אַפילו אויסצוציען די פיס, ווי עס פלעגט זיך דערהערן אַ שאָס פון אַ רעוואָלווער. דערשאָסענע, האָבן זיי די הענט, ווי פייגל די פליגל, אויפן שניי פאַנאַנדערגעשפּרייט, און אַזוי ליגן געבליבן.

צווישן די ווייבער האָט זיך געשלעפּט אַ לאָם מיידל, כמעט אויף די הענט די מאַמע געטראָגן, איינטענהדיק צו איר:

— נאָר מיר האָבן זוכה געווען אַרויסצוגיין פון לאַגער. נאָר אונדז איז דאָס גליק געווען באַשערט.

— גיי, אסתּר. גיי אַליין... — האָט די מאַמע זיך געבעטן: כ׳וועל דיך אָניאָגן. איך וויל זיך אַביסל צוזעצן אין שניי... אָפּרוען.

—מאַמע!— האָט ס׳מיידל זיך אויפן קול צעוויינט, און די טרערן אויף איר פּנים זענען גלייך פאַרגליווערט געוואָרן: האַלט זיך אָן אין מיר. שוין נישט ווייט. מירן באַלד אָנקומען אויף אַן אָרט. טרינקען הייסע קאַווע, אָנוואַרעמען זיך...

ווי פון אונטער דער ערד איז ארויסגעוואַקסן אַ פאָסטן און אַ ביל געטאָן:

— לאַופען!

די מאַמע האָט אויסגעשטרעקט אַ פוס, געוואָלט אַ ברייטן שפּרייז מאַכן, און געפאַלן. אסתּר האָט דערהערט אַ שאָס פון אַ רעוואָלווער און דערזען אַ שטראָם בלוט אויפן שניי.

— מאַמע! מאַמע!— האָט זי קוים אַרויסגעשטאַמלט, פּרוּווּנדיק זי אויפצוהייבן.

— ווייטער גייך! — האָט דער זעלנער האַרט קאָמאַנדעוועט.

— ווייטער!!!

— מיטלייד, הער פאָסטן, מיטל... מיין מאַמע, — האָט אַ צעמישטע געשטאַמלט אסתּר.

—לאַופען!— האָט דער פאָסטן מיט רציחה איבערגעחזרט און אויפגעהויבן דעם רעוואָלווער.

אסתּר האָט אָן באַוווסטזיין אָנגעהויבן לויפן.

די פרויען האָבן אינגאַנצן פאַרלוירן דעם חוש פאַר צייט. עס האָט זיך זיי געדאַכט, אַז זיי גייען שוין הונדערטער יאָרן, און צום וועג וועט קיינמאָל קיין סוף נישט נעמען.

פירנדיק די פיראָונצוואַנציקיעריקע חוהן, „די באַבושקע", אונטערן אָרעם, האָט רייזל זי באַרואיקט:

— שוין נישט ווייט, באַבושקע. שטייט נישט אָפּ. עס איז שוין נאָך דער מלחמה. מיר גייען אַ היים... אַ היים!

די פאַרפרוירענע מיידלעך האָבן געריבן די פּנימער מיט שניי, געפּרוווט אַוועקטרייבן דעם שלאָף, וואָס האָט זיך ווי אַ שטיין געלייגט אויפן האַרצן. אייניקע האָבן זיך גערוקט פאָרויס מיט פאַרמאַכטע אויגן, געפאַלן, אויפגעהויבן זיך און ווייטער זיך געשלעפּט איבער די ריוועס און בערגלעך, געקראָכן אויף אַלע פיר פאָרויס. די טובערקולאָזע און טיפוס־קראַנקע מיידלעך האָבן דורשטיק געשלונגען שניי פון די פויסטן און אייזשטיקלעך, וואַקלענדיק זיך, ווי שיכּור, נאָכגעשלעפּט זיך נאָכן צוג. צו פרומקע „דער פאַרטיזאַנקע", וואָס האָט זיך אַנידערגעלייגט אין שניי, איז צוגעלאָפן ערזשיבעט פון אונגאַרן, וועלכער פרומקע האָט מיט אַ צייט צוריק געראַטעוועט פון אַ „סעלעקציע", און גענומען זי שלעפּן פאַר די הענט, געפּרוווט זי אויפשטעלן.

— וועסט דאָ פאַרפרוירן ווערן. שוין פינצטער. וועסט אונדז נישט געפינען!

— ערזשי, — פליסטערט פרומקע: לאָז מיך שלאָפן. נאָר אַ ביסעלע... גיי ווייטער... גיי ווייטער. גיי...

דער ווינט האָט פאַרטויבט איר קול. עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ זאַווערוכע און אַ שליידער געטאָן ערזשיבעטן פאָרויס. ער האָט געטראָגן די ווייבער אין דער לופטן און געריסן פון זיי די קליידער. ווי פליגן זענען זיי געפאַלן, פאַרזונקען אין שניי־גריבער.

דער טראַנספּאָרט האָט זיך דערנענטערט צום ברעג פון ים.

רייזל האָט זיך קוים דערשלעפּט צו איר אָרט, געזעצט זיך נעבן חוהן, „דער באַבושקע", און פאַרבראָכן די הענט אין אַ געיאָמער:

—באַבושקע טייערינקע, מיין גרויאינקע. אַלע הימלען האָבן זיך פאַר אונדז פאַרשלאָסן! וואָס טוט מען? מיין אַלטינקע. מיין מאַמעלע!...

זי האָט אויפגעקנעפּלט איר בלוזקע, צוגעלייגט חוהס געפרוירענע הענט צו איר קערפּער, אַריינגעהויכט איר הייסן אָטעם אין חוהס שוין טויטן פּנים.

נאָר גלייך איז זי אַליין איינגעשלאָפן.

פרומקע האָט געפּרוווט זיך אויפצושטעלן, געפאַלן און ווידער זיך אויפגעהויבן.

דער טראַנספּאָרט איז זיך צעפאַלן און געוואָרן אויסגעמישט. ווייט האָט זיך געטראָגן יעני „דער טענצערינס" געוויין.

— ליבער הער גאָט! וואָרום בין איך נישט געבליבן אין לאַגער... פּאַריקט בין איך געוועזן!...

— נאַראַנים... איר מיינט, אַז מיר גייען אַ היים? זיי וועלן אונדז אַזוי לאַנג טרייבן, ביז אַלע וועלן בלייבן אין שניי, האָט געקלאָגט שרה, זוכנדיק די מאַמע אין די ריזועס ביים וועג.

דער וועג איז געוואָרן בערגיק. ווי מתים האָבן אויף די וועגן אַרויסגעשטאַרט די נאַקעטע ביימער און געשראָקן. די פרויען האָבן געפּרוווט אַריבערקלעטערן איבער די בערגלעך, געפּויזעט אויף די בייכער, אַראָפּגעקייקלט זיך צוריק און אָנמעכטיק געבליבן ליגן. נעבן רוט פון ליטע איז געלעגן די קראַנקן־שוועסטער פרידאַ, פון טשעכיען. נישט ווייט פון דער „מחותנתטע" איז געלעגן די „גראָבע". אויף אַן איבערגעקערטן שליטן מיט פּראָדוקטן האָט געגוסט די „לאַגער־עלטסטע", מאַגדאַ פון סלאָוואַקיי.

מיט דער לעצטער איז מיטגעגאַנגען די משוגענע מאַנטע און הויך געזונגען:

„צווישן גרינע ביימעלעך,
גייען יונגע פאַרעלעך..."

פרומקע האָט געפּרוווט נאָכגיין סאָניען. די פיס האָבן זי ווייטער נישט געטראָגן. אויף אַלע פיר האָט זי זיך געררוקט איבערן שניי.

ווען מאַשע האָט פרומקען דערקענט אין שניי און נישט געקאָנט דערוועקן, האָט זי פון איר פלייצע אַראָפּגעצויגן די דעקע און זי איבערגעדעקט איבערן קאָפּ. אַ פאַרגליווערטע איז זי נעבן איר געשטאַנען און הילפלאָז געפּליסטערט:

— מיין טייערע פרומקע. ווער וועט פאַר דיר נקמה נעמען? נישט דערלעבט...

דער צוג איז וואָס אַמאָל קלענער געוואָרן: דער שניי האָט איינגעשלונגען די פאַרפרוירענע קערפּערס.

די ס"ס־לייט האָבן שוין מער נישט געשאָסן.

טיף אין דער נאַכט זענען עטלעכע הונדערט פרויען אָנגעקומען צום ברעג פון ים. עס האָט אויף זיי געוואַרט אַ שיף ווי אַ פינצטערע קאַמער, אָן זעלנער, אָן באַדינונג.

גיך איז זי אָפּגעשווומען, פאַרשווונדן צווישן די כוואַליעס...

**לייב מארגנטוי**

# באַלאַדע וועגן מיין טויטער מאַמע...

„קול ברמה נשמע —
רחל מבכה על בניה"...

מיין מאַמע, עליה השלום, אַלע יאָרן
געטרוימט האָט פון אַ ווינקל אין גן־עדן —
אויף צדקה־געלט דעם ביסן פלעגט זי שפּאָרן,
דערפאַר איז גרינג געווען איר מיט דער וועלט זיך שיידן.

נאָר נישט באַשערט געווען איז איר קיין רו צו האָבן
אויך אין דעם שטילן שאָטן פון בית־עולם —
אַרויסגעיאָגט די טויטע, און באַגראָבן
האָט מען דאָרט אַ לעבעדיקן עולם...

בלייבט זי שטיין. די אויגן פול מיט טרערן.
נע־ונד. עס איז איר וויסט און ביטער.
נאָכן טויט — וווהין זאָל זי זיך קערן?
אפשר גאָר אַהיים צו מאַן און קינדער?...

יאָ, אַהיים, אַ קוק טאָן, וואָס זיי מאַכן?
און די אייניקלעך, די ליבע, צי זיי שלאָפן?
און אַ ווינקל, וווּ זיך צוצושפּאָרן,
וועט זי געוויס דאָך דאָרטן האָבן!...

היימיש גליק וועט וואָרעם זי באַגריסן.
ס'צאַנקען שוין די שבת־ליכט מסתמא,
אַלע שלאָפן מיט אַ שלאָף אַ זיסן,
און מען ריכט זיך גאָרנישט אויף אַ גאַסט — דער מאַמען...

איר געשטאַלט, וואָס פלאַטערט אין דער פינצטער,
שלייכט זיך שטיל אַריינעט, נישט צו וועקן
איצט אין שטוב דעם מאַן און אירע קינדער,
די אייניקלעך, חלילה, נישט צו שרעקן...

וויפל כוחות און געזונט אָוועקגעגעבן,
יעדעס ווינקעלע איז אייגן איר און טייער!
וויפל טרערן דאָ פאַרגאָסן אויף איר לעבן,
וויפל שמחות און יום־טובים דאָ געפייערט.

קען עס זיין, די מאַמע זאָל פאַרבלאָנדזשען?...
צי פון מידקייט מישט זיך איר אין זינען?...
ניין! — אומזיסט זי זוכט אַן אייגן פנים —
ס׳קען די מאַמע קיינעם נישט געפינען...

— — — — — — — — — —

אַלע ווענט באַפאַרבט מיט פלעקן רויטע,
טירן אָפענע, פאַרהאַקטע לאָדנס.
בלאָנקעט זי אַרום איבער אַ שטאָט אַ טויטער,
צווישן אַש און קויל און שוואַרצע שאָטנס.

וואָס זשע זאָל איצט טאָן אַ טויטע מאַמע,
וואָס פון קבר האָט מען זי פאַרטריבן,
און די ליבע ערד זי זעט אין פלאַמען,
און אַ חורבן זעט זי אין די שטיבער?!

ניין! — זי וועט שוין מער קיין רו נישט האָבן,
ס׳איז אַזוי צעוווּנדיקט איר נשמה!
איין אַליין איבער אַ שטאָט, וואָס איז באַגראָבן,
גייט זי אום ווי אַ ריכטער, ווי אַ מאָנער!...

און זי זוכט די קברים אַלע פון די ליבע,
דעם אַש פון טייערע פאַרברענטע ביינער.
הערט זי: קינדער לאַכן פון די גריבער.
הערט זי: פון די קברים חופה־פידלען וויינען...

איר געשריי צעריסט ביינאַכט די הימלען,
ווי דער מוטער רחלס „קול ברמה״...
זי באַוויינט די אומגעבראַכטע קינדער
און די לעבעדיקע — רופט זי צו נקמה...
צום ניי־געבוירענעם...

1.

## ס׳איז אַ שמחה ביי מיר

ס׳איז אַ יום־טוב ביי מיר, און די שמחה איז גרויס,
פאַר שמחה עס שטראַלן די פענצטער פון הויז,

אויף פליגל די פרייד טראָגט פאַנאַנדער דער ווינט —
אַ געווינערינס קול און דאָס קול פון אַ קינד!

נישט פאַרווישט האָט דער פיינט אונדזער שפור פון דער ערד.
עס לעבט אונדזער פאָלק — אונדזער פאָלק זיך פאַרמערט!...

ס׳איז קיין ברודער נישטאָ און קיין שוועסטער נישטאָ
זיך צו פרייען מיט מיר אין דער גליקלעכער שעה.

אונדזער אומגליק איז גרויס, און די וווּנדן — אָן צאָל...
נאָר פון חורבן שטייט־אויף און ס׳וועט לעבן דאָס פאָלק!

2.

## זיי אַ טרייסט מיר, מיין קינד!...

זיי אַ טרייסט מיר, מיין קינד, אין מיין בלוטיקן וויי,
לעש מיין גליענדן צער, מיינע וווּנדן פאַרהייל!...

מיט אַ ציטערדיק האַרץ כ׳נעם דיך, קינד, אויף די הענט
און מיט זון און מיט ליכט פילן אָן זיך די ווענט,

און איך פיל, ווי מיין האַרץ גיסט זיך אָן פול מיט שיין!
זיי אַ טרייסט מיר, מיין קינד, זיי אַ טרייסט אין מיין פיין!...

אפשר וועסטו מיר, קינד מיינס, איצט אויפלעבן צריק,
מיין ברודערס אַ שמייכל, מיין טאַטנס אַ בליק?

וויפל בלוט, אונדזער בלוט איינגעזאַפּט האָט די ערד.
וויפל טעג האָב איך יאָמער־געשריי נאָר געהערט,

וויפל נעכט אין מיין האַרץ כ'האָב געוואָרגן די טרער.
און געמיינט, אַז קיין שמייכל נישט זען כ'וועל שוין מער.

נאָר איצט — איבער חורבן דיין שמייכל שיינט אוף
און עס קלינגט דיין געשריי, ווי צום לעבן — אַ רוף!

אויך די וועלט נייגעבוירן איז איצטער — אַ קינד...
און דאָס לעבן גייט אויף, ווי אַ פרילינג צעגרינט.

איז וואַקס־אויס, מיין קינד, און געניס פון זיין גליק!
און באַהעפט אויך מיין האַרץ מיט זיין שיינקייט צוריק!...

3.

## אין די צווייגן רוישט דער ווינט...

אין די צווייגן רוישט דער ווינט.
נאַכט. עס אָטעמט שטיל מיין קינד,
און די מאַמע ביי זיין וויג
זינגט איר זונעלע אַ ליד.

„שלאָף מיין קינד, שלאָף איין, מיין טרייסט,
וועסט נישט וויסן פון קיין בייז.
קיינער וועט דיין שלאָף נישט שטערן,
נישט קיין וועלף און נישט קיין בערן,
נישט קיין באָמבעס פון די הייכן,
נישט קיין רוצחים וועלן גרייכן
איצטער צו דיין שטילער וויג...
ס'האָט שוין אָפּגעהילכט דער קריג!
אין די הייכן פינקלען שטערן,
אין די נאָרעס ליגן בערן,
און די וועלף, וואָס אויף פיר פיס,
שלאָפן אויך אַצינד געווויס.
בלויז די צוויי־פיסיקע וועלף
נעמט קיין רו און נעמט קיין שלאָף,
און אין אַלע עקן וועלט
וואַרטן זיי אויף זייער שטראָף"...

נאַכט. אין דרויסן רוישט דער ווינט.
כאַפּט זיך אויף פון שלאָף מיין קינד,
עפנט בלויע אויגן צוויי
און הויבט אויפעט אַ געשריי.
ס'איז זיין שרייען פול מיט חן.
שריי זשע, פיל דו ווילסט אַליין!
נישט פאַרווערן וועט דיר קיינער

הילכיק טומלען, לאַכן, וויינען,
ווייל די צייט האָט שוין געמיטן,
אין דער אייביקייט אַוועק,
ווען אין טונקעלן קעלער יידן
פלעגן ווייס ווערן פון שרעק
און זיך איינקאָרטשען אין דרייען,
ווען אַ קינד פלעגט נעמען שרייען
און די מאַמע פלעגט אין גרויל
גיך פאַרשטאָפּן אים דאָס מויל...

ס'איז די בייזע צייט פאַרביי!
וואַקס, מיין קינד, צעבלי זיך פריי,
ווי די דעמבעס פון מיין לאַנד,
ווי די סאָסנעס פון מיין קאַנט,
ווי דער עפּל־סאָד אין צוויט,
ווי דער פויגל מיט זיין ליד,
אַזוי זוניק, ווי אַ שטראַל,
אַזוי לייטער, ווי אַ קוואַל!

און אַז דו וועסט עלטער ווערן,
וועסטו וויסן, וועסטו הערן,
אַז די פרייהייט, וואָס דו האָסט,
טייער האָט דעם לאַנד געקאָסט!..

וועסטו שטאָלץ זיין מיט די העלדן,
וועסטו ליב האָבן דאָס לאַנד,
וועסטו גרייט זיין אָט די פרייהייט
טריי באַשיצן מיט דיין האַנט!

שלמה לאסטיק

# א שמועס מיט א פריינד

## (וועגן אַקטועלע ליטעראַטור־פּראָבלעמען)

— האַלט איר, אַז די ליטעראַטור קאָן אַלץ שילדערן, דאָס אומגלויבלעכע מאַכן באַגלויבלעך? איך האָב אויך אַזוי געמיינט. אַפילו געווען איבערצייגט דערין. צי מיינט איר, אַז כ'האָב נישט געלייענט אָסקאַר אוּאיילדס „שטודיעס אויף גרין”, ווו ער דעפינירט קונסט אַלס באַרעכטיקונג פון ליגן, און ווו ער באַווייזט, אַז די נאַטור, דער אַרום, באַקומט ערשט דאַן פאָרם, אײנהאַלט, ווען זי גייט דורך דורך דער פּריזמע פון שעפער — דעם קינסטלער; נאָך ווי געלייענט: מיט התמדה, מיט ברען, מיט צעפלאַמטע אויגן און מיט אַ שמייכל פון באַגייסטערונג אויף די ליפּן: אָריגינעל, קלוג, געניאַל! אָבער עס איז נישט אַזוי. ניין, מיין פריינד, ס'איז נישט אַזוי. דאָס לעבן האָט אונדז באַוויזן פּונקט דאָס פאַרקערטע: דער העכסטער, פאַרביקסטער, קינסטלערישער ליגן, די שטאַרקסטע אויסטראַכטונג אין דער ליטעראַטור איז נישט ביכולת אָפּצושפּיגלען דאָס, וואָס דאָס לעבן שטעלט צו, איז אָרעמער ווי די ווירקלעכקייט, די רעאַליטעט.

ווו און ווען איז אַ שרייבער איינגעפאַלן צו שילדערן ווי פון אונטער אַ באַרג — אָן אַ פאַרוואָס — דערשאָסענע מענטשן קריגט זיך אַרויס אַ פּשוטער יונגערמאַן און גייט אַוועק, ווערט ווידער אַמאָל, בעת אַן אַקציע, פאַרנומען און געפירט צום עקזעקוציע־פּלאַץ, און גייט אויפסניי אַרויס אַן אומבאַשעדיקטער?.. אדרבה, זאָל דער ראַפינירטסטער קינסטלער פּרווון וואַרשיינלעך מאַכן אַזאַ פאַקט, אַזאַ מעשה־שהיה. מען וועט אים גלויבן?.. צי זאָל ער שילדערן אַ דייטש, אַ מוסטער־האַפטן משפּחה־מאַן, וואָס כאַפּט קליינע קינדער און שמעטערט זייערע קעפּלעך אין אַ שטיין, אָדער טרעט זיי אויף די העלדזלעך... אָדער אַן איינפאַכערן פאַקט: אַז מענטשן זאָלן בכוח זיין ליגן צען מעת־לעת אין אַ גרוב, וואַרטנדיק אויפן טויט, און דערביי נישט משוגע ווערן, אדרבה שילדערט זייערע איבערלעבונגען!... צי לאָמיר אָנכאַפּן אַזאַ פאַקט: אַז אַ מענטש זאָל זיך באַריימען, אַז זיין לאַגער, ווו ער איז דער עלטסטער, געהער צו די „בעסטע”, ווייל ביי אים ווערן טעגלעך אומגעבראַכט מער מענטשן, און איז דער „הומאַניטאַרסטער”, ווייל דאָס אומברענגען דויערט בסך־הכל דריי מינוט און נישט פינף־זעקס, ווי אין אַנדערע לאַגערן. אסור צי דער שרייבער וועט געפינען גענוג כוח איבערצוצייגן דעם לייענער אין דער רעאַליסטישקייט פון זיין געמעל... פאַרוואָס? — ווייל די פאַקטן זענען שטאַרקער פון יעטוועדער קאָשמאַרער אויסטראַכטעניש, ווייל אַפילו די דעגענערירטע פאַנטאַזיע פון דעם דייטש האַנס הייניך עווערס האָט אַזוי ווייט נישט גערייכט.

— אָבער די פאַקטן נעמט איר דאָך פון פאַרשיידענע דאָקומענטן, גבית־עדותן, און איר גלויבט יאָ, פאַרוואָס־זשע האַלט איר, אַז אויב מען גלויבט אַ גבית־עדות, אַ פּובליקאַציע פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע, וועט מען נישט גלויבן דעם שרייבער? צי מיינט איר טאַקע, אַז עס האָט דאָ וואָס צו זאָגן די פירמע?

— יאָ, די פירמע. נאָר דאָ האָב איך מורא, אַז איר וועט מיך שלעכט פאַרשטיין. עס גייט מיר אָט אין וואָס: דער פאַקט, וואָס די ליטעראַטור האָט זיך ביז גאָר אָפּט (איך האָב דאָ אין זינען די מערבדיקע) געטריי די אוּאיילדישע פּאָסטולאַטן, פאַרנומען מיט קונסט לשם קונסט, האָט אויסגעמיטן דאָס רעאַלע, טאָג־טעגלעכע, אַקטועלע און אַוועק צו אויסאימאַגינירטע, פון לעבן־אמת אויסגעהוילענע סיטואַציעס און קאָנפליקטן, וואָס האָבן מיטן ווירקלעכן זיין און געראַנגל פון מענטשן געהאַט אַ קנאַפּע שייכות, וואָס האָט איינגעפונדעוועט די מיינונג, אַז ליטעראַטור איז אַמוזירנדיקע אויסטראַכטונג, אַז די ווירקלעכקייט און די ליטעראַטור שטייען מיטאַנאַנד אין אַ קאָנפליקט און במילא, אַז די קונסט פון מחבר איז אויסן בלויז וואַרשיינלעך מאַכן דאָס נישט וואָרע, שאַפן דאָס „שיינע”. פון דאַנען דער אומצוטרוי צום פאַקט אין דער ליטעראַטור, און דער צוטרוי צום געשיכטלער.

— און דער געשיכטלער גיט אַלע מאָל תורת־אמת?

— איך בין נישט אַזוי נאַיוו צו גלויבן אין דער אַבסאָלוטער אמתדיקייט פון דער געשיכטע־שרייבונג, אָבער א י ר פעלשונג באַשטייט אין גאָר עפּעס אַנדערש: אין אופן פון אינטערפּרעטירן, אָדער אין פאַרשווייגן פאַקטן. די עצם פאַקטן, וואָס זי ברענגט אַרויס, זענען בדרך כלל דאָקומענטאַריש פעסטגעשטעלטע, באַגלויבטע און מיר רעדן דאָך איצט וועגן באַגלויבלעכקייט פון פאַקטן, וועגן געשעענע פאַקטן, צו וועלכע דער שרייבער האָט זיך מורא צוצורירן צוליב זייער אומגלויבלעכקייט... עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דער היטלעריזם האָט אויפגעדעקט אַזעלכע תהומיקע ווינקעלעך אין דער מענטשלעכער פּסיכיק פון איין זייט, און אָפּט אַזאַ לויטערע דערהויבנקייט ביי זיינע קרבנות פון דער צווייטער, אַז קיין שום קינסטלערישער „ליגן” קאָן זיי נישט איבערשטייגן. עס איז נישט שווער צו מאַכן באַגלויבלעך מענטשלעכע האַנדלונגען, וואָס ליגן אין דער מענטשלעכער טבע, גוטע צי שלעכטע — אַלץ איינס. די היטלער־ווירקלעכקייט האָט אָבער געשאַפן פאַקטן און סיטואַציעס, וואָס שטייגן ווייט אַריבער אונדזערע דערקענטעניש־מעגלעכקייטן פון גוטס און שלעכטס, פון ווירקלעכקייט און סאָמנאַבוליזם.

— ווי איך פאַרשטיי אייך, ווילט איר באַווייזן, אַז די הויפּט־שוועריקייט באַשטייט אין דעם געפינען פּאַסיקע אויסדרוק־פאָרמען פאַר ווירקלעכע פאַקטן, וואָס זענען פאַנטאַסטישער ווי יעטוועדע אויסטראַכטונג... נאָר אַנטשולדיקט, איר האָט צוגעקליבן צו מאַקאַברישע ביישפּילן.

— צו מאַקאַברישע? אויף אַ האָר נישט! דאָס איז גרויע אַלטעגלעכקייט אונטער דער היטלעריסטישער מאָרד־הערשאַפט. נאָר איך וועל אייך ברענגען אַ ביז גאָר נאַטירלעכן פאַקט: אַ פּשוטע דאָרפישע פויערטע האָט, נישט אָפּשטעלנדיק זיך פאַר טויט־געפאַר, אַריינגענומען צו זיך צוויי יידישע יונגעלייט, אויסגעהאַלטן

זיי ביי זיך דריטהאַלבן יאָר, דערביי צוויי גאַנצע יאָר אויף אייגענע קעסט, האָט נישט דערציילט וועגן איר סוד אַפילו דער אייגענער שוועסטער, הגם זי האָט געוווסט, ווי שווער זי לעבט איבער די מערדערייען איבער די שוצלאָזע ייִדן: זי איז דאָך צו איר אַליין געקומען און געוויינט מיט ביטערע טרערן, דערציילנדיק, ווי אַזוי די אַ״ק האָט פון אַ פּאַרטיע וואַרשעווער פּליטים נאָכן אויפשטאַנד (1944) אַרויסגענומען די 21 ייִדן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, 20 פון זיי אויף אַן אָרט דערשאָסן און דעם לעצטן, דעם 21טן, איבערגעשיקט צו דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע מיט אַ צושריפט: די גרופּע איז ייִדנריין, אַלס באַווייז — דער 21טער... די פּויערטע האָט מיט טרערן אין די אויגן אויסגעהערט דער שוועסטערס דערציילונג, אָבער *איר* סוד ווייטער נישט אַנטפּלעקט, געשפּאָרט דעם ביסן פון מויל און אַרויפדערלאַנגט אויפן בוידעם די ייִדישע ייִנגעלייט. נעמט און שילדערט עס, וואָס וועט מען זאָגן? אַז מען וויל ריינוואַשן די פּאָליאַקן...

— קומט אויס, לויט אייך נאָך, אַז די ליטעראַטור איז פאַראורטיילט צו באַגרענעצטער טעמאַטיק, צו שלעפּן זיך ביים עק פון לעבן, אָנשטאָט וואַגן אַרויסצוברענגען זאַכן, וואָס זענען אין דער ליטעראַטור אָן פּרעצעדענס. איך מיין, אַז איר זענט נישט גערעכט. איר וואָלט שוין איצט וועלן, אַז אַלץ זאָל אין אַזאַ קורצן צייט־אָפּשניט קינסטלעריש פיקסירט ווערן. דאָס איז אַן אומזין. מען מוז למען האמת פעסטשטעלן, אַז ביי דער גאַנצער פאַראָרעמטקייט אונדזערער האָבן מיר שוין אַ פּאָר אינטערעסאַנטע פּובליקאַציעס, און עס גייט אָן אַן אַקטיווע, שעפערישע טעטיקייט.

— איר האָט מיך שלעכט פאַרשטאַנען. מיר גייט אין דער *טענדענץ*, אין דער פּרעפאַרירטקייט פון דער טעמאַטיק, אין דער פאַרקוקטקייט אויף די אָנגענומענע קאַנאָנען וועגן ליטעראַרישקייט. האָט ביי אונדז איינער שוין יאָ געגעבן קרעפטיקע, קינסטלערישע נאָוועלן פון געטאָ־לעבן, האָט ער זיך אַזוי ווייט „פאַראָביעקטיוויזירט״, אַזוי אויסגעהיט, עס זאָל זיך חס־ושלום נישט אַריינכאַפּן קיין שרייאיקער טאָן, קיין האַרץ־אויסגעשריי, אַז די שאַפונגען מאַכן אַן איינדרוק, ווי זיי זאָלן געשריבן ווערן פון אַ מענטשן, וואָס געפינט זיך אויפן אָלימפּ, און נישט פון אַזעלכן, וואָס האָט דאָס אַליין איבערגעלעבט, אַדורכגעפיבערט. במילא זעען מיר אָנשטאָט מענטשן פון קאַמף און געראַנגל, פון ווילן און באַוווסטזיין, בלויז די טראַגיק פון מענטשן־פליגן. האָבן זיך במילא באַקומען קרעפטיקע עפּיזאָדן פון ייִדישער מאַרטיראָלאָגיע און אַפילו קיין רמז נישט וועגן ייִדישער גבורה. וואָס האָט דעם קינסטלער געשטערט געבן עטוואָס ברייטערע לייוונטן, פולבלוטיקערע געשטאַלטן? ווידערשטאַנד? איך האָב איין ענטפער: דאָס משועבד זיין צו די אָנגענומענע קאַנאָנען וועגן ליטעראַרישקייט. מיר דוכט זיך, אַז פאַר דעם געטאָ־, לאַגער־ און פאַרטיזאַנטקע־מאַטעריאַל, בכלל פאַר דער הייַנטיקער אימפּעטפּולער צייט, טויג שוין נישט די היפּער־רואיקע באַשרייבונג, דער פּסיכאָלאָגיזם; איבעריקנס, זעען מיר, אַז די מוזיק, די מאָלעריי זוכט נייע אויסדרוק־מיטלען, שרעקט זיך נישט פאַרן דיסאָנאַנס, פאַר דער געבראָכנקייט פון ליניע, און די פּאָעזיע ביי אונדז רעדט וועגן פאַקטן פון שוידער מיט דער קאַנאָניזירטער מעטריק און אויסגעגלעטן גראַם, און די פּראָזע הויבט נישט אויף קיין פּראָבלעמען, נאָר באַשרייבט, פּסיכאָלאָגיזירט, ווי אין די אַלטע גוטע צייטן. נו, איז טאַקע צו ענג דאָס פאַרטיקע געפעס פאַרן נייעם אינהאַלט, איז טאַקע שווער, ממש אוממעגלעך אַרויסצוברענגען די גרויסע טעמע פון קאַמף און גבורה... יאָ, נישט דאָס פעלן פון פּעספּעקטיוו, נישט די צו פרישקייט פון מאַטעריאַל פון אונדזער פּיין און גבורה שטערט דעם שרייבער אַרויסצוברענגען די ווידערשטאַנד־ און אויפשטאַנד־קאַפּיטלען, נאָר דאָס פעלן פון אַ[ן] שפּרעכנדיקער פאָרם פאַרן נייעם אינהאַלט, פאַר דער אַנדערער ווירקלעכקייט, וואָס דאַרף געשילדערט ווערן. אַ דינאַמישע פאָרם, אַ דראַמאַטיזירטע? — שווער צו זאָגן. יעדנפאַלס לוינט זיך צו פאַרטראַכטן איבער די מיטלען, וואָס דערמעגלעכן אַזאַ שרייבער ווי איליאַ ערענבורג פאָרעמען דעם שטאָף פון מלחמה און אָקופּאַציע.

— צי מיינט איר ווירקלעך, אַז מען קאָן פּראָצעסן, דערצו ליטעראַרישע, אויפצווינגען, צואיילן? מיינט איר ווירקלעך, אַז ליטעראַטור קאָן מען דיקטירן?

— די פראַגע איז נישט ניי, און דער ענטפער וועט מסתמא אויך מיט צופיל בייקייט נישט זינדיקן. פאַר מיר איז קלאָר, אַז דער גרעסטער דיקטירער איז דער לייענער, און ווען מיר זענען עדות דערפון ווי דער לייענער נעמט נישט גערן אויף די פאַרשידענע יללה־געשרייען, די קורצאָטעמדיקע, סתם פּאָעטישע רייד, ווען ער ווערט נישט געפאַנגען פון דעם ביסל פּראָזאַישע עפּיזאָדן און שקיצן, וואָס ווערן אים סערווירט, הייסט עס, אַז ער פאָדערט עפּעס אַנדערש, עפּעס ממשותדיקערס, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן זיינע פאַרלאַנגען און בענקענישן, זיינע פאַרשטעלונגען און געפילן. איר ווייסט מסתמא, אַז געוויין איז אַסאָציאַל. דער מענטש מיידט בטבע אויס ערטער ווו מען וויינט. אין אַ טרויער־אָרט מוזן מיר זיך אויפצווינגען צו גיין. און אַהין, ווו עס הערשט פרייד, ליכטיקע פּערספּעקטיוו, דערמונטערונג, גייט זיך אַליין... דער יוצא לנו מזה איז דוכט מיר קלאָר: דער שרייבער דאַרף אַרויסברענגען פאַקטן לייטערנדיקע, דערהויבנדיקע, אויפמונטערנדיקע, אַפילו אין דער קאָשמאַרער נאַכט פון היטלערישער ווירקלעכקייט געפינען די עלעמענטן פון ייִדישער דערהויבנקייט, גבורה.

— איר זענט, דוכט מיר, אַריינגעפאַלן אין אַ סתירה, אַן אינערלעכער סתירה. דערמאָנט זיך, וואָס איר האָט געזאָגט ביים אָנהויב. איר שטעלט אַליין פעסט, אַז די היטלערישע מאָרד־הערשאַפט האָט באַשאַפן פאַקטן, וואָס שטייגן ווייט אַריבער מיט זייער גרויל אונדזערע דערקען־ און באַנעם־מעגלעכקייטן, פון דער צווייטער זייט האַלט איר פאַר מעגלעך צו פאָדערן, אַז אין די שאַפונגען זאָל נישט הערשן קיין וויי־געשריי, קיין יללה, זיי זאָלן נאָך זיין אין זייער אויסקלאַנג אָפּטימיסטיש, דערמוטיקנדיק. באַנעמט איר כאָטש דעם אומזין?

— אויבנאויפיק קאָן עס טאַקע אויסזען ווי אַ סתירה, ווען מען לייענט זיך אָבער אַריין אין דער געטאָ־, לאַגער־ און פאַרטיזאַנער־ליטעראַטור, וואָס איז צו אונדז דערגאַנגען, קומט מען צום אויספיר, אַז די סתירה איז בלויז אַ לפנימדיקע. ווייל אונדזערע נאָענטע, ליידנדיק נויט, פּיין, שטייענדיק פּנים אל פּנים מיטן טויט, האָבן בדרך־כלל דעם גלויבן אין קיום־האומה, אין זיג פון גערעכטן נישט פאַרלוירן, זענען

הייסט עס, געווען אָפּטימיסטיש. איבעריקנס, ווען זיי וואָלטן אַזאַ אמונה נישט געהאַט, וואָלטן צו אונדז נישט דערגאַנגען די באַהאַלטענע אַרכיוון, בילדער, פֿאַרצייכענונגען. נאָר גלויבן, דער אומדערשיטערלעכער גלייבן אין קיום האָט זיי געקאָנט און געגעבן כוח צו קאָנטינואירן זייער שעפֿערישע, וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעט אין אַזעלכע גרויל־באַדינגונגען. ווי מיינט איר, ס'איז פּעסימיזם? און איצט וועגן די עצם גרויליקייטן: צי מיינט איר, אַז איך גאַר צו זען נאַטוראַליסטישע געמעלן פֿון היטלערישע מערדערייען? זיך באַקענען מיט דער פֿילאָזאָפֿיע פֿון אַ העס, פֿאָן סטראָפּ, צי אַ ביבאָוו? וויכטיק איז אַרויסברענגען די אַ ט מ אָ ס פֿ ע ר, דאָס לעבן אין יענע גרויל־ און שוידער־יאָרן, געזען אַזוי ווי דער געטאָ־ און לאַגער־מענטש, מיט אַן אויסקוק און אומאונטערגעבראָכענעם גלויבן אין זײַן צוקונפֿט. מיט גלויבן אין אונדזער אייביקייט. ווען דער צוגאַנג פֿון שרייבער וועט זיין אַזאַ, דאַן וועט ער נישט דערשראָקן ווערן פֿאַר די אומגלויבלעכע דעטאַלן, ווייל זיי וועלן נישט זיין דער עיקר, און וועט קאָנען געבן ווירקלעכע קינסטלעריש־רעאַליסטישע בילדער פֿון פֿאָלקס־דערציילערישן ווערט.

— ווי איך פֿאַרשטיי אייך, ווילט איר באַווייזן, אַז איינע פֿון די הויפּט־מניעות איז אויך דאָס פֿעלן פֿון אידעישן צוגאַנג, פֿון קלאָרער וועלט־אָנשויונג ביי פֿיל פֿון אונדזערע שרייבער?

— יאָ, עס איז זייער שווער, ממש אוממעגלעך צו שילדערן ווי מענטשן שטייען אין פֿלאַמען און צילן אין דייטשן, אויב מען איז נישט באַהויכט מיט זייער קאַמפּס־גייסט, אויב מען פֿיבערט נישט מיט זייער טיפֿן גלויבן. עס איז זייער שווער צו ווייזן ווי 60 אסורים פֿון בזשעזשינקער קרעמאַטאָריע מאַכן אַ בונט, וואַרפֿן אַריין דייטשע מערדער אין אויוון אַריין, אויב עס וועלן נישט אַרויסגעהויבן ווערן כאָטש אַ פּאָר באַוווסטזיניקע קעמפֿער צווישן זיי. אָבער כדי צו געבן דעם אידעישן, אידעאָלאָגישן פּנים פֿון אונדזערע העלדן־מאַרטירער, איז נויטיק, אַז דער שרייבער גופֿא זאָל פֿאַרמאָגן אַ לעבנס־באַשטעטיקנדיקן אידעאַל, ווייל דאָס קאַפּיטל קאָן נישט בלויז באַשריבן ווערן. געטאָ, אויפֿשטאַנד, קידוש־השם, פּאַראַט — דאָס זענען אַלץ ערשטראַנגיקע פּראָבלעמען, וואָס זייער ווערט באַשטייט נישט בלויז אין ווייזן אונדזער טראַגישן נעכטן, נאָר אויך אין זייער קאָלאָסאַלן באַדייט פֿאַר אונדזער היינט און מאָרגן.

עס איז געווען אַ צייט, ווען אונדזער פּראָזע האָט געפֿעלט טעמע. דער נעכטן איז געווען ענלעך צום היינט, און דער מאָרגן האָט ווייט נישט געלאָקט מיט קיין לויטערע פּערספּעקטיוון. איז מען אַוועק צום הוילן פּסיכאָלאָגיזם, שטייגער־שילדערונג, ראָמאַנטיק פֿון דעם אַמאָל. היינט, „ברוך השם", פֿעלן נישט קיין טעמען... און אויב זיי ווערן נישט קינסטלעריש אַרויסגעבראַכט, אויב זיי וואַרטן נאָך אַלץ אויף אַ תיקון, איז עס אין אַ גרויסער מאָס צוליב די אָנגענומענע קאַנאָנען וועגן ליטעראַרישקייט, וועגן ריינער, פֿון אידעע אויסגעהוילטער קונסט, וואָס פֿאַראורטיילט אין לעצטן סך־הכל אויף וועגעטאַציע, אויף זוכן אין וואַלד אַ ביימל, אויף בלייבן אויסער דעם אמת און אויסער די פֿאַקטן, וואָס דער שרייבער האַלט פֿאַר זיין חוב אַרויסצוברענגען.

— דאָ באַרירט איר, דוכט מיר, אַ שפּאָגל־נייע טעמע: די אויפֿגאַבן פֿון אונדזער ליטעראַטור.

— איר זענט אין אַ טעות. די טעמע איז נישט „שפּאָגל־ניי", ווייל איך האָב מיט מיין שמועס נישט בדעה אַרויפֿצולייגן אויפֿגאַבן נאָר באַרירן פּראָבלעמען, און דאָס אויבן־געזאָגטע געהערט אויך צו אָט די פּראָבלעמען.

— אָבער דאָ מאַכט איר אַ פֿאָרוואורף, פֿאַרוואָס אונדזערע קינסטלער קלאַמערן זיך אין אַלטע קאַנאָנען און ברענגען נישט אַרויס אַ גאַנצע ריי ערשטראַנגיקע פּראָבלעמען.

— איך בין ווייט פֿון מאַכן פֿאָרווורפֿן. איך גיב זיך אָפּ אַ קלאָרן חשבון, ווי שווער עס איז צו געבן קינסטלערישן אויסדרוק דעם אָקופּאַציע־ און קאַמף־שטאָף. איך מיין אָבער, אַז אַנטלויפֿן פֿון שוועריקייטן מיטן אויסרייד, אַז דער מאַטעריאַל איז נאָך צו פֿריש, אַז עס פֿעלט נאָך די נויטיקע פּערספּעקטיוו, דיסטאַנץ, און דעריבער איז אוממעגלעך די טעמען צו פֿיקסירן, איז נישט צום פּנים פֿון אונדזער ליטעראַטור. ווייסן מיר דאָך, אַז שאָלאָכאָוו האָט אָנגעהויבן פֿאַרעפֿנטלעכן זיין „זיי האָבן געקעמפֿט פֿאַרן פֿאָטערלאַנד" אין די צייטן, ווען די דייטשן זענען נאָך געגאַנגען אויף סטאַלינגראַד. איז עס אַ שלעכט ווערק? בכלל קאָן די סאָוויעטישע ליטעראַטור פֿון דער מלחמה־צייט באַווייזן, ווי נישט גערעכט עס זענען די אַלע פּערספּעקטיוו־אַרגומענטירער. מען הערט אָפֿט, אַז דער יידישער שרייבער איז שטאַרקער דערדריקט ווי ווער עס איז נישט אַנדערער, אַז ער איז שטאַרק דערשיטערט צוליב דער גרויסער אבידה, און דערפֿאַר מוז דויערן לענגער זיין קומען צו גלייכגעוויכט. דאָס געשעענע מיט אונדזער פֿאָלק האָט ווירקלעך נישט קיין פּרעצעדענס. דאָס געשעענע איז, לויט איר טראַגיק, פֿון אַן אומבאַגרייפֿלעכן פֿאַרנעם, אָבער מיר, די לעבן־געבליבענע, פֿאַרגעסן דאָך נישט וועגן אונדזערע הצתרכותן, אין אונדזערע טאָגטעגלעכע באַדאַרפֿן און פֿאַרלאַנגען. מיר לעבן היינט, ווילן לעבן מאָרגן און אויפֿהאָדעווען דורות אויף איבערמאָרגן. דאָס הייסט, אַז מיר לעבן נישט דורכויס מיטן מערדערישן נעכטן. אַנדערש וואָלטן מיר דאָך נישט געקענט אָטעמען, לעבן. פֿרעגט זיך: פֿאַרוואָס זענען מיר אין טאָג־טעגלעכן לעבן נאָרמאַל, ווי יעטוועדע לעבעדיקע באַשעפֿעניש, און ווי נאָר מיר קומען צו דער טעמע „נעכטן" פֿאַרלירן מיר דעם לעבנס־כוח, וואָס צווינגט צו קוקן אין מאָרגן אַריין, און מיר צעגיסן זיך אין יללה? אין אונדזער פּסיכיק איז געוואַלדיק צוגעשפּיצט דער חוש פֿאַר דעם שוואַרצן, מרה־שחורהדיקן, און ס'איז ווי אָפּגעטעמפּט דער חוש פֿאַר דעם ליכטיקן, וואָס רייסט זיך אַדורך דורך די וואָלקנס פֿון נעכטן. נאָך עפּעס: די גרעסטע מערהייט פֿון אונדזערע שרייבער האָט זיך געראַטעוועט אויף דער סאָוויעטישער ערד. די ווייט גרעסטע מערהייט פֿילט אויפֿריכטיקע ליבע און דאַנקבאַרקייט פֿאַר די ייד־ און מענטשן־באַשיצער. דאָך זענען מיר עדות פֿון איין „גרויסער" פּאַשקוויל־אַרבעט אויף די שפּאַלטן פֿון „פֿאָרווערטס".

— אַנטשולדיקט. דאָ זענט איר שוין אינגאַנצן נישט גערעכט. איר פֿאַרגעסט, אַז מיר פֿאַרמאָגן שוין גאַנץ שיינע לידער געווידמעט דעם סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד, געשריבן דורך אָנגעזעענע דיכטער. די פּראָזע האָט, וואָס אַן אמת, קיין שטאַרק אינטערעסאַנטס נישט

אַרויסגעבראַכט, אָבער אויך דאָ איז פאַלש צו זאָגן, אַז די טעמע איז נישט באַרירט געוואָרן. איר מאַכט פאָרוורפן, הלמאי אונדזערע שרייבער קוקן אויף אַלץ מיט שוואַרצעברילן, און איר אַליין האַלט פאַר מעגלעך זיך אָפּצושטעלן אויף רכילות־טרייבעריי פון אַ פאַרקריפטן נפש. צי איז עס דען ליטעראַטור? דאָס איז דאָך אַפילו ווייט פון אָנשטענדיקער זשורנאַליסטיק. גייט איר אויף דעם סמך פאָרמולירן פאָרוורפן!

— ניין, מיין פריינד, איך בין ווייט פון שוואַרצזעעריי. דאָס עצם שטעלן די פּראָבלעמען, באַדייט דאָך נישט עפּעס אַנדערש ווי דאָס, אַז ס'איז פאַראַן די איבערצייגונג אין די גרויסע קינסטלערישע לייסטונגס־מעגלעכקייטן פון אונדזערע שרייבער. און בלויז די דאָזיקע איבערצייגונג מאַכט מעגלעך צו מאָנען די גרויסע טעמע, די טעמע פון פּיין און גבורה, דאָס אַרויסברענגען די איבערלעבונגען אויף דער גאַסטפריינטלעכער סאָוויעטישער ערד, דאָס אויף נייע יסודות זיך בויענדיקע יידישע לעבן אין פּוילן. דערצו איז נויטיק צוויי זאַכן: זיך צו באַפרייען פון די אָנגענומענע באַגריפן וועגן ליטעראַרישקייט, דעם אומווילן צו דעם רעפּאָרטאַזשאַרטיקן און אַראָפּצוואַרפן די שוואַרצע ברילן... בלויז דאַן וועלן מיר אַרויס פון די יללהדיקע ד'אמות.

— איך מיין אָבער, אַז דאָס אַנטאָן ראָזעווע ברילן וואָלט אויך געווען ווייט פון אמת.

— ווער פאַרלאַנגט עס? עס ליגט שוין אין אונדזער יידישער טבע די נייגונג צום קאָנטראַסט. אויב נישט מרה־שחורה, דאַן איז — אגיל ואשמח. ס'איז קלאָר: אויב דאָס ערשטע איז שעדלעך, איז דאָס צווייטע לעכערלעך. במילא קאָן עס קיין שום בר־דעת נישט פאַרלאַנגען. דאָס פּראָבלעם, אויב מען זאָל עס דווקא צושפּיצן צו ברילן, באַשטייט אין אָנטאָן אַזעלכע, וואָס פאַרשאַרפן די ראיה אין דער ווייט... אין זעען ווייטער ווי דאָס, וואָס ליגט פאַר דער נאָז, אויף דער אויבערפלאַך פון געשעענעם. לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז דאָס געשעענע מיט אונדזער פאָלק איז ענלעך צו אַ שיפברוך, בעת וועלכער אַ נישטיקער טייל האָט געפּרוווט זיך ראַטעווען דורך העלפן אַראָפּשטויסן די ווייט גרעסטע טייל אין די אָרעמס פון די צעווילדעוועטע, שוימענדיקע כוואַליעס, אַ טייל האָט זיך אָבער גוטוויליק נישט געלאָזט אומברענגען און געקעמפט מיט די צעווילדעוועטע כוחות ביזן לעצטן אָטעם. פרעגט זיך: צי וועט זיך באַקומען אַ ריכטיק בילד פון דער קאַטאַסטראָפע, אויב מיר וועלן דערציילן און באַוויינען בלויז די, וואָס האָבן זיך אָן שום ווידערשטאַנד געלאָזט אַראָפּשטויסן פון דער שיף?... אין דער צייט, ווען פאַר אונדז האָט אַ קאַרדינאַלע באַדייטונג דאָס אַרויסהייבן די גרויסע ווערטן פון די ווייטער־שפּינער, פון די שמשון הגבור־ און מכבי־טראַדיציעס, ווערט אין אונדזער פאַזיע בלויז און אויסשליסלעך באַזונגען דער קידוש השם. זאָג איך דעריבער: דער היסטאָרישער אמת און אונדזער נאַציאָנאַלער אינטערעס דיקטירט אונדז צו ווייזן דאָס העסלעכע פּנים פון פאַראַט, די אומזיניקייט פון לאָזן זיך פירן ווי שעפּסן צו דער שחיטה, און דעם לויטערן, דערהויבענעם זין פון העלדישן קאַמף, די גלאָריע פון העלדישן טויט.

אונדזערע נביאים האָבן פאַרשטאַנען אין נאָרמאַלע צייטן צו מוסרן און שטראָפן, און אין צייטן פון אומגליק קומען מיטן נחמו נחמו עמי, מיטן טרייסט־וואָרט. איצט האָבן מיר נישט קיין נביאים. זייער פונקציע האָט איבערגענומען דער קינסטלער, וואָס דאַרף שטאַרקן דאָס באַוווסטזיין פון פאָלק, זיין זיין מורה דרך, זיין געוויסן און פאָרשטייער, במילא וואָס נענטער די ליטעראַטור וועט זיין צום פאָלק, וואָס דערמוטיקנדיקער עס וועט זיין איר וואָרט, אַלץ ווירקזאַמער וועט זי ווערן.

— איר רעדט אַזוי, ווי ס'זאָל ווירקלעך זיין אַזאַ פאַרקוקטקייט פון אונדזער שארית הפליטה אויף אונדזער שאַפונג, ווי אַמאָל, אין די צייטן פון די נביאים... במילא זעט מיר אויס אַביסל קאָמיש די דעקלאַראַציע וועגן „דערציען”, „ווייזן אַ וועג” און ענלעכע שיינע זאַכן.

— צו וועמען זוי צו וועמען נאָר צו אונדזער יידישן ליטעראַטור־קאָנסומענט טאָרן מיר קיין טענות נישט האָבן. אויב מיר זאָלן פאַרגלייכן די פּראָצענטועלע צאָל באַזוכער אויף אונדזערע ליטעראַרישע פאַראַנשטאַלטונגען און פאַרגלייכן מיט די פּוילישע, וואָלטן מיר געהאַט אַ מעגלעכקייט נישט נאָר זיין צופרידן, נאָר שטאָלץ זיין מיט אונדזער להוטן נאָך אַ יידיש וואָרט עולם. עס איז אָבער זיכער, אַז ווען אונדזער שאַפן וואָלט פאַרמאָגט אַ ברייטערע גאַמע פון מאָטיוון, זאָל מער אַנקערן אין פילאָזאָפישן אמת פון לעבן, וואָלט די צאָל אָפּנעמער נאָך מער געשטיגן. אויב מיר וועלן אָבער ווייטער שווימען אויפן אויבערפלאַך פון די גרוילפאַקטן, דאַן איז גאַנץ מעגלעך, אַז אָנשטאָט געווינען די נישט אַקטיווע, זאָלן נאָך אָפּפאַלן טיילן פון די קאָנסומענטן, וואָס מיר פאַרמאָגן.

— דער אויספיר?

— כ'וועל אייך ענטפערן אויף אַן עכט יידישן אופן:

— עס איז נאָך נויטיק אַן אויספיר?...

**הדסה רובין**

# לידער

## ווּעסנע

אָט קומט זי ווידער אָן —
אַ באַרוועסע, צעשויבערטע און לייכטע,
און ס'ווערט אין לופטן אַ געקוועל און אַ געפּיפּס.
די ערד צעפּיקעט זיך פון אַ מילדקייט און אַ פייכטקייט,
און שפּריצט מיט גרינס,
מיט יונג־גרינס שפּריצט.

אָט קומט זי ווידער אָן, די גאָלדענע, מיט גלעקלעך,
מיר איינרוימען אַ סוד און סודן זיך מיט בוים,
וואָס דאַרף צום ערשטן מאָל אַ בלי טאָן און אַ שמעק טאָן,
און חוזקט אָפּ פון טרוים,
און שלייערט זיך אין טרוים.

אָט קומט זי ווידער אָן, מיט שטיפעריי און חנדלעך,
מיט בעכערס אין די הענט, געבלימלט און געגראָזט.
און דו, דו האָסט געזאָגט, און דו, דו האָסט געמיינט דאָך,
אַז ווּעסנע וועט נישט זיין מער, וואָס? —

ווען כ'ווייס, אַז דאָס דאַרף זיין מיין לעצטע ווּעסנע,
מיין אויג וועט מער נישט טיקן זיך אין גרינס —
געפעלסטו מיר אַזוי, מיין חנעוודיקע, שענסטע;
געבענטשט זאָל זיין דיין שטראַלנדיקער פּליס!

## לבנה־שיין

כ'האָב דעם הימל, ווי אַ טישטעכל,
אויסגעהאַפטן מיט מיין טרוים.
ווייסער וואָלקן, וואָס פאַרווישסטו אים
מיט דיין טיכעלע פון שוים? —

...ס'איז מיין גאָרטן ווי אַ מעשהלע —
אויסגעצויבערט און באַפליגלט.
די לבנה האָט געווייסט אים היינט
מיט איר אויסגעטראַכטן ניגון.

גראָז גייט אויף. מיט דיינע צינגעלעך
שטיפט אין לופט זיך, שטיפט מיט ווינט.
ס'קאָן די וועלט דען זיין נאָך יונגער? —
ס'איז די וועלט מיר ווי אַ קינד.

...דראַפּעט זיך אויף העלע לייטערלעך,
ווי לבנה — מיין געמיט.
צו די שוועסטערלעך אין די ברייטן דאָרט,
צו די לידער דאָרט — מיין ליד.

## איך און מיין קעצל

וואָס שפּיצטו אָן די אויערלעך,
וואָס שפּיצטו אָן די אויגן? —

דער הימל שמעקט מיט בלוי־געדוך,
הי לופט — מיט שוועב פון פויגל.

פאַרנאַכט אַרום, און רו אַרום,
אין לויטערקייט צעפּליסטע.

טאָ לאָמירביידע זיין היינט פרום —
נישט טראַכט פון בלוט־פאַרגיסונג.

איך קוק זיך איין, איך קלער זיך איין,
אין דעם נישט היגן, וואָס איז העכער.

...מיין קעצל שיכורט רויטן ווין,
פון פויגלס האַלדז, ווי פון אַ בעכער. — — —

## אָ, כ'וויל נישט ווערן פריי פון דיר...

(מזרח־מאָטיוו)

איך בין פון ליבע טריי צו דיר.
מיין טאָג און נאַכט געהערט צו דיר.
דעם קערפּער איך באַניי פאַר דיר,
דו ביסט פון גאָט באַשערטער מיר,
אָ, כ'וויל נישט ווערן פריי פון דיר!

אָ, כ'וויל נישט ווערן פריי פו דיר —
איז מיין געזאַנג. נאָר אין געזאַנג
פאַרגייט זיך אַ געוויין אין מיר,
און ס'נאָגט מיין האַרץ אַ בייזע שלאַנג:
מיך רייצט דער אַנדערער אין דיר.

נישט שטראָף מיט שטרענגע ווערטער מיך —
דיין ווייטיק איז פאַר מיר די שטראָף.
לעש, שטורעם, אויס די גערטנער מיר,
פאַרשיט דעם הייסן קוואַל פון גוף!
דו ביסט פון גאָט באַשערטער מיר,
אין זיך איך טראָג דעם גנאָד פון שטראָף.

## איך גיי איבער גאַסן...

איך גיי איבער גאַסן אין זוניקער שעה,
איך זוך איבער גאַסן און ווייס: ביסט נישטאָ.
איז וואָס זאָל איך טאָן מיט מיין פינצטערן וויסן? —
ווי גאָל אינעם זוניקן פּרצוף אַ גיס טאָן,
צערייסן די לופט און פאַרלעשן די שטראַלן? —
אויב דו ביסט נישטאָ — זאָל אַלץ ווערן פאַרפאַלן?

איך גיי איבער גאַסן אין זוניקער שעה,
איך זוך איבער גאַסן און ווייס: ביסט נישטאָ.
נאָר כ'טשעפּע די רו נישט, און כ'שרעק נישט די שטראַלן,
איך זאָג נאָר אַ בשורה מיר אָן: ס'איז פאַרפאַלן.
און שטעלט אָפּ אַ גאַס מיך אין זוניקער שעה,
איך ענטפער איר אָפּ: יאָ, איך לעב, איך בין דאָ.

**א. וואלף יאסני**

פראַגמענטן

# יצחק קאַצענעלסאָן — דער ירמיהו פון דריטן חורבן

קינדער־ און יינגל־יאָרן

יצחק יחיאל קאַצענעלסאָנס יחוס: דורות רבנים, ביזן תוספות־יום־טוב, זיין פאָטער, יעקב בנימין קאַצענעלסאָן — אַ ייד, אַ למדן, וועלכער האָט איינגעזאַפּט אין זיך דעם אַלטן יידישן גייסט פון די ישיבות פון וואָלאָזשין און קאָוונע. אויך דער אַלטער קאַצענעלסאָן איז געכאַפּט געוואָרן פון דער מוזע, געשאַפן שירים אין העברעיש און געווען אַפילו דער מחבר פון אַ פּאָעמע אין יידיש. די מוטער פון טראַגיש־אומגעקומענעם דיכטער שטאַמט פון אַ רבנישער פאַמיליע, נאָר אין איר יידיש־פרומער דערציונג האָט זיך אַריינגעריסן עפּעס פון וועלטלעכקייט — זי איז געווען אַ ליבהאָבערין פון טעאַטער.

אין אָט אַזאַ סביבה איז געוואַקסן דער קליינער יצחק יחיאל.

ווען ער איז אַלט געווען 6 יאָר האָבן זיינע עלטערן פאַרלאָזט דאָס ווייס־רוסישע פאַרשלאָפענע שטעטל קאָרעליץ און מיט איינמאָל אַריינגעפאַלן אין דעם טעקסטיל־שטעטל — זגערזש.

דאָס איז געווען אין די ניינציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. זגערזש, ווי אַן אָפּצווייג פון לאָדזשער טעקסטיל־צענטער האָט געהערט צום „צוגעזאָגטן לאַנד". אַהער האָבן געשטראָמט יידן פון שטעט און שטעטלעך במדינת פוילן וליטא. דאָ האָבן זיי זיך אַריינגעשניטן אין דער וואַקסנדיקער טעקסטיל־אינדוסטריע; אין די ברייטע טלית־קטנס זיך אַוועקגעזעצט ביים וועב־שטול און שעראַמע, געוואָרן מבינים אויף מאַניפּולאַציע פון וואָל מיט וויגאָניע, געוואָרן זיך העבער, זיך אַרויפגעאַרבעט אויף וועב־מייסטער און שפּעטער אויף פאַבריק־אייגנטימער, און עס איז געוואָקסן דער גרויסער יידישער פּראָדוקטיווער קיבוץ פון לאָדזש און אומגעגנט.

יעקב בנימין קאַצענעלסאָנען האָט דאָס אויפגייענדיקע קאָכעדיקע לעבן נישט געקאָנט פאַרכאַפּן — ווי קומט ער צו מסחר און פאַבריקאַציע? פרנסה דאַרף מען דאָך אָבער פאָרט, און יעקב בנימין האָט זיך אין זגערזש צוגעקליבן אַ פּאָר תלמידים פון פאַרמעגלעכע פרומע משפחות און זיי געלערנט לשון־קודש, „תנך" און אַ ביסל וועלטלעכקייט... איינער פון די צוגעקליבענע תלמידים איז אויך געווען זיין זון יצחק יחיאל.

נאָך אַ פּאָר יאָר אויפהאַלטן דאָס חדר מוז יעקב בנימין זיין „אַנשטאַלט" שליסן. ס'איז אויפגעשטאַנען אַ געפערלעכער קאָנקורענט. עס האָט זיך געשאַפן אַ קאָמערץ־שול, און די פאַרמעגלעכע עלטערן, וואָס ווילן זען פון זייערע קינדער אַ תכלית, גיבן זיי בעסער אָפּ אין דער האַנדלס־שול. די פרנסה האָט זיך געענדיקט. די פאַמיליע קאַצענעלסאָן פאַרלאָזט זגערזש. דער פאָטער ווערט אַ מיטאַרבעטער אין העברעישע אויסגאַבן און פאָרט צוליב דעם קיין וואַרשע. די מוטער מיט די קינדער באַזעצן זיך אין לאָדזש, ביז ס'וועט זיין אַ מעגלעכקייט, אַלע זאָלן זיך אַריבערציען קיין וואַרשע.

אַזאַ מעגלעכקייט קומט דערווייל נישט און פרוי קאַצענעלסאָן עפנט אַ מין אכסניה פאַר היימישע מענטשן. אַזעלכע אכסניהס זענען דעמלט אין לאָדזש געווען לרוב. פון זיי האָבן געצויגן, משטיינסגעזאָגט, פרנסה די יורדים, בכבודיקע משפחות פון די שיינע יידן, וועלכע האָבן זיך נישט געקאָנט אַריינפּאַסן אין גרויסן הו־האַ פון וואָל און וויגאָניע. אַזעלכע משפחות האָבן ביי זיך, אָפט אין ענגער ווינונג, איינגעאָרדנט אַ מין טרעף־פּונקט פאַר היימישע פון אייגענעם שטעטל. דאָ האָט מען געקענט אָפּעסן אַ מיטאָג, טרעפן זיך מיט אייגענע, סתם אַזוי כאַפּן אַ שמועס מיט אַ נאָענטן מענטשן. אַזאַ אָט אכסניה האָט אויך געפירט קאַצענעלסאָנס מוטער. דאָ זענען געקומען מענטשן פון דער אייגענער סביבה, העברעישע לערער, משכילים און אין דער נייער סביבה אַנטוויקלט זיך דער יונגער קאַצענעלסאָן.

די שעפערישקייט האָט זיך זייער פרי געוועקט אין דעם קומענדיקן דיכטער. זיין גוטע, צאַרטע מוטער האָט באַמערקט, אַז איר יצחקל וואַקסט אַן אַנדערער, ווי אַלע קינדער. אָפט פלעגט יצחקל אַריינפאַלן אין התלהבות און נעמען פאַר דער מוטער דעקלאַמירן ר' יהודה הלויס „ציון הלא תשאלי", און אַנדערע העברעישע שירים. זיינע אויגן פלעגן זיך דעמלט אָנצינדן און גאַנץ אָפט פלעגט דער יונגער בחור אויך אַריינפאַלן אין עצבות, אַרומגיין אַ שווייגנדיקער און עפּעס אונטערברומען...

אין יענער צייט האָט אין לאָדזש אויף פּאָלודניאָווע 3 עקזיסטירט אַ גרויסע ליי־ביבליאָטעק פון יידישע און העברעישע ביכער. אין דער דאָזיקער ביבליאָטעק האָט מען דעם יונגן קאַצענעלסאָן גוט געקענט. דער באַלעבאָס פון דער ביבליאָטעק איז געווען דער באַקאַנטער משכיל צבי פערלע, וועלכער האָט אגב געהאַט אַ גרויסע השפעה אויפן דיכטער.

אָבער וואָס ווייטער? ווו געפינט מען פאָרט אַ תכלית פאַרן קינד? טראַכט די מוטער.

לויט דער עצה פון אַ פעטער פון זגערזש, וועלכער איז אַליין שוין געקומען צו אַ שטיקל מדרגה, האָט מען יצחק יחיאלן אָפּגעגעבן אין אַ מאַנופאַקטור־געשעפט.

די נייע סביבה האָט אויף קאַצענעלסאָנען פון אָנהויב געווירקט אַביסל אָפּפרישנדיק. ווי אַנדערש זענען די דאָזיקע יידן פון די לערערס, וועלכע קומען צו זיין מוטער אין שטוב. דאָ גייט אַ שטענדיקע באַוועגונג. מען שלעפּט די שטיקער סחורה פון די פּאָליצעס, שנעל, שנעל ציט זיי איבערן טיש דער פּריקאַזשטשיק ברוך, אַ מיטלוווקסיקער יונגערמאַן, מיט אַן אויפגעשטעלטן ווייסן קאָלנער און שוואַרצער געקרייזלטער טשופּרינע. ברוך וויל מע זאָל אים רופן באָריס. די בערדיקע יידן טוען אים אויף צו להכעיס און רופן אים ברוך, אָדער

ברוכל. אַט דער ברוכל דערגייט קאַצענעלסאָנען די יאָרן.

קאַצענעלסאָן הייסט שוין נישט דאָ יצחקל, ווי די מוטער האָט ליב אים צו פאַרציען, נאָר איטשע. דער נאָמען איטשע איז ביי אַלעמען אויף די ליפּן.

— איטשע, גיב אַ לויף און כאַפּ צען וועקסלען צו הונדערט רובל... איטשע לויף צום רייענט אַרויסכאַפּן די וועקסלען, איטשע גיב אַ שפּרינג אַרויף און שלעפּ אַראָפּ דעם שטיק פּאַלטן... — און אַזוי דעם גאַנצן טאָג ביז שפּעט אין אָוונט. מ׳יאָגט, קיינער האָט נישט קיין צייט, זוייל „אַט־אַט גייט אָפּ דער צוג״...

צווישן איין שליחות און דעם צווייטן כאַפּט זיך דערוייל קאַצענעלסאָן צו צום ביכל, וואָס ער טראָגט שטענדיק מיט זיך. אַט דאָס געפעלט נישט ברוכלען. ער נוצט אויס יעדע פרייע מינוט, כדי צו חוזק פון דעם „פילאָזאָף״.

סוף־כל־סוף האָט דער יונגער קאַצענעלסאָן פאַר־לאָזט דאָס מאַנופאַקטור־געשעפט. דאָס איז געווען קעגן זיין ווילן. דאָס האָט אים דער באַלעבאָס נישט געהייסן מער קומען. — ער דאַרף נישט קיין פילאָזאָפן ביי זיך אין געשעפט — האָט ער דערקלערט.

יצחק יחיאל איז דערפון געוואָרן שטאַרק גע־קרענקט. ער האָט געוווסט, אַז די מוטער וועט דערפון ליידן. אַ דערשלאָגענער איז ער אַהיים געקומען. די מוטער האָט שווייגנדיק אויסגעהערט, וואָס יצחקל האָט דערציילט וועגן זיין פאַרלאָזן דאָס מאַנופאַקטור־גע־שעפט און לסוף געזאָגט, אַז זי וועט איבעררריידן מיטן פעטער, וואָס ווייטער צו טאָן.

דער פעטער פון זגערזש האָט דעם יונגן בחור אַריינגענומען צו זיך, כדי אים אַריינצוציען אין וועבער־מלאכה. אָבער אויך דאָ האָט ער זיך לאַנג נישט גע־האַלטן. דער פעטער איז געקומען צו דער איבערציי־גונג, אַז דער יונגער בחור איז אַ לא־יצלח...

### יצחק קאַצענעלסאָן — דער דיכטער

קאַצענעלסאָנס פּאָעטישער טאַלאַנט האָט זייער פרי נושא־פרי געווען. די ערשטע העברעישע לידער זיינע, וועלכע געפינען זיך אין דער זאַמלונג „דמדומים״ טראָגן אויף זיך די דאַטע תרנ״ט — תרס״א ד״ה 1899—1901. דער דיכטער איז געבוירן געוואָרן אין 1886. געשריבן האָט ער אין זיינע שווערע יונגלשע יאָרן, אַלס שיק־יינגל אין מאַנופאַקטור־געשעפט, אַלס וועבער ביי זיין פעטער.

זיין ווייטערדיקער ליטעראַרישער וווקס איז שוין פאַרגעקומען אויף פאַרשידענע וואַנדער־וועגן: אַ גע־וויסע צייט אין וואַרשע, ווו דער דיכטער איז אַריינ־גענומען געוואָרן אין דער פּרץ־סביבה, צוגאַסט אין דער ליטע ביי זיינע רבנישע קרובים, ווידער אין וואַרשע און אין לאָדזש, ווייטער — אין מיליטער, לסוף אַ רייזע איבער אייראָפּעישע שטעט — גענף, בערן, בערלין, אַלץ, וואָס דער דיכטער האָט געזען אויף זיין וואַנ־דער־וועג האָט ער, ווי אַ שוואָם איינגעזאַפּט אין זיין צאַרטער נשמה. אין וואַרשע אין דער פּרץ־סביבה, איז ער געוואָרן נענטער צו יידיש, האָט ליב באַקומען דאָס פּשוטע לשון פון פאָלק און גענומען שרייבן פאַרן פאָלק... אין ליטע האָט ער זיך באַגייסטערט מיט דעם אידילישן לעבן פון ליטווישן יידישן שטעטל און דער־פון איז אויסגעוואַקסן זיין פּאָעמע „בגבולות ליטא״.

אין שווייץ און אין דייטשלאַנד האָט ער זיך באַקענט מיט די מאָדערנע טעאַטערן און מאָדערנע פּיעסן, און דאָס האָט געווירקט אויף זיין שאַפן פאַר דער סצענע.

אין יאָר 1911־1912 זעען מיר ווידער קאַצענעל־סאָנען אין לאָדזש שוין אַלס אָנערקענטער העברעיש־יידישער דיכטער. דער שרייבער — אַ 26 יעריקער יונ־גערמאַן, האָט שוין פאַר זיך אַ גאַנצע ריי געדרוקטע ליטעראַרישע שאַפונגען. אין 1909 זענען דערשינען אין יידיש: די דריי־אַקטיקע דראַמע „קאַריקאַטורן״ און די זאַמלונג דערציילונגען און בילדער „דאָס ווייסע בוך״ אין העברעיש — די פּאָעמע „בגבולות ליטא״, אַ יאָר שפּעטער די גרויסע לידער־זאַמלונג אין העברעיש „דמדומים״.

די שאַפונגען אין העברעיש זענען אויסגעוויטיקטע אין דיכטער־האַרץ. עס פילט זיך דאָ די פּיין פון אַ דערדריקטער יוגנט, פון נישט אויסגעלעבטע ליידנ־שאַפטן. די זאַמלונג לידער „דמדומים״ (מאָרגן־דעמע־רונג) זענען זייער ווייט פון דער פריידיקער מאָרגן־אויפשטראַלונג. אומעטום זעט דער דיכטער נאָר צער און ווייטיק. נישטאָ ביי קאַצענעלסאָנען קיין בילדער פון אָרעמקייט און דחקות, ווי ביי אברהם רייזען, עס פעלן לחלוטין די לירישע שטימונגען פון איינהאָרן. קאַצענעלסאָנס צער, ווי ער קומט צום אויסדרוק אין „דמדומים״ איז אַ מער קאָמפּליצירטער. עס איז צער, וואָס לעבט נישט נאָר אין דיכטערס נשמה, נאָר וואָס טראָגט זיך איבער דער גאַנצער נאַטור און דעם וועלט־אַל.

די אינדיווידועלע שטימונגען, דאָס זענען קאַצע־נעלסאָנס „יונגע ליידן״ — צער פון דיכטער, ווען ער האָט נישט געפונען קיין תקומה אין לעבן. אין דער לידער־זאַמלונג פילט זיך אויך די ווירקונג פון דער דייטשער סענטימענטאַלער פּאָעזיע. אָבער אין תוך איז „דמדומים״ קאַצענעלסאָניש. אָריגינעל — טרויעריק איז געווען זיין יוגנט און דער טרויער שפּיגלט זיך אָפּ אין זיינע לידער.

ס׳איז זייער כאַראַקטעריסטיש אין קאַצענעלסאָנס שאַפן — ער איז רייף געוואָרן אַלס פּאָעט אין דער צייט פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. און אין זיין העברעישן שאַפן פילט זיך לחלוטין נישט די השפּעה פון דער צייט. שפּורן פון 1905 לאָזן זיך באַמערקן נאָר אין „בגבולות ליטא״.

די פּאָעמע „בגבולות ליטא״ איז אַ ראָמאַנטישע באַשרייבונג פון אַ רייזע, וואָס קאַצענעלסאָן האָט גע־מאַכט אין זיין ליטווישן געבורט־שטעטל. עס איז אַ געמיש פון פּראָזע און פּאָעזיע און אונטערשיידט זיך פון די „דמדומים״־לידער, וואָס אַחוץ שטימונג און גע־פיל איז אין דער פּאָעמע פאַראַן אויך לעבעדיקע שטיי־גער־בילדער. עס איז נישט דאָס שטעטל פון אַש אָדער ווייסנבערג. נישטאָ דאָ קיין צענטראַלע פיגורן. עס איז דאָס שטעטל געזען אין דעם צאַרטן אָפּשיין פון די קינדער־זכרונות. אין דעם דאָזיקן גלאַנץ האָט דער דיכטער פאַראייביקט אַ שטיק יידיש לעבן פון די ליט־ווישע שטעטלעך אין אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט.

דער ראָמאַנטישער שלייער פון די זכרונות פאַר־דעקט אָבער נישט איינגאַנצן פאַר דעם דיכטער די טרויעריקע ווירקלעכקייט פון קליינשטעטלדיקן לעבן. „ווי גוט איז — רופט אויס קאַצענעלסאָן, —

וואָס איך בין נישט קיין ייִד, ווי זיי. וואָלט איך געווען אַזאַ ייִד, ווי זיי, וואָלט איך געווען אַ קרעמער, אַ משולח, אַ מגיד, אָדער אַ דיין, אָדער סתם אַ בן תורה און וואָלט געשמעקט טאַבאַק, געגאָסן און פאַרשמוצט די וואָנסן...״

קאַצענעלסאָן אין ייִדיש איז פּשוטער, רעאַלער, מער ערדיש. ספּעציעל אין דער פּראָזע, אין די פּיעסן קומען צום אויסדרוק נישט נאָר שטימונגען און געפילן, נאָר שטיקער לעבן פון פּשוטער טאָג־טעגלעכקייט..

ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט געהערן צו זיינע ייִדישע ווערק פון די יוגנט־יאָרן: די זאַמלונג „דאָס ווייסע לעבן״, די נאָוועלן — „רעגינאַ״, „צווישן גוים״, „צוליב דער סוכה״, איינאַקטער „די זון פאַרגייט אין פלאַמען״, אַ סקיצע „קינסטלער״ און די געדיכטן „אַליין״, „אַ רעגן גייט״, „העקזאַמעטערן״ און „ייִדיש״. די געדיכטן דערמאָנען שטאַרק אין די לידער פון „דמדומים״. דער זעלבער אינדיווידואַליזם, וועלט־שמערץ, שטימונגען. דאַקעגן זשע די פּראָזע איז עפּעס נייעס אין דעמלטיקן שאַפן פון דיכטער. קאַצענעלסאָן איז דאָ אַן אויסגעצייכנטער שילדערער פון טיפּן, מיט אַ פּאָר שטריכן איז פערטיק אַ געשטאַלט. אין דער נאָוועלע „רעגינאַ״ גייט דורך אַ גאַנצע ריי טיפּן פון בייכיקע פאַבריקאַנטלעך, שלים־מזלדיקע לערער, „יונגעלייט אויף שטעלעס״, וואָס האָבן קיינמאָל נישט קיין צייט... בכלל איז די גאַנצע קאָמפּאָזיציע, דער רעסטאָראַן מיט די קעלנערקעס און טאַקע די הויפּט־העלדין רעגינע אַ שטיק לאָדזשער לעבן פון דער צייט, ווען לאָדזש איז געווען דאָס „צוגעזאָגטע לאַנד״, וווהין עס האָבן געצויגן יונגעלייט פון כל תפוצות פּוילן.

די וויטערדיקע נאָוועלן: „צווישן גוים״, „צוליב אַ סוכה״ און די סקיצע „קינסטלער״ זענען ווידער נייע מאָטיוון ביי קאַצענעלסאָנען. דאָ געפינען מיר דאָס, וואָס עס פעלט כמעט אין זיין העברעישן שאַפן. נעמלעך, די שטימונגען פון יאָר 1905. „צווישן גוים״ איז אַ שילדערונג פון קאַזאַרמע־לעבן אין די צאַרישע צייטן. דער סוזשעט איז מסתמא גענומען פון דער צייט, ווען קאַצענעלסאָן האָט געדינט אַלס זעלנער אין דער צאַרישער אַרמיי. דאָס כאַראַקטעריסטישע אין דער נאָוועלע איז די שילדערונג פון דעם „מיידל אין דער שוואַרצער פּעלערינע, וואָס דערציילט אַלץ פון מאַרקסן און פון קאַפּיטאַלן, וואָס קאָנצענטרירן זיך אין איינצלנע הענט״... דאָס מיידל אין דער שוואַרצער פּעלערינע פרייט זיך מיט די סאָלדאַטן... דאָס לעצטע מאָל האָט זי באַוויזן טעלעגראַמעס, אַז סאָלדאַטן זענען אַרויס אין די גאַסן און געפּאָדערט...״ נאָך כאַראַקטעריסטישער איז די סקיצע „קינסטלער״. דאָ שילדערט קאַצענעלסאָן אַ רעדנער, וואָס קומט פון וואַרשע אין פּראָווינץ־שטעטל און האַלט אָפּ אַ פאַרזאַמלונג אין וואַלד. דער פּאָטער, דער פרומער שטאָט־מגיד „גנבעט״ זיך אויך צו צו דער פאַרזאַמלונג און אַנטלויפט צוזאַמען מיט אַלע, ווען די קאָזאַקן יאָגן. דער פּאָטער איז איבערציגט, אַז זיין זון וואַקסט אַ גרויסער מענטש.

אין דער שילדערונג „צוליב דער סוכה״ פילן מיר קאַצענעלסאָנס וואַרעמע באַציונג צו יונה דעם שניידער. דער איינאַקטער „די זון פאַרגייט אין פלאַמען״ געהערט צו די ערשטע פּיעסן קאַצענעלסאָנס.

מיר האָבן איצט נישט די מעגלעכקייט צו געבן אַ גענויע אָפּשאַצונג איבער דעם רייכן צושטייער, וואָס קאַצענעלסאָן האָט געגעבן פאַר דער ייִדישער און העברעישער בינע, פּשוט דערפאַר, ווייל מיר קאָנען נישט באַקומען אין פּוילן אַ פולע זאַמלונג פון די ווערק פון מאַרטירער. אָבער פון די פּיעסן, פון דעם פּעריאָד, וועלכע מיר באַהאַנדלען אין דעם פראַגמענט, נעמלעך: „די זון פאַרגייט אין פלאַמען״ און „קאַריקאַטורן״ באַקומען מיר אַ פאָרשטעלונג פון דעם נייעם, וואָס קאַצענעלסאָן האָט אַריינגעטראָגן אין דער ייִדישער סצענישער קונסט. קאַצענעלסאָן האָט אַרויסגעפירט אויף דער בינע דאָס פּסיכאָלאָגישע. די הויפּט־העלדן אין „די זון פאַרגייט אין פלאַמען״ איז די פאַרחלומטע, פאַרבענקטע צלה, וועלכע בענקט נאָך אַן אויסאימאַגינירטער געשטאַלט, און זי הערט זיין קול, זי זעט אים. (דאָס איז אַ מאַנספערשוין) הגם ער איז נישט פאַראַן. דאָס שטימונגספולע ליד, וואָס עס זינגט צלה — „די זון פאַרגייט אין פלאַמען״ האָט זוכה געווען צו ווערן דער „הימן״ פאַר דער פאַרבענקטער און פאַרדבקותטער ייִדישער יוגנט...

די האַנדלונג אין דער דראַמע „קאַריקאַטורן״ די טיפּן און געשטאַלטן, דער פאַבריקאַנט ברוך מיט זיין פאַמיליע, די צעבאַלעוועטע קינדער, איז ווידער אַ שטיק לאָדזשער ייִדישעווירקלעכקייט פון יענער צייט. אויך דאָ האָבן מיר דעם אָפּקלאַנג פון שטרייקן, בירזשעס, אָרגאַניזאַציעס, פּאָליטישע פאַרפאָלגונגען. מיט גרויס ליבע שילדערט קאַצענעלסאָן איינעם פון די העלדן, ראובן, וועלכער טראָגט אַ „רויטע בלוזע, מיט אַ שנור פאַרשלייפט אין אַ זייט״ און וויל נישט פאַרבייטן די בלוזע און זיין פערזענלעכן כבוד פאַר אַ גוטן פּאָסטן ביים רייכן פעטער.

ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה איז קאַצענעלסאָן אַ רייפער וואָרט־קינסטלער. זיין ווױן־אָרט איז לאָדזש. אָבער דאָס ייִדישע לאָדזש איז שוין נישט דאָס, וואָס עס איז געווען פאַר 1905. די ייִדישע קולטור־אינסטיטוציעס: „הזמיר״, „האַרפע״, דראַמאַטישע קונסט, די פּויליש־ייִדישע „געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן בילדונג״ (טאָוואַזשיסטוואָ קזשעוויעניאַ אָשוויאַטי), וועלכע זענען געבוירן געוואָרן, ווי אַ רעזולטאַט פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, האָבן דאָס „צוגעזאָגטע לאַנד״ פאַרוואַנדלט אין אַ ייִדישן קולטור־צענטר. פון דעם קולטור־צענטער וויקלט זיך ביסלעכווייז אַרויס אַ ליטעראַרישער צענטר.

נאָך פריער האָבן דאָ אין דער פאַבריקס־שטאָט געהאַט זייער מקום־מנוחה שרייבער, וועלכע האָבן שפּעטער פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט אין דער ייִדישער ליטעראַרישער וועלט. זיי האָבן לאָדזש פאַרלאָזט. קאַצענעלסאָן אָבער איז געבליבן פאַרבונדן מיטן לאָדזשער ייִדישן מאַסן־לעבן ביז דער היטלעריסטישער בלוט־פאַרפלייצונג...

— — — — — — — — —

אין לאָדזש איז קאַצענעלסאָן געוואַקסן. ליטעראַטור איז נישט געווען זיין איינציקע סטיכיע. פון זיין פאָטער האָט ער געירשנט צוויי טאַלאַנטן: דעם פּאָעטישן און פּעדאַגאָגישן, און ביידע האָט ער גלייכצייטיק אַנטוויקלט, און ביידע האָבן זיך קעגנזייטיק באַווירקט. יצחק קאַצענעלסאָן איז, דאַכט זיך, געווען דער פּיאָנער פון מאָדערנעם העברעישן שול־וועזן אין לאָדזש. ער איז געוואַקסן צוזאַמען מיט די קינדער פון זיין שול.

יצחק קאַצענעלסאָן האָט זייער גוט באַווירקט די קינדער אַלס לערער און דערציער, אָבער נישט ווייניקער האָבן די קינדער געווירקט אויף אים. אין זיינע

מיטעלע יאָרן, אין דער צייט צווישןביידע וועלט־מלחמות, איז קאַצענעלסאָן געווען אין לאָדזש דאָס צעשפּילטע שטיפערישע קינד. פאַרשוווּנדן איז די מרה־שחורה, דער וועלט־שמערץ פון די ערשטע שעפערישע יאָרן. דער דיכטער זינגט אין יידיש און העברעיש פרייִלעכע, שפּילעוודיקע קינדער־לידער און שאַפט גלייכצייטיק ערנסטע דראַמעס און פּאָעמעס.

זיין שטוב — די קאַצענעלסאָן־שטוב — איז געווען אַן אמתער הויף, אַ הויף פון אַ גייסטיקן פריץ, וועלכער איז אַרומגערינגלט מיט זיין גאַנצער אַריסטאָקראַטישער משפּחה. דער ערנסטער פּאָטער און זיידע מיט די קלוגע אויגן, וועלכע קוקן אַזוי גוטמוטיק דורך די גאָלדענע ברילן, די מוטער־באָבע מיט איר ווייס־געלאָקטן קאָפּ, וועלכע געדענקט נאָך די לידער, וואָס איר זון האָט איר אַלס יינגל פאָרגעלייענט און דאַן חנה, „די מאַמע פון די קינדער" — אַזוי האָט קאַצענעלסאָן גערופן זיין פרוי, די עקרת־הבית... אַחוץ די נאָענטע האָט נאָך קאָצענעלסאָן געהאַט אַרום זיך ברידער, שוועסטער און ווייטערע קרובים, אַלע האָבן זיך געוואַרעמט ביי דער גרויסער זון פון קאַצענעלסאָנס הויז.

יצחק קאַצענעלסאָן האָט אָבער געלעבט נישט נאָר פאַר זיין משפּחה. זיין שטוב איז געווען דער לאָדזשער ליטעראַרישער און קונסט־צענטר. דאָ אַהער זענען געקומען יונגע שרייבער, כדי צו באַקומען סמיכה. דאָ האָבן זיך געזאַמלט דיכטער, מאָלער, מוזיקער און אַרטיסטן, כדי פאַר קאַצענעלסאָנען פאָרצוברענגען זייערע שאַפונגען. פון דער שטוב זענען אַרויס נייע יידישע ליטעראַרישע שטרעמונגען. דאָ האָט געפונען זיין אָנשפּאַר משה בראָדערזאָן מיט זיין „יונג יידיש".

קאַצענעלסאָן איז געווען אַ ציוניסט. אים האָבן גוט געקענט די חלוצים, מיט וועמען ער פלעגט זינגען צוזאַמען און טאַנצן די הוראַס. אָבער נישט ווייניקער האָבן אויך אים געקענט די בונדיסטן און לינקע פּועלי־ציון. די יידישיסטישע שולן אין לאָדזש, די באָראָכאָוו און מעדעם־שולן האָבן נישט איינמאָל אָרגאַניזירט קינדער־פאָרשטעלונגען מיט קאַצענעלסאָנס לידער אונטער זיין דירעקטער אָנפירונג. אַ גרויס האַרץ האָט געקלאַפּט אין דער ברוסט פון העברעיש־יידישן דיכטער. אַ הייסער, ליבע־שטראָם האָט געשלאָגן פון אים צו אַלע יידן, וועלכע האָבן אים אַרומגערינגלט.

— — — — — — — —

און עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט די שוואַרצע היטלער־נאַכט.

דער מאַרטירער־וועג און די לעצטע שאַפונגען

אַלץ וואָס קאַצענעלסאָן האָט איבערגעלעבט זייט זיין אַנטלויפן פון לאָדזש, דאָס וואַרשעווער געטאָ, דאָס פאַרלירן חנהן מיט די צוויי זין, די ערשטע קאַמפן פון די געטאָ־העלדן קעגן די דייטשן, דער גאַנצער ווי און צער פון אַ פאַרצווייפלטן, פאַריתומטן פּאָטער, פון אַ פאַראייִנזאַמטן זון פון אַן אויסגעהרגעט פאָלק — דאָס אַלץ האָט אויפסניי דורכגעגליט זיין האַרץ און נשמה אין פראַנצויזישן לאַגער „וויטעל".

דאָ אין לאַגער, צוזאַמען מיטן איינציק איבערגעבליבענעם זון צבי, אין אַ באַזונדערן, אַפילו באַקוועמען צימער, האָט דער דיכטער דורכגעפילט די אַלע גרויל־בילדער פון וואַרשעווער געטאָ און פון אַלע געטאָס, וועלכע די דייטשן האָבן אויפגעשטעלט פאַר דער אויסראָטונג פון יידישן פאָלק.

זיין איבערגעבליבענער טאָג־בוך פון לאַגער „וויטעל" געשריבן אין העברעיש, הויבט זיך אָן מיט יידיש: „(איך מיט מיין זון צבי)—און ווייטער העברעיש—אֲני עם צבי בני—באַנו לויטל..." די ערשטע דאַטע פון דעם טאָג־בוך (לויט דער ארץ־ישראלדיקער אויסגאַבע „כתבים אחרונים") איז 22טער מאַי 1943.

אונטער דער דאַטע שרייבט קאַצענעלסאָן: „דאָ אין דעם קליינעם צימער אין וויטעל קלאָגן מיר צוזאַמען (מיטן זון — אַ.וו.י.) אויף אונדזער גרויסן בראָך... די געשטאַלטן פון זיין טייערער חנה און די זין בנציקל און בנימין, געכאַפּטע בעת דער גרויסער בהלה, זומער 1942 און פאַרפייניקטע ערגעץ אין אַ לאַגער — אָט די ליבע געשטאַלטן טרעטן נישט אָפּ, דער דיכטער זעט זיי ביי טאָג און ביי נאַכט, ווען די אויגן שליסן זיך און ווען זיי זענען אָפן און קוקן שטאַר אין חלל.

אין דעם ערשטן טאָג אין וויטעל, פאַרצייכנט דער קדוש אין זיין טאָג־בוך: „איך בין היינט דאָ אַהערגעקומען אָן מיין פרוי און אָן די צוויי טייערע זין, פינצטער איז מיר מיין וועלט אָן זיי... מיר באַוויינען זיי צוזאַמען מיטן חורבן און אויסראָטונג פון מיין גאַנץ פאָלק."

די דאָזיקע ווערטער אין טאָג־בוך זענען כלל נישט קיין גוזמא. די ווערטער, ווי בכלל אַלעס וואָס איז געשריבן אין דעם טראַגישן פנקס, זענען פשוט און אויפריכטיק. קאַצענעלסאָן האָט זיין ווי און די אייגענע פיינלעכע איבערלעבונגען געטראָגן צוזאַמען מיט דעם גרויסן צער איבער דעם אויסגעהרגטן פאָלק.

דער דיכטער נעמט ציילן די מיליאָנען־צאָל פון די הרוגים, אָבער עס שווינדלט פאַר די אויגן, און ער שרייבט אַריין אין זיין טאָג־בוך: „דעם מוראדיקן חשבון האָב איך נישט געמאַכט. עס איז נישט פאַר מיינע כוחות, איך וועל עס אויך נישט מאַכן, איך ווער מיטגעשלעפּט מיט די וואָס גייען, מיט די, וואָס זענען געגאַנגען... דעם דאָזיקן חשבון, דעם חשבון פון די נפשות, יעדעס מאָל, ווען איך הייב אים אָן צו מאַכן, קום איך אַריין אין קרייז פון משוגעת..."

פון דאַנען נעמט זיך דער טיפער פּעסימיזם פון יצחק קאַצענעלסאָן. דער טראַגיש־טונקעלער שלייער, מיט וועלכן ס׳זענען איינגעהילט אַלע זיינע שאַפונגען אין לאַגער „וויטעל". דאָס שווערסטע ווערק פון אָט די „כתבים", וואָס דריקט אַמשטאַרקסטן אויפן געמיט פון לייענער, ספּעציעל דעם לייענער, וואָס האָט געקענט קאַצענעלסאָנען ביז דער מלחמה, דאָס איז — „פּנקס ויטל" אָדער, ווי מיר האָבן עס פריער באַצייכנט, דאָס טאָג־בוך. שווער איז דאָס ווערק נישט צוליב די טראַגישע בילדער פון דער ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ, בילדער, וואָס טרייסלען אויף מיט זייער רעאַלקייט, נאָר נאָך מער, מיט דער אויסזיכטלאָזיקייט פון מחבר, וועלכער דערגייט אין זיין פאַרצווייפלונג ביז שטאַרק, שטאַרק אָנגרייפן אַזעלכע אַנשטאַלטן, וואָס זענען אים ביז דער מלחמה געווען גאַנץ נאָענט און טייער. מיר מיינען דאָ די צישאָ־שולן. אויך די „דאָיקייט", וועלכע דער דיכטער־מאַרטירער גרייפט אַזוי שטאַרק אָן, איז ביז דער מלחמה נישט פרעמד געווען זיין נשמה. מיט זיין גאַנצן איך איז קאַצענעלסאָן געווען אַריינגעטאָן אין דער „דאָיקייט" אין יענעם פּעריאָד, ווען זיין לעבן און אונדזער פאָלקס־לעבן אין פּוילן האָט געשטראַלט מיט אַלע פאַרבן פון רעגנבויגן.

די שאַרפע אָנגריפן זענען מיר דעם דיכטער מוחל

צוליב דעם גרויסן מאָראַלישן און עטישן גייסט, מיט וועלכן ס'איז דורכגעזאַפּט יעדעס זייטל פון די „כתבים אחרונים". יעדע שורה אָטעמט מיט ליבע צום יידישן פאָלק, צום אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק, צו זיין עטיק און מאָראַל, צו זיין געשיכטלעכער פאַרגאַנגענהייט.

אין זיין גרויסן צער האָט דער דיכטער געזוכט אַ טרייסט אין שאַפן, אין לערנען און אין דערציען. דאָס, וואָס עס האָט אויסגעפילט דעם אינהאַלט פון זיין לעבן פון די יונגסטע יאָרן אָן, האָט אים אויך געגעבן טרייסט און דערמונטערונג אין די לעצטע טראַגישע טעג. קאַצענעלסאָן האָט אין לאַגער „וויטעל" געלערנט מיט דערוואַקסענע תנ"ך און מיט די קינדער, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, העברעיש. אַחוץ דעם טאָג־בוך, וועלכן מיר האָבן שוין דערמאָנט, האָט דער מאַרטירער אויך געשריבן צוויי ווערק אין סצענישער פאָרם „חניבעל" (האַניבאַל) אַ זעאונג אין דריי דערשיינונגען און „במצבאה הראשית" (אין דער הויפּט־קוואַרטיר). מיר וועלן זיך אָפּשטעלן דאָ נאָר אויף „חניבעל", וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר די געפילן און שטימונגען פון דיכטער.

צו „חניבעל" גייט אַ צושריפט: „איך ווייס נישט אויב איך וועל באַוויזן אָנצושרייבן די צוויי לעצטע טיילן פון דער טרילאָגיע „חניבעל", וואָס אין איר זע איך אַלץ... מיר ווייסן נישט צי מיר וועלן אויסהאַלטן. איך מיט מיין זון און די קליינע גרופּע, וואָס איז דאָ פאַראַן, שוועבן מיר צווישן לעבן און טויט".

פון דער דאָזיקער טראַגישער צושריפט ווערן מיר געוואָר, אַז „חניבעל" איז געווען פאַרגעזען, ווי אַ טרילאָגיע אין דריי טיילן. אָנגעשריבן איז נישט מער, ווי איין טייל...

אין דעם דאָזיקן טייל שילדערט קאַצענעלסאָן דעם יונגן האַניבאַל אין הויז פון זיין פאָטער, האַמילקאַר. פון דעם גאַנצן ווערק, ווי פון אַלע שאַפונגען קאַצענעלסאָנס אין לאַגער „וויטעל" אָטעמט מיט טיפן פּעסימיזם, דאָ ווערט געשילדערט די טראַגעדיע פון אַ שוואַך סעמיטיש פאָלק, די קאַרטאַגענער, אַ פאָלק מיט הויכער מאָראַל און עטיק ווערט דערדריקט פון דער גרויסער אימפּעריאַליסטישער רויב־מאַכט — רוים.

דאָס קאַרטאַגענישע פאָלק סימבאָליזירט דאָ די יידישע אומה מיט אירע מאָראַלישע אייגנשאַפטן. דאָס פאָלק, וואָס וויל נישט מאָרדן און רויבן, נאָר וויל רואיק לעבן. קעגן זיי שטייען די האַרצלאָזע רוימער (געמיינט די דייטשן), וועלכע זענען נישט קיין קריגס־העלדן, נאָר פּשוטע מערדער, זיי מאָרדן צוליב סאַדיזם און פירן מלחמה צוליב מאָרד. זיי וועלן שטענדיק אַזוי בלייבן, ווייל אַ שלאַנג קאָן לעבן נאָר מיטן גיפט, וואָס זי פאַרמאָגט — זאָגט האַמילקאַר — נעם איר צו דעם גיפט און דער שלאַנג ווערט אַ געוויינטלעכער וואָרעם.

ביי דער גאַנצער הויכער עטיק און מאָראַל פון דעם סעמיטישן פאָלק פילן דאָך די פירער פון דעם פאָלק ווי שוואַך ס'איז קעגן דעם מעכטיקן רוימישן באַהערשער. אָט דאָס געפיל פון שוואַכקייט דערגייט ביז פאַרצווייפלונג איבער דער געטלעכער גערעכטיקייט.

די פאַרצווייפלונג ווערט אויסגעזונגען פון זינגער, וועלכער סימבאָליזירט דאָ דעם פּאָעט. קאַצענעלסאָן האָט דאָ מיט אַ באַשטימטער כונה פאַראַפראַזירט דעם נביאישן טאָן. אָנשטאָט „ס'האָט גערוט אויף מיר גאָטס גייסט אָדער גאָטס האַנט" — זאָגט דער דיכטער: „עס איז געוועזן אויף מיר די האַנט פון דעם מענטשן, זיינע לעבעדיקע ווערטער האָט ער געלייגט אין מיין מויל: „מיט מיינע ווערטער גיי, גיי און ברענג זיי צו גאָט..." „גיי און זאָג מיטן גאַנצן מויל, פאַלש האָסטו באַשאַפן די וועלט. נישטאָ קיין גוטס, נישטאָ קיין פרייד, נישט קיין יושר, דער שטאַרקער הערשט און טוט, וואָס ער וויל. פאַלש האָט גאָט באַשאַפן די וועלט, נישטאָ קיין חסד, נישטאָ קיין רחמים — דאָס פאָלק איז פאַרלענדט און נישטאָ קיין רעטונג, אויפן הימל האָט גאָט אויפגעהאָנגען די זון די לבנה און דער מענטש איז אַ וואָרעם, וואָס קריכט אויף דער ערד."

אָט דאָס איז דער אינהאַלט פון דעם פּעסימיסטישן ליד, וואָס עס קאָן נאָר די העברעישע און יידישע ליטעראַטור. „חניבעל" איז דער אויסדרוק פון שטאַרקן און טיפן יאוש פון דיכטער. ער האָט דאָס ווערק אָנגעשריבן — ווי ער פאַרצייכנט אין זיין „פּנקס ויטל" — אין מאָמענט פון העכסטער פאַרצווייפלונג. ער האָט געשריבן, כדי נישט משוגע צו ווערן אָדער באַגיין זעלבסטמאָרד...

אין „חניבעל" ברענגט אויך דער דיכטער צום אויסדרוק זיין באַציונג צום פּאָעטישן שאַפן אין דער טראַגישער צייט. צווישן די קעמפנדיקע קעגן שונא דאַרף אויך זיין דער זינגער „אין דער שווערער מלחמה מיט דעם שלעכטן און רשעותדיקן פאָלק אויב מיר זועלן פאַלן, וועט נאָך אונדז בלייבן דאָס געזאַנג. דאָס געזאַנג וועט זיין אונדזער גרויסע נקמה... דאָס געזאַנג וועט גיין פון עק וועלט ביז עק וועלט. עס וועט דערמאָנען די פאַרברעכנס פון מערדער־פאָלק ביז צום לעצטן דור... ביז צום לעצטן, לעצטן דור."

דאָס שטאַרקסטע ליד פון יידישן אומקום דאָס איז זיין „ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק". דאָס ליד איז געשריבן אין יידיש אין דער פּשוטער שפּראַך פון דעם אויסגעמאָרדעטן פאָלק. אין דעם ליד פעלט פאָרם, דער דיכטער, וואָס זיין האַרץ און געפיל האָט זיך געשטיקט אין אָנסופיקן צער, האָט פונקט ווי אָן אבל, וואָס שטיקט זיך אין טרערן נישט געקאָנט אין אַ געהעריקער פאָרם אַרויסריידן זיין גאַנצן טיפן ווייטיק. דאָס פעלן פון פאָרם־גאַנצקייט ווערט ממלא מיט די פּשוטע בילדער, מיט די טיף־טראַגישע שילדערונגען, וואָס קיין ליטעראַטור ווייסט עס נישט, ווייל קיין פאָלק האָט עס נאָך נישט איבערגעלעבט. אין „דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק" האָט דער דיכטער־מאַרטירער פאַרקערפּערט דעם געדאַנק, וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט אין „חניבעל": „דאָס געזאַנג וועט גיין פון עק וועלט ביז עק וועלט. עס וועט דערמאָנען די פאַרברעכנס פון מערדער־פאָלק ביז צום לעצטן דור..." —

— — — — — — — — —

...זיינע אויסלענדישע פּאַפּירן, וואָס פריינד האָבן אים צוגעשיקט, האָבן אים נישט אָפּגעראַטעוועט. דעם 18טן אַפּריל 1944 איז דער דיכטער צוזאַמען מיט נאָך 172 פּערזאָן אָוועקגעפירט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער פאַר פראַנצויזישע יידן — דראַנסי. 10 טעג איז קאַצענעלסאָן געווען אין דעם לאַגער, אויך דאָ האָט ער געלערנט העברעיש מיט די קינדער. דעם 29טן אַפּריל 1944 איז דער דיכטער מיט זיין זון, מיט נאָך אַנדערע יידן אַריינגעפּאַקט געוואָרן אין אַ בהמה־וואַגאָן און אָפּגעשיקט געוואָרן קיין אָשוויענטשים. דאָרט איז ער צוזאַמען מיט זיין זון פאַרפּייניקט געוואָרן.

וואַרשע, דעם 15 מערץ 1948.

**לייבל קופּערשמיד**

# אליהו־הנביא אין ביאַלע־פּשוט

די סדר־נאַכט אין דרויסן צינדט מיט לבנה־ליכט זיך אָן.
פון פעלדער קומט צו שפּאַנען דער נביא אליהו.
די גמרא זאָגט: אין זיין אָנקום הינטעלעך זיך שפּילן
נאָר דאָ איז מלאך־המות־גרויל פון טויזנט הינט וואָס בילן
אין וועלכע הייזער יידישע איז ער נישט געווען אין חצות?
אין וועלכע יידישע הייזער — נישט פאַרזוכט פון זיין כוס?
פון די מעשה־ביכלעך ווייסט ער און פון קינדער האָט ער געהערט,
אַז אויף יאַרידן איז ער מחויב צו רייטן אויף אַ פערד,
אין אַ פּויערשער סערמיעגנע מיט אַ ברייטן סטאַן
דאָס אַלץ האָט ער די קינדער צוליב געטאָן.
אונדזער מלאך ליכטיקער אין טויזנטער געשטאַלטן,
האָט נישט אין בלאָ — נאָר אין מענטשן־טומל זיך באַהאַלטן.
אַ קונצן־מאַכער, אויף מערק פלעגט ער פּויערים ווילן,
פאַר יינגלעך זיך אַנטפּלעקט און באַשווירן קיינעם נישט דערציילן.
דעם מהר״ל פון פּראָג האָט ער געוועקט און אַ שם איינגערוימט שטיל אים,
פון ליים אַ נוקם אויסגעקנעטן אַנטקעגן בלוט־בלבולים.
די מאַראַנענס וווּנדן אויסגעקושט אין אונטערערדישע צעלן.
אין מערדערישן אינקוויזיציע־לאַנד פון פערדינאַנד און איזאַבעלען.
אַ ליכטיקער אָפּלאַכער פו די געצן, שטיינערנע און ערדענע,
ער, דער פ אַ ר ש ע ל ט ע ר פון דער קיניגן איזבל, דער נביאים־מערדערין.
איצט קוקט ער אין די פענצטערלעך אַריין, מיט אַ פינצטערן געזיכט,
די יום־טוב טישן שטייען אָן ארבע כוסות און אָן ליכט.
די קרישטאָלענע קאַראַפינקע אין מיסט־ווינקל פאַרשליידערט,
(די אויגן טרערן, ווי מיין טאַטנס ביים רייבן מרור פאַרן סדר).
די ווענט גאַנץ געשאַליעוועט, און דאָך — אַ פאַרשאָלטענער מפולת,
זיין כוס אין די ציינער פון שיכורים מיט גאָרגלדיקע קולות.
פּרצופים אויסגעקרימטע מייקענען מיט קללות אויסגעלאַסן,
און די יום־טוב־פּרינצן אינדרויסן, אין קיטלען פון לבנהדיקע אַטלאַסן.
זיי טויכן מיט דעם ליכט, דורך די לופטשיקעס אַריין,
און גיסן אליהוס כוסות אָן מיט ביטערניש און פּיין.
די כוסות גאַליקייט זיי דערלאַנגען אליהו׳ן,
ער פאַרוואַרפט דעם קאָפּ און ליידיקט אויס זיי ביז צו די דנאָען.
אַ שיכורער פון גיפט וואַנדלט אום אין שטעטל ער:
— וואָסער נביא בין איך אייך? כ׳בין נישט מער ווי אַ בעטלער.
ער פאַלט אין דער בלאָטע און אין שיין פון דער לבנה,
ער זינגט הייזעריק: קומם קהל עדת מי מנה.
מיט שטאַמלדיק לשון ער ריכט דעם סדר אָפּ אויף יידיש.
— קדש. אַז דער טאַטע קומט פון שול ס׳ערשטע מאַכט ער קידוש
דאָ צעווינט ער אין דער בלאָטע זיך הויך, אַז איך זאָל הערן:
— קידוש: די קינדערלעך חלילה זאָלן נישט אַנטשלאָפן ווערן....
איך בויג זיך אָן און שריי ער זאָל אַ האַנט מיר געבן,
ער ראַנגלט זיך אַ העפּטיקער — וואָס נוצט מיר שוין דאָס לעבן?
— רבי, — שריי איך — ס׳אַ חרפּה, דער צלם פון אונדז לאַכט,
— אַ „ראַבין״ אין דער בלאָטע „מאָדליעט״ זיך אין דער סדר־נאַכט.
— רבי, — דו וועסט זיי נישט באַלעבן מיט דיין פּיין און ליידן,
געדענק, מ׳עט נאָך, חלילה, דעם האַלדז דיר איבערשניידן.
אַ געשאָכטענער, וועלן זיי חוזק פון דיינע ענוים
און צומאָרגנס אונדז פאַרשרייען פאַר שוחטים פון נביאים...
נאָר שרייט דער „תישבי״ דער פאַרבלאָטיקטער מיט אויגן ברייט פאַרגלייזטע:
— ווער ביסטו, הדיוט נישטיקער, וואָס טרייסטן וואָגט זיין טרייסטער?
און ווער בין איך? אַ פלג־גוף — אַ גרויער אַלטער שאַרבן, —
לאָז מיך אין דער בלאָטע מיט אַ סדר־ניגון שטאַרבן.
איך הויב אים אויף, וויל באַשירמען אים פון שטיינער און שונאים,
אַ הויב — און ער באַשפּריצט מיט גאַל מיר דאָס פּנים.
איך טראָג אים אויף מיין קאַרק מיט פאַרקריצטע ציינער,
מיין נביא דעם פאַרבלוטיקטן דעם פאַרוואָרפענעם מיט שטיינער.
ער ראַנגלט און ווערט זיך און שלאָגט מיך מיט דער פויסט,
און אַזוי טראָג איך אים — אַ צעממיתטער — פון שטעטעלע אַרויס.

לאָדזש, 7טער פעברואַר 1948.

ד״ר יצחק קאַנטאָר

# ייִדישער כאַראַקטער און ייִדישער גורל

וועגן ייִדישן פאָלקס־כאַראַקטער זענען שוין געוואָרן אָנגעשריבן טויזנטער ביכער. עס האָבן געשריבן שונאים און פריינד, וויסנשאַפטלער און פסעוודאָ־וויסנשאַפטלער, פּאָליטיקער און ליטעראַטן... עס איז, דוכט זיך, היינט נישטאָ קיין מענטש, וואָס זאָל נישט האָבן קיין מיינונג וועגן ייִדישן פאָלק און זיין כאַראַקטער — צי דאָס איז זיין אייגענע, צי אַן אויסגעבאָרגטע...

מיר ווילן זיך דאָ, פאַרשטייט זיך, נישט אָפּשטעלן אויף אַלע די מיינונגען און טעאָריעס, אומאָפּהענגיק דערפון, צי מיר האַלטן זיי פאַר ריכטיק אָדער נישט. מיר ווילן נאָר אַרויסהויבן אַ פאָר מאָמענטן, וועלכע באַווייזן, אַז ס'איז דאָ עפּעס אַזוינס ווי פאָלקס־כאַראַקטער — ריין וויסנשאַפטלעך גענומען. דאָס, וואָס ס'איז דאָ אין יעדן פאָלק פאַרשיידענע טעמפּעראַמענטן און פאַרשיידענע כאַראַקטערן, הייסט נאָך נישט, אַז עס זענען נישט פאַראַן גאַנץ באַשטימטע אייגנשאַפטן, וואָס זענען אין אַ געוויסער מאָס כאַראַקטעריסטיש כמעט פאַר אַלע יחידים, וואָס באַלאַנגען צו דעם געשיכטלעך־ און ביאָלאָגיש־באַדינגטן קאָלעקטיוון איינס, וועלכן מיר רופן פאָלק.

היינט, נאָך דעם שווידערלעכסטן פאָלקס־קאַטאַקליזם, וואָס שטייט איינציק און אַליין אין דער געשיכטע פון פעלקער, שטעלט דאָס ייִדישע פאָלק די גורלדיקע פראַגע: ווי בויט מען ווייטער דאָס לעבן, אַז אַזעלכעס זאָל זיך מער נישט איבערחזרן? פאַרשיידענע ריכטונגען און פאַרטייען גיבן אַ פאַרשיידענעם ענטפער. אָבער דאָ אין דער אָפּהאַנדלונג שטעלן מיר די פראַגע אַנדערש: צי איז נישט דער כאַראַקטער פון פאָלק — אין אַ געוויסער מאָס — אויך זיין גורל? מיר ווילן דאָ אַ פּריאָרי אָננעמען, אַז דער גורל פון פאָלק איז אין אַ געוויסער מאָס — אויסער אַ סך אַנדערע פאַקטאָרן — אויך אָפּהענגיק פון זיין כאַראַקטער, פונקט ווי דער גורל פון יחיד. און אויב אַזוי, איז די פראַגע „ייִדישער פאָלקס־כאַראַקטער" טאַקע אַ וויכטיק פּראָבלעם. איצט, נאָכן אומקומען פון אַ דריטל פון אונדזער פאָלק (און דווקא זיין לעבעדיקסטער טייל!) איז כדאַי צו קאָנפראָנטירן מיט דער ווירקלעכקייט אַ טייל טעאָריעס וועגן ייִדישן כאַראַקטער.

* * *

ווען מיר רעדן פון עמיצנס כאַראַקטער, מיינען מיר נישט נאָר די עלעמענטאַרע פונקציעס פון זיין טעמפּעראַמענט, וואָס זענען צומיינסט ירושהדיק, נאָר דאָס אַלץ, וואָס האָט זיך אויף זיי אויפגעבויט און איז צוגעקומען פון דער סביבה. ריידנדיק וועגן פאָלק, מוז מען אין באַטראַכט נעמען, אויסער איינגעבוירענע פאַקטאָרן, סאָציאַל־עקאָנאָמישע באַדינגונגען, די קולטור־היסטאָרישע געשיכטע און פּאָליטישע געשיכטע און ערשט אין רעזולטאַט פון דעם אַלעמען זיין אַקטיווע איינשטעלונג צו די הויפּט־פּראָבלעמען פון לעבן.

אין באַגריף פאָלקס־כאַראַקטער ליגט שוין דאָס קאָמפּלעקסע. עס לייגן זיך דאָ צוזאַמען די עלעמענטן פון דעם אָפּט־פאַרקומענדיקן טעמפּעראַמענט און אַלע קעגנוואַרטיקע און געשיכטלעכע סביבה־פאַקטאָרן. כאַראַקטער איז עפּעס אַזוינס, וואָס אַנטשטייט און פאָרמירט זיך — אַן אויסקריסטאַליזירטער רעזולטאַט סיי פון איינגעבוירענע דיספּאָזיציעס, סיי פון סביבה און איינווירקונגען. אַ פראַגע פאַר זיך איז דאָס, אויף וויפיל די איינגעבוירענע דיספּאָזיציעס לאָזן זיך צוריקפירן אויף סביבה־איינווירקונגען (אין אַן אַנטוויקלונגס־געשיכטלעכן פּערספּעקטיוו).

אַ טיפּישער פּראָדוקט פון ייִדישער שאַפונג איז דער ייִדישער וויץ.

די מיינסטע באַשולדיקונגען, וואָס ווערן אין ייִדישן וויץ אַרויסגעבראַכט קעגן אייגענעם פאָלק, פאַסן גיכער צו די אונטערדריקער, וועלכע האָבן גורם געווען אַזאַ צושטאַנד פון שולד. אונטער דער מאַסקע פון נעמען די שולד אויף זיך (אידענטיפיצירונג) ווערט דאָ אייגנטלעך אונטערגעשטראָכן די שותפות און נידערטרעכטיקייט פון דעם אונטערדריקער. אויפן יסוד פון אַנאַליז פון ייִדישן וויץ וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז עס געהערט צו דער מענטאַליטעט פון אונטערדריקטע, נישט צו האָבן קיין אַכטונג צו זיך אַליין. אַזעלכע טענדענצן זענען דאָ. אָבער זיי ווערן קאָמפּענסירט, ווייל קיין שום מענטש קען נישט לעבן אָן זעלבסטאַכטונג. אַזאַ אַקט פון קאָמפּענסאַציע דאָס איז דאָס נעמען אויף זיך אַלע באַשולדיקונגען, וואָס ווערן ווי אַ בומעראַנג צוריקגעוואָרפן אויף דעם, צו וועמען זיי געהערן אויף אַן אמת — צו דעם אונטערדריקער. אַ ווייטערדיקע מדרגה פון קאָמפּענסאַציע, דאָס איז דאָס געפיל פון אויסדערוויילטקייט. דער דאָזיקער פּסיכישער מעכאַניזם פון איבערקאָמפּענסירן אַ מינדערווערטיקייטס־געפיל מאַניפעסטירט זיך נאָך אויף אַ סך אַנדערע געביטן פון ייִדישער טעטיקייט. אין דעם דראַנג צו באַרעכטיקן די אייגענע עקזיסטענץ — זאָל עס זיין אַפילו מיט די גרעסטע און שענסטע אויפטוען פאַר דער מענטשהייט — ליגט פאַרבאָרגן אַ מינדערווערטיקייטס־געפיל. פון דאַנען נעמען זיך אויך אַלע אידעען וועגן דער „ייִדישער מיסיע" צווישן די פעלקער. נאָך היינט צו טאָג, נאָך די אַלע שווידערלעכע דערפאַרונגען פון דער ערשט פאַרגאַנגענער גרויל־צייט, זוכן אַ סך דעם זינען פון דער ייִדישער געשיכטע אין אַזעלכע און ענלעכע אידעען. די אַלע אידעען האָבן זייער וואָרצל אין דעם אַזוי אָדער אַנדערש מאַסקירטן אתה־בחרתנו־קאָמפּלעקס, וואָס איז אַנטשטאַנען דורך אַן איבערקאָמפּענסאַציע פון דעם מינדערווערטיקייטס־געפיל.

* * *

דער אַנאַליז פון ייִדישן וויץ האָט אונדז געפירט אין אַ ריכטונג, אין וועלכער מיר געפינען נישט נאָר איינצלנע כאַראַקטער־שטריכן. מיר האָבן זיך דערביי אָנגעשטויסן אויף דעם מאַניש־דעפּרעסיוון וואַריאַנט, וועלכן מיר וועלן אויף ווייטער באַגעגענען ביים אַנאַליז

אויך פון אַנדערע מינים יידישער גייסטיקער שאַפונג. איך וועל זיך דערלויבן אין קורצע שטריכן פאַרצו־שטעלן מיין טעאָריע וועגן יידישן כאַראַקטער, וועלכע איך האָב די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה באַגרינדעט אין אַ גאַנצער ריי אַרבעטן אין דער „סאָציאַלער מע־דיצין" (1937־39).

וועלנדיק אויפבויען אַ וויסנשאַפטלעכע טעאָריע וועגן יידישן כאַראַקטער, קען מען זיך נישט באַגנוגע־נען בלויז מיט אַן אַנאַליז פון יידישער גייסטיקער שאַ־פונג פון דער אַלטער, צי פון דער נייער צייט. די גייס־טיקע שאַפונג פון יעדן פאָלק איז דאָך נישט קיין איינ־הייטלעכע און לאָזט צו פאַרשיידענע אינטערפּרעטאַ־ציעס. ערשט ווען מיר האָבן באַשטימט דעם קאָנסטי־טוציאָנעלן טיפּ פון אַ פאָלק, קענען מיר אָפּשאַצן דאָס כאַראַקטעראָלאָגישע פון זיין גייסטיקער שאַפונג. עס איז אונדז דאָ צונוץ געקומען ערנסט קרעטשמערס לע־רע וועגן צוזאַמענהאַנג צווישן קערפּערבוי און כאַראַק־טער. קרעטשמער האָט שפּעטער זיין לערע אויסגעבויט און אויך אַנגעוויזן אויף דעם צוזאַמענהאַנג צווישן קערפּערלעכע און כאַראַקטעראָלאָגישע אייגנשאַפטן ביי פאַרשיידענע פעלקער. ער האָט דערביי נעגירט די פּריאָריטעט פון דער נאָרדישער ראַסע, מיט וואָס ער האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן די דייטשע ראַסיסטישע טעאָריעס פון ה. ק. גינטער און אַנדערע.

אָנווענדנדיק אָבער קרעטשמערס טעאָריע, טאָרן מיר נישט פאַרגעסן, אַז דאָס, וואָס מיר באַטראַכטן אַלס דעם מענטשנס כאַראַקטער, איז נישט מער ווי אַן אוני־סערלעכער פּאַסאַד, וואָס באַשטייט פון אַ גאַנצער ריי כאַראַקטער־אייגנשאַפטן, וועלכע ער האָט באַקומען אין קאַמף מיט די סביבה־פאַקטאָרן (א. אַדלער), אַ סך מאָל איז דער דאָזיקער כאַראַקטער נישט מער ווי אַ מאַסקע, וואָס איז צוגעקלעפּט צו דעם אייגנטלעכן קערן פון דער פּערזענלעכקייט.

אויב מיר זוכן די פאַרבינדונגס־ליניעס און פאַר־בינדונגס־פלאַכן צווישן דעם קערפּערלעכן אויסזען פון מענטש און זיין כאַראַקטער, וועלן מיר די דאָזיקע שיי־כותן נאָר דעמאָלט אויפדעקן, ווען מיר וועלן זיך אויס־לערנען אויסשיילן דעם אמתדיקן קערן פון אַ כאַראַק־טער. ווייל נאָר דער קערן פון אַ כאַראַקטער ווערט גע־ירשנט. אַלץ איבעריקע געהערט צום איבערבוי פון דער פּערזענלעכקייט און ווערט דערוואָרבן אַדאַנק פאַר־שיידענע איינווירקונגען פון דער סביבה.

אויף אַזאַ אופן וועלן מיר צום קערן פון אַ כאַ־ראַקטער צורעכענען נאָר די עלעמענטאַרסטע דיספּאָזי־ציעס און נטיות פון אַ מענטש. און נאָר די דאָזיקע דיספּאָזיציעס און אַלגעמיינע נטיות קען מען ברענגען אין אַ צוזאַמענהאַנג מיט דער אויסערלעכער קערפּער־לעכער דערשיינונג.

צו אַזעלכע עלעמענטאַרע דיספּאָזיציעס געהערט די קאָנסטיטוציאָנעלע נטיה צו טרויעריקע און פריילעכע שטימונגען, צו נערוועישער רייצבאַרקייט און טעמפּ־קייט. דער גרופּע פריילעך־טרויעריק אַנטשפּרעכט דער פּיקנישער קערפּערבוי (גרויסער קאָפּ, ברייטער טיפער ברוסט־קאַסטן און בויך, הענט און פיס עטוואָס קיר־צער). דער גרופּע רייצבאַר־טעמפּ אַנשפּרעכט דער לעפּ־טאָסאָמישער קערפּערבוי (קלענערער קאָפּ, שמאָלער ברוסט־קאַסטן, שמאָלע, לאַנגע הענט און פיס). די גייס־טיק־קראַנקע, וואָס האָבן אַ פּיקנישן קערפּערבוי, גע־הערן אויך מיט זייער פּסיכאָז צו דער גרופּע פריילעך־טרויעריק (מאַניש־דעפּרעסיווער פּסיכאָז). ביי מענטשן, מיט לעפּטאָסאָמישן אָדער אַטלעטישן קערפּערבוי קו־מען כמעט תמיד פאָר נאָר פּסיכאָזן פון דער גרופּע רייצבאַר־טעמפּ (סכיצאָפרעניע).

דער טעמפּעראַמענט פון דעם געזונטן פּיקניקער איז אָבער שטאַרק ענלעך צו דעם טעמפּעראַמענט פון דעם קראַנקן פּיקניקער. עס בייטן זיך פריילעכע און טרויעריקע שטימונגען. דער אונטערשייד צווישן געזונט און קראַנק באַשטייט — צווישן אַנדערן — אין דער אינטענסיטעט פון די דאָזיקע שטימונגען. די דאָזיקע גרופּע טעמפּעראַמענטן (פון דעם פּיקניקער) האָט קרעטשמער אָנגערופן ציקלאָטימיקער. דער טעמפּע־ראַמענט פון לעפּטאָסאָמיקער (סכיצאָטימיקער) איז גאָר אַן אַנדערער. דער דאָזיקער טעמפּעראַמענט באַוועגט זיך צווישן די עקסטרעמען: איבערעמפּינדלעך (איבער־שפּירעוודיק) און טעמפּ־נישט־עמפּינדלעך. אויך דער טעמפּעראַמענט פון לעפּטאָסאָמיקער איז גרונדזעצלעך דערזעלבער ביי געזונטע און גייסטיק־קראַנקע סכיצאָ־פרעניקער. די אייגנשאַפטן פון דאָזיקן טעמפּעראַמענט ווערן דעריבער אָנגערופן סכיצאָטים.

די דאָזיקע צוויי טיפּן פון קערפּער־בוי און טעמפּע־ראַמענט זענען ביי פאַרשידענע פעלקער גאַנץ פאַר־שידן פאַרטיילט. פאַרשטייט זיך, אַז אין דער ווירק־לעכקייט קומען פאָר מער געמישטע, ווי ריינע טיפּן. דער כאַראַקטער פון אַ פאָלק און זיין טעמפּעראַמענט איז אַלזאָ אָפּהענגיק דערפון, מיט וואָס פאַר אַן אָפּטקייט עס קומט פאָר אין געגעבענעם פאָלק דער אָדער יע־נער טיפּ.

אַ גאַנצע רייע פאַקטן, וויסנשאַפטלעך פעסטגע־שטעלטע באַזונדערקייטן פון דער יידישער ביאָפּאַטאָ־לאָגיע און פּסיכאָפּאַטאָלאָגיע צווינגען אונדז אָנצונעמען, אַז דער פּיקנישער טיפּ און דער ציקלאָטימער טעמפּע־ראַמענט קומען פאָר צווישן יידן מיט אַ באַזונדערער אָפטקייט. (זע סאָציאַלע „מעדיצין" נ. 1—2, נ. 3—4 1938).

אָבער אויך אַן אַנאַליז פון דער יידישער גייסטי־קער שאַפונג באַשטעטיקט די דאָזיקע טעזע. לאָמיר זיך אַביסל אָפּשטעלן אויף דער שאַפונג פון אונזער גרעסטן פאָלקס־שרייבער, דעם הומאָריסט שלום־עליכם. די יידישע מאַסע זעט אויס אַזוי ווי שלום־עליכמס געשטאַלטן. עס איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז עס זע־נען נישטאָ ביי שלום־עליכמען קיין דיאַלאָגן, נאָר מאָ־נאָלאָגן. און אפילו דאָרט, וו שלום־עליכם פּרוווט געבן אַ דיאַלאָג, באַוויזט ער אונדז, אַז ווען איין ייד רעדט, לאָזט ער דעם אַנדערן נישט צו אַזוי גיך צום וואָרט...

און עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס עס איז נישטאָ ביז צום היינטיקן טאָג קיין יידיש־דראַמאַטישע שאַ־פונג פון גרויסן פאָרמאַט. ווען מיר זאָלן פאַרגלייכן די יידיש־העברעישע ליטעראַטור מיט די מערב־אייראָפּעי־שע ליטעראַטורן, וועלן מיר באַמערקן, אַז די גרויסע דראַמע אַנטשטייט ביי די פעלקער, וועלכע האָבן אַ גרויסן פּראָצ' סכיצאָטימיקער און דווקא אויף די ערטער, ווו דער סכיצאָטימער עלעמענט קומט צום בולטסטן אויסדרוק. אַזוי געפינט זיך דאָס וויגעלע פון דער ענג־לישער דראַמע אין צפון־ענגלאַנד (שעקספּיר). די דייטשע דראַמע אין איר ריינסטער געשטאַלט שטאַמט פון צפון־דייטשלאַנד (לעסינג, קלייסט, העגעל), די סקאַנ־דינאַווישע לענדער האָבן אַרויסגעגעבן אַזעלכע דראַמאַ־

טורגן ווי איבסען און סטרינדבערג. דאָס זענען אַלץ לענדער, וווּ עס איבערוועגט דער סכיצאָטימיקער מיט זיין נטיה צו טראַגיש־דראַמאַטישער ערנסטקייט. דער סכיצאָטימיקער אַנטשפּרעכט אין אַ געוויסער מאָס דער נאָרדישער ראַסע, ווייל צווישן פעלקער, וועלכע האָבן אַ גרויסן פּראָצענט נאָרדיקער, איז אויך דער סכיצאָטימיקער שטאַרק פאַרטראָטן. אָבער די נאָרדישע ראַסע איז אָן דער צומישונג פון אנדערע ראַסן קיינמאָל נישט שעפעריש. די דראַמאַטישע שאַפונג האָט געבליט בלויז דאָרט, וווּ עס האָט זיך איבערגעקרייצט די איינגעזעסענע נאָרדישע ראַסע מיט אַנדערע ראַסן. אויף דעם דאָזיקן פאַקט האָט אָנגעוויזן קרעטשמער און איז דערפאַר אריין ביי די דייטשן אין גרויס אומחן, ווייל פון זיין טעזע קומט אַרויס, אז דאָרט וווּ עס געפינט זיך די „ריינע״ נאָרדישע ראַסע, איז נישטאָ קיין גייסטיקע שאַפונג.

אין דער יידישער ליטעראַטור איז דאָס פעלן פון דער דראַמע אין אַ גרויסער מאָס באַדינגט דורך קאָנסטיטוציאָנעלע פאַקטאָרן. מיר האָבן נישט געהאַט די גרויסע דראַמע פאַר דעם בלוטיקן מבול פון דער לעצטער מלחמה און מיר האָבן זי אויך נישט היינט. סיי אונדזער געשיכטע, אונזער נאָענטע פאַרגאַנגענהייט און ווירקלעכקייט זענען פול מיט טראַגיש־דראַמאַטישע געשעענישן און ביי די פאַראַנענע דראַמאַטישע שאַפונגס־דיספּאָזיציעס, וואָלט קיין שטאָף קיינמאָל נישט אויסגעפעלט; אָבער מען וואָלט היינט שוין געקאָנט אָנשרייבן אַ גרויס בוך וועגן די נישט־איינגעגעבענע פּרוון פון די יידישע מחברים אויף דעם געביט פון דראַמע. וועלכער באַדייטנדער יידישער דיכטער האָט נישט געפּרוווט אָנשרייבן איינע אָדער אַ פּאָר דראַמעס? עס איז אָבער נאָך אַלץ נישט דאָס, אויף וואָס מיר וואַרטן. אַזוי איז עס געווען פאַר דער מלחמה (דעם דאָזיקן פאַקט האָט אויך פעסטגעשטעלט לעיעלעס אין „אינזיך״ אָקטאָבער 1937) און אַזוי איז עס אויך היינט. בשעת מיר האָבן אויף אַנדערע געביטן פון פּאָעטישער שאַפונג דערגרייכט צו ווערק, וואָס מען קען זיי דרייסט אַוועקשטעלן אין איין ריי מיט די אַנטוויקלסטע אייראָפּעישע ליטעראַטורן (אין דער פּאָעזיע), הינקען מיר אויף דעם געביט פון דראַמע נאָך זייער שטאַרק אונטער.

דערמיט איז נאָך נישט געזאָגט געוואָרן, אַז עס זענען אין דער יידישער ליטעראַטור נישטאָ קיין דראַמעס אָדער, אַז אַזעלכע שאַפונגס־מעגלעכקייטן באַדאַרף מען ביי יידן פון פאָרויס אויסשליסן. האָבן מיר דאָך נישט געוואָלט באַווייזן, אַז יידן זענען דורכאויס ציקלאָטימיקער: קאָנסטיטוציאָנעל איינהייטלעכע פעלקער זענען בכלל נישט פאַראַן. מיר האָבן נאָר געוואָלט אונטערשטרייכן, אַז דער ציקלאָטימער טעמפּעראַמענט האָט — צוליב זיין אָפטן פאָרקומען — אַרויפגעלייגט דעם חותם אויף דעם יידישן פאָלקס־כאַראַקטער. און דעריבער האָט אויך די דראַמע געהאַט אַ סך ערגערע אַנטשטייאונג־ און אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן, ווי אַנדערע מינים ליטעראַטור.

צו ענלעכע רעזולטאַטן וועלן מיר קומען, ווען מיר וועלן פאַרגלייכן דעם פאָלקלאָר פון די איינצלנע אייראָפּעאישע פעלקער. דער פאָלקלאָר איז דאָך אוודאי נאָך אוממיטלבאַרער, ווי די ליטעראַטור, און כאַראַקטעריסטיש פאַר די גייסטיקע שאַפונגס־פּאָזיציעס פון אַ פאָלק. איינער פון די בעסטע קענער פון יידישן פאָלקלאָר, דער דיכטער איציק מאַנגער, האָט טאַקע שוין אָנגעוויזן דערויף, אַז עס איז אין יידישן פאָלקלאָר כמעט נישטאָ די טיפּישע באַלאַדע מיט דעם דיאַלאָג. אָט די באַלאַדע מיט דעם אָנגעצויגענעם דיאַלאָג שטייגערט זיך און ווערט אויף אַ געוויסער שטופע פון אַנטוויקלונג — דראַמע. אויב מיר געפינען נישט די דאָזיקע באַלאַדע אין יידישן פאָלקלאָר, איז זי אָבער דערפאַר כאַראַקטעריסטיש פאַר די אַלע פריער־דערמאָנטע צפון־אייראָפּעישע פעלקער, וואָס פאַרמאָגן אין זייער ליטעראַטור די גרויסע דראַמע. דער טעמפּעראַמענט פון יידישן פאָלקס־ליד האָט געפונען זיין אַדעקוואַטעסטן אויסדרוק אין דעם לירישן און מאָנאָלאָגישן זשאַנר. איז דאָך דער פּיקניקער נישט דראַמאַטיש, ווי דראַמאַטיש עס זאָל נישט זיין די ווירקלעכקייט, אין וועלכער ער לעבט. דאָס יידישע פאָלקס־ליד, פונקט ווי די גאַנצע יידישע פאָלקס־שאַפונג, איז ליריש־מעלאַנכאָליש. עס טרעט דאָ צומיינסט אַרויס נאָר איין פּערזאָן, וועלכער קלאָגט זיך אויף אירע ליידן (אַ סך אָפטער), אָדער דערציילט פון די פריידן... אין יידישן פאָלקס־ליד קומט בולט צום אויסדרוק דער ציקלאָטימער פאָלקס־כאַראַקטער.

צו ענלעכע רעזולטאַטן וועלן מיר קומען נאָכן אַנאַליז פון יידישן הומאָר. שוין אין יידישן וויץ האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף דעם מאַניש־דעפּרעסיוון קאָמפּלעקס פון ציקלאָטימיקער. פון זיין זייט זעלבסטבאַשולדיקונגען, וואָס קומען צום אויסדרוק אין אַ גרויסער קאַטעגאָריע יידישע וויצן, פון דער אַנדערער זייט — דאָס מאַניש־געהויבענע זעלבסט־געפיל, וואָס שטרייכט אונטער די יידישע העכערקייט, אויסדערוויילקייט. אָט דער אתה־בחרתנו־קאָמפּלעקס איז אָבער נישט צו אידענטיפיצירן מיט דער פאָלקס־גאווה, וואָס מיר טרעפן אַזוי אָפט ביי אַנדערע פעלקער. ביי יידן האָבן מיר עס צו טון מיט אַ רעאַל־באַוווסטזיניקער קאָמפּענסאַציע פון אַ שטאַרקן מינדערווערטיקייטס־געפיל.

דער יידישער אָפּטימיזם, וואָס האָט געפונען זיין אויסדרוק אין דעם באַרימטן „יידישן בטחון״ איז קאָנסטיטוציאָנעל באַדינגט. ווייל פון וואַנען דען נעמט זיך אָט דער בטחון? זיכער נישט פון די דערפאַרונגען, וועלכע עס האָט אונדז געגעבן און עס גיט אונדז די ווירקלעכקייט... די געשטאַלטן מנחם־מענדל און טוביה דער מילכיקער זענען טאַקע, ווי געזאָגט, נישט סתם אַזוי העלדן, נאָר רעפּרעזענטאַנטן פון דעם יידישן מאַסן־מענטש. ביידע זענען זיי ציקלאָטימיקער: מנחם־מענדל מער אויף דער פיפּאָמאַנישער זייט, ביי טוביהן איבערוויגט דער מעלאַנכאָלישער מאָמענט. ביידע זענען זיי אָבער פאַרקערפּערער פון דעם קאָנסטיטוציאָנעלן יידישן אָפּטימיזם און בטחון. אין ערשטן וואַריאַנט פון „מנחם־מענדל״ גיט שלום־עליכם אין דער הקדמה אַ געניאַלע באַשרייבונג פון דעם פּראָטאָטיפּ מנחם־מענדל. דאָס איז אַ פאַרשוין פון דער אָדעסער בערזע, און פון שלום־עליכמס באַשרייבונג ווערט קלאָר, אַז מיר האָבן דאָ פאַר זיך אַ הונדערטפּראָצענטיקן, קלאַסישן פּיקניקער. דער פּראָטאָטיפּ מנחם־מענדל דאָס איז אַ ברייט, רונד יידל, לעבעדיק און באַוועגלעך, ווי קוועקזילבער. עס איז דעריבער נישט ריכטיק, ווען מען שטעלט טיילמאָל פאַר מנחם־מענדלען אַלס אַ דאַרן, לאַנגן פאַרשוין. אַז אַ יאָר צוויי פאַר דעם בלוטיקן מבול האָבן מיר זיך גענומען פאַר אַ דעוויז

אַ פּסוק פון טוביה דעם מילכיקן... „משמעות, אַז זיי האָבן זיך נישט איבערגעשראָקן פאַר דער נייער פרשה לך־לך און אפשר, ווי זאָגט איר, זענען זיי טאַקע גערעכט, ווי אין פּסוק שטייט: חדש ימינו כקדם — געהאַט שוין ערגערע אָנשיקענישן, האָבן מיר אויך איבערגעטראָגן“... אונזער, דורך דער אָביעקטיווער לאַגע נישט־באַגרינדעטער, קאָנסטיטוציאָנעלער אָפּטימיזם, האָט אונז דאָסמאָל שוין צו טייער געקאָסט!

דער ציקלאָטימער כאַראַקטער האָט זיך אַנטפּלעקט אין דער יידישער האַרציקייט, אוממיטלבאַרקייט, אין דער פעיקייט זיך אַריינצולעבן אין יענעמס לאַגע, אין דעם באַרימטן יידישן רחמנות־געפיל. דער יידישער מענטש קען נישט קיין בלוט פאַרגיסן, ער איז נישט גרויזאַם. די זעלטנקייט פון בלוט־פאַרברעכנס צווישן יידן איז נישט נאָר אַ רעזולטאַט פון יידישער דערציונג און טראַדיציע, וועלכע איז אָנגעזאַפּט מיט ציקלאָטישע עלעמענטן (יידן רחמנים בני רחמנים), נאָר איז אויך באַדינגט דורך ענדאָגענע, קאָנסטיטוציאָנעלע פאַקטאָרן. נישט זייענדיק אַליין פעיק צו מאָרדן, זענען מיר נישט חושד אַנדערע פעלקער, אַז זיי זאָלן קענען אונדז מאָרדן פאַר גאָרנישט אין דער וועלט, צוליב עפּעס אַן אויסגעטראַכטער מעשה (ראַסיזם), וואָס זיי אַליין גלויבן דאָך נישט דערין. די בלוטיקע בעסטיע האָט שוין אָנגעהויבן צו פאַרווירקלעכן אירע מאָרד־פּלענער, און מיר האָבן נאָך אַלץ נישט געגלויבט, ווייל נישט קוקנדיק אַפילו אויף אַלע שרעקלעכע דערפאַרונגען, וואָס מיר האָבן געהאַט בשעת די שחיטה איז געווען אין פולן גאַנג, האָבן מיר נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט צוצושרייבן אָט דער בעסטיע מענטשלעכע אייגנשאַפטן.

אונדזער לעצטער „שכלדיקער“ אַרגומענט איז געווען, „דער שונא באַדאַרף דאָך אונדזער אַרבעטסקראַפט, איז דאָך גלייכער פאַר אים, אונדז אויסצונוצן, איידער זינלאָז צו פאַרטיליקן אַלץ מיט אַלעמען...“ און אויך דאָ האָבן מיר באַוויזן, אַז מיר זענען אומפאַרבעסערלעכע אָפּטימיסטן, און עס איז ווייט פון אונדזער וועזן דער מאָרד, מאָרד צוליב פאַרגעניגן, צוליב בלוטדורשטיקייט, צוליב קראַנקהאַפטע פאַראַנאַישע אידעען — דאָס איז פאַר אונדז ביז היינט אַ פרעמדע אומפאַרשטענדלעכע זאַך, כאָטש מיר זענען געווען דער קרבן דערפון.

מיר מוזן זיך אויסלערנען פאַרשטיין, אַז אַלע אונדזערע גוטע אייגנשאַפטן: דער זוניקער טעמפּעראַמענט, די איינפילבאַרקייט, אָפּטימיזם, עלאַסטישקייט, צופּאַסונגס־פעיקייט, האָבן אויך זייערע נעגאַטיווע זייטן. וואָס עס פאָדערט זיך איצט פון אונדז, דאָס איז וואַכזאַמקייט און רעוויזיע פון אַ סך פון אונדזערע אָפּטימיסטישע אָנשויאונגען. דער אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ האָט אַנטפּלעקט אייגנשאַפטן, וועלכע מיר האָבן אַמאָל פאַרמאָגט, אָבער אין לויף פון די יאָרהונדערטער זענען זיי געווען אין אַ טיפן לעטאַרג. און די דאָזיקע אויפגעוואַכטע אייגנשאַפטן, דאָס זענען די מיילן־שטיינער אויף דעם וועג צו אַ נייעם, צו אַן אַנדערן טיפּ ייד. דער אויפשטאַנד האָט זיך איבערגערופן מיט אונדזער אַלטן אַמאָל, מיט די חשמונאים און בר־כוכבא... דער פירער פון אויפשטאַנד, מרדכי אַניעלעוויטש, און זיינע קאַמף־חברים זענען געווען איבערצייגט, אַז זיי שאַפן אַ נייע עפּאָכע אין דער יידישער געשיכטע. און זיי האָבן זיך נישט טועה געווען.

דער אויפשטאַנד איז אַ היסטאָרישער אַקט פון גובר זיין אַ סך פון אונדזערע ציקלאָטימע אייגנשאַפטן, וועלכע קענען אין אַ באַשטימטן מאָמענט פון אונדזער געשיכטע זיין אַ שטערונג צו ווערן צוריק אַ פאָלק, ווי אַלע פעלקער.

דער אויפשטאַנד האָט געוויזן דעם וועג: דאָס פאָלק, וואָס גייט אַקטיוו ענדערן זיין געשיכטלעכן גורל, די נאַטור, וועט אויך ענדערן זיין אייגענע נאַטור.

עס איז אמת, אַז די אַלע פריער אויסגערעכנטע יידישע אייגנשאַפטן זענען אַנטשטאַנען אין לויף פון די יאָרהונדערטער אַלס רעזולטאַט פון קאַמף מיט די קאָמפּליצירטע לעבנסבאַדינגונגען. עס לייגט זיך אויפן שכל, אַז אין קאַמף, וועלכן עס האָבן געפירט די יידן פאַר זייער עקזיסטענץ, האָבן זיך געמוזט אַרויסרוקן אויפן ערשטן פלאַן די ציקלאָטימע אייגנשאַפטן. די דאָזיקע אייגנשאַפטן האָבן באַקומען אַ דאָמינירנדיקע ראָלע אין אַלע מינים פאָלקס־שאַפונגען און פאָלקס־באַוועגונגען (חסידים) און האָבן זיך פאַרפעסטיקט סעלעקטיוו אין דעם פאָלקס־כאַראַקטער, אין דאַרוויניסטישן זינען. אָבער די דאָזיקע אייגנשאַפטן שלעפּן מיט זיך דאָס אַלץ, וואָס מען רופט — מיט אַ נישט פאַרדינטן ביטול — גלות־פּסיכאָלאָגיע.

אויף אָט דער דערשיינונג האָט דער ציוניזם שוין געגעבן זיין פשוטן (שוין צו פשוטן!) ענטפער: דורך באַפרייען זיך פון גלות — באַפרייען זיך פון דער גלות־פּסיכאָלאָגיע!

אָט דער ענטפער איז נאָר צום טייל ריכטיק, ווייל מען קען דאָך נישט אויף איינמאָל אָפּווישן און צונישט מאַכן אַן אַנטוויקלונג, וואָס האָט געדויערט לאַנגע יאָרהונדערטער. אָט די טענדענץ אין ציוניזם אין זיינע אָנהייבן האָט אויך אַרויסגערופן אַ סך קעגנערשאַפט מצד די פאָלקיסטישע עלעמענטן, וואָס זענען געשטאַנען אויף דעם באָדן פון דער שוין פאַראַנענער יידישער מאַסן־קולטור. ציוניזם איז אָבער געווען נישט נאָר די קאָלאָניזאַציע פון ארץ־ישראל, נאָר אַ גייסטישע שטרעמונג, וואָס האָט צום טייל שוין געבראַכט און איז עלול נאָך צו פאַרטיפן די באַנייאונג און ענדערונג פון דעם יידישן פאָלקס־כאַראַקטער.

טעאָדאָר הערצל האָט מיט 50 יאָר צוריק שוין געגעבן זיין געניאַלן אַנאַליז און פּראָגנאָז: אין די קומענדיקע קאַמפן, וואָס וועלן זיך צעפלאַקערן צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל אין אייראָפּע, וועלן די יידן צעריבן ווערן. די סיבה פון אַזאַ טרויעריקער פּערספּעקטיוו, האָט הערצל געהאַלטן, איז דער אַנטיסעמיטיזם, וועלכער וועט אויסנוצן פאַר זיינע צילן דאָס, וואָס יידן זענען פון איין זייט עקספּאָנירט אַלס אידעאָלאָגן און פירער פון סאָציאַליזם און פון דער אַנדערער זייט — אַלס קאַפּיטאַליסטן. (הקדמה צו „יודענשטאַט“).

הערצלס פּעסימיזם בנוגע דער מערכה פון יידן אין אייראָפּע האָט זיך באַשטעטיקט. עס האָט זיך אויך פולשטענדיק באַשטעטיקט זיין אָפּשאַצונג פון אַנטיסעמיטיזם, וועלכער האָט נאָך דעמאָלט נישט פאַרגעשטעלט מיט זיך קיין שום כוח און נישט געהאַט קיין גרויסע פּאָליטישע באַדייטונג. איז עס דאָך נאָך געווען די ערע פון בירגערלעכער עמאַנסיפּאַציע, פון אַלגעמיינעם גלויבן אין נצחון פון פּראָגרעס און קולטור! אָבער הערצל האָט שוין געזען די געפאַר, ווען עס

האָט זיך זיינע מיטצייטלער נישט געחלומט אַפילו, אַז אַזעלכע זאַכן זענען מעגלעך.

דער ציוניזם האָט טאַקע אָנגעקניפּט אָן אַלטע יידישע טראַדיציעס. ער האָט אָבער אַריינגעבראַכט אַ נייעם עלעמענט, וואָס איז ביז דעמלט נישט געווען אין יידישן כאַראַקטער, אָדער שוין לאַנג פאַרשוואונדן פון אים. דאָס איז געוועזן דאָס קאָנסעקווענטע שטרעבן צו אַן אידעאַל נישט געקוקט אויף אַלע מניעות און שוועריקייטן, דאָס קאָנסעקווענטע גיין קעגן שטראָם צוליב אַן אידעע (דאָס זענען שוין סכיצאטימע אייגנשאַפטן) דער ציוניזם האָט אָנגעהויבן צו קאָנצענטרירן אַרום זיך אַזעלכע פּערזענלעכקייטן ווי ד״ר נתן בירנבוים, מאַקס נאָרדוי, וואָס זענען אויסגעשפּראָכענע סכיצאָטימיקער.

די מענטאַליטעט פון ציוניזם איז ווייט פון דעם באַרימטן יידישן אָפּטימיזם און בטחון. דער ציוניזם האָט פאָרויסגעזען די פאָלקס־קאַטאַסטראָפע און געזוכט מיטלען און וועגן זי אויסצומיידן — איין מאָל פאַר אַלע מאָל.

* * *

די ציוניסטישע אידעאָלאָגיע האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט די אַלע אידעען פון „יידישער מיסיע״, וועלכע זענען אַ פּראָדוקט פון אונדזער ציקלאָטימען מינדערווערטיקייטס־ און אתה בחרתנו־קאָמפּלעקס. מיט אַ באַזונדערן כוח זענען די ציוניסטישע אידעען געקומען צום אויסדרוק אין דער שאַפונג פון חיים נחמן ביאַליק. אין די לידער „פון צער און צאָרן״ שטראָפט דער דיכטער נישט נאָר דעם פּאָגראָמשטשיק, נאָר אויך זיין קרבן, וועלכער האָט נישט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד, וועלכער האָט נאָך דעם פּאָגראָם ווי עס איז שלום געמאַכט מיט דער געשאַפענער לאַגע און ווידער זיך צוגעפּאַסט. אָט די יידישע פעיקייט זיך צוצופּאַסן און צו פאַרגעסן... ביאַליק האָט אויפגעריסן די וואונדן, האָט געשטורעמט קעגן גאָט, (סציכאָטים־פּראָמעטעאישער שטריך) נישט פאַרגעסן און נישט שלום מאַכן — נישט מיט דער ערד און נישט מיט דער זון, וואָס האָט זיך פרילינגדיק צוגעקוקט צו דער שחיטה!

ביאַליקס נביאישע שטראָף־רייד זענען נישט געבליבן אָן ווירקונג. אָבער צו דעם גרעסטן טייל פון פאָלק זענען זיי דאָך נישט דערגאַנגען. ווייל פאַקטיש זענען מיר דאָך געווען נישט פּסיכיש און נישט פּאָליטיש מאָביליזירט קעגן דער גרויסער מאַסן־שחיטה, וועלכע די דייטשן האָבן פאַר אונדז צוגעגרייט אין זייערע וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוטן און אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. אונדזער פאַטאַלער, אומהיילבאַרער אָפּטימיזם האָט אונדז פאַרשטעלט די וועלט און אונדז געשלאָגן מיט בלינדקייט! עס איז דאָך נישט געווען אַזוי שווער צו וויסן און צו פאַרשטיין, וואָס די דייטשן גרייטן פאַר אונדז צו. זיי האָבן דאָך גאָר נישט געמאַכט קיין סוד דערפון! מען האָט דאָך נישט געדאַרפט לייענען זייערע פּובליקאַציעס און הערן זייערע לידער! („ווען יודען־בלוט פאָן מעסער שפּריצט״). און פאַר דער גרויסער שחיטה האָבן זיי דאָך אויך שוין גענוג געטון! אָבער אונדזערע פּאָליטישע פּאַרטייען און וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס זענען נישט געשטאַנען אויף דער געהעריקער הויך. מיר האָבן נאָך אַלץ אויסגערעכנט דערויף, אַז די וועלט וועט נישט דערלאָזן... עס איז נישט געווען קיין גרויסע פּערזענלעכקייט, וואָס זאָל אַלאַרמירן און וועקן, אַראָפּרייסן דעם פאַלשן, אומבאַגרינדעטן אָפּטימיזם.

מיר זענען געווען נישט נאָר ווערלאָז, נאָר אויך דעזאָריענטירט. אָבער אויך דערנאָך, שוין בשעת דער אָקופּאַציע, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די „אַקציעס״, האָט דאָס יידישע קאָלעקטיווע אחריות־געפיל (אויך אַ ציקלאָטימע כאַראַקטער־אייגנשאַפט) אַ לאַנגע צייט נישט דערלאָזט צו אַקטן פון נקמה און בלוטיקער אָפּרעכנונג. דער שונא האָט דאָס אַלץ אויסגעטייטשט אויף זיין אופן — אַלס פּחדנות...

בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע האָבן זיך אויסגעווירקט נאָך מער די נעגאַטיווע זייטן פון אונדזער ציקלאָטימען כאַראַקטער.

מיט אַמאָל אָבער האָט זיך אַנטפּלעקט דאָס נייע, וואָס האָט זיך שוין געהאַט פאַרוואָרצלט אין אונדזער סביבה. דאָס איז דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ — די טאַט פון דער יוגנט, וואָס האָט זיך דערצויגן אויף די ווערק פון הערצל און מאַרקס, אויף די סטראָפן פון חיים נחמן ביאַליק.

דער אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ, דאָס איז די ערשטע גרויסע טראַגעדיע אונדזערע, וואָס פאַרדינט דעם נאָמען טראַגעדיע אין אַ פולער מאָס. ווייל ביז איצט, אין משך פון צוויי יאָרטויזנטער, האָבן מיר געהאַט פּאָגראָמען און שחיטות, אָבער נישט קיין טראַגעדיעס. ווייל צו אַ טראַגעדיע געהערט דאָך האַנדלונג, קאַמף. און נאָר דעמאָלט קענען מיר רעדן פון אַ טראַגעדיע, ווען עס פאַלט דער העלד, וואָס האָט געקעמפט פאַר עפּעס.

## מ. מאלדמאן

# לידער

### ווען...

ווען ס׳וואָלט אַזוי זיין, ווי דער דיכטער וויל און מיינט,
צי וואָלט דען אַ מאַמע פון צער ווען געוויינט?

וואָלט דען דער טאָג זיך אין זון־גאָלד געצירט,
ווען מענטשן — פאַרמשפּעט — צו תליות מען פירט?

און וואָלט דען דאָס קוואַליקע וואַסער אין טייך,
דעם צדיק געגנערט מיטן פאַרברעכער צוגלייך?

און ווען, אַ וואַלד, וואָלט מיט געפּאַרן געשרעקט,
אַז ערגעץ־ווו טיף איז אַ מערדער פאַרשטעקט?

עס וואָלט דאָך דאָס פעלד אונדז מיט שפע געשפּייזט,
און יעדערער זקן וואָלט זיך רואיק געשפּרייזט

אַנטקעגן דעם גורל, וואָס איז אים באַשערט;
פונעם האַרצן געבענטשט די רו פון דער ערד.

אַ הויז — וואָלט אַ היים זיין! — דאָס זיין דאָרט —
אַ פרייד!
אַ קינד וואָלט געהאַט אַזאַ קלאָרן באַשייד,

אַז די וועלט הויבט זיך אָן נישט פון אים און פון מיר —
נאָר דער גאַנג אויף צוריק איז דורך זיין באָבעס טיר.

נאָר די טיר איז צעבראָכן... און דאָס הויז איז
צעשטערט
בלייבט דאָס קינד מיט זיין פרעגן, דאָס אויג זיינס
פאַרטרערט...

ווען עס וואָלט אַזוי זיין ווי דער דיכטער וויל און מיינט
צי וואָלט דען אַ מאַמע פון צער ווען געוויינט?

### מאַמע

ווו עס רוען דיינע ביינער איז טרויעריק די ערד.
ווען איך זאָל כאָטש וויסן ווו ס׳געפינט זיך דיין קבר —
וואָלסט יעדן טאָג דאָרט מיין תפילה געהערט
צוזאַמען מיט מיין ציטער פון מיין יעדן אבר.

כ׳האָב אויסגעהערט שוין אַלע וועגן,
אפשר וועט אַ שטיין דערציילן פון דיר.
נאָר כ׳קען זיך אין ערגעץ גאָרנישט דערפרעגן.
דער סוד איז שטום, ווי דער שלאָס אויף דיין טיר...

מאַמע.

### טאַטע

ס׳האָט עמעץ פון געטאָ דיין נאָמען דערמאָנט,
צאַפּלט דאָס האַרץ מיינס אין אומגליק דערקאָנט,
דיין גאַנג — זאָגט יענער — צום טויט אַפילו,
געווען איז ריין, אַזוי ווי דיין תפילה
אין פריע פאַרטאָגן, אין שעהן שטילע.

אַ בראַנדיקע זון געברענט האָט דאָס אָרט,
בלוט האָט געטריפט פון דיין זילבערנער באָרד.
נאָר דו ביסט געגאַנגען אַ שטאָלצער דיין גאַנג,
געלאָשן דעם טאָג אין אַ שטילן פאַרגאַנג —
זילבערט מיין וואָרט היינט, אַ טרער אין געזאַנג.

טאַטע.

### כ׳קום צוריק

כ׳קום צוריק צו דער וועלט מיטן טרוים פון מיין ליד.
מיטן ווייצענעם גאָלד בליט שוין ווידער דאָס פעלד.
עס איז ליכטיק דער וועג, און עס רייצט מיין געמיט.
איך טרינק אָן זיך מיט ליכט און בין פריידיק צעהעלט.

„גוט יום־טוב!" — מיך גריסן די וועגן אין וויַיט,
די ביימער און סקווערן פאַרבויגן די קרוינען.
איך גיי מיט מיין קינד, זייט ביי אַ זייט,
מיר פרעגן, מיר רופן, מיר גאַפן און שטוינען.

כ׳זע ווידער די זון, נאָך יאָרן זיין בלינד,
כאָטש טו זיך אַ שטרעק און נעם זי מיט הענט,
פאַרוווּנדערט עס רופט מיך: „טאַטע!" — מיין קינד,
נישט אַלץ איז אַ חורבה?... נישט אַלץ פאַרברענט?...

— זע, קינד, ס׳האָט אַ פרייד אָנגעצונדן די גאַסן —
קום, זינגען דאָס ליד פונעם „אייביקן ייִדן!"
אָנטרינקען מיט גוטס זיך, נאָך יאָרן פון האַסן,
ווו ס׳טרינקט אָן מיט שלאָף זיך, אַ מענטש וואָס איז מיד.

ס׳איז ליכטיק דער וועג, מיר גייען און גייען,
— ווער האָט היינט די מענטשן געשענקט אַזאַ רו? —
די שטאָט האָט פאַרגעסן די צרות און ווייען, —
די וועלט איז היינט יונג, מיין קינד, פונקט ווי דו...

מאָסקווע, מאַי, 1946.

ה. מירסקי

# אונדזער נייער און אייגענער גאנג

ס׳איז אייגנטלעך אַן אַקסיאָמע: יידישע קולטור איז פאַראַן שטענדיק דאָרט, ווו ס׳איז פאַראַן קולטור בכלל, און קולטור איז פאַראַן דאָרט, ווו ס׳איז פאַראַן פּראָגרעס. יידישע קולטור איז אַ פונקציע פון אַלגעמיינעם פּראָגרעס.

אונדז איז שוין אויסגעקומען צו פאַרנעמען זיך מיט אָט דער אַקסיאָמע. מיר האָבן זי אין די „יידישע שריפטן" באַלויכטן אין אַ קווער־שניט פון דער יידישער געשיכטע. היינט האָבן מיר בדעה צו זיין אַקטועל, צו באַהאַנדלען דאָס פּראָבלעם, דעם פאַרמעג און די ריכטונג פון דער יידישער קולטור אין פּוילן.

וועגן פּראָבלעם. צי איז מעגלעך די עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור אין פּוילן?

ערשט צוריק מיט אַ יאָר זענען נאָך געווען אין פּוילן יידן, געזעלשאַפטלעכע טוער, וועלכע האָבן קווערטיאָנירט די דאָזיקע מעגלעכקייט. זיי האָבן געשטעלט די פראַגע עפנטלעך, אָן זשענירונג און געגעבן אַ נעגאַטיוון, אין בעסטן פאַל אַן אומבאַשטימטן, אַמאָל אַ צווייטייטיקן ענטפער, כדי צו זיין אויף יעטוועדן פאַל אַסעקורירט פון אַ דורכפאַל. ס׳האָט זיך אַפילו געפונען אַ גאַנץ ערנסטער חבר פון אַ געוויסער פאַרטיי, וואָס האָט געמאַכט מיטן בליי אין דער האַנט אַ טערקישן רעכנונג: אַזויפיל און אַזוי פיל יידן וועלן אַוועקפאָרן, אַזויפיל וועלן אַריינגעצויגן ווערן אין אַלגעמיינעם מלוכהשן לעבן, אַ טייל וועט פאַרלירן דעם אינטערעס פאַר יידישקייט, ווייל זיין פאַרמעגלעכקייט וועט אים פאַרפעטסן זיין נשמה. ס׳וועט בלייבן אַ דינער שיכט, וואָס קלאַמערט זיך נאָך אַרום די יידישע קאָמיטעטן; וועט זיין אינטערעס פאַר יידישער קולטור־שאַפונג זיין גלייך פּראָפּאָרציאָנעל צו דעם עקזיסטענץ־דויער פון די יידישע קאָמיטעטן. און אַזוי ווי יידישע קאָמיטעטן זענען דאָך נישט קיין אייביקייט, איז די פּערספּעקטיוו — אַ מדבר, אַ גייסטיקע וויסטעניש אויף די מאַטעריעלע חורבות פון פּוילישן יידנטום. דער אויספיר: נישט פאַרדרייען זיך דעם קאָפּ מיט אַ יידישן קולטור־צענטער אין פּוילן. וואָס שנעלער אַריבערוואַרפן די בריקן פון אייראָפּע צוריק קיין אַזיע, ווי די איינציקע רעטונג פון דעם, אמת, גרויזאַמען, אָבער נויטווענדיקן אונטערגאַנג. אפשר זענען נאָך היינט אויך פאַראַן אַזעלכע יידן און אַזעלכע חברים, זיי זאָגן עס שוין אָבער נישט אָפן, זיי תזרן עס איבער מסתמא אין אַן ענגן קרייז פון אידענטיש דענקנדיקע מענטשן, ווייל ס׳האָט אויפגעהערט צו זיין אַן אָפּזאָץ־אַרטיקל אויפן פּראָפּאַגאַנדעמאַרק. (דאָס אַליין איז שוין אַ געוויסע קולטור־דערגרייכונג פונם יידישן ישוב אין פּוילן)

מיר שטעלן נישט דעריבער יידישע קולטור אין פּוילן ווי אַ פּראָבלעם. ס׳איז גענוג געווען איין יאָר אַלגעמיינע סטאַביליזירטע באַדינגונגען און במילא אויך אין דער יידישער סביבה, אַז ס׳זאָל פאַרשווינדן די אויבן־דערמאָנטע סכאָלאַסטיק און אויך די ספקות ביי מענטשן, וואָס זענען אויפריכטיק געווען באַזאָרגט וועגן גורל פון דער יידישער קולטור אין פּוילן, וואָס האָבן זיך אָנגעשטעלט צו שאַפן אין פּוילן אַ נייעם יידישן קולטור־צענטער, נישט געקוקט אויף דער קליינער צאָל יידן פון אַן ערך הונדערט טויזנט נפשות. נישטאָ דעריבער היינט קיין פּראָבלעם פון זיין אָדער נישט זיין, פאַראַן בלויז פּראָבלעמען פון אַ שוין עקזיסטירנדיקער יידישער קולטור אין פּוילן, וואָס וואַקסט און האָט ברייטע מעגלעכקייטן פון אַנטוויקלונג.

וועלכע זענען עס די אַלגעמיינע יסודות פון יידישער קולטור־שעפערישקייט און קולטור־וווקס אין פּוילן?

קודם כל דער אַלגעמיינער קלימאַט. דאָס דעמאָקראַטישע פאָלקס־פּוילן מאַכט דורך אַ קולטור־רעוואָלוציע אין אייגנטלעכן זין פון וואָרט. אַלע קוואַלן פון קולטור־שעפערישקייט פון פּוילישן אַרבעטנדיקן פאָלק, וועלכע זענען ברוטאַל געהאַמעוועט געוואָרן, זענען מיטאַמאָל פריי געוואָרן. דאָס פאָלק האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער לער־באַנק און זאַפּט דאָרשטיק אין זיך איין דעם קולטור־פאַרמעג פון דורות, וואָס איז ביז איצט געווען בלויז די פּריווילעגיע פון די קאָנסומירנדיקע, באַזיצנדיקע שיכטן אויף צו שטילן זייער קלאַסן־עגאָיזם. די אַלגעמיינע פּאָליטיש־ווירטשאַפטלעכע, סטרוקטועלע ענדערונגען פון לאַנד זענען די באַזע פון דעם ריזיקן קולטור־אויפשטייג. און מיר האַלטן ערשט ביים אָנהויב פונם דאָזיקן פּראָצעס. אין זיין רעדע וועגן דער באַדייטונג פונם ווירטשאַפטלעכן אָפּמאַך, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן צווישן פּוילן און ראַטנפאַרבאַנד, האָט דער פּרעמיער ציראַנקעוויטש אָט וואָס געזאָגט:

„די רעאַליזירונג פון דעם דאָזיקן אָפּמאַך באַדייט פּשוט און פּראָסט אַן אַנדער פּוילן, אַ ניי פּוילן. שוין נישט, ווי ביז איצט, אַ פּוילן פון מיזאַמען צוריק־אויפבוי פון די מלחמה־פאַרניכטונגען, צוריק־אויפבוי אין די גרענעצן פון ביז־איצטיקן ווירטשאַפטלעכן פּאָטענציאַל, נאָר אַ פּוילן פון נייע גראַנדיעזע אינוועסטיציעס, וועלכע ענדערן אין אַ שנעלן און דעצידירטן אופן די עקאָנאָמישע סטרוקטור פון לאַנד, וועלכע דערלויבן מיט אַ גרויסן שוווּנג אָנצויאָגן אונדזער אָפּגעשטאַנענקייט, וועלכע ס׳האָט גורם געווען די פּאָליטיק פון פּוילנס פאַנאַנדערטיילער און די שפּעטערדיקע עקספּלואַטאַציע־פּאָליטיק פון אויסלענדישן קאַפּיטאַל."

אָבער אַפילו אין די גרענעצן פון ביז־איצטיקן ווירטשאַפטלעכן פּאָטענציאַל, זענען די קולטור־דערגרייכונגען אַזעלכע, וואָס ענדערן שוין היינט דאָס קולטור־פּנים פון דעמאָקראַטישן פּוילן.

לאָמיר נעמען געוויסע ציפערן פון בילדונגס־וועזן אין פּוילן איצט און פון פאַר דער מלחמה:

| אַקאַדעמישע בילדונג | 1937/38 | 1947 |
|---|---|---|
| אוניווערסיטעטן | 27 | 36 |
| פּראָפעסאָרן | 3.409 | 6.237 |
| סטודענטן | 48.200 | 77.584 |
| פּראָפעסיאָנעלע בילדונג | | |
| פאַך־שולן | 510 | 3.000 |
| שילער | 91.000 | 320.000 |

אין משך פון דריי יאָר דעמאָקראַטיש פּוילן זענען אָרגאַניזירט געוואָרן 39 דראַמאַטישע טעאַטערס (צווישן זיי 5 מלוכהשע), 12 דראַמאַטישע שולן, האָבן זיך געעפנט 600 קינאָ־טעאַטערס, זענען געשאַפן געוואָרן 60 באַוועגלעכע קינאָס, 7 פילהאַרמאָניעס, 3 אָפּערעס, 19 מלוכהשע מוזיקאַלישע שולן (צווישן זיי 5 העכערע), 15 מלוכהשע שולן פון פּלאַסטישער קונסט (דערין 2 קונסט־אַקאַדעמיעס) און 98 מוזייען.

ווען מיר וועלן דערביי נעמען אין אַכט, אַז די צאָל באַפעלקערונג אין פּוילן האָט זיך נישט פאַרגרעסערט, נאָר גאָר פאַרקלענערט אויף אַן ערך 12־13 מיליאָן אין פאַרגלייך מיטן פאַרמלחמהדיקן צושטאַנד, ווען פּוילן איז געווען אַ נאַציאָנאַליטעטן־מלוכה, דאַן דאַרף דער אַבסאָלוטער וווקס פון קולטור־אַנשטאַלטן געטאָפּלט ווערן, כדי מיר זאָלן באַקומען דאָס ריכטיקע בילד פון היינטיקן קולטור־מצב אין פּוילן.

ווי געזאָגט, זענען דאָס פאַקטן אין די גרענעצן פון איצטיקן ווירטשאַפטלעכן פּאָטענציאַל. היינט ווי וועט אויסזען דאָס בילד, ווען ס׳וועלן אָנהויבן ווירקן די פאַקטאָרן, וועגן וועלכע ס׳האָט גערעדט דער פּרעמיער ציראַנקעוויטש?

אָט דאָס איז די מיליע, אין וועלכער ס׳באַקומט וואַרעמקייט און נערונג די יידישע קולטור־שאַפונג. און זי איז פאַרבונדן מיט אָט דער וואַרעמקייט. די ווירקונג קומט דירעקט און אומדירעקט.

מיר האָבן דעריבער צו פאַרנאָטירן אויך גרויסע דערגרייכונגען אויפן יידישן קולטור־אָפּשניט. מיר קאָנען שוין היינט שמועסן וועגן אַ געוויסן דערוואָרבענעם קולטור־פאַרמעג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן. איידער מיר וועלן צוגיין באַטראַכטן גענויער, ווילן מיר אויפמערקזאַם מאַכן, אַז דער פאַרמעג איז נוגע אַ ישוב, וואָס איז 35 מאָל אַזויפיל קלענער, ווי דער פאַרמלחמהדיקער יידישער ישוב.

דער צושטאַנד פון דער יידישער קולטור־שאַפונג אין פּוילן דריקט זיך אויס אין פאָלגנדיקע ציפערן. קודם פאַרמאָגן מיר 32 יידישע שולן (צוויי פון זיי האָבן גימנאַזיאַלע קלאַסן), מיר מוזן אונטערשטרייכן, אַז דאָס זענען נישט קיין שום דערגענצונגס־שולן, אָדער נאָכמיטאָג־שולן, ווי ס׳איז אין אַנדערע לענדער, נאָר נאָרמאַלע פּרימאָרגן־שולן מיט אַ נאָרמאַלן לערן־פּראָגראַם און דערציונגס־פּלאַן. די לערן־שפּראַך איז יידיש. העברעיש ווערט געלערנט פון 4 קלאַס אָן, וואָס גיט אַ מעגלעכקייט נאָך פינף יאָר לערנען פולשטענדיק צו באַהערשן די שפּראַך. פון נייעם שול־יאָר אָן וועלן 11 פון די דאָזיקע שולן אינגאַנצן פאַרמלוכהשט ווערן און אַ טייל פון דער רעשט וועט באַקומען מלוכהשע רעכט. אין אַלע שולן זענען פאַראַן אַרום 3 טויזנט קינדער. די לאָדזשער, שטשעטשינער און וורא‍ָצלאַווער שול האָבן אַן ערך ביז 400 קינדער יעדע.

אַחוץ דעם זענען פאַראַן 11 קינדער־היימען מיט 800 קינדער, 60 פאָרשולן (פּרעבל) מיט 4000 קינדער. איבערן לאַנד זענען טעטיק 20 יידישע ספּאָרט־קלובן, ס׳אַרבעטן 2 נאָרמאַלע יידישע טעאַטערס. לעצטנס איז געשאַפן געוואָרן אין וורא‍ָצלאַוו אַ באַלעט־שול.

אַויסער דער פאַרצווייגטער פּרעסע, וואָס וועגן איר איז שוין נישט איינמאָל אויסגעקומען צו שרייבן, איז וויכטיק צו פאַרצייכענען אַ זאַך, וואָס איז נישט באַקאַנט דער ברייטער עפנטלעכקייט, נעמלעך: מיר האָבן אַ חוץ אַ נעץ קליינע ביבליאָטעקן, אַ צענטראַלע ביבליאָטעק מיט 100.000 עקז. כדי צו פאַרענדיקן אין אַלגעמיינע שטריכן דאָס בילד פון יידישן קולטור־לעבן אין פּוילן, דאַרפן דערמאָנט ווערן די פאַרשידענע קולטור־אינסטיטוציעס מיט זייערע אָוונט־קורסן, פאָלקס־אוניווערסיטעטן, דראַמקרייזן, פאָלקס־כאָרן. זיי זענען לעצטנס צענטראַליזירט געוואָרן אונטער דער אָנפירונג פון דער יידישער קולטור־ און קונסט־געזעלשאַפט מיטן זיץ־אָרט אין לאָדזש.

נאָך איין באַמערקונג ווילן מיר מאַכן. אויב פאַר דער מלחמה האָבן יידישע אַנשטאַלטן פון אַ יידיש־מאָדערנעם כאַראַקטער אויסגעמאַכט אַ קליינעם פּראָצענט אין אַלגעמיינעם פּראָצעס פון קולטור־לעבן פון די פּוילישע יידן, וועלכער האָט געהאַט דאָמינירנדיקע דעסטרוקטיווו־נאַציאָנאַלע טענדענצן, ווי צוואַנגס־פּאָלאָניזאַציע, רעאַקציאָנערע יודאַיסטיק אאַ״וו, מאַכן אויס די היינטיקע קולטור־אַנשטאַלטן, וואָס זענען אי נאַציאָנאַל, אי דעמאָקראַטיש, אי פאַרבונדן מיטן יידישן פאָלקס־לעבן, אויב נישט קיין 90 פּראָצענט איז נאָך מער. דער קולטור־ווירקנדיקער ראַדיוס דערגרייכט ביז די לעצטע גרענעץ־קרייזן פון יידישן לעבן.

אין משך פאַר די דריי יאָר יידישן ישוב אין פּוילן איז אויפגעבויט געוואָרן אַ נעץ פון יידישע קולטור־אַנשטאַלטן. מיר ווילן נישט איבערחזרן באַקאַנטע זאַכן. מיר שטרייכן בלויז אונטער. מיר האָבן שולן, ביבליאָטעקן, קלובן פאַר קינדער און דערוואַקסענע. קינדער־הייזער און פאָרשולן, אַ דראַמאַטיש־ און רעוויטעאַטער, פאָלקס־אוניווערסיטעטן, דראַמאַטישע קרייזן און פאָלקס־כאָרן, אַ פאַרצווייגטע קולטור־איניציאַטיוו־קולטור־פאַרברויכער און קולטור־שעפער.

פאָרגעשטעלט אונדזער קולטור־פאַרמעג, קאָנען מיר איצט שוין קלאָרער רעדן וועגן דער ריכטונג פון אונדזער קולטור־טעטיקייט. די ריכטונג פון אונדזער קולטור־אַנטוויקלונג איז ענג פאַרבונדן מיט די הויפּטטענדענצן פון דער פּוילישער קולטור־רעוואָלוציע.

די קולטור־רעוואָלוציע אין פּוילן דריקט זיך אויס נישט בלויז אין ראַשיקן וווקס פון דער צאָל אַנשטאַלטן, נאָר אויך אין איר דעמאָקראַטישן כאַראַקטער. זי איז דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון פּיעטעט פאַרן אַרבעטסמענטש, פאַרן קעמפער־פּאַטריאָט, זי טראָגט אין זיך די טענדענץ פון פעלקער־פאַרברידערונג און דעמאָקראַטישן הומאַניזם.

אַלס ביישפּיל פון דעמאָקראַטישן הומאַניזם קאָן דינען דער פאַקט, וואָס אין דער טעמאַטיק פון דער מאָדערנער פּוילישער ליטעראַטור האָט זיך די נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפע פון פּוילישן יידנטום אַרויסגערוקט אויף דער פאָדערשטער ליניע. די „נאַכט״ פון אַנדזשעיעווסקי, „וויעלקאַנאָץ״ פון אָטווינאָווסקי, די „רויכן איבער בירקענאַו״ פון שמאַגלעווסקאַ א״א, זענען ליטעראַרישע שאַפונגען, וואָס שילדערן דעם גרויל פון אונדזערע איבערלעבונגען און פאַרמאָגן די בולטע טענדענץ פון הומאַניזם און פעלקער־פאַרברידערונג.

היינט דער פאַקט, וואָס הונדערטער טויזנטער פּוילישע יוגנטלעכע פון שטאָט און דאָרף זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער ספערע פון געדאַנקען־גאַנג פון די קלאַסיקער פ״ן מאַרקסיזם און זייער באַווירקונג. צום ערשטן מאָל אין פּוילן באַקומט די יוגנט אַ נאָרמאַלע מענטשלעכע דערציונג. דאָס זענען די זוימען פון דער נייער דעמאָקראַטישער קולטור, וואָס גייט אויף ביי אונדז אין פּוילן. דאָ אין דער אָרגאַניזירטער קולטור־

טעטיקייט ווערן באַזייטיקט אַלע עלעמענטן פון צווישנפעלקערלעכער שנאה, פון אַנטיסעמיטיזם און יודאָפאָביע. מיר ווייסן, אַז קולטור־רעוואָלוציע איז נישט אַזאַ דערשיינונג ווי פּאָליטישע רעוואָלוציע. זי איז אַ לאַנגדויערנדיקער פּראָצעס, אָבער דאָך אַ פּראָצעס, וואָס האָט זיך אין פּוילן אָנגעהויבן און אַנטוויקלט זיך זייער ראַש, און דערביי אין אַ באַשטימטער ריכטונג. מיר גייען אין פּוילן צו נייע פּאָליטיש־ווירטשאַפטלעכע הויכן, מיר גייען מיט אונדזער אייגנאַרטיקן, היסטאָריש באַדינגטן פּוילישן וועג צום סאָציאַליזם.

ווהין גייט די יידישע קולטור־שאַפונג?

אוודאי גייט זי מיטן אַלגעמיינעם פּוילישן קולטור־שטראָם, אָבער נישט מיט אַזאַ ברייטער כוואַליע און אוודאי נישט מיט אַזאַ האַסטיקן טעמפּ. דאָ דעצידירן ספּעציפישע סיבות: די קליינע צאָל יידן און די קאָמפּליצירטע פּסיכאָ־אידעישע פּראָבלעמאַטיק.

די אַלגעמיינקייט פון אונדזער טעמע דערלויבט אונדז נישט אויף פּרטים. מיר וועלן פונדעסטוועגן ברענגען אַ ביישפּיל. לאָמיר נעמען אונדזער אויפקומענדיקע ליטעראַטור. איר הויפּט־טעמאַטיק איז און וועט נאָך לאַנג בלייבן אונדזער נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפע. און דאָס איז גאַנץ נאַטירלעך. פּאַרקערט, לאָמיר וואַרטן נאָך אויפן גרויסן ווערק, וואָס זאָל אונדז געבן די נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפע, אָבער נישט בלויז אין דער דימענזיע פון פּלאַך, ווי זי ווערט אונדז אונטערגעטראָגן איצט, נאָר מיט פּערספּעקטיוו, מיט היסטאָרישן אַספּעקט, מיטן גאַנצן מעכאַניזם פון היסטאָרישע סיבות און דערשיינונגען, אַז ס'זאָל ווערן פאַרשטענדלעך למשל כאָטש אַזאַ „קליינינקייט", אַז „יודנראַט" האָט שוין געהאַט זיינע זוימען אין דער ליניע פון פּשרה אין פאַרמלחמהדיקן יידישן לעבן אין פּוילן. פּונקט ווי די זוימען פון פּשרה אין געוויסע יידישע ישובים קאָנען דערפירן אין זייער אַנטוויקלונג צו קלענערע טראַגישע קאָנסעקווענצן. אָבער אויב מיר האָבן נאָך נישט די טיף אין דער רעטראָספּעקציע, פאַרמאָגן מיר זי נאָך וויניקער אין היסטאָרישן אויסבליק אויף פאָרויס. דער יידישער שרייבער אין פּוילן געפינט זיך נאָך אויפן ראַנד פון דער קולטור־רעוואָלוציע, ער אָבסערווירט נאָך, ער עפנט ערשט די אויגן. אָבער אויך דאָ האָבן מיר שוין געוויסע סמנים פון נייעם קולטור־שטראָם. אייניקע קאָנען שוין דעם אָנקום פון דער נייער וועלט און ברענגען אַרויס צוזאַמען מיטן טיפן ווייטיק אויף די האָפנונג, דעם גלויבן אין מענטשן, בפרט דעם גלויבן אין לאַנד פון סאָציאַליזם. דער גלויבן ווידער אין ייד און אין מענטש בכלל קומט צום אויסדרוק ביי אַנדערע ווידער אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן: דורכן זען דאָס הומאַניטאַרע, מענטשלעכע אויף די אָפּגרונטן פון דער מענטשלעכער נשמה אין די צייטן פון פאַראַכטונג. ביי אַ באַדייטנדיקן טייל אָבער יידישע שרייבער אין פּוילן איז דאָס איינציקע אַקטיווע געפיל נאָך דערווייל: נקמה.

אויך דאָס יידישע טעאַטער איז אין סטאַדיע פון זוכן די נייע פאָרם. אָבער דער פאַקט פון זוכן זאָגט עדות וועגן דעם, אַז ס'איז פאַראַן דער באַוווסטזיין, אַז דאָס אַלטע קאָן שוין נישט באַפרידיקן און אַז די נייע ווירקלעכקייט פאָדערט איר אָפּשפּיגלונג אין טעאַטער. אויך דאָס פּוילישע טעאַטער האָט נאָך נישט געפונען דאָס נייע. שילער עקספּערימענטירט נאָך.

די פּראַקטישע קולטור־אַרבעט, דאָס געוויינלעכע קולטור־ברויט הויבט אָן שוין אָבער דורכגעדרונגען צו ווערן מיטן נייעם. די באַדערפעניש פאַרן נייעם וואַקסט פון טאָג צו טאָג. מען פאָדערט נייע לידער, נייע מאָטיוון, נייע שפּילן.

דאָס כאַראַקטעריסטישע פונם נייעם אין יידישן קולטור־לעבן אין פּוילן איז דער שטאַרקער דראַנג נאָך פאַראייניטלעכטער קולטור־אַרבעט, נאָך נאַציאָנאַלער קולטור, געטאָן פון אַלע און צוזאַמען. דאָס איז די טענדענץ פון דעמאָקראַטיזם אין אונדזער קולטור־באַוועגונג, דאָס איז די גערירשנטע טראַדיציע פון געמיינזאַמען קאַמף מיט דער שווערד אין האַנט, אַריבערטראָגן אויפן געביט פון בויאונג, פון קולטור־שאַפונג. דאָס טיילט אונדז אויס פון אַלע יידישע קולטור־צענטרען, פון מערב־אייראָפּע און אַמעריקע. דאָס איז אונדזער אייגנס — דאָס איז אונדזער חלק, וואָס מיר טראָגן אריין אין דער יידישער קולטור, וואָס מיר געבן צושטייער צו דער פּוילישער קולטור־רעוואָלוציע.

---

ח. ה. איחאַן

# לידער

## האַרבסט

ווען די רינווע זינגט דאָס האַרבסטיקע געזאַנג
ווערט מיר שווער — ווי איך וואָלט עמעצן געזעגנט;
הילט אַ נעפּל איין די שטאָט, ס'ווערט מאָדנע באַנג.
און עס גייט אַ בענקשאַפט אויף נאָך פרילינגדיקע וועגן.

ווען דאָס גראָז ווערט גרין, דער הימל בלוי און בלויער
און עס ווערן צווייגן פול מיט יונגער פרייד.
דאַן ברענגט די רינווע צוריק אַ נאָגנדיקן טרויער,
און ס'ווערט דער האַרבסט אויף לאַנדשאַפטן
פאַרשפּרייט.

וואַרשע, 1947, נאָוועמבער.

## אַ בריוו פון מיין מאַמען

„...איך האָב נישט פאַרמאַכט די טיר
נאָך דיין אַוועקגיין,
ווײַל איך, דיין מאַמע, קיין רו
שוין מער נישט געפינען.

אין די פרימאָרגנס זענען גראָזן
מיט פרישן טוי געצוואָגן,
נאָר אונטער מיין פענצטער
שרייען קראָען: טויט!

פון דער וואָר
איז מיין לעבנס־טרוים
שוין לאַנג דערוואָרגן.

אין דיין אומקער זע איך אויפגיין
אַ בלוטיק רויטן מאָרגן,
זון מיינער, גליד פון מיינע גלידער.

מיט אויגן אויסגעלאָשענע
קוקט דיין מאַמע צו דיר
דורך נעפּלען און דורך רעגן,
דורך דראָטן און דורך צוימען,
קינד מיינס:
וועסטו נישט פאַרזוימען?
וועסטו קומען צו מיר?
זאָג מיט וועלכע וועגן?

איך קלאָג אויס איצט ס'געקלאָג
פון אַלע מאַמעס!
ווייל מיר זענען דאָ
מיט חורבן בלויז צוזאַמען.
און אונטער פענצטערס שרייען
קראָען אָן אויפהער:
טויט!"

1941, אוראַל.

## אין שטילער נאַכט

אין שטילער נאַכט כ'גיי אום אין שטאָט;
די שטערן לייכטן אויפן הימל.
און ערגעץ טיף אין מיר גייט אויף
מיין ליד, וואָס ליגט אין טיפן דרימל —

ווי פון קלאַווישן־טענער שטיל
הויבט עפּעס אָן זיך צו באַוועגן;
ווי ס'בענקט אַ גרעזל צו דער זון,
ווי נאָך אַ פרילינגדיקן רעגן.

הויבט אָן מיין ליד פון ערגעץ ווו
צו רייסן זיך מיט מי און מאַטער.
און ס'זענען ווערטער גרייט צום פלי
ווו פון אַ שטייג אַ טויבן־טשאַטע.

און יעדער קלאַנג — אַ זונען שטראַל,
און יעדעס וואָרט אַ רוף איז.
אָ, ווער מיין ליד — דער אָנזאָג־שאַל
פון ליכטיקערע תקופות.

לאָדזש, יוני 1947.

## אַזעלכע מענטשן

כ'באַגעגען זיי
אויף שטאָטישע טראָטוארן —
אין רעגן
אין שניי,
אין פראָסטיקן דעצעמבער,
אין זוניקן מאַי,
צי דער טאָג איז לויטער און קלאָר,
אָדער וואָלקנדלעך קליינע
באַווייזן זיך גאָר —
שפּאַנען זיי אין געיעג
פון מענטשן און טראַמוואַי
מיט אומרואיקן טראָט,
און מורמלען ווערטער אומפאַרשטענדלעכע
(אפשר אויך פאַר זיך)
פאַרן דורכגייער,
וואָס וויל דערהערן,
דערגיין
דעם טרויער
פונם מענטשנס רעדן
צו זיך אַליין.

## האָראַצי סאַפרין

### פּעניקס

אין מיר איז קיין זכר
פון נעכטיקע טעג,
עס קלעפּט אָן מיין מלבוש
קיין שטויבל פון וועג.

עס שליסן זיך רגעס,
ווי רינגען פון קייט:
פון איטלעכער ווער איך
געבאָרן, באַנייט.

אין מיר איז אַן אָפּגרונט:
דאָרט ליגן באַרוט
די פיין און דער תענוג
פון יעדער מינוט.

און אַלעמאָל הויב איך
מיין גאַנג אָן אויפסניי,
און שלייך זיך ביי אייגענעם
לעבן פאַרביי...

אין מיר איז קיין זכר
פון נעכטיקע טעג,
עס קלעפּט אָן מיין מלבוש
קיין שטויבל פון וועג.

### שפּאַציר

בענקט זיך נאָך די האָריזאָנטן,
וואָס אין זונען־פלאַקער בלייכן,
בענקט זיך טיילמאָל נאָך אָן עפּעס,
וואָס עס ווילט זיך נישט דערגרייכן.

נאָך די וועגן, נאָך די שטעגן,
פון קיין מענטשן־טריט באַטראָטן;
ווו דו האָסט נישט קיין באַגלייטער,
חוץ דיין פלאַטערדיקן שאָטן.

קאָן מען וואַנדערן אָן אויפהער,
איז מען איינזאַם און פאַרלאָזן,
האָט מען איבער זיך דעם הימל,
און צופוסנס גראָזן, גראָזן...

ווייסט מען: גראָזן זיינען גרינע,
ווייסט מען: הימלען זיינען בלויע,
זוכט מען מער נישט צו דערקענען,
איז מען קיינמאָל זיך נישט טועה.

# יונגע דיכטער

## נחמן ראפפ

### מיין חצות

פאַרמאַכט איז דאָס טויער, די לאָדנס פאַררינגלט,
אַליין בין איך דאָ אין מיין פינצטערן חדר,
איצט זע איך מיין בראָך ווי אין טונקעלן שפּיגל,
און אויסגעטאָן פון די בייטאָגיקע קליידער.

איך שיט נישט קיין אַש אויף מיין קאָפּ, ווי מיין זיידע,
איך רייס נישט קיין קריעה, אַזוי ווי מיין טאַטע—
צו גרויס איז די פּיין און צו גרויס די אבדה.
אַז איך זאָל מיט קריעה זי קאָנען פאַרלאַטען.

נאָר איצטער איז נאַכט אין מיין פינצטערן חדר,
איך שעם זיך נישט איצט פאַר קיין פריינד
און קיין שונאים,
זאָל הערן די נאַכט היינט מיין קללה מיין נדר,
זאָל טרינקען די נאַכט דאָס געוויין פון מיין פּנים.

אָ, ווער האָט געמאָסטן די שעהן, די רגעס,
ווען מ'האָט מיינע ברידער אין גריבער געשליידערט?
און ווער האָט געיאָמערט, ווען איבער די ברעגעס,
האָט בלוטיקער טייך־שטראָם פאַרטרונקען די לייבער?

עס זענען געגאַנגען די טאַטעס, די מאַמעס,
פאַרחלשט געטראָגן אויף די הענט די נשמה.
אָ, גאָט, היט די רגע, פאַרהיט, נישט פאַרזאַם עס,
אל קנא ונוקם — דו גאָט פון נקמה.

כ'גיי אום אין די טעג, און איך זוך צווישן שפּליטער,
איך זוך אין די אויגן פון מענטשן א פונק נאָר,
וואָס זאָל מיך דערמאָנען אין מענטשלעכן ציטער
פון חסד און רחמים א פלעמל, א ווונק נאָר.

מיט טויזנטער הענט איך פאַרדעק מיינע וווּנדן,
נישט זען זאָל די זון זיי, קיין פריינד זאָל נישט וויסן,
און אויך פאַרן שונא איך האַלט זיי פאַרבונדן,
ווייל ס'ווערט פון זיין שמחה דאָס האַרץ מיר צעריסן.

נאָר איצטער איז נאַכט אין מיין פינצטערן חדר,
איך שעם זיך נישט איצט פאַר קיין פריינד און קיין
שונאים,
די נאַכט זאָל דערהערן מיין קללה, מיין נדר,
זאָל טרינקען די נאַכט דאָס געוויין פון מיין פּנים...

## וואָלף פאַסמאַניק

### פאַרוואָס בין איך געבליבן אַליין

פון אַלצדינק, וואָס כ'האָב אין לעבן געהאַט
ביזטו מיר געווען, מיין קינד.
פאַרוואָס ציטערט אין האַרבסט־צייט דאָס בלאַט?
און שרעקט זיך אַזוי פאַרן ווינט.

פאַרוואָס זאָג מיר, און גיב מיר צו פאַרשטיין
קלער איך נאָך אַלץ פון דיר ?
פאַרוואָס בין איך געבליבן אַליין
און קען נישט טרעפן דעם וועג צו דיר.

לאָדזש 1947.

### קראַנקן־ליד

כ'האָב לאַנג געקוקט אין אירע אויגן.
זי האָט פאַרגליווערט־קאַלט געשוויגן,
זיך נישט געטון קיין ריר.
איך האָב געזוכט אַ טרער
אין אירע אויגן —
אַ טרייסט און אַ דערלייכטערונג
פאַר מיר.

איך האָב די טרער נישט געקריגן.
זי האָט קיין טרערן נישט פאַרמאָגט,
נישט פאַר מיר און נישט פאַר זיך.
צו האָט זי נישט געזען מיך?
איך האָב מיין האַנט צו איר
מיט פיבער אויסגעצויגן:
— קום נענטער, נענטער קום אַהער.
נאָר גלייך האָב איך זי מער
שוין נישט געזען פאַר זיך.

איר ווייסער דאָקטאָרשער כאַלאַט
איז זיך צונויפגעגאַנגען מיטן טאָג.
פאַרבליבן איז פאַר מיינע אויגן
בלויז דאָס בילד פון איר —
בלייך און מאַט — און נאָר
און נאָר אין חלום קומט זי בלויז צו מיר.

אָטוואָצק, „טאָז" 1948.

### פ ר י ל י נ ג

אין ווייסער שטילקייט ליגן נאָך די בערג און שווייגן,
די וואַסערן לויפן שוין און רוישן. איך הער
ס'פּלאָנטערן זיך די ערשטע שטראַלן צווישן צווייגן
עס שמעקט מיט אויפגעאַקערט ווייכער ערד.

דער בוים האָט זיך נישט אויפגעכאַפּט פון שלאָף:
ער זעט אין טיפן גרינעם טרוים
דעם ערשטן פויגל פלאָטערן אין רוים,
און שטרעקט די צווייגן זיינע אויס און רופט.

און לאַדט אים איין צו זיך אין נעסט
אין פאַראיאָריקער, אין אַלטער נעסט.

# זומער אין רויטן באַגינען

(סאָנעט)

הינטער מיין פענסטער שטייט דער בעטלער,
זומער אין רויטן באַגינען.
ער זינגט אַרויף צו די פענצטער
פון גליק זיינס, וואָס איז אים צערינען.

אין מיין פענצטער קלאַפּט אַן מיט געזאַנג
אַ פויגל אין רויטן באַגינען.
דעם בעטלער דערזען — און אַנטרינען,
אַוועק מיט זיין פויגל־געזאַנג.

פאַר מיין פענצטער אין רויטן באַגינען
זינגט ווייטער דער בעטלער צעצויגן,
זיין אָרים בעטלער־געזאַנג.
אים קומט נישט צומאָל אויפן זינען
דעם בעטלער, אַז ער איז דעם פויגל
שולדיק געבליבן אַ דאַנק.

מאַי 1948.

## פערל האַלטער

# אין וואַרשעווער געטאָ

(פראַגמענטן)

געגאַנגען בין איך אינעם וואַרשעווער געטאָ
אויף קופּעס פון ציגל און שטיינער;
און אפשר איז דאָס נישט קיין שטיין און קיין ציגל? —
איך טרעט איבער מענטשלעכע ביינער.
צעטומלט מיין בליק נעמט מיר לויפן,
און אַלץ נעמט זיך וואַקלען אין פיבער;
כ׳וויל לויפן, אַנטלויפן, אַנטלויפן,
און פאַל אויף דער ערד איבער גריבער.
עס הייבן אַן חורבות זיך דירן,
און אויגן פון דאָרטן מיך בעטן,
איך זאָל אַט די הייליקע שפּורן
מיט מענטשלעכע טריט נאָך באַטרעטן,
איך זאָל זיי באַוויינען, דערמאָנען,
ווי ס׳פלעגט אין אַן אומגליק זיך טרעפן,
איך זאָל איין מינוט, כאָטש אין חלום,
אַ היימישע טיר טאָן אַן עפן...
ביים חורבן פון וואַרשעווער געטאָ
מיין טרער ווערט פאַרברענט אין די אויגן;
נישטאָ מער קיין זכר פון טירן,
אין גיהנום־פיין שטיי איך געבויגן.
כ׳האָב מורא דעם קאָפּ אויפצוהייבן —
דאָרט טורעמט אַרויף זיך צום הימל
אַ קלויסטער אַ הויכער מיט גלאָקן,
וואָס וועלן באַלד קלינגען מיט טומל;
זיי וועלן מיט רוישיקן קלינגען
די מתים פון גליווער דערוועקן,
און קעפּ וועלן שוועבן אָן גופים,
און גופים אָן קעפּ וועלן שרעקן.
עס וועלן די שטויבן פון געטאָ
אין ווירבל, אין קראַמפּן זיך דרייען,
זיך הייבן אַרויף אין אַ נעפּל —
די וועלט ביז די ראַנדן פאַרוויען.
אַמאָל... כ׳האָב דאָס קלינגען פון קלויסטער
ווי היימישע קלאַנגען באַנומען;
דער קלויסטער געווען איז מיין שכן;
ביינאַכט — אין מיין שלאָף פלעגט ער שטומען.
היינט דאַכט מיר, ווי ער וואָלט געחוזקט
פון יידישע חורבות, וואָס ליגן
אויף מיילן אַרום דאָ צעשאָטן
ביז זיינע פאַרשטויביקטע שטיגן.
און אַלץ וואָס איז הייליק געווען
אין פרומען, אין יידישן שטייגער,
צעטראָטן, געשענדט ליגט ביים קלויסטער;
און ער — ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געשען...
פון טורעם טיקט ווייטער זיין זייגער.

## משה שקליאַר

# אויפן וויטן צפון

דער טאָג פאַרגייט, כאָטש ס׳איז נאָך פרי,
און ס׳איז נאָך ווייט די נאַכט.
די זון פאַרלעשט איר פלאַמען־גלי,
אַ שוואַרצער וואָלקן לאַכט...

אַ שטילער ווינט וויגט איין אַ בוים,
דער וואַלד דאָס וויג־ליד הערט.
דער טייך, באַדעקט מיט ווייסן שוים,
די רואיקייט צעשטערט.

דער הימל, ווי אַ לייוונט העל,
באַדעקט איז מיט אַ בלוי געמעל
און גרינע אַקוואַרעלן.

נאָר ס׳ווערט צעשטערט דאָס העלע בילד —
ס׳ווערט אַלץ, אין נעפּל איינגעהילט
און ס׳פאַלן זילבער־קרעלן...

סיקטיווקאַר — 1940.

# בוראַן

אַ פייפן פון ווינטן, געדריי און געקנוידער,
אַ שניי שמייסט אין פּנים און וואַרפט אויף צוריק.
אין האַרץ פונעם חושך געפלאַצט האָט אַן אָדער,
די נאַכט ווערט פון ווייסקייט פאַרכלינעט, דערשטיקט.

אַ גרויזאַמע קראַפט האָט באַפרייט זיך פון צוימען —
און רייסט אויף די שטילקייט, מישט הימל און ערד.
ווי כוואַליעס אין מבול די שנייעלעך שוימען —
עס דוכט זיך, אַז אַלץ ווערט אין ווייסקייט צעשטערט.

נאָר פלוצים ווערט אַלץ דאָ אַרום דיר אַנטשוויגן.
אין לופטן בלייבט הענגען אַ וואָלקן פון צער,
ווי עמעץ וואָלט וועלן אין שטילקייט פאַרוויגן

דעם אומרו, וואָס שוועבט נאָכן גרויל פון בוראַן.
עס ווייסט נאָך נישט קיינער אַ וואָסער געפאַר
עס איז אין דעם אומרו פון שטילקייט פאַראַן...

מאַגניטאָגאָרסק — 1946.

## י. זאַנשיין

### צו ...

ליבסטע מײַנע! קאָן זיין
דו שטאַרבסט אַצינד,
ווען פון אָונטהימל לעצטע ליכט
נעמט פאַרבלייכן;
וויל איך זיין
דער שטילער ווינט,
וואָס צערטלט דיין געזיכט,
וואָס קאָן דיין מויל דערגרייכן...

ווערטער, לויטערע, ווי טרערן,
איך וועל אייער כישוף־קלאַנג
שוין מער נישט הערן...
און אייביק שוין, אָ, אייביק,
ועט אַ פאַרלאַנג
דאָס לעבן מיר באַשווערן — — —

### די פאַרב פון דיינע האָר

די פאַרב פון דיינע לויכטנדיקע האָר
גיסט זיך איצט צוזאַמען
מיטן רויטן פייער
פון די קרעמאַטאָריע־פלאַמען — — —

דו ברענסט אין מיינע אויגן,
ווי דער רויטער זון־פאַרגאַנג.
איך זע דאָס פנים פון מיין מאַמען
אין איר לעצטן גאַנג...

## ש. מיצמאַכער

### אויף שפורן פון טויט

אָט דאָס איז הער בלומען־גאָרטן.
עס קוויקט זיך מיט זון דער ווייסער שפּיטאָל.
און אָט איז דאָס שמאָלע טייכל
וואָס זילבערט זיך אין שטילן טאָל.

מיט אָט דער סטעזשקע איז מיין ליבסטע
געלאָפן פון טויט זיך באַהאַלטן.
איר שרעק האָט געריכט דאָס ווייסע האַרץ
פונעם דאָקטאָר דעם אַלטן.

אָ, דאָקטאָר געטרייער!
דעם אמת פאַר מיר נישט פאַרהויל.
זאָל איך וויסן דעם גרוילִיקסטן גרויל
פון מיין מיידלס יונגן טויט.

דער דאָקטאָר שווייגט. ער קוקט אויפן
בילד, וואָס ציטערט אין מיינע הענט.
דורכן פענצטער האָט דער זון־פאַרגאַנג
ווי מיין ווייטיק זיך צעברענט.

ב. קוטשער

# די דריי שוועסטערן

(פון ציקל: די זיבעטע מלוכה אין אַמאָליקן פוילן)

און ווער האָט זיך עס געקאָנט ריכטן? מ׳האָט דאָך געמיינט, אַז אָט־אָט — הערש דוד נאָמבערג איז ווידער אין „היינט"...

און דאָ — אַזאַ זאַך...

אויף אייביק איבערגעריסן...

און צוליב וואָס? —

צוליב דריי שוועסטערן...

דער נאָמען נאָמבערג האָט אייגנטלעך אין „היינט" נישט געטאָרט געדאַכט ווערן. ער איז געווען טריף.

און דאָס איז געווען נישט פון היינט. דאָס האָט זיך געצויגן זינט דעם צווייטן יאָר פון יענער וועלט־מלחמה.

זינט נאָמבערג איז פון „היינט" איבערגעגאַנגען אין דער נייער צייטונג — אין „וואַרשעווער טאַגעבלאַט".

נישט נאָמבערג אַליין איז איבערגעגאַנגען. עס איז איבערגעגאַנגען ה. ל. יאַקובאָוויטש, ליפּא קעסטין, הלל מיימאָן.

נאָר נאָמבערגן האָט עס יאַצקאַן נישט געקאָנט מוחל זיין:

— ער?... הערש־דוד?... דער יונג?...

און שוין. מער האָט שוין קיינער וועגן דעם רעדן נישט געטאָרט. דעם נאָמען נישט דערמאָנען, ווי מען טאָר נישט דערמאָנען אַ קינד, וואָס איז אַרויס פון שטוב... וואָס איז אַרויף אויף שלעכטע וועגן...

אויך שפּעטער. די נייע צייטונג האָט זיך געשלאָסן. נאָמבערג האָט געהאַלטן ביי אַריין אין „מאָמענט" און עמעצער האָט געפּרוווט „כאַפּן אַ שמועס" מיט יאַצקאַנען — איז געווען יאַצקאַנס אַיין קוק, אַז יענער זאָל גלייך אַנטשוויגן ווערן, אַז נאָמבערגס נאָמען זאָל מער פאַר זיין מויל נישט געדאַכט ווערן...

נאָר ווען מען האָט דען געקאָנט איינפאַלן, אַז ערגעץ אין אַ ווינקעלע פון יאַצקאַנס, שוין דעמאָלט שוואַך האַרץ, זאָל זיך נאָך פאַרוואַלגערן עפּעס אַ ברעקעלע פון אַזאַ זאַך, וואָס זאָל אים נויגן מוחל צו זיין?

— אַ יונג... נויטיק געדאַרפט אַנטלויפן...

פריער האָט ער זיך געשעמט עס דערמאָנען. ערשט שפּעטער, דוד פרישמאַן איז צוריקגעקומען קיין פּוילן, ווידער גענומען שרייבן אין „היינט" — האָט מען זיך דערמאָנט אין אַלטע צייטן...

אוי, אַמאָל... אַ פרייטיק־נומער... געעפנט אַ בלאַט... שלום־עליכם... פּרץ... פרישמאַן... נאָמבערג...

ביים נאָמען נאָמבערג האָט יאַצקאַן זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט. זיך פאַרקוקט אין דער ווייטקייט. ווי ער וואָלט ערגעץ אין דער לופט יענעם „פרייטיק־נומער" דערזען...

— מילא, שלום־עליכם לעבט נישט... פּרץ אויך נישט... אָבער נאָמבערג... דער יונג... אין „מאָמענט"...

לכתחילה האָט מען נישט געלייגט קיין אַכט דערויף.

צו יאַצקאַנס שטימונגען איז מען געווען געוווינט. מען האָט געוווּסט, היינט אַזוי, מאָרגן — אַנדערש. נאָר, ווען דאָס האָט זיך איבערגעחזרט איין מאָל און נאָכאַמאָל — האָט מען שוין אָפּגעטראָגן נאָמבערגן...

און נאָמבערג האָט עס אויפגענומען נישט גלייכגילטיק. עפּעס פאַרבאָרגנס, איינגעשלאָפנס האָט אָנגעהויבן ביי אים דערוואַכן. אין זיין זכרון האָט אָנגעהויבן אויפטויכן עפּעס אַזעלכעס, וואָס ער האָט געוואָלט פאַרגעסן און נישט געקאָנט. וואָס ער האָט געוואָלט נישט זען און ער האָט געזען...

— אַזוי?... ער געדענקט, יאַצקאַן?... יאָ־יאָ... געווען אַ צייט אַמאָל...

האָט מען דערין געזען אַן אָנדייט. מענטשן האָבן זיך גענומען אַריינמישן. מ׳האָט גערעדט מיט נאָמבערגן. גערעדט מיט יאַצקאַנען. אַלץ איז צוגעגאַנגען בסוד. פרעמדע אויגן זאָלן נישט זען. זייטיקע אויערן זאָלן נישט הערן. און אָט־אָט...

ווי מ׳האָט בסוד איבערגעגעבן, זאָל יאַצקאָן זיך שוין האָבן געטראָפן מיט נאָמבערגן... דער ענין וואָלט אפשר געוואָרן דורכגעפירט... אָבער...

דאָנערשטיק אָוונט איז אַלעמאָל געווען טומלדיק אין רעדאַקציע. בפרט דעמאָלט. בפרט אין יענעם אָוונט.

עפּעס אַ קלייניקייט? — דער נומער איז שוין כמעט פאַרטיק און דאָ — אַ טעלעפאָן פון דוד פרישמאַן —

ער ציט צוריק דעם פעליעטאָן, וועלכן ער האָט דערלויבט איבערדרוקן פון זיינס אַ דערשינען בוך...

און באַלד נאָך אַ טעלעפאָן — ער שרייבט אַן אַנדער פעליעטאָן... ער ברענגט אים באַלד אין רעדאַקציע...

דער אָוונט איז געווען אַ קאַלטער. אַ גאַנצן טאָג איז געגאַנגען אַ שטילער רעגן, וואָס האָט זיך איינגעגעסן אין די ביינער. פרישמאַן איז געווען נישט ביים געזונט. עטלעכע טעג שוין געווען נישט אַרויס פון שטוב. האָט מען אים פאָרגעלייגט:

— אפשר עמיצן צושיקן נאָכן פעליעטאָן?

נאָר פרישמאַן ענטפערט קורץ:

— ניין. איך ברענג אים אַליין...

איז מען נייגעריק — פאַרוואָס האָט פרישמאַן צוריקגעצויגן דעם פעליעטאָן? וואָס פאַר אַ פעליעטאָן האָט ער איצט פּלוצלונג זיך אַוועקגעזעצט שרייבן? און פאַר וואָס וויל ער עפּעס נאָר אַליין קומען אין רעדאַקציע...

פרוווט מען טרעפן. איינער זאָגט דאָס. אַ צווייטער זאָגט עפּעס אַנדערש. און דערווייל וואַרט מען.

עס וואַרטן די, וואָס מוזן וואַרטן. די, וואָס דאַרפן פאַרענדיקן דעם נומער. און עס וואַרטן סתם נייגעריקע.

און דאָ גייט אַוועק איין שעה. ס׳גייט אַוועק נאָך אַ שעה. דאָס געדולד איז אָנגעצויגן. און פרישמאַנען זעט מען נישט.

יאַצקאַן גייט אַרום איבערן רעדאַקציע־צימער און קוקט כסדר אויפן זייגער. אברהם גאָלדבערג זיצט ביי

זיין טישל און בייסט דעם נאָגל פון פינגער. מנחם קיפּניס זיצט אויפן טישל און חזרט זיך אין דער שטיל עפּעס אַ פּאָלקס־לידל און אהרן איינהאָרן וויל זיך אַליין איבערצייגן, אַז ס'איז נישטאָ אויף וואָס צו וואַרטן.

און מיטאַמאָל — שווערע טריט. אַ לייכטער טומל. עטלעכע שטימען.

ווער איז דאָס?

מ'עפנט די טיר. ס'גייען אַריין דריי דאָרפישע מיידלעך, דוד פרישמאַן און אַ זעלנער מיט אַ ביקס.

די צייט איז דעמאָלט געווען פאַר יידן נישט קיין רואיקע. פוילן האָט נאָר וואָס געהאַט צוריקגעקריגן איר אומאָפּהענגיקייט. די יונגע פּוילישע אַרמיי איז נאָך נישט געווען שטאַרק דיסציפּלינירט. עס זענען געווען „האַלערטשיקעס", „פּאָזנאַנטשיקעס" און סתם זעלנערלעך, וואָס האָבן ליב געהאַט זיך אַ שפּיל־טאָן מיט אַ יידן...

זענען דעריבער אַלע אויפגעשפּרונגען פון די ערטער. מ'האָט געקוקט אויף די מיידלעך. געקוקט אויף פרישמאַנען. געקוקט אויפן זעלנער...

וואָס איז דאָס? וואָס וויל ער פון פרישמאַנען? וואָס וועט דאָ געשען?...

נאָר דאָס געדויערט נישט מער ווי רגעס. פרישמאַן אָריענטירט זיך. ער כאַפּט אויף די צעשראָקענע בליקן. דרייט זיך אויס צום זעלנער און זאָגט אויף יידיש:

— ביטע... דאָס איז די רעדאַקציע...

מען אָטעמט אָפּ — אַ ייד... אַ יידישער זעלנער...

אָבער רואיק איז מען נישט. דער ענין איז נאָך נישט אינגאַנצן אויסגעקלאָרט. עפּעס סודותדיקס הענגט נאָך אין דער לופט.

ווער איז ער? וואָס איז ער עפּעס געקומען מיט פרישמאַנען? און וואָס ווילן דאָ די מיידלעך? איצט? שפּעט אין אָוונט?...

יאַצקאַן איז צוגעגאַנגען:

— ביטע... וועגן וואָס גייט עס?...

דער זעלנער האָט נישט גלייך געענטפערט. ער האָט געקוקט אויף יאַצקאַנען. געקוקט אויף די איבעריקע רעדאַקציע־מענטשן. מאָדנע געפּינטלט מיט די אויגן און צום סוף אַרויסגעוואָרפן:

— איך בין אַ ייד...

— נו?

— און די מיידלעך זיינען אויך יידישע.

דערויף האָט זיך שוין קיינער נישט געריכט.

אַלע האָבן מיטאַמאָל אַ קער־געטאָן זייערע בליקן צו די מיידלעך. גענומען פאָרשן זייערע פּנימער. נאָר דער זעלנער האָט עס נישט באַמערקט. אָדער ער האָט עס יאָ באַמערקט און נישט געלייגט קיין אַכט דערויף.

— זיי זיינען פון אוקראַינע... פאַרשטעלט זיך אַלס פּויערטעס. זיך געראַטעוועט פון פּעטלוראַס באַנדעס. איך האָב זיי געפונען ביי דער פּוילישער גרענעץ. געזען זייערע פאַרצווייפלטע בליקן... געכאַפּט אַ יידיש וואָרט — האָב איך זיי „אַרעסטירט"... געזאָגט אויף יידיש, זיי זאָלן נישט קיין מורא האָבן. אַרויפגעזעצט אויף דער באַן. אָפּגעפירט קיין וואַרשע. דאָ, אין גאַס געפרעגט ביי דעם יידן, ווו ס'איז אַ יידישע רעדאַקציע. און געבראַכט זיי אַהער...

ער האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגערוט. אַ קוק געטאָן אויף די מיידלעך. צוריק אָפּגעקערט די בליקן און געזאָגט שטיל, ווי איינער, וואָס פילט זיך אין עפּעס שולדיק:

—איך מוז גיין. מיליטער־פליכט. איך גלויב, אַז כ'לאָז זיי איבער אין זיכערע הענט.

ער האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר ער האָט נישט געזאָגט. ער האָט נאָכאַמאָל אַ קוק געטאָן אויף די מיידלעך. געקוקט אויף יאַצקאַנען. אויף די איבעריקע מענטשן. זעלנעריש אַ קלאַפּ געטאָן איין פוס אין אַנדערן. אויפגעהויבן צוויי פינגער צום היטל און — איז אַרויס.

דער עולם איז געוואָרן ווי פאַרשטיינערט. איינער האָט געקוקט צו דער טיר, ווו דער זעלנער איז אַרויס. אַן אַנדערער האָט געקוקט אויף די מיידלעך, וואָס האָבן זיך געטוליעט איינע צו דער אַנדערער. אַלץ איז געווען אַנגעשטרענגט.

נאָר דאָס האָט נישט לאַנג געדויערט. פרישמאַן האָט דער ערשטער די שטילקייט איבערגעריסן. ער האָט אַ כאַפּ־געטאָן צוויי שטולן מיטאַמאָל. זיי אַוועקגעשטעלט לעבן די מיידלעך:

— זיצט. איר זענט אַוודאי מיד...

און דאָס האָט געווירקט. דער עולם האָט ווי פון שלאָף זיך אויפגעכאַפּט. מען האָט ווי אין עפּעס זיך דערמאָנט. איינער האָט צוגעטראָגן אַ דריטע שטול. אַ צווייטער איז געלאָפן מאַכן טיי. די איבעריקע האָבן אַרומגערינגלט די מיידלעך. זיי גענומען באַקוקן. אויספרעגן...

דריי מיידלעך — דריי שוועסטערן. די יונגסטע זיבעצן יאָר. די עלטסטע — צוויי און צוואַנציק. די מוטער און אַ ברודער אומגעקומען. וואָס מיטן פאָטער איז געוואָרן, ווייסן זיי נישט. זיי זיינען געלעגן באַהאַלטן. דערנאָך זיך אַרויסגעקריגן. זיך אָנגעטאָן ווי פּויערטעס. געלאָפן פון איין שטאָט אין דער אַנדערער. פון איין דאָרף אין אַנדערן. געזען ווי מען שעכט יידן. מען ברענט יידישע הייזער. מען פאַרשוועכט יידישע הייליקייטן. מען שענדעט יידישע טעכטער.

גערעדט האָט די עלטסטע — לידאָ האָט זי געהייסן. די יונגערע האָט בלויז פון צייט צו צייט געגעבן אַ שאָקל מיטן קאָפּ, אַז אַזוי איז עס טאַקע געווען. און די דריטע — די יינגסטע — האָט כסדר געוויינט.

נישט בלויז זי האָט געוויינט. אויך ביי יאַצקאַנען זיינען געווען טרערן אין די אויגן.

פרישמאַן האָט גענומען גיין הין און צוריק איבערן רעדאַקציע־צימער. ער איז געווען דענערווירט. עפּעס געמורמלט אין דער שטיל. געהאַלטן אין איין גלייך־מאַכן די ברילן אויף דער נאָז. מיטאַמאָל איז ער געבליבן שטיין לעבן יאַצקאַנען:

— איך וועל נישט געבן דעם פעליעטאָן...

— פאַר וואָס?

— ער איז צו שוואַך... איך האָב אַזוי פיל נישט געזען. אויף אַזוי פיל זיך נישט פאַרגעשטעלט.

— הייסט עס, איר האָט געשריבן וועגן דעם?

— יאָ... וועגן צעיושעטע יינגלעך... וועגן אַ פאָלק, וואָס איז הפקר... נאָר — שוואַך... נישט גענוג תופס געווען...

---

אין דרויסן איז געווען פינסטער און קאַלט. הגם דער רעגן האָט שוין לאַנג אויפגעהערט, האָבן נאָך פון די דעכער געקאַפּעט גרויסע, קאַלטע טראָפּנס.

קיין דורכגייער האָט מען נישט געזען. בלויז פון צייט צו צייט איז מיט אַ געטומל דורכגעפלויגן אַז

אויטאָ, און אַלץ אַרום איז באַשפּריצט געוואָרן מיט דער שוואַרצער פייכטקייט פון ברוק.

אויף עק פּוזשעיאַזד און נאָוואָליפּקי האָבן זיך גע־שלייכט פינף סילועטן — די דריי שוועסטערן, מנחם קיפּניס און איך.

קיפּניס האָט אויף נאַלעווקעס אַ באַקאַנטע אַכסניא. אַן אָרנטלעכער ייד. פאַר אַ קליינינקייט וועט ער די מיידלעך אויף עטלעכע טעג אָפּגעבן אַ צימער. דערנאָך וועט מען ווייטער זען. דער „היינט" וועט שוין זאָרגן.

שאַרט מען זיך אין דער קעלט.

די מיידלעך טוליען זיך איינע צו דער אַנדערער. איך רעד אין זיי אַריין. זוך אויס פאַר זיי די פּאַסיק־סטע טרייסט־ווערטער. און קיפּניס האַלט אין איין שעלטן דאָס וועטער...

און מיטאַמאָל:

— ווו שלעפּט איר זיך אַרום גאַנצע נעכט?

מיר קוקן זיך אום —

הערש־דוד נאָמבערג.

מיר בלייבן שטיין. ער קומט צו נענטער. קוקט אויף אונדז. קוקט אויף די מיידלעך. און אַן איראָנישער שמייכל צעשפּרייט זיך אויף זיינע ליפּן:

— אַזוי?...

מיר האָבן פאַרשטאַנען זיין מיין. נישט געוואָלט ער זאָל וועגן אונדז טראַכטן שלעכט. האָט קיפּניס דער־ציילט וועגן די מיידלעך. דערציילט, ווער זיי זיינען. ווי זיי קומען אין „היינט" און ווו מיר גייען איצט.

נאָמבערג האָט געהאַלטן האַלב פאַרמאַכט די אויגן. מ'האָט געקאָנט מיינען, ער הערט נישט, וואָס קיפּניס רעדט, אַז זיינע געדאַנקען זיינען איצט גאָר ערגעץ אַנ־דערש.

נאָר אָט עפנט ער די אויגן. בויגט זיך צו צו דער עלטסטער פון די מיידלעך:

— ווי הייסט איר?

— לידאַ.

— לידאַ... לידאַ... און אייער שוועסטער?

— די הייסט לובאַ און די — זשעניאַ.

— און איר זענט די עלטסטע?

— די עלטסטע.

— נו, גייט קינדערלעך. ס'איז קאַלט. איר דאַרפט זיך אויסשלאָפן. מיר וועלן זיך נאָך זען. מיר וועלן נאָך רעדן...

---

— אָט אַ, דאָס איז עס. נומער זיבן און דרייסיק...

אין טויער האָט זיך הייזעריק צעקלינגען דאָס גלעקל. שווערע טריט. אַ סקריפּענדיקער שליסל. דער סטרוזש רעדט יידיש:

— צו וועמען?

— צו מאָרגנשטערנען.

אין דער אַכסניא איז מען שוין געשלאָפן. נאָר קלאַפּן האָט מען נישט געדאַרפט לאַנג. דאָרט איז מען געוווינט געווען צו ווערן איבערגעוועקט. כמעט יעדע נאַכט זענען געקומען געסט.

אָבער דאָס מאָל זיינען עס געווען נישט קיין גע־וויינלעכע געסט. מאָרגנשטערן אַליין האָט זיך אַרומ־געפּאָרעט. נאָר וואָס אויפגעריסן זיך פון ערשטן שלאָף. דאָס קאָפּל פאַררוקט. די גרויסע, באַזילבערטע באָרד צעשויבערט. דער טלית־קטן אויף דער לינקער זייט.

— זייער גוט געטאָן, וואָס איר זייט געקומען צו מיר... צו וועמען דען זאָל דער „היינט" שיקן, אַז נישט צו מאָרגנשטערנען?... אָט דאָ, אין דעם צימער, וועלן די מיידלעך קאָנען זיין. זיי קאָנען זיך דאָ פילן ווי ביי זיך אין דער היים. ס'וועט זיי גאָרנישט פעלן. איי, זאָלט איר מיר געזונט זיין — ווער רעדט עס וועגן געלט?...

און ס'האָט טאַקע די מיידלעך גאָרנישט געפעלט.

שרהלע — מאָרגנשטערנס איינציקע טאָכטער — האָט זיך מיט זיי אָפּגעגעבן ווי אַן אייגענע שוועסטער. פון „היינט" איז יעדן טאָג אַן אַנדערער געקומען מיט פעקלעך.

און — נאָמבערג.

יעדן טאָג איז ער געקומען. אַמאָל אויך — צוויי מאָל אין טאָג. גאַנצע שעהן אָפּגעזעסן מיט די מיידלעך. געשמועסט מיט זיי. געלייענט פאַר זיי זיינע לידער און נאָוועלן.

און אַ סך זיי געהערט. נישט מיד געוואָרן זיי צו הערן רעדן.

דער עיקר — לידאַן.

— רעדט, לידאַטשקע. רעדט נאָך. איך האָב ליב אייך הערן רעדן. עס דערמאָנט מיר אָן עפּעס. עס דער־וועקט אין מיר דערינערונגען...

פלעגט ער קומען, נאָמבערג. טיילמאָל איז אויך נאָך עמיצער פון „מאָמענט" געקומען. מ'איז געווען ניי־געריק די מיידלעך אָנקוקן. הערן זיי רעדן. דערגיין, פון וואַנען ס'נעמט זיך נאָמבערגס התפּעלות.

אָבער שנעל האָט זיך יאַצקאַן וועגן דעם דערוווסט. ער האָט געהערט, נאָמבערג אינטערעסירט זיך, מענטשן קומען. זיי וועלן אוודאי שרייבן...

און די צייטונגס־קאָנקורענץ האָט אין אים דער־וואַכט —

ניין. מען וועט נישט שרייבן. זיי געהערן צום „היינט"...

---

אין „מעכאַניאָוון" ביבליאָטעק־צימער — אין דער פּריוואַטער דירה פון באַנקיר אַדאָלף פּערעץ — איז זיך צונויפגעקומען די פאַרוואַלטונג און די הויפּט־„אַפּיעקונעס" פון דער יידישער פּרויען־שוץ־געזעל־שאַפט.

די זיצונג איז געווען אַ ספּעציעלע. עס האָט זי גערופן די מאַדאַם פּערעץ, אויף דער ווענדונג פון דער רעדאַקציע „היינט".

עס זענען געווען: די באַלעבאַסטע — מאַדאַם פּע־רעץ, איר מאַן אַדאָלף פּערעץ, דער באַנקיר שערע־שעווסקי, מאַדאַם טרוסקער, פּרעזעס ווישליצקי, מאַדאַם טערעזאַ ראָזען, מאָוריצי מייזעל און נאָך און נאָך — אַלץ פון דער דעמאָלטדיקער יידיש־אַריסטאָקראַטישער עליטע.

אַלע זיינען ערנסטע געזעסן ביי דעם סאָליד גע־גרייטן טיש. אַביסעלע אָפּגערוקט איז געזעסן דער פאַרשטייער פון „היינט". מערער אָפּגערוקט — זיינען געזעסן די דריי היימלאָזע שוועסטערן...

די זיצונג איז געווען אַ קורצע. די מיידלעך האָבן איבערגעגעבן וועגן זייערע פּיינלעכע וואַנדערונגען און וועגן דעם ווילדעווען פון די צעיושעטע פּעטלוראָוועצעס. די „אַפּיעקונעס" האָבן טרויעריק געשאָקלט מיט די קעפּ און שטיל געשיילט פּאַמעראַנצן.

צום סוף איז געפאַלן אַ באַשלוס —

די געזעלשאַפט נעמט אויף די שוועסטערן אין איר „היים" אויף פּאַנסקע נומער צוואַנציק. טראָץ דעם, וואָס קיין מאַנספּערשוין טאָר נישט איבערטרעטן די שוועל פון דער „היים", ווערט דאָך געמאַכט אַן אויסנאַם פאַרן פאַרשטייער פון „היינט", וועלכער איז דער פאַקטישער אַפּיעקון פון די דריי שוועסטערן.

דער באַשלוס איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אין פּראָטאָקאָל־בוך. די דריי שוועסטערן זיינען מיט אַ פאַר־חתמעטן בריוו איבערגעשיקט געוואָרן אין דער „היים" אויף פּאַנסקע צוואַנציק און — דאָ הויבט זיך אָן דאָס, וואָס עס האָט אויף אייביק צעשטערט דעם שלום צווישן הערש־דוד נאָמבערגן מיט דער רעדאַקציע „היינט".

און דאָס איז חלילה נישט געווען קיין בייזקייט מצד יאַצקאַנען. פאַרקערט, געווען מאָמענטן, ווען ער האָט געזוכט דערנענטערונג פון נאָמבערגן צום „היינט". נאָר —

— ניין... ער טאָר נישט וויסן, ווו די שוועסטערן געפינען זיך... אינטערעסאַנט מאַטעריאַל... מען קאָן אויסכאַפּן...

נאָמבערגן האָט פאַרדראָסן. נישט פאַרשטאַנען יאַצקאַנס עקשנות. האָט ער גערעדט. געפרעגט. זיך דע־נערווירט. געזאָגט שאַרפע ווערטער. לסוף אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— מילא...

נאָר די צייט האָט זיך מיט דעם אַלעם נישט גערע־כנט. דער צייט האָט נישט אינטערעסירט, צי איז יאַצקאַן יאָ גערעכט, אָדער נישט. צי איז נאָמבערג יאָ צופרידן, אָדער נישט צופרידן.

זי, די צייט, איז זיך געגאַנגען איר וועג. איבער־געלאָזט אַלטע געשעענישן. אויפגענומען נייע.

און די געשעענישן האָבן געיאָגט. געוואָלט איינע די אַנדערע איבערשטייגן.

די מעשה מיט די דריי שוועסטערן איז געוואָרן באַשריבן אין „היינט". די צייטונג איז אָנגעקומען צו זייער ברודער אין אַמעריקע. ער האָט געשיקט אַרויס־פּאָדערונג־פּאַפּירן, געלט און אַ לאַנגן, רירנדיקן בריוו. די מיידלעך האָבן דעם בריוו געלייענט און נישט געקאָנט דערלייענען ביזן סוף. יעדעס מאָל האָט אַן אַנדערע אויסגעבראָכן אין אַ ספּאַזמאַטיש געוויין.

אָבער טרערן טרוקענען אויך אַמאָל אויס. איבער־הויפּט, ווען ערגעץ אין דער וועלט וואַרט אַ מענטש, וואָס בענקט נאָך זיי — אַן אייגענער ברודער.

---

איך האָב נישט געהאַט קיין רו.

געדענקט נאָמבערגס אינטערעסירן זיך מיט די דריי שוועסטערן. זיין שטענדיק רעדן וועגן זיי.

טאַ, פאַר וואָס זאָל ער זיך מיט זיי נישט זען? זיך נישט געזעגענען?

האָב איך אים אָנטעלעפאָנירט:

— איר ווילט זיך זען מיט די מיידלעך?

— וועלכע מיידלעך?

— די דריי שוועסטערן.

— וואָס?!

— זיי פאָרן היינט אַוועק. זיי פאָרן צו אַ ברודער אין אַמעריקע.

— שוין היינט?

— אין אַ שעה אַרום. זיי זענען שוין ביי דער באַן. ווילט איר זיך געזעגענען?

אַ פראַגע צי ער וויל? — ער איז טויזנט מאָל דאַנקבאַר. ער קומט גלייך. מיר וועלן צוזאַמען אַראָפּ־פאָרן צו דער באַן.

ער איז געקומען מיט אַ שיין פאַרפּאַקט פּעקעלע מיט אַ פאַרביק שטריקעלע — אַ מתנה.

שוין געווען שפּעט. צום אָפּגיין פון צוג געבליבן וויניק צייט. מ'דאַרף זיך יאָגן. האָט מען כסדר געמינ־טערט דעם דראָזשקאַזש. זאָל ער אונטעריאָגן. מ'עט פאַרשפּעטיקן.

פּונקט גוט געקומען אויפן וואָקזאַל. מען וועט נאָך באַוויזן. אָט איז דער צוג. נאָר —

— ביטע. אייערע דאָקומענטן!

דער זעלנער איז געווען שטרענג. מ'זוכט מילי־טער־פּאָליטיקע. נאָמבערגן האָט ער באַלד אָפּגעלאָזט. שוין נישט די יאָרן. מיין פּאַס פאַרהאַלטן. מ'דאַרף קאָנטראָלירן.

נאָמבערג איז מיטגעגאַנגען. נישט געוואָלט מיך לאָזן אַליין. געטענהט מיטן זעלנער. נישטאָ וואָס צו קאָנטראָלירן. דעם יאַרגאַנג נאָך נישט גערופן.

דער זעלנער הערט נישט. ער פירט צום עלטסטן. אויך יענער יאָגט זיך נישט. ס'ברענט נישט. מען קוקט נאָך. מען פרעגט. מען שרייבט. אַ הילכיקער פייף שניידט דורך די לופט. דער צוג רירט.

נאָמבערג גיט זיך אַ ריס פון אָרט. אָבער — שפּעט. דריי ווייסע טיכעלעך פאָכען דורך אַ פענצטער...

— זעט. דאָס זיינען זיי. די דריי שוועסטערן. זיי זעען אונדז...

— — — — — — — — —

אויפן וועג צוריק האָט נאָמבערג לאַנג געשוויגן. דערנאָך האָט ער עטוואָס פאַרפּאַמעלעכט די טריט:

— איר ווייסט? — ס'האָט נישט קיין סך געפעלט, איך זאָל זיך לאָזן איבעררעדן און צוריק אַריין אין „היינט"...

— כ'ווייס.

— און כ'בין צופרידן. אויף אייביק איבערגע־ריסן...

— פאַר וואָס?

— איך אַנטלויף פון מענטשן, וואָס מעסטן אַלץ לויט דער מאָס פון צייטונגס־קאָנקורענץ. וואָס אַלע פּראָבלעמען ווערן ביי זיי געלעזן לויט דעם — צי דאָס איז גוט פאַר זייער צייטונג, אָדער נישט...



נ. בלומענטאַל

# דער גרויסער יידישער פילאָלאָג ב. באָראָכאָוו

אַלע ווייסן ווער ס׳איז בער באָראָכאָוו — דער פירער און גרינדער פון אַ גרויסער יידישער אַרבעטער־פאַרטיי, אַ גרויסער טעאָרעטיקער — אין וועלט־מאַסשטאַב — פון נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע פּראָבלעמען. אָבער נישט אַלע ווייסן, אַז בער באָראָכאָוו איז אויך געווען אַ גרויסער בקי אין דער געשיכטע פון יידישער ליטעראַטור און שפּראַך, פון די גרינדער פון דער מאָדערנער יידישער פילאָלאָגיע — אין ברייטסטן זינען פון וואָרט. לויט באָראָכאָוון נעמלעך, נעמט אַרום יידישע פילאָלאָגיע: אי שפּראַך־פאָרשונג, אי פאָלקלאָר און ליטעראַטור־פאָרשונג, אי יידיש־דייטשע אַרכעאָלאָגיע, אי אַפילו קולטור־ און קונסט־געשיכטע! (זע ש. ניגער: ב. באָראָכאָווס פּלאַן פאַר אַ געשיכטע פון יידיש. לאַנדויבוך, ווילנע 1916).

צום אומגליק האָט ב. באָראָכאָוו נישט באַוויזן אין זיין קורץ לעבן צו דערפירן זיינע פילאָלאָגישע אָנשויונגען צו אַן אָפּגעשלאָסענער גאַנצקייט. אין דרוק זענען דערשינען אינגאַנצן איייניקע אַרבעטן זיינע פון דעם געביט. זיינע דורך לאַנגע יאָרן אָנגעזאַמלטע מאַטעריאַלן האָבן ביזן היינטיקן טאָג די ליכטיקע שיין נישט דערזען. אָבער דאָס ביסל, וואָס באָראָכאָוו האָט יאָ באַוויזן צו פאַרעפנטלעכן, איז פון אַזאַ וואָג, אַז מיר שטעלן אים אין דער ערשטער ריי פון יידישע פילאָלאָגן.

די יידן אין גלות האָבן זיך באַנוצט און באַנוצן זיך ביז צום היינטיקן טאָג מיט דריי שפּראַכן: יידיש, העברעיש און די שפּראַך, אָדער שפּראַכן פון דער סביבה. דאָס הייסט נישט, פאַרשטייט זיך, אַז מ׳האָט זיך מיט די — לכל הפחות — דריי שפּראַכן באַנוצט גלייכמעסיק, אָדער אַז די יידן האָבן געקענט די דריי שפּראַכן אין דער גלייכער מאָס. פאַרקערט, מיר ווייסן, אַז דערהויפּט און דער עיקר האָט דער ייד ביי זיך אין דער היים און צווישן זיך באַנוצט יידיש. אָבער דער זעלבער ייד האָט זיך באַנוצט מיט העברעיש, למשל, ביי די תפילות, אָדער ווען ער האָט געוואָלט רעדן פאַרשטעלט, מע זאָל אים נישט פאַרשטיין, ווי: „דער ערל איז מבין כל דבור״ אאַ״וו. דער זעלבער ייד איז אויך געווען געצוווּנגען, ווען ער איז געקומען אין באַרירונג מיט דער אויסערלעכער וועלט, צו באַנוצן זיך מיט דער שפּראַך פון דער סביבה. די עלעמענטן פון די דריי שפּראַכן געפינען מיר אויך אין אַ פאַרשידענער פּראָפּאָרץ אין דער שפּראַך פון אַ יעדן יידן באַזונדער, און צוליב דעם קאָנען מיר טיילמאָל פעסטשטעלן דעם אָפּשטאַם פון אַ יידן, למשל: פון די אַמאָליקע „קרעסן״ — לויט דעם גרעסערן פּראָצענטזאַץ אוקראַיִנישע, אָדער ווייס־רוסישע ווערטער, צי פון קרוין־פּוילן, צי פון די מערב־געביטן, לויט זייער אָנווענדן דייטשע ווערטער אאַ״וו. אָבער דאָס איז אַן ענין פאַר זיך.

* * *

בער באָראָכאָוו ווי אַ יידישער פילאָלאָג

אין איינקלאַנג מיט דעם, וואָס כ׳האָב פריער געזאָגט וועגן דער שפּראַכן־פראַגע ביי יידן, וועט אויך זיין דאָס, וואָס כ׳וועל זאָגן וועגן יידישע פילאָלאָגן, ד״ה —יידן פילאָלאָגן. דאָס רוב פון זיי איז אַרויסגעקומען פון די קרייזן, וואָס האָבן זיך דער עיקר באַנוצט מיט דער שפּראַך פון דער סביבה, און דעריבער זי גענומען ווי אַ יסוד פאַר זייערע פאָרשונגען, בפרט; אַז זייער וויסנשאַפטלעכע צוגרייטונג האָבן זיי באַקומען אין אַ פרעמדער, נישט־יידישער, שפּראַך. זייערע פילאָלאָגישע פאַראינטערעסירונגען האָבן זיך קאָנצענטרירט אויף די נישט־יידישע שפּראַכן. די דאָזיקע פילאָלאָגן קאָנען מיר דעריבער נישט אָנרופן יידישע. זייער וויסנשאַפטלעכע אַרבעט איז דעריבער נישט געווען קיין יידיש נאַציאָנאַלע. מה שאינו כן ביי בער באָראָכאָוון. ער האָט זיך פאַראינטערעסירט אויסשליסלעך מיט יידיש. און דעריבער, פון דעם קוקווינקל געזען, דאַרפן מיר אים באַטראַכטן ווי אַ יידיש־נאַציאָנאַלן געלערנטן שפּראַך־פאָרשער.

דאָס איז איין מערקמאָל פון זיין צוגאַנג צו דער שפּראַך־וויסנשאַפט. פאַראַן אָבער נאָך אַ מערקמאָל פון דעם פּראָבלעם. און דאַן מוז איך אָנרירן, ווילנדיק נישט ווילנדיק דאָס פּראָבלעם פון אונדזערע נאַציאָנאַלע שפּראַכן און זייער קעגנזייטיקער באַציונג. עס איז דאָך באַקאַנט, אַז יידיש איז געווען די שפּראַך פון די ברייטע פאָלקס־מאַסן; די „העכערע צען טויזנט״ האָבן זיך באַנוצט ס׳רוב — אפשר נישט אויסשליסלעך — מיט דער שפּראַך פון דער סביבה; העברעיש איז געווען די ליטעראַרישע שפּראַך, דערהויפּט פון אַ געוויסער גרופּע: שרייבער, רבנים, מוסר־זאָגער, כלל־טוער אאַ״וו און פון געוויסע ליטעראַרישע גאַטונגען (צומייסט פון רעליגיעז־עטישן כאַראַקטער). אויב דערנאָך, ביי די משכילים, האָט זיך די באַציונג צו העברעיש געביטן, האָט זי אויך געגאָלטן מער ווי אַן אידעאַל, צו וועלכן מען שטרעבט, אָבער אין דעם טאָג־טעגלעכן לעבן האָט מען גערעדט אויף דער לאַנד־שפּראַך אָדער יידיש. צו יידיש האָבן זיך די קרייזן באַצויגן מיט ביטול: דאָס איז דאָך די שפּראַך פון דעם המון, פון דעם עם־ארץ; יידיש די לעבעדיקע שפּראַך פון פאָלק, מיט וועלכער אַ יידישער פילאָלאָג האָט זיך בדרך כלל נישט געוואָלט פאַרנעמען. ער האָט דאָך געהאַט צו דער האַנט אַ ברייטער און שענער געביט, אויב ער איז שוין געוואָרן אַ נאַציאָנאַלער יידישער פילאָלאָג — די העברעישע שפּראַך. באָראָכאָוו אָבער פאַרנעמט זיך, להיפוך צו אַנדערע, גאַנץ באַוווּסטזיניק און צילבאַוווּסט דווקא מיט דער שפּראַך פון יידישן „המון״, פון יידישן פּראָלעטאַריער. און דאָ זעען מיר דעם צווייטן מערקמאָל פון באָראָכאָווס צוגאַנג צו פילאָלאָגיע, דעם סאָציאַלן, רעוואָלוציאָנערן.

אינטערעסאַנט איז דער פאַקט: מיט יידיש האָבן זיך קודם אָנגעהויבן צו אינטערעסירן נישט־יידישע פילאָלאָגן. זיי זענען דערגאַנגען דערצו, פאָרשנדיק די געשיכטע פון דער דייטשער שפּראַך, וואָס צו אירע דיאַלעקטן האָט געהערט אויך יידיש. פון דער אַנדערער זייט האָבן זיי זיך אינטערעסירט מיט יידיש צוליב פּאָליטיש־סאָציאַלע סיבות און אויפן ווונטש פון די רעגירנדיקע קרייזן. וואָס איך מיין דערמיט צו זאָגן, וועט אילוסטרירן דער פאַקט, אַז אין פוילן, אין דער סאַנאַציע־עפּאָכע איז דערשינען אַ ביכעלע אויף אויסצולערנען זיך יידיש, באַשטימט פאַר פוילישע פּאָליציאַנטן.

אַ טייל פאָרשער האָט יידיש באַטראַכט ווי אַ ספּעציעלן דיאַלעקט פון אונטערוועלט מענטשן. אין דער היטלער־תקופה זענען אַפילו געווען ספּעציעלע ביכער, אָפּהאַנדלונגען א״נ. Jidisch eine Gauner sprache

אויב אין באָראָכאָווס צייטאַלטער האָבן זיך שוין געהאַט באַוויזן יידישע געלערנטע, וואָס האָבן אויף אַ וויסנשאַפטלעכן מאָדערנעם אופן געפאָרשט יידיש, ווי אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך, און טייל פון זיי האָבן אַפילו אַרויסגעוויזן פיל ליבע און צוגעבונדנקייט צו איר (איינעם פון זיי, ד״ר פיליפ מאַנש, לויבט באַזונדער ב. באָראָכאָוו), האָט אָבער קיינער פון זיי נישט געהאַט אַזאַ ברייטן צוגאַנג און אַזאַ קלאָרע און פּאָזיטיווע איינשטעלונג צו יידיש, ווי באָראָכאָוו. ביז באָראָכאָוון האָבן כמעט אַלע יידישע פילאָלאָגן געהאַלטן, אַז אַ געלערנטער פילאָלאָג איז אַ קאַבינעט־פאָרשער, וואָס שטודירט „ריינע טעאָריע", וואָס פאָרשט די געזעצן פון דער שפּראַך, גייט באָראָכאָוו ווייטער. אין זיין אַרבעט: „די אויפגאַבן פון דער יידישער פילאָלאָגיע" (דער „פּנקס" ערשטער יאָרגאַנג תרע״ב. ווילנע תרע״ג) לייגט באָראָכאָוו דעם טראָפּ אויף דער נוצלעכקייט פון דער יידישער פילאָלאָגיע פאַר אַ קולטור־אויפשטייג פון דער יידישער נאַציע בכלל.

אין דעם פאַקט זעען מיר אַ ווייטערדיקן מערקמאָל פון באָראָכאָווס נישט נאָר פילאָלאָגישער איינשטעלונג: דעם פּראַקטישן, אוטיליטאַרן. נישט וויסנשאַפט לשם וויסנשאַפט. „פון אַלע וויסנשאַפטן שפּילט די פילאָלאָגיע די גרעסטע ראָל אין דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג פון די אונטערגעדריקטע פעלקער" — אַזוי הויבט אָן ב. באָראָכאָוו זיין באַוווסטע און פּראָגראַמאַטישע אַרבעט. די פילאָלאָגיע איז איינע פון די וואָפן, מיט וועלכער מען קעמפט פאַר דער באַפרייונג פון פאָלק. פילאָלאָגיע איז לויט באָראָכאָוון אַ פּראַקטישע וויסנשאַפט — אַ וועג־פירער פאַרן פאָלק.

אין דעם קוק אויף פילאָלאָגיע אונטערשיידט זיך באָראָכאָוו פון אַלע איבעריקע יידישע און ס׳רוב נישט־יידישע פילאָלאָגן, וואָס האָבן באַטראַכט זייער ספּעציאַליטעט פאַר „ריינער וויסנשאַפט". באָראָכאָוו זעט אין איר קודם־כל די אָנגעווענדקייט, די קאָנקרעטע צילן, און זיי באַשטייען אין: ריינִיקן די יידישע שפּראַך פון פאַרשידענעם ווילד־גראָז — דערהויפּט פון דייטשמעריזמען און פאַרשידנסטע באַרבאַריזמען, צווייטנס, באַרייכערן די שפּראַך מיט באַגריפן, ווערטער, וואָס פעלן אין איר. אָט די פּראָבלעמען רוקט אַרויס באָראָכאָוו אויפן ערשטן פּלאַן. ביי אַנדערע פילאָלאָגן שפּילט דאָס אַ דריטראַנגיקע ראָל: זיי זיינען גענויגט מיט אַזעלכע פּראַקטישע פראַגן בכלל זיך נישט צו פאַרנעמען און איבערגעבן זיי אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס ניט קיין ריין־וויסנשאפטלעכע, ווו דער פילאָלאָג איז ניט מער ווי אַ בעל־יועץ, וואָס דינט מיט זיינע עצות.

דער אלף־בית פון אַ יעדער נאַציאָנאַלער קולטור באַשטייט אין דעם, דאָס פאָלק זאָל קאָנען ריכטיק רעדן און שרייבן אין זיין נאַציאָנאַלער שפּראַך. נאַציאָנאַלע קולטור הייסט נישט, אַז יחידים זאָלן קאָנען שאַפן גרויסע קולטור־ווערטן (דיכטערישע ווערק אאַ״וו), נייערט אין דער פאַרשפרייטקייט פון גוט קענען די מוטער־שפּראַך. זייער עטימאָלאָגיע דערקלערט זייער באַדייטונג, און דורך דעם שאַפט זי אַן אַלגעמיינעם ווערטערבוך פון דער שפּראַך און אַ גראַמאַטיק, וואָס לערנט אונדז ווי אַזוי זיך באַנוצן מיט די ווערטער אויף אַן אַלגעמיינעם און אַלעמען פאַרשטענדלעכן אופן. די פילאָלאָגיע פאַראיינהייטלעכט דאָס, פירט אַריין פאַרפליכטנדיקע געזעצן, אוניפיצירט און מאַכט פאַרשטענדלעך פאַר אַלע די ליטעראַרישע שפּראַך.

פילאָלאָגיע איז — צום אונטערשייד פון לינגוויסטיק — אַ נאַציאָנאַלע וויסנשאַפט, וואָס קאָן נאָר דעמלט זיין אמתע וויסנשאַפט, ווען זי גלויבט אין קיום פון דער שפּראַך, ווען זי איז אַ לעבעדיקע וויסנשאַפט. באָראָכאָוו טרעט אַרויס קעגן די יעניקע יידישע געלערנטע, וואָס זיינען שונאים פון יידיש (צונץ, שטיינשניידער). מע קאָן אַפילו זאָגן, אַז באָראָכאָוו, אָפּשאַצנדיק אַ פילאָלאָגישע אַרבעט פון אַ יידישן געלערנטן, נעמט פאַרן אויסגאַנג־פּונקט די באַציונג וואָס דריקט זיך אויס אין דער אַרבעט פון דעם מחבר צו יידיש, און דאָס איז משפּיע אויף זיין מיינונג וועגן דער אַרבעט.

יידיש דאַרף מען פאָרשן אויף יידיש און לערנען ווי מע לערנט יעדע אַנדערע שפּראַך. קודם דאַרף מען לערנען ריכטיק שרייבן און דערנאָך ערשט שאַפן שיינע ליטעראַטור.

יידיש איז אַן אַלטע שפּראַך, לויט באָראָכאָוו איז זי ניט יינגער פון אַ זעקס־זיבן הונדערט יאָר, דערביי גיט ער אויך איבער די מיינונג פון באַוווסטן דייטשן געלערנטן אַווע לאַלעמאַן, וואָס לויט אים איז יידיש שוין אַלט אַכט הונדערט יאָר; לויט גידעמאַנען שטאַמט יידיש פון 11־12 יאָרה. באָראָכאָוו ברענגט ראיות, אַז דייטשע ווערטער געשריבן מיט יידישע אותיות (דייטש־יידיש) געפינען מיר אין כתב־ידן, וואָס שטאַמען פון 13 יאָרה. מיר היינט קאָנען זאָגן, אַז באַזונדערע יידישע ווערטער און העברעישע כתב־ידן, ווי אויך אויסגעקריצטע אויף מצבות, קאָן מען אָפּזוכן שוין אין 12 יאָרה. ד״ה אונדזער שפּראַך איז נישט יינגער פון אַן אַכט הונדערט יאָר, אויב נעמען די שריפטלעכע פאָרם פון דער שפּראַך. רעדן האָט מען אָבער אויף איר געמוזט נאָך פריער (מעגלעך, אַז שוין אין 9 יאָרה.). די ערשטע געשריבענע יידישע ווערטער זענען גלאָסן, אויסטייטשונגען פון באַזונדערע האַרבערע העברעישע ווערטער, געשריבענע צווישן די שורות (דערפון נעמט זיך דער אויסדרוק: לייענען צווישן די שורות), צי אויפן ראַנד פון די העברעישע ספרים; מיט דער צייט האָט מען געשאַפן זאַמלונגען פון אַזעלכע גלאָסן — גלאָסאַריען, ווערטערביכער צו באַזונדערע טיילן פון תנך.

באָראָכאָוו טרעט אַרויס זייער שאַרף קעגן די שונאים פון יידיש. ער רופט אָן זייערע טענות „גראָב־עם־האַרציש" און באַצייכנט זיי ווי „רעאַקציאָנערע פאָלקס־

פיינטלעכע פֿאַלש־אינטעליגענטן". ער זעט זיי ניט נאָר ביי ייִדן. אָט די רעאַקציאָנערע עלעמענטן האָבן אַ מאָל באַקעמפֿט דאָס אויפֿשטייענדיקע גריכישע פֿאָלק און זיין שפּראַך ניי־גריכיש. די דאָזיקע עלעמענטן, האָבן אויך געווירקט ביי די סערבן און ביי אַנדערע פֿעלקער, און אין באָראָכאָוו'ס צייט האָבן זיי געשטערט דער אַנטוויקלונג פֿון דער אוקראַינישער און קאַטאַלאָנישער שפּראַך.

באָראָכאָוו זעט נישט אין דער אַנטשטייונג, צי אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער שפּראַך קיין אויסנאָמצושטאַנד, ער פֿאַרגלייכט זי מיט אַנדערע שפּראַכן, זעט אין איר אַלע אַלגעמיינע געזעצן פֿון אַנטוויקלונג און קלאַסן־קאַמף, און ער איז איבערצייגט, „איבערגעצייגט" ווי ער וואָלט געזאָגט, אַז אַזוי ווי ביי אַנדערע פֿעלקער וועט אויך אונדזער לשון ביישטיין אַלע נסיונות.

אָבער די באַזונדערע עלעמענטן פֿון ייִדיש בילדן נישט קיין מיש־מאַש, קיין זשאַרגאָן, נאָר זיי ווערן אויסגעפֿורמט, אַרויסגערעדט, אָנגעווענדט לויט די כללים פֿון ייִדיש. די ווערטער ווערן ס'רוב געגנצלעך געענדערט, אַנדערש אַרויסגערעדט און באַקומען טייל־מאָל אַפֿילו אַן אַנדער באַדייטונג. ניט איינמאָל גיסן זיך צונויף עלעמענטן פֿון פֿאַרשידענע שפּראַכן אין איין וואָרט, למשל אין „באַגנב'ענען" האָבן מיר אַ העברעישן שורש מיט אַ גערמאַנישן פּרעפֿיקס („באַ") און סופֿיקס („ען").

באָראָכאָוו האַלט, אַז די ייִדישע פֿילאָלאָגיע דאַרף אויסטייטשן די פֿונקציעס פֿון די באַזונדערע שפּראַך־עלעמענטן. ער רוקט צוגלייך אַרויס זיינע אַ היפּאָטעזע, אַז „די אידעען און באַציונגען פֿון אַלמענטשלעכן לעבן ווערן אויסגעדריקט אין דייטש; די דערשיינונגען, וואָס זענען אויסגעוואַקסן אויפֿן באָדן פֿונעם אינעווייניקסטן ייִדישן לעבן — אין העברעיש; די פֿאָרמען און געפֿילן פֿון אַלטעגלעכן לעבן אינעם ענגן פֿאַמיליען־קרייז אָדער גראָבע נעגאַטיווע אייגנשאַפֿטן — אין סלאַוויש". ער אילוסטרירט דאָס מיט אייניקע ביישפּילן: „גאָט — רבונו של עולם — גאָטעניו — טאַטעניו", „איינפֿאַך — פּשוט— פּראָסט", „נאַר (אַ מענטש בכלל), טיפּש (נאָר אַ ייִד קאָן זיין אַ טיפּש) און „בייבאַק".

באָראָכאָוו אַליין גיט צו, אַז עס זענען פֿאַראַן אין דער ייִדישער שפּראַך העברעישע ווערטער ווי „מסחר, קרן, קונה, חוב", וואָס וואָלטן לויט דער אויבנגעבראַכטער איינטיילונג געדאַרפֿט אויסגעדריקט ווערן אויף דייטש. באָראָכאָוו דערקלערט דאָס דערמיט, אַז זיי זענען אַריין אין ייִדיש צוליב דעם, וואָס אין דייטש זענען נאָך אַזעלכע ווערטער צו יענער צייט נישט געווען.

באָראָכאָוו, הגם ער אָנערקענט, אַז ס'רוב ייִדישע ווערטער שטאַמען פֿון דייטש— איז אַ גרויסער קעגנער פֿון דייטשמעריזמען, ד"ה פֿון אַריינפֿירן אין ייִדיש ווערטער פֿון דער דייטשער איצטיקער שפּראַך. די נייע דייטשע ליטעראַרישע שפּראַך איז אָבער ייִנגער פֿאַר ייִדיש. אין ייִדיש האָבן זיך אויפֿגעהיט אַ ריי אַלטע דייטשע ווערטער, למשל „מיר" אָנשטאָט „וויר", „עץ" — „איר", „ענק" — „אייך", „נייערט" — „נאַר"). די משכילים, וואָס האָבן געוואָלט פֿאַרפֿיינערן ייִדיש מיט אַריינברענגען דייטשע ווערטער, האָבן פֿאַקטיש די ייִדישע שפּראַך פֿאַרדאָרבן, סיי איר אויסשפּראַך („פֿיר", „ביי", „מענש", — אָנשטאָט — פֿאַר, באַ, מענטש אא"וו), סיי אירע פֿאָרמען (פּלוראַל לערער אָנשטאָט לערערס, די רעקטאָרן אָנשטאָט דירעקטאָרס) זיי האָבן אויך אַריינגעפֿירט אומנייטיק דעם מיטלערן מין „דאָס" אאַ"וו. פּונקט אַזוי האָבן זיי פֿאַרדאָרבן די אָרטאָגראַפֿיע, וואָס איז געבליבן הינטערשטעליק לגבי דער דייטשער. פֿון דער אַנדערער זייט האָט דער משכיל באַרייכערט די ייִדישע שפּראַך מיט אַריינפֿירן נייע ווערטער אויף אויסצודריקן נייע געפֿילן, אַבסטראַקטע באַגריפֿן אאַ"וו. אַזוי האָבן מיר באַקומען אַ ריי ווערטער ווי „קונסט", „הער", „באָדן", „פּערזאָן", וואָס האָבן אַן אַנדערן ניואַנס ווי די ווערטער „קונץ", „האַר", „פֿאַרשוין", „בוידעם".

די אויפֿגאַבן פֿון דער ייִדישער פֿילאָלאָגיע דערפֿירט באָראָכאָוו צו צוויי באַגריפֿן: 1. נאַציאָנאַליזאַציע און 2. הומאַניזאַציע פֿון דער ייִדישער שפּראַך. די ערשטע אויפֿגאַבע באַשטייט אין רייניקן די שפּראַך פֿון אומנייטיקע פֿרעמדע ווערטער.

הומאַניזאַציע — הייסט דערפֿירן די שפּראַך דערצו, זי זאָל קאָנען אַריינגעמען אין זיך „אַלע קולטורווערטן פֿון דער מאָדערנער אַלמענטשלעכער קולטור־אַנטוויקלונג."

די גרויסע ייִדישע שרייבערס האָבן די דאָזיקע אויפֿגאַבן אויסגעפֿירט אַליין פֿון זיך. מענדעלע האָט אַנטדעקט די ייִדישע שפּראַך, פּרץ האָט זי באַרייכערט מיט אייראָפּעישע באַגריפֿן. מענדעלע האָט זי נאַציאָנאַליזירט, שלום־עליכם פּאָפּולאַריזירט, פּרץ האָט זי הומאַניזירט. זיי זענען די שעפֿער פֿון דער מאָדערנער ייִדישער שפּראַך.

איצט איז געקומען די צייט, די ייִדישע פֿילאָלאָגיע זאָל דאָס אַלץ אויספֿאָרשן, פֿאַרפֿולקאָמען זייער אַרבעט, דערפֿירן זי צום סוף.

אפֿשר נישט אַלע ווייסן, אַז די נייע ייִדישע אָרטאָגראַפֿיע מיט וועלכער מיר באַנוצן זיך און וואָס איז זיינערצייט אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך דער פֿילאָלאָגישער סעקציע פֿון „ייִוואָ" — שטיצט זיך אין אַ גרויסער מאָס אויף בער באָראָכאָווס פּראָיעקט. אַזוי האָט ער אין זיין אויבנדערמאָנטער אַרבעט פֿאָרגעשלאָגן, אַז די ייִדישע אָרטאָגראַפֿיע דאַרף זיין אַ פֿאָנעטישע, ד"ה מ'דאַרף שרייבן ווי מ'רעדט. דער דאָזיקער פּרינציפּ לאָזט זיך אָבער נישט דורכפֿירן אין אַלע הונדערט פּראָצענט, ווייל קודם כל איז פֿאַראַן מער קלאַנגען ווי אותיות, והשנית וואָלטן מיר טאַקע אַזוי געשריבן ווי מיר רעדן, וואָלט געווען אַזוי פֿיל אָרטאָגראַפֿיעס, וויפֿיל ס'איז פֿאַראַן ייִדן, וואָס שרייבן.

וואָס שייך ייִדיש נעמט מען ווי אַ יסוד פֿון דער אָרטאָגראַפֿיע די ליטעראַרישע אויסשפּראַך, ד"ה דעם ליטווישן דיאַלעקט. מ'דאַרף זיך אָבער דערביי אויך רעכענען מיט אַנדערע צוויי פּרינציפּן: היסטאָרישן (ווי אַזוי האָט מען אין משך פֿון יאָרן געשריבן) און עטימאָלאָגישן (פֿון וואָס פֿאַראַ שורש דאָס וואָרט שטאַמט). די דאָזיקע צוויי פּרינציפּן קאָנטראָלירן און העלפֿן אַרויס אין ספֿקדיקע פֿאַלן.

פֿון ב. באָראָכאָווס פּראָיעקט וועגן רעפֿאָרמירן די ייִדישע אָרטאָגראַפֿיע זענען אין יאָר 1934 אָנגענומען געוואָרן דורכן ייִוואָ אַ ריי כללים.

צווישן אַנדערן: דעם זיגרייכן קאַמף מיטן שטומען „עין", ווי מ'האָט עס אַמאָל אָנגערופֿן, האָט אָנגעהויבן בער באָראָכאָוו. ער שרייבט אויך ווי ער רעדט „האַנט", „וועגט", (מיט אַ „ט"), מענטש, אונדז, ייִד,

ייִנגל אאַ״וו. וואָס איז אויך אַריין דערנאָך אין דער פאַרפליכטנדיקער אָרטאָגראַפיע.

ער שרייבט אָבער אויך „ייִד״ (איד), „ייִם״ (אים) — צוליב דעם, וואָס דער „יי״ ווערט דאָ באַטאָנט און טאָר נישט פאַרטונקלט ווערן, דאַקעגן שרייבט ער „און״ און „אין״ (מיט אַ שטומען אלף), ווייל דאָ ווערט דער וואָקאַל יאָ פאַרטונקלט.

איך וויל דאָ נאָך ברענגען אייניקע אינטערעסאַנטע און שאַרפזיניקע פילאָלאָגישע באַמערקונגען פון בער באָראָכאָוו, וואָס מיר געפינען צעוואָרפן אין פאַרשיידענע ערטער פון זיינע כתבים.

א) דער איינפלוס פון ייִדיש אויף דער גנבים־שפּראַך

ייִדן זענען טאַקע שטאַרק פאַרטרעטן געווען אין די דייטשע גנבים־באַנדעס, צוליב דעם האָט ייִדיש געהאַט אַזאַ גרויסן איינפלוס אויף דער דייטשער גנבים־שפּראַך. דער דייטשער פּאָליציי־באַאַמטער און לינגוויסט אַווע לאַלעמאַן האָט דעריבער באַאַרבעטנדיק די שפּראַך פון דייטשן „גאַונערטום״ (אין פיר בענדער) געמוזט ווידמען אַ סך אָרט דער ייִדישער שפּראַך און דורך דעם איבערגעלאָזט זייער אַן אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל צו דער געשיכטע פון ייִדיש.

אַפילו דאָס וואָרט Gauner שטאַמט פון ייִדיש, נעמלעך פון „יוון״, „גאַונער״ האָט מען אַמאָל אַרויסגערעדט ווי Jauner און די שפּראַך פון גנבים האָט מען אַמאָל אין דייטשלאַנד גערופן יעניש (יוואָנישע) שפּראַך. אין דער שפּראַך געפינען זיך אַזעלכע ווערטער ווי: לחם, יין, בשר, שכורן, יוואנען, (שפּילן אין קאָרטן). אַ מאַנספערשוין הייסט „גוי״, אַ פרוי — „גויע״ אאַ״וו.

ב) וועגן וואָרט „זשאַרגאָן״

די ערשטע ייִדישע משכילים האָבן אָנגערופן ייִדיש „זשאַרגאָן״. דאָס איז אַ פראַנצויזיש וואָרט, וואָס שטאַמט פון 13טן און 14טן יאָרהונדערט.

פון וואַנען עס שטאַמט דער שורש איז נישט באַוווּסט, זיכער איז נאָר, אַז עס האָט באַטייט „גנבים־שפּראַך״. און באָראָכאָוו גיט צו „אונדזערע ציוניסטישע „זשאַרגאָנען״־פּרעסער מעגן זיך דאָס מערקן און דאַפן (אָן אַ ריש!) אויך נישט פאַרגעסן, אַז אין די גנבישע דיאַלעקטן זענען אַריינגעגאַנגען דווקא די העברעישע ווערטער פון „זשאַרגאָן״. (די ביבליאָטעק... ז׳ 50 — 51).

ווייניק אַרבעטן וועגן פילאָלאָגיע האָט באָראָכאָוו איבערגעלאָזט. ער האָט אַ לאַנגע צייט געזאַמלט מאַטעריאַלן צו דער ייִדישער ליטעראַטור־געשיכטע און געשיכטע פון ייִדישער שפּראַך, אָבער נישט באַוויזן דאָס צו באַאַרבעטן און אַרויסגעבן. דאָס קורצע לעבן, ווי אויך דאָס, וואָס ב. באָראָכאָוו איז נישט געווען נאָר אַ פילאָלאָג, האָבן געשטערט צו פאַרענדיקן די אַרבעט. ער האָט נאָר באַוויזן פון די גרעסערע אַרבעטן אָפּצודרוקן די אויבנדערמאָנטע אַרבעט, ווי אויך דעם ערשטן טייל פון זיין ביבליאָגראַפיע א״נ „ביבליאָטעק פונם ייִדישן פילאָלאָג, פירהונדערט יאָר ייִדישע שפּראַך־פאָרשונג״ אַ גרונטיקע און יסודותדיקע אַרבעט. וועגן אָט די צוויי אַרבעטן — שרייבט ז. רייזען, וואָס האָט זיך אויך דאָך פאַרנומען מיט ייִדישער שפּראַך־פאָרשונג: „די אַרבעטן פון באָראָכאָוון— האָבן געשאַפן אַן עפּאָכע אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער פילאָלאָגיע״. די דאָזיקע אַרבעט באָראָכאָווס, וואָס איז דערשינען נאָך 1913 האָט קיינער נאָך אים נישט ממשיך געווען, הגם ס׳איז איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבעס פון דער ייִדישער פילאָלאָגיע.

און עס בלייבט אונדז צו באַדויערן, וואָס באָראָכאָוו האָט נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן זיינע פילאָלאָגישע שריפטן, וואָס וואָלטן געקאָנט האָבן אַ געוואַלטיקן איינפלוס אויף דעם גאַנג פון אונדזער קולטור־אַרבעט בכלל.

באָראָכאָוו איז געקומען צו זיין פילאָלאָגיע — אַזוי צו זאָגן— מן הצד, פון זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, מיט זיין מאַרקסיסטישער וועלט־אָנשויאונג. דערמיט האָט ער אַריינגעבראַכט פיל נייעס, רעוואָלוציאָניזירט די ביז איצטיקע טויטע וויסנשאַפט. זיינע פילאָלאָגישע חקירות זענען שטרענג לאָגיש, קריטיש אַדורכגעטראַכט. צוליין אָבער זעט מען אין זיינע פילאָלאָגישע שריפטן, דאָס וואָס מ׳געפינט זעלטן ביי אַ פילאָלאָג — האַרץ, ליבע צו דער שפּראַך און צום פאָלק, וואָס באַנוצט זיך מיט איר.

באָראָכאָווס פילאָלאָגיע איז אַ טייל פון זיין וועלט־אָנשויונג, וואָס שטרעבט צו באַפרייען דעם מענטשן פון אַלדאָס שטייפע, אָפּגעשטאַנענע — צו שאַפן אַ פרייע און אומאָפּהענגיקע עקזיסטענץ פאַר אַלע פעלקער און צווישן זיי אויך פאַר דעם פאָלק, וואָס איז אים געווען אַמנאָענטסטן, פאַרן ייִדישן פאָלק.



יצחק בארנשטיין

# ר׳ הלל

(זכרונות וועגן הלל צייטלין, ז״ל)

כאָטש אין „מאָמענט״ זענען געווען עלטערע פון אים, האָט מען אים דאָך גערופן אַנדערש ווי אַלע. נישט „חבר״ און נישט פּאַניע רעדאַקטאָזשע, נאָר ר׳ ה ל ל.

אַזוי האָט א י ם גערופן דער זקן וארי שבחבורה, דער שעף־רעדאַקטאָר צבי פּרילוצקי, און אַזוי אויך דער רעדאַקציע־סעקרעטאַר י. י. פּראָפּעס. אַפילו „פריינד סטופּניצקי״ (שאול יצחק סטופּניצקי), וועלכן מיר אַלע האָבן אַזוי גערופן, צוליב דעם, וואָס ער האָט, סיי די עלטערע מיטאַרבעטער און סיי די ייִנגערע אַזוי טיטולירט, האָט אויך לגבי א י ם געענדערט זיין שטענדיקן נוסח פון „פריינד״...

ר׳ הלל פלעגט אין די פריִערדיקע יאָרן קומען אין „מאָמענט״ אַריין יעדן טאָג איינס אַזייגער. אַפילו אין די טעג, ווען ער האָט דאָס לייט־אַרטיקל נישט געשריבן. ער פלעגט דורכוואַרפן די פּרעסע און שפּעטער כאַפּן אַ געמיטלעכן שמועס מיט די מיטאַרבעטער. ער האָט שטאַרק געהאַלטן פון יוסף טונקעלן (דער טונקעלער) און אָפט געלאַכט ממש אויפן קול פון זיינע וויצן. אַהיימגיין אויף מיטאָג פלעגט ר׳ הלל שפּעטער פון אַלע פּובליציסטן. ער פלעגט זיך דאַן ארומדרייען איבערן ליידיקן צימער אַהין און צוריק און פון צייט צו צייט צוגיין צו דער גרויסער ספרים־שאַנק, ארויסנעמען אַ ספר און מעיין זיין.

צו קיין פּאַרטיי האָט ר׳ הלל נישט געהערט. כאָטש צוליב זיין באַקעמפן די אַסימילאַציע און זיין ליבשאַפט צו דער יידישער שפּראַך, האָבן די פאָלקיסטן געדרונגען, אַז ער איז מיט זיי, איז דאָס נישט געווען ריכטיק. ר׳ הלל איז געווען אַ קעגנער פון פּאַרטייען און פּאַרטיי־קאַמפּן אויף דער יידישער גאַס. און ווען בשעת די סיים־וואַלן אין יאָר 1928 האָט זיך צעפלאַקערט דער קאַמף צווישן די ציוניסטן און „אגודה״, האָט עס אים שטאַרק ווי געטאָן. אין אַ ריי אַרטיקלען איז ער שאַרף אַרויסגעטרעטן קעגן די באַזונדערע פּאַרטייפירער אַלס די שולדיקע אין שאַפן אַ תהום צווישן די פּוילישע יידן.

ר׳ הלל איז געווען אַ שטרענג אָפּגעהיטענער ייד. איז אויב מען קאָן רעדן וועגן זיינע סימפּאַטיעס צו געוויסע פּאַרטייען אויף דער יידישער גאַס, זענען דאָס געווען „מזרחי״ און „אגודה״.

* * *

צווישן דריי און פיר בייטאָג פלעגן די רעדאַקציע־צימערן אויפן צווייטן שטאָק זיין כמעט ליידיק: די פּובליציסטן זענען שוין אַוועק אַהיים, און די מיטאַרבעטער פון דער וואַרשעווער כראָניק, אָדער ווי באָנטשע (דער פעליעטאָניסט אברהם ראָזענפעלד) פלעגט זיי אָנרופן „גראַפּמאַנס קאַפּעליע״, (צו וועלכער אויך איך האָב געהערט), פלעגן ערשט פון פיר אַזייגער אָנהויבן קומען צו דער אַרבעט.

איך קום אין דער רעדאַקציע און הער, ווי ד״ר יהושע גאָטליב שרייט אַריין אין טעלעפאָן־טרייבל:

— באַשקע! איך קען זיך גאָרניט העלפן. איך האָב נישט דעם אַרטיקל פון ר׳ הלל׳ן און וועל אַהיים ניט קומען.

ד״ר גאָטליב איז דעמלט געווען אַ מיטגליד פון רעדאַקציע־קאָמיטעט, וועלכער איז באַשטאַנען פון דריי פּערזאָן, און ער האָט געדאַרפט זאָרגן וועגן דעם פּובליציסטישן מאַטעריאַל. ער דרייט זיך אַרום איבער די ליידיקע צימערן און ווייסט נישט וואָס דאָ איז געשען, ווייל פון שליסקע 60 (דאָרט האָט געוווינט ר׳ הלל) האָט מען געענטפערט, אַז דער שליח פון רעדאַקציע האָט שוין מיט אַ שעה פריער אָפּגענומען דאָס אַרטיקל.

באַלד קלינגט ווידער דער טעלעפאָן. ד״ר גאָטליב האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָ קלינגט ווידער זיין ווייב, און ער בעט מיך, אַז איך זאָל אים פאַרטרעטן, ווייל „ער האָט שוין קיין כוח נישט״...

איך נעם אָפּ דעם טעלעפאָן. עס רעדט ד״ר גאָטליבס פרוי*).

— האַרצעדיקער באָרנשטיין! איך בעט אייך, זאָגטס מיין שיען, ער זאָל אַהיימקומען .דער מיטאָג ווערט דאָך קאַלט. איר ווייסט דאָך, אַז ער איז אַ קראַנקער מענטש.

אינמיטן דעריבער לויפט־אָן דער שליח, אַ פאַרסאַפּעטער מיטן אַרטיקל. אויף גראַניטשנע איז געווע אַ שריפה, און די גאַס איז געווען אָפּגעשלאָסן סיי פאַר טראַמווייען, סיי פאַר פוס־גייער.

צוליב דער שפּעטער צייט האָט ד״ר גאָטליב גענומען אין אייל׳עניש דורכקוקן דאָס אַרטיקל אין מיין צימער און נישט, ווי תמיד, אין שעף־רעדאַקטאָרס קאַבינעט.

ד״ר גאָטליב נעמט לייענען און הייבט זיך יעדע ווייל׳ע פון בענקל:

— איי, איי, איי...

— פּאַניע דאָקטאָזשע! וואָס׳י געשען? — פרעג איך.

ד״ר גאָטליב שטייט אויף פון דער שטול ממש אַ צעשטראַלטער פון שמחה און, האַלטנדיק פעסט די שמאָלע און לאַנגע בלעטלעך (ר׳ הלל פלעגט נישט האַלטן פון קיין שרייב־מאַשין), רופט ער זיך אָפּ צו מיר אויף זיין פינסקער יידיש:

—איר העכט? (הערט). איך באַוווּנדער דעם סטיל פון ר׳ הלל׳ן. ניט קיין נפקא־מינה, וואָס ער שרייבט און וועגן וואָס ער שרייבט. איך זאָג אייך, ניטאָ און ניט געווען צווישן אונדזערע שרייבער אַזאַ סטיליסט.

דער גאַנצער כעס צוליב די טעלעפאָנען פון שטוב איז פון אים פאַרשוווּנדן און אַ צופרידענער איז ער, דער גרויסער און שווער־וואָגיקער ד״ר גאָטליב, דאָס מאָל אַליין אַראָפּ אין זעצעריי און באַפוילן דאָס אַרטיקל גלייך אויסצוזעצן.

* * *

דער רעדאַקציע־קאָמיטעט, פלעגט געווילט ווערן אויף אַ ספּעציעלער פאַרזאַמלונג פון דער גאַנצער קאָלעגיע דורך אַ געהיימער אָפּשטימונג, און זיין קאַדענץ האָט געדויערט אַ יאָר צייט. נאָכן דאָזיקן טערמין פלעגט מען ווידער רופן אַ פאַרזאַמלונג און קלייבן אַ נייעם

---

*) זי האָט זיך געראַטעוועט אין ראַטנפאַרבאַנד, וווינט אין נידערשלעזיע מיט איר טאָכטער און איידעם.

קאָמיטעט. אין משך פון מיינע 18 יאָר מיטאַרבעט אין „מאָמענט״ דערמאָן איך זיך נישט קיין איין פאַל, ווען דער זעלבער צוזאַמענשטעל פון רעדאַקציע־קאָמיטעט זאָל געווילט ווערן אויף נאָך אַ יאָר. תמיד פלעגן זיין נישט צופרידענע, וועלכע האָבן געשאַפן אָפּאָזיציעס, און נישט איינמאָל האָט געטראָפן, אַז דער אָדער יענער שרייבער פלעגט קומען מיט טענות (נישט אַלעמאָל גערעכטע, פאַרשטייט זיך) צום רעדאַקציע־קאָמיטעט און אַפילו זידלען... מהאי טעמא האָבן מיר טאַקע ר׳ הלל׳ן נישט געקליבן.

ווי געזאָגט, איז דער רעד׳ קאָמ׳ באַשטאַנען פון דריי פערזאָן, און פלעגט פון זיך אויסטיילן איינעם אויף דער שווערער און שוואַרצער אַרבעט פון קוואַליפיצירן און רעדאַגירן די אַרטיקלען. דעם דאָזיקן רעדאַקטאָר פלעגן מיר רופן: „דער קרבן״.

אין אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן איז ב. קאַרלינסקי ע״ה געווען דער „קרבן״. שפּעטער איז אַמאָל „דער קרבן״ געווען יוסף העפטמאַן און אַמאָל — נח פּרילוצקי, אָדער גאָטליב און סטופּניצקי. מער מזל פון אַלעמען האָט געהאַט העפטמאַן. אָט דער דאָזיקער גוטמוטיקער מענטש האָט געוויזן ביי דער אַרבעט אַ שטאַרקע האַנט און פון קיין שום שרייבער זיך נישט געלאָזט טעראָריזירן...

אויף די פּוילישע יידן האָבן זיך אָנגערוקט פינצטערע כמאַרעס. דאָ איז אַ פּזשיטיקער פּאָגראָם, און דאָ אַ ביטערע שחיטה־גזירה. עפּעס אַ נישט נאָרמאַלער קאַלושינער ייד כאַסקעלעוויטש, האָט אין אַ שטעטל הינטער וואַרשע, אין מינסק־מאַזאָוויעצק, דערשאָסן אַ פּוילישן וואַכמייסטער (פעלדפעבל) — ברעכט אויס אַ פּאָגראָם אין שטאָט, און אַלע יידן ליגן פיר טעג און פיר נעכט באַהאַלטן אין די קעלערס און אויף די בוידימער. פון דער פּראָווינץ הייבט מען אָן צו אַלאַרמירן וועגן באַגיסן מיט נאַפט די סחורות פון די יידישע קליינהענדלער, וועלכע פאָרן אויף מערק. עפּעס אַ נייע פאַרטיי איז אויפגעשטאַנען אויף דער פּוילישער גאַס, וועלכע האָט באַשלאָסן „ראַדיקאַל״ צו לעזן דאָס יידישע פּראָבלעם.

די רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער פּאַרטיי הייבט מען שוין אָן פילן אויך אין דער הויפּט־שטאָט. אין דער רעדאַקציע פון „מאָמענט״, וועלכע ליגט אין האַרץ פון יידישן וואַרשע, אויף די נאַלעווקעס, קומען יעדן טאָג צעשלאָגענע און צעבלוטיקטע יידן.

ר׳ הלל, דער זייער הייסער ייד און טעמפּעראַמענטפולער פּובליציסט, שרייבט שאַרפע אַרטיקלען קעגן דער דאַמאָלסטיקער פּוילישער רעגירונג, ווי אויך קעגן די מאַכט־אָרגאַנען. פון רעגירונגס־קאָמיסאַריאַט מאַכט מען דערויף אויפמערקזאַם דעם שעף־רעדאַקטאָר צבי פּרילוצקי, וועלכער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער צייטונג, און דער „מאָמענט״ ווערט דורך דער מאַכט אָפּטמאָל קאָנפיסקירט.

העפטמאַן פאָרט קיין ארץ־ישראל. מיר אַ גרופּע מיטאַרבעטער מיט בנציון כילינאָוויטש בראש האַלטן, אַז דער „מאָמענט״ מוז אויך ווייטער גאַנץ שאַרף רעאַגירן אויף די געשעענישן אין לאַנד, און מיר באַשליסן פאָרצושלאָגן ר׳ הלל׳ן, אַז ער זאָל אַריין אין רעדאַקציע־קאָמיטעט און שטיין אין דער שפּיץ.

ב. כילינאָוויטש און איך באַזוכן ר׳ הלל׳ן אויף שליסקע 60.

ר׳ הלל האָט זיך דאַמאָלסט געפילט זייער שוואַך: די צרות פון די פּוילישע יידן האָבן אים שרעקלעך צעבראָכן. ווען מיר דערקלערן אים, דאָס מיר האַלטן, אַז זיין אויטאָריטעט איז אין איצטיקן שווערן מאָמענט באַזונדערס נויטיק, האָט ר׳ הלל מסכים געווען. ער האָט אָבער געשטעלט פאָלגנדע צוויי באַדינגונגען: 1) די רעדאַקציע מוז געשלאָסן ווערן פון ליכט־צינדן ביז נאָך הבדלה. (פּאַקטיש איז דער „מאָמענט״ אום שבת נישט דערשינען. נאָר אין די זומער־חדשים, ווען די טעג זיינען געווען זייער גרויס, האָט זיך געשאַפן אַ לאַגע, אַז צוליבן זונטיק־נומער איז געמאַכט געוואָרן אַ שטאָך אין שבת אַריין). 2) מען זאָל אויפהערן דרוקן די טעגלעכע צייטונגס־ראָמאַנען.

* * *

איך דערמאָן זיך נישט, אַז ר׳ הלל זאָל ווען עס איז געווען אין יידישן טעאַטער.

בלויז איין מאָל, געדענק איך, איז ר׳ הלל געקומען מיט זיין פרוי אין יידישן טעאַטער. דאָס איז געווען אויף דער פּרעמיערע פון י. י. זינגערס „יאָשע קאַלב״, וואָס מאָריס שוואַרץ האָט אויפגעפירט אין וואַרשע.

צומאָרגנס האָט מען אין רעדאַקציע, ווי דער שטייגער איז, גערעדט וועגן דער פאָרשטעלונג. איך האָב געפרעגט ר׳ הלל׳ן, צי עס געפעלט אים די פאָרשטעלונג. ר׳ הלל האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

וואָס שייך צו זאָגן צי ס׳געפעלט מיר יאָ, צי ס׳געפעלט מיר נישט.

ר׳ הלל שמייכלט און זאָגט מיר, אַז ער באַוווּנדערט ווי אַזוי קאָן שוואַרץ, וועלכער איז שוין נישט געווען אין פּוילן העכער דרייסיק יאָר, אַזוי נאָכמאַכן אַ פּוילישן רבין...

* * *

מיין שוועסטער דבורה, אַ סטודענטקע פון קאָנסערוואַטאָריום (זיך געראַטעוועט אויף דער אַרישער זייט) האָט שוין דעם 4טן דעצעמבער 1939, געטראָפן איר דירה פאַרשלאָסן, מיט אַן אויפשריפט אויף דייטש, אַז די וווינונג און אַלץ, וואָס עס געפינט זיך דאָרט, איז קאָנפיסקירט דורך דער דייטשער מאַכט. דאָס אַלץ איז געקומען פאַר איר אינגאַנצן אומגעריכט, און זי האָט זיך דערפילט ווי אויפן וואַסער. וווהין זאָל זי גיין? און ווו זאָל זי זיך אַהינטאָן? ס׳איז שוין באַלד זיבן אַזייגער אין אָוונט, די פּאָליציי־שעה, ווען אַ ייד טאָר זיך נישט ווייזן אויף דער גאַס. אין קיין שום שטוב קאָן מען נישט אַריינגיין. קיינער וועט נישט אַריינלאָזן. מענטשן האָבן מורא פאַרן אייגענעם שאָטן. איז איר איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַוועקצוגיין אויף שליסקע 60 צו הלל צייטלין. אין איין אָטעם האָט זי זיך געלאָזט אויף דער שליסקע גאַס. הלל צייטלין האָט זי נישט געקענט. זי האָט אים געזאָגט, אַז זי איז באָרנשטיינס שוועסטער, און ר׳ הלל האָט זי גלייך אַריינגענומען צו זיך אין שטוב אַריין.

ביי הלל צייטלין אין שטוב איז דעמלט געווען דער איידעם האָכערמאַן, דעם עלצטן זונס, אַהרנס, ווייב און קרובים פון דער פּראָווינץ. מענטשן האָבן געצאָלט גרויסע געלטער צו קאָנען קריגן אַ שטיקל צימער ביי יענעם אין דער יידישער געגנט. ס׳איז איבעריק צו זאָגן, אַז ר׳ הלל האָט ביי מיין שוועסטער נישט בלויז נישט גענומען קיין איין פּרוטה, נאָר ס׳איז איר אַפילו שווער אָנגעקומען צו קאָנען פועלן מ׳זאָל זי לאָזן גיין אין דער פאָלקס־קיך אויף לעשנאָ 2, צו ברענגען מיטאָג פאַר ר׳ הלל׳ס שטוב.

ווי אַן אייגן קינד איז זי שוין געבליבן ביי זיי אין שטוב ביז דער ליקווידאַציע.

מ. בערנשטיין

# רויטער בלייער און ווייסע פלעקן

„ווייסע בלויזן שרייען שטום אַראָפּ פון בלעטער,
ווייסע בלויזן — פאַרשטיקטע אויסגעשרייען.
שטומע קרעכצן פון פאַרפּייניקטע אין תּפיסות,
פון צעשלאָגענע, וואָס קורטשען זיך אין ווייען".

„ווייסע בלויזן — שאַרף און העל ווי בליצן,
לויכטן אויף און מונטערן אויף צו טאָטן,
און מאָנען גרויל און פּיינען, און מאָנען רעכט,
ווי צעקלעפּטע, ווי צעשדיגענע פּלאַקאַטן"...

(פון י. ל. קאַהאַנס אַ ליד געווידמעט די קאָנפיסקאַטעס, וואָס איז אגב אַליין טיילווייז קאָנפיסקירט געוואָרן).

ווער געדענקט עס נישט די „ווייסע פלעקן" אין דער פּרעסע ביז 1939. די „ווייסע פלעקן", וועלכע פלעגן בעיקר באַצירן די פּראָלעטאַרישע און דעמאָקראַטישע פּרעסע אין סאַנאַטאָרישן פּוילן. עולם לייענער האָט זיך צו די דאָזיקע צייטונג־בלויזן צוגעוווינט, געווען אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן אין אַזאַ ווייס־באַפלעקטער צייטונג געפונען מער טעם, מיט מער געשמאַק געלייענט די דאָזיקע „ווייסע פלעקן". יאָ, ס'זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך גלענצנד אין די בלויזן פאַנאַנדערגעקליבן, פאַנאַנדערגעשיפרירט די ליידיקע ערטער, געגבוי געוווּסט, וואָס דער צענזאָר האָט פון דער צייטונג אַרויסגעטריבערט.

נישטאָ שוין די סאַנאַציע און אויף דעם מיסטקאַסטן פון עבר וואַלגערן זיך אירע צענזאָרן. און אָט האָב איך געהאַט די זכיה אַריינצובליקן אין די אינגעווייד פון דעם דאָזיקן היסטאָרישן מיסטקאַסטן און אָן צוטרעפענישן און השערות, אָן אַ שיפר־שליסל לייענען דאָס, וואָס עס איז געפאַלן אַ קרבן אונטער דעם צענזאָרס רויטן בלייער.

יאָ, ס'איז נישט קיין פראַזע — דער סאַנאַטאָרישער צענזאָר האָט „געאַרבעט מיט אַ ר ו י ט ן ב ל י י ע ר". אַלע ערטער, וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַר טריף־פסול, וועלכע ער האָט באַשלאָסן, אַז זיי דאַרפן אַרויסגיין ו ו י י ס, האָט ער פריער געצייכנט מיט ר ו י ט.

איך האָב די לעצטע וואָכן געמאַכט אַן אויספלוג אין דער צעשטערטער צענזאָר־מדינה פון ביז 1939, כ'האָב באַזוכט די פאַרשידענע מדורים פון דעם מין גיהנום, ווו אַרטיקלען און לידער פלעגן זיך לייטערן ביז זיי האָבן באַקומען אַ תיקון און דערלעבט צו זען די העלע שיין. און עס ווילט זיך טיילן מיט אַ ביסל איינדרוקן פון דער דאָזיקער באמת אינטערעסאַנטער עקסקורסיע.

* * *

איך האָב געזען, באַטראַכט און דורכגעבלעטערט ביז אַ ט ו י ז נ ט נומערן פון די פאַרשידענע יידישע קאָנפיסקירטע (ס'הייסט די, וועלכע זענען נאָכדעם קאָנפיסקירט געוואָרן) פּרעסע־אויסגאַבן: „פאָלקס־צייטונג" (די גרעסטע צאָל), „פריינד", „דאָס וואָרט", „הייַנט", „מאָמענט", עקספרעס", „דאָס יידישע טאַגעבלאַט", „לעצטע נייעס", „ראַדיאָ". די וועכנטלעכע: „אַרבעטער־צייטונג", „אונדזער וועלט", „ליטעראַרישע בלעטער", די פאַרשידענע יוגנט־ און קינדער־אויסגאַבעס ווי „יוגנט־וועקער", „יוגנט", „פרייהייט", „יונגער דור", „אויפגאַנג" וכדומה, הכלל אַן אמתער קאַליידאָסקאָפּ פון דער יידישער פּרעסע פון ערב 1939.

מען וואָלט פון דעם דאָזיקן, מיט רויט געשטראָכענעם מאַטעריאַל געקענט מאַכן אַ גראַנדיעז ווערק, וואָס וואָלט אַרויסגערופן אַ פאַרשטענדלעכן אינטערעס נישט נאָר ביי געזעלשאַפטלעכע טוער, נאָר אויך ביי פאַרשידענע פאָרשער פון אַלע וויסנשאַפט־געביטן — היסטאָריקער, סאָציאָלאָגן און אַפילו... פּסיכיאַטאָרן, ווייל די סיבה פון טייל קאָנפיסקאַציעס וואָלט מען געקענט דערקלערן און אויסטייטשן נאָר מיט דעם „פּסיכישן" צושטאַנד פון סאַנאַטאָרישן צענזאָר, אָדער זיינע האַרן.

איך בין זיכער, אַז עס וועלן זיך געפינען אַמאַטאָרן, וועלכע וועלן גערן נעמען עקספּלאָאַטירן דעם דאָזיקן אוצר, איך וויל זיך איצט נאָר אָפּשטעלן אויף געציילטע בלימעלעך פון דעם דאָזיקן צענזאָר־בוקעט, צו עקספּאָנאַטן, וואָס האָבן אַ שייכות צום ליטעראַטור־רעסאָרט.

* * *

אַלזאָ, מיר הויבן אָן אונדזער עקסקורסיע.

אין די 30קער יאָרן איז אַרויס אין פּוילן אַ ליטעראַרישע צייטשריפט „ליטעראַרישע טריבונע", אַרום וועלכע עס האָט זיך גרופּירט די לינקע שרייבער־גרופּע און אַ גרויסער טייל פון יונגן ליטעראַרישן נאָכוווקס. די „ליטעראַרישע טריבונע" האָט נישט נושאחן געווען ביים סאַנאַטאָרישן צענזאָר און זי איז געשלאָסן געוואָרן. אויפן אָרט פון דער פאַרמאַכטער „ליטעראַרישער טריבונע" האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען די „ליטעראַטור" מיטן אונטערקעפּל: „צווייוועכנטלעכער זשורנאַל פאַר ליטעראַטור, קריטיק און קונסט". דער זיץ־רעדאַקטאָר איז געווען דער שרייבער א. ל. טאַף (אומגעקומען בעת דער דייטשער אָקופּאַציע אין אַ שטעטל אין מערב־ווייסרוסלאַנד), די רעדאַקציע איז געווען אַן אומלעגאַלע, אַ קאָנספּירירטע.

דעם 15טן אויגוסט 1935 דערשיינט דער נומער 5 פון דער דאָזיקער צייטשריפט און אויף דער זייט 12 געפינט זיך אַ נאָטיץ:

„פון דער רעדאַקציע:

דער נומער 4 פון דער „ליטעראַטור" איז קאָנפיסקירט געוואָרן ווי אַ גאַנצעס, צוליב דעם דערשיינט דער איצטיקער נומער 5 מיט אַ פאַרשפּעטיקונג..."

וויבאַלד דער נומער 4 איז קאָנפיסקירט געוואָרן „ווי אַ גאַנצעס", הייסט עס, אַז די שטענדיקע למדנים, וועלכע פלעגן קאָנען לייענען אויך די „ווייסע פלעקן" האָבן אים נישט געזען און במילא זיך נישט געקענט

אַנשטויסן, צוליב וואָס דער נומער 4 האָט נישט זוכה געווען קומען אויף דער וועלט, לכל הפחות אַן אויס־געווייסטער.

ווייל דער גורל, אַז דער פסולער נומער 4 זאָל זיך אָפּראַטעווען פון חורבן צוזאַמען מיטן געכשרטן נומער 5 און מיר זאָלן זיך דערוויסן, פאַרוואָס ער האָט גע־מוזט קאָנפיסקירט ווערן ווי אַ גאַנצעס.

ליגט פאַר מיר דער, מיטן רויטן בליי צעאַקער־טער, נומער 4 פון דער „ליטעראַטור" מיט דער דאַטע 1טער אויגוסט 1935 און... לאָמיר גיין כסדר.

קאָנפיסקירט, ווייזט זיך אַרויס, איז דער נומער צוליב 1 ליד און 3 אַרטיקלען און נעמליך.

צוליבן ליד פון ה. בינעם (ס'הייסט בינעם העלער) אונטערן נאָמען „די פאַפּירענע בריק" (אַ ליד געווידמעט די פאַרשידענע עקסקורסיעס פון די שטייער־אַמטן אין די יידישע געוועלבלעך און דער דעמלסטיקער זעלבסטמאָרד־מגפה).

און צוליב די אַרטיקלען פון:

ד"ר ב. עקערמאַן — „פּאַציפיסטישע און אַנטיפּאַ־ציפיסטישע טענער אין דער ליטעראַטור".

פ. אָרסקי (?) „דער מצב פון יידישן טעאַטער און אַרטיסט".

ש. אַראַנסקי (בער מאַרק — מ.ב.) „אַ נייער נוסח אין דער סאָוויעטישער ליטעראַטור".

* * *

איז כדאי היינט צו באַקענען זיך מיט דעם, וואָס דער סאַנאַטאָרישער צענזאָר האָט געהאַלטן, אַז דער עולם טאָר עס נישט לייענען, אַז דאָס קאָן נאָך דעם לייענער חס־ושלום פאַרשאַדן. אָט זענען אייניקע סטראָפן פון ליד:

ה. בינעם — די פּאַפּירענע בריק

אויף קרעמלעך פון מילע און ניזקע
הענגט אַ פּאַפּירענע בריק
און איבערן באַריער
שטייט הערצל און קוקט.

איז געקומען —
געקומען די שיף,
מיט מאָדנע אַזוינע מאַטראָסן.
גאַפּעט דער קרעמער:
— עקזעקוטאָרן גאָר פּראָסטע!

טראָגט מען דאָס ביסל ירושה:
די שאַנק, דעם צעפּאָרענעם טיש,
און דאָס ווייב —
ווישט זיך די אויגן און ווישט...

גייט מען אַהינצו שוין גרינג
צום וואַסער, דעם טיפן און גרויסן
פון פענצטער, אַ שפּרונג
אין ליכטיקן, ווייסן אינדרויסן.

און איבער דער מילע און ניזקע
אַ בריק ווי פון זייפענעם שוים
און איבערן באַריער —
שטייט הערצל און טרוימט...

פון ד"ר ב. עקערמאַנס אַרטיקל איז צווישן אַנ־דערע קאָנפיסקירט געוואָרן דער פאָלגנדיקער ממש „געפערלעכער" זאַץ:

„...מען שלעפּט אונדז אַריין אין אַ פּעריאָד פון באַרבאַריזם, אין אַ פּעריאָד, ווען די פינצטערע הערשנדע כוחות זענען מער גאָרנישט בכוח צו געבן דער מענטשהייט חוץ פאַשיזם און מלחמה, מיר לעבן אין אַ פּעריאָד, ווען די באַמיונגען צו פאַנאַנדערטיילן די מאַסן און די קולטור ווערט אַלץ שטאַרקער. אין דער זעלבער צייט ווערט די מאַכטלאָזיקייט פון די נאָך פאַרבליבענע פּראָגרעסיווע עלעמענטן פון דער בירגערלעכער ליטעראַטור אַליין פאַר זיך מער בולט. צוויי גרויסע אייראָפּעישע לענדער — איטאַליע און דייטשלאַנד — זענען שוין פולקאָם אויסגעלײ־פערט געוואָרן פון קולטורעלן און קינסטלערישן געוועט..."

זאָגט אַליין, האָט מען געקענט אַדורכלאָזן אַזעלכע דיבורים? עס איז דאָך טאַקע אַ „סקאַנדאַל", אַזוי צו וועלן שרייבן — אין 1935 — ווען דאָס סאַנאַטאָרישע פוילן איז געווען אַזאַ נאָענטער בוזעם־פריינד מיט די דאָזיקע צוויי „גרויסע מלוכות".

פ. אָרסקיס אַרטיקל איז צעניזוקט געוואָרן צו־ליב אַ ריי, ווידער אַמאָל, „געפערלעכע" געדאַנקען — לאָמיר ציטירן בלויז איינעם:

„...דער וועג (פון יידישן טעאַטער—מ. ב.) פירט דורך פאָדערן און קעמפן אין שפּיץ פון אָט די מאַסן פאַר מלוכהשער אויסהאַלטונג פון יידישן טעאַטער, וואָס באַדינט דריי און אַ האַלבן מי־ליאָן פון אָט דער באַפעלקערונג, פאַר סובסידירן די יידישע טעאַטערן און קודם־כל אַרויסטרעטן קעגן די אומדערטרעגלעכע צוימען, וועלכע ווערן אַרויפגעלייגט אויף זיי..."

אויב ד"ר ב. עקערמאַנס אַרטיקל איז געווען אַ סקאַנדאַל, איז פ. אָרסקיס ממש „חוצפה"! פּשוטע „כוצפּאַ זשידאָווסקאַ" — פאַרלאַנגען גאָר מלוכהשע אויסהאַלטונג (און נאָך אונטערשטרייכן) פאַרן יידישן טעאַטער: אַזוינס האָט מען נישט געטאָרט דורכלאָזן.

עס איז אויך זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ש. אַראַנ־סקיס אַרטיקל וועגן דער סאָוויעטישער ליטעראַטור איז צוליב די זעלבע טעמים קוואַליפיצירט געוואָרן אַרומגעצוימט צו ווערן מיטן רויטן בליי און איז גי־ליאָטינירט געוואָרן.

* * *

אינטערעסאַנט איז אָבער נאָך אַ פּרט.

אין נומער 5 „ליטעראַטור" זענען אַריין די יע־ניקע אַרטיקלען פון נומער 4, וועלכע זענען אַרויס גאַנץ נאָך דער בדיקה, זיי האָבן אָבער געמוזט משנה־שם זיין די קעפּלעך.

אַזוי איז פון חיים גראַדעס ליד „אין דער רעזי־דענץ" געוואָרן — „אין דער גרויסער שטאָט".

יוסף רובינשטיינס ליד: „חופּה פּאָטאָגראַפיעס" איז איבערגעמאַכט געוואָרן אויף „פּאָטאָגראַפישע ווי־טרינעס".

ז. פריידין (פּסעוודאָנים פון ז. עלבירט — אומגע־קומען אין לעמבערג בעת דער דייטשער אָקופּאַציע— מ.ב.) האָט דאָס קעפּל פון זיין אַרטיקל: „דער רעווי־זיאָניסטישער באַרבאַריזם מאַרשירט אויף דער יידי־

שער ליטעראַטור און אויף דער וויסנשאַפט" איבער־געניצעוועט אויף „דער רעוויזיאָניסטישער מאַרש אויף דער יידישער ליטעראַטור".

צ. זאַקאַליקס נאָוועלע „די מאַשין" האָט זיך פאַר־וואַנדלט אין „אַ פאַבריקל".

מ. מירטאַלס (פסעוודאָנים פון מ. מירסקי—מ.ב.) רעצענזיע וועגן איציק מאַנגערס חומש־לידער, וועלכע האָט אין נומער 4 געהייסן „אין קלעם פון פאָרמאַליזם" האָט באַקומען דאָס פשוטע קעפל: „איציק מאַנגערס חומש־לידער".

L. Logos (דוד ריכטער — אומגעקומען אין 1942 ביי איינער פון די „אַקציעס" אין סלאָנימער געטאָ—מ.ב) האָט זיין רעצענזיע איבער דעם ווילנער מאַריאָנעטן־טעאַטער „מיידים" איבערגעמאַכט פון „מאַריאָנעטן־שפיל אַלס קונסט" אויף — „די פילאָזאָפיע פון ליאַל־קעס".

אויף די כראָניק־נאָטיץ — „ווידעראַמאָל אָלגין קאָנטראַ לייוויק" פון נומער 4 הייסט אין נומער 5 „נייער אַרויסטריט פון אָלגין קעגן לייוויק".

* * *

עד כאן די צייטשריפט „ליטעראַטור" און אָט ליגט אַ געשאָכטענער נומער „ליטעראַרישע בלעטער" נומער 31 פון 31טן יולי 1936 צוליבן אַרטיקל פון ק.ר. (?) „דער טרייער זון פון אַרבעטס־פאָלק" — געווידמעט דעם טויט פון מאַקסים גאָרקי.

ווייזט אויס, אַז מיט אַ באַזונדער רציחה איז דער רויטער בלייער געפאָרן איבער דעם דאָזיקן אַרטיקל, אַזעלכע דיקע בליי־שטריכן זענען נישטאָ ביי די איבעריקע אויסבראַקירטע אַרטיקלען.

* * *

האַלטן מיר ביי צייטשריפטן וויל איך נאָך אילו־סטרירן דעם דאָזיקן קאַפּיטל מיט נאָך איין כאַראַקטע־ריסטישער קאָנפיסקאַטע.

אין יאָר 1933־1934, נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט, האָט זיך אין דער גאַנצער וועלט אָנגעהויבן אַן אַקציע, צו באָיקאָטירן דייטשע אויסאַרבעטונגען, סחו־רות, פילמען אאַ"וו.

דער צ"ק פון „בונד" האָט אַפילו אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעל ביכל מיט אָנווייזונגען, וועלכע סחורות, הגם זיי טראָגן אומשולדיקע נעמען שטאַמען זיי דאָך פון דייטשלאַנד און דאַרפן קאָנפיסקירט ווערן.

אין יענער צייט האָט זיך אין פוילן געשאַפן אַ צענטראַל־קאָמיטעט פאַר דער אַנטי־היטלעריסטישער ווירטשאַפטלעכער אַקציע, וועלכע האָט אַרומגענומען אַלע יידישע ווירטשאַפטלעכע און געזעלשאַפטלעכע קרייזן.. דער דאָזיקער צענטראַל־קאָמיטעט האָט אַרויס־געגעבן, אונטער דער רעדאַקציע פון לעאָ פינקעלשטיין, אין יידיש און פויליש אַ זשורנאַל א"נ „אונדזער אָפּ־ווער". יעדער נומער פון דעם דאָזיקן זשורנאַל איז געווען געווידמעט אַן אַנדער ווירטשאַפטלעכן אָפּשניט מיט אָנווייזונגען, וואָס אויף דעם געביט דאַרף אויסגע־מיטן ווערן ווי דייטשיש.

דער נומער 4 „אונדזער אָפּווער" פון נאָוועמבער 1934 האָט געבראַכט אָנווייזונגען אויפן געביט פון מע־דיצין און פאַרמאַצעוטיק. אין דעם נומער איז געווען אַן אַרטיקל פון ד"ר ג. לעווין א"נ „אין נאָמען פון זעלבסטשוץ".

דער דאָזיקער נומער „א. אָפּווער" איז קאָנפיס־קירט געוואָרן טאַקע צוליב ד"ר ג. לעווינס אַרטיקל און בעמלעך צוליב דעם סוף פון דעם אַרטיקל, וועל־כער לויטעט:

„...ווען עס וועט אויפשיינען דער גרויסער טאָג, אויף וועלכן די גאַנצע קולטורעלע וועלט וואַרט מיט שפּאַנונג, ווען עס וועט פאַלן דאָס מלכות היטלער הרשעה — און דער דאָזיקער טאָג שיינט צו זיין נישט אַזוי ווייט — וועלן מיר, דאָקטוירים, זיך קענען איבערנעמען דערמיט, וואָס אויך מיר האָבן צוגעהאָלפן דעם דייטשישן יידנטום צוריקבאַקומען די מענטשלעכע און בירגערלעכע רעכט, אַז מיר האָבן געגעבן אונדזער צושטייער ביים באַפרייען דאָס דייטשע פאָלק פון די היטלעריסטישע טיראַנען, דעגענעראַטן און רוצחים".

דער צענזאָר האָט ספּעציעל אונטערגעשטראָכן די „געפערלעכע" ווערטער: „מלכות היטלער הרשעה" און „היטלעריסטישע טיראַנען, דעגענעראַטן און רוצ־חים".

ליגט דער דאָזיקער קאָנפיסקירטער נומער פאַר מיר און אויף אים זענען אָנגעצייכנט אַלע טעלעפאָנען און נעמען פון די פאָליציי־קאָמיסאַריאַטן, צו וועלכע דער צענזאָר האָט געקלונגען, מ'זאָל תיכף די דאָזיקע קראַמאָלע ליקווידירן...

אויף דעם שער־בלאַט איז צוגעשריבן און מיט רויטן בליי אונטערגעשטראָכן די באַמערקונג:

Zajęto 2965 egz. u introligatora.

(אין איינבינדעריי איז צוגענומען געוואָרן 2965 עקזעמפּליאַרן).

* * *

בין איך שוין יאָ אין די לאַבירינגטן פון דער דאָ־זיקער מלוכה וויל איך צום סוף פאַרענדיקן מיט נאָך אַ בלימל פון דעם דאָזיקן גאָרטן.

עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דער סאַנאַטאָרישער צענ־זאָר האָט געהאַט פון וועמען זיך צו לערנען. ער האָט געהאַט אַ גוטן פאָרגייער, דעם צאַרישן צענזאָר, וועל־כער האָט אויך ליב געהאַט צו אַרבעטן מיטן רויטן בלייער.

די טעג האָב איך באַקומען אַ רוסישע אַרכיוו־אויסגאַבע — אַ ביילאַגע צו דעם „טיורעמני וויסטניק" („תפיסה־ידיעות"), וואָס איז אין יאָר 1915 אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער פּעטראָגראַדער (היינט לענינגראַ־דער) איינצל־תפיסה. אין דער דאָזיקער אויסגאַבע איז פאַראַן אַ רשימה פון ביכער, בראָשורן און צייט־שריפטן, וועלכע די צאַרישע צענזור האָט קאָנפיסקירט און דאָס געריכט האָט די קאָנפיסקאַטעס באַשטעטיקט. די אָנגאַבעס האָבן אַ שייכות צו 1913. נעם איך אַרויס פון דער דאָזיקער רשימה די יידישע פּאָזיציעס:

ביכער און זשורנאַלן:

1. אַרבעטער־קאַלענדאַר, אויסגאַבע פון יחזקאל קאָטיק
2. יוסף ניימאַן — דער איינציקער וועג, ווילנע
3. מ. אָלגין ווען דאָס לעבן רופט, פאַרלאַג לידזקי, וואַרשע

צייטשריפטן:

1. „היינט" — וואַרשע, נומערן 104, 228 און דער נומער 108, וועלכער דאַרף פאַרניכטעט ווערן.

2. „דער מאָמענט‟ — וואַרשע, נומערן 189, 208, 225 און דער נומער 10, וועלכער דאַרף פאַרניכטעט ווערן.
3. „דער נייער וועג‟, ווילנע, נומער 18 — דאַרף פאַרניכטעט ווערן.
4. „דער פראָלעטאַרישער געדאַנק‟, ווילנע, נומער 2 — דאַרף פאַרניכטעט ווערן.
5. „דער שטערן‟, ווילנע, נומער 25.
6. „דער טאָג‟, ווילנע, נומער 64.
7. „דער פריינד‟, פעטערבורג, נומערן: 95, 172, 179, 224, 227 און די נומערן 9, 32, 37, וועלכע דאַרפן פאַרניכטעט ווערן. די אויסגאַבע בכלל אָפּשטעלן ביז אַן ענטגילטיקן באַשלוס פון געריכט.
8. „די אַרבעטער־שטימע פון ליטע‟, נומער 1 דאַרף פאַרניכטעט ווערן.
9. „די פאָלקסשטימע‟, ווילנע, נומער 11, דאַרף פאַרניכטעט ווערן.
10. „די יידישע וואָך‟, נומער 6, דאַרף פאַרניכטעט ווערן.
11. „לאָדזער טאַגעבלאַט‟, נומערן 294, 251.
12. „מינסקער צייטונג‟, נומער 9.
13. „צייט‟, פעטערבורג, נומערן 4, 8 (דער נומער 4 דאַרף פאַרניכטעט ווערן).
14. „ערב שבת‟, ווילנע, נומער 22.

ווי מיר זעען האָט אויך דער צאַרישער צענזאָר געהאַט אַ געראָטענעם שניט.

אָבער ווי גוט איז, וואָס מיר דערציילן היינט די דאָזיקע געשיכטע אין פריידן, ווי וועגן קוריאָזן פון אַמאָל, ווי וועגן זאַכן, וואָס די געשיכטע האָט אויסגעקערט און זיי משלח געווען אין זייער אייביקער רו אַריין.

---

## א. אייזענבאַך

# די יידישע ליטעראַריש־קינסטלערישע משפחה אין לאָדזשער געטאָ (אין דער העלפט 1944)

אין דער העלפט יוני 1944 האָט זיך אָנגעהויבן דער לעצטער טראַגישער אַקט אין לעבן פון די אין געטאָ פאַרמאַכטע לאָדזשער יידן. נאָך דער פאַרניכטונג פון צענטליקער טויזנטער יידן דורך שקלאַפישער אַרבעט, עפּידעמיעס, הונגער, נאָך דער אויסראָטונג פון קנאַפּע הונדערט טויזנט יידן דורך ארויסשיקן זיי אין ארבעטס־און טויטן־לאַגערן, איז אין דער העלפט 1944 געבליבן אין לאָדזשער געטאָ סך הכל אַן ערך 70 טויזנט יידן. דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט צו לאָדזש. די דאָזיקע גרעסטע דאַן יידישע קהלה, וואָס האָט זיך נאָך געפינען אויף דער פּוילישער ערד, האָט געלעבט מיט דער האָפנונג פון באַלדיקער גאולה פון היטלעריסטישן יאָך. דאַן איז געקומען דער טראַגישער באשלוס פון דער דייטשער מאכט צו ליקווידירן דעם געטאָ. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער גערעג אויף מענטשן. פון 23־טן יוני ביז דער העלפט יולי 1944 אָן איבעררייס זענען אַרויסגעגאנגען טראַנספּאָרטן פון לאָדזשער געטאָ אין אָשוויענטשימער פאַרניכטונגס־לאגער און נאָך אַ קליינער הפסקה האָט זיך אין די ערשטע טעג אויגוסט אָנגעהויבן די ענטגילטיקע ליקווידאציע פון געטאָ.

אין דער דאָזיקער צייט, ערב דער ליקווידאציע פון לאָדזשער געטאָ, האָט דאָ געלעבט א באדייטנדיקע גרופּע יידישע שרייבער, מאָלער, אַרטיסטן און מוזיקער. די דאָזיקע ליטעראַרישע און קינסטלערישע גרופּן, די שארית הפליטה פון דער אמאָל אַזוי רייכער ליטעראַרישער און קינסטלערישער משפחה אין פּוילן, האבן געפירט אַ לעבעדיקע שעפערישע טעטיקייט אין געטאָ. בפרט איז דאָס נוגע דער שרייבער־גרופּע, וואָס האָט געפירט איר טעטיקייט בסוד, אונטער דער אָנפירונג פון י. ראָזענשטיין און געגרייט ליטעראַרישע אַרבעטן.

אַ חוץ די א. ג. „איינהיימישע‟ יידישע שרייבער און קינסטלער האָט נאָך אין לאָדזשער געטאָ געלעבט אַ באַדייטנדיקע גרופּע אויסלענדישע יידישע שרייבער, זשורנאַליסטן און קינסטלער, וואָס זענען אַהערגעבראַכט געוואָרן אין אָקטאָבער־נאָוועמבער 1941 צוזאַמען מיט קנאַפּע 20 טויזנט מערב־אייראָפּעישע יידן. אייניקע פון זיי האָבן נישט אויסגעהאַלטן די שווערע, אוממענטשלעכע לעבנס־באַדינגונגען פון לאָדזשער געטאָ און זענען פריצייטיק אויסגעגאַנגען אין גרויסער נויט.

די גאַנצע ליטעראַרישע און קינסטלערישע משפחה, וואָס האָט געלעבט אין לאָדזשער געטאָ אין דער העלפט יוני 1944, האָט געציילט 70 מענטשן. אין א ווענדונג צו ח. רומקאָווסקי פון אַ שפּעטערדיקער צייט — (פון 1 אויגוסט 1944) וואָס איז נוגע אַ צעטיילונג פון לעבנס־מיטל פאַר די שרייבער און קינסטלער (דער דאָקומענט געפינט זיך אין אַרכיוו פון ייד. היסטאָרישן אינסטיטוט) ווערן אויסגערעכנט פאָלגנדע יידישע שרייבער, מאָלער, אַרטיסטן און מוזיקער. מיר גיבן זיי אין דעם סדר, ווי זיי געפינען זיך אין דער רשימה:

### 1. ליטעראַטן, וואָס שרייבן אין יידיש

1. בערלינער נטע
2. בערמאַן ל.
3. בריקס רחמיאל
4. גערשט יהודה־לייב
5. גרין שמואל לייב
6. גאָרפינקעל פייוול
7. גרינוואַלד מרדכי
8. גוטמאַן מאיר בער
9. איצינגער ישראל בער
10. יאַנאָווסקי ש.
11. יאַנאָווסקי שמעון
12. קוויאַטקאָווסקאַ ריווא
13. יאָאַכימאָוויטש אברהם
14. לעווי־ליסנער הינדאַ
15. רייכענבערג בלומע
16. ראָזענפאַרב חוה
17. ראָזענשטיין ישעיה
18. שאַיעוויטש בינם
19. שפיגל ישעיה
20. אולינאָווער מרים
21. וואָלמאַן מ.
22. וואָלינסקאַ רחל
23. זעלקאָוויטש יוסף

חוץ דעם ווערן אין דער גרופּע אויסגערעכנט די מאָלער

1. ברוינער יצחק
2. לייזעראָוויטש י.

## 2. יידישע ליטעראַטן, וואָס שרייבן אין אַנדערע שפּראַכן

1. אַבראַמאָוויטש אסתר
2. ציקער אברהם
3. פאָגעלבוים מ.
4. האַלפּערן טאַדעוש
5. מאַקאָווער פריידע
6. סאַנעק משה
7. שפּיעוואַק משה
8. שטערן הילדע
9. בונין ש. דוד

## 3. יידישע מאָלער

1. ברוינער יצחק
2. בזשעזשינסקאַ ערנאַ
3. עדעלמאַן פייגע
4. גורעוויטש משה
5. גליקסמאַן שרה ב.
6. קאַופמאַן נחמן
7. קאָוונער יוסף
8. לוריע לובע
9. שערמאַן שמעון
10. שילים הערש
11. שוואַרץ אַלטער פ.
12. לעסמאַן יעקב
13. לייזעראָוויטש י.

## 4. יידישע אַרטיסטן

1. נעלקען משה
2. פולאַוועער משה
3. ראָזענבלום שמאי

## 5. יידישע מוזיקער און זינגער

1. ד״ר בער קורט — דיריגענט און פּיאַניסט
2. באַנדלער עליסאַבעט — פּיאַניסטין
3. באַנדלער רודאָלף — זינגער
4. בייגעלמאַן דוד — דיריגענט, קאָמפּאָניסט
5. צענדער וואָלף — דיריגענט
6. אייזמאַן מענדל — מוזיקער
7. פעלדשטיין סילוויאַן — דיריגענט
8. קראַפּט אַנטאָן — מוזיקער
9. קאַץ ישראל — מוזיקער
10. קאהנער אסתר — זינגערין
11. קראפּיווניק יאַכימעק — זינגער
12. לעוויטין ישראל — זינגער, קאָמפּאָניסט
13. ליקיערניק יאַדזשיאַ — פּיאַניסטין
14. ליס מאַרעק — זינגער
15. פּיליפּ יוסף — מוזיקער
16. פּיליפּ העלענע — זינגערין
17. ראָטשטאַט־סרעברנאַגוראַ בראָניע — מוזיקערין
18. שפּילמאַן אברהם — מוזיקער
19. טאובע הענריק — מוזיקער
20. ברין אַבראַם־בענעדיקט — זינגער
21. רידער טעאָדאָר — דיריגענט
22. שטיינמאַן נח — זינגער
23. טיטעלד בערנאַרד — פּיאַניסט

אין אָנבליק פון דער גרויסער געפאַר, וואָס האָט געדראָט דער לאָדזשער יידישער ליטעראַרישער משפחה אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דייטשער פאַראָרדנונג וועגן אָנהויבן ליקווידירן דעם געטאָ, זענען געמאַכט געוואָרן ענערגישע באַמיונגען צו באַ־פרייען די דערמאָנטע ליטעראַטן און קינסטלער פון דער „אויס־זידלונגס־אַקציע". אין נאָמען פון די יידישע שרייבער און קינסטלער („איינהיימישע") האָט אַ דעלעגאַציע אין באַשטאַנד פון י. ראָזענשטיין, י. שפּיגל און י. זעליקאָוויטש זיך גע־ווענדעט צו אַדוואָקאַט הענריק נעפטאַלין מיט פאָלגנדן בריוו, וואָס איז דאַטירט דעם 17טן יוני 1944 יאָר:

„זייער חשובער פריינד,

זינט אַ געוויסער צייט איז אונדז, נאָך געוויסע אָנשטרענ־גונגען געלונגען צונויפצוגרופּירן די שרייבערישע און אינ־טעלעקטועל־שעפערישע כוחות, וואָס לעבן אין געטאָ און פון זיי צו בילדן אַ ליטעראַרישע קערפּערשאַפט.

אין אָנזיכט פון די פאָרשטייענדע געשעענישן און אין דער מורא, אַז מיר, וואָס בילדן,ביים היינטיקן טאָג, דעם איינציקן ליטעראַרישן קערן און נאָכוווקס אין געוועזענעם פוילן, זאָלן זיך נישט צעפאַלן, האָבן מיר דעם כבוד דערמיט זיך צו ווענדן צו אייך, זייער חשובער פריינד, ווי צו דעם, וואָס שטייט צום נאָענטסטן דעם יידישן אינטעלעקט אין געטאָ, אַז איר זאָלט באַווייליקן צו נעמען אין שוץ אונדזער קליינע ליטעראַרישע משפחה און איר פאַרהיטן פון ווייטערדיקן נע־ונד זיין, בכדי זי זאָל קענען רואיק טון אירע אַרבעטן.

מיט דאַנק אַפריער און גרעסטן דרך־ארץ."

אדוו' ה. נאַפטאַלין איז געווען אין לאָדזשער געטאָ דער לייטער פון דער עווידענץ־אָפּטיילונג. הגם ער האָט געשטאַמט פון אַן אַסימילאַטאָרישער משפחה, האָט ער געהאַט פיל פאַר־שטענדעניש פאַר יידישע קולטור־פראַגן. ביים דאָזיקן מענטש־נאַט פון לאָדזשער געטאָ פלעגט זיך צונויפטרעפן די יידישע ליטעראַרישע און אינטעלעקטועלע עליטע. ער האָט אונטער־שטיצט און אין אַן עת צרה גענומען אין שוץ יידישע שרייבער און קינסטלער. אַ דאַנק דעם גרויסן איינפלוס, וואָס ער האָט געהאַט אויף רומקאָווסקין פלעגט זיך אים נישט איין מאָל איינ־געבן אָפּצוראַטעווען יידישע אינטעליגענטן, וואָס האָבן נישט נושא חן געווען ביים „לאָדזשער מלך".

צום דאָזיקן פריינד פון דער יידישער אינטעליגענץ האָט זיך גלייכצייטיק געווענדעט די „איינגעזידלטע" אין געטאָ שריי־בער און קינסטלער־גרופּע. אין איר נאָמען האָט דער פּראָגער זשורנאַליסט ד״ר אָסקאַר זינגער, דער דעמאָלטיקער לייטער פון געטאָ־אַרכיוו און בעל פּנקס פון געטאָ אינטערוועניִרט ביים אדוו' נעפטאַלין און איבערגעגעבן אים אַ מעמאָראַנדום וועגן דער געפאַר, וואָס דראָט די דאָזיקע שרייבער און קינסטלער. אדוו' נעפטאַלין האָט אַרויסגעוויזן פיל פאַרשטענדעניש אויך פאַר דער דאָזיקער גרופּע און צוגעזאָגט צו מאַכן אַלע באַמיונגען צו ראַטעווען די מערב־אייראָפּעישע אינטעליגענץ אין געטאָ. אַ דאַנק זיין השתדלות איז אַ דעלעגאַציע פון ד״ר אָ. זינגער און ד״ר ק. באָנדי (יידישער געלערנטער פון פּראָג) אויפגענומען געוואָרן דעם 9טן יולי דורך אייניקע מיטגלידער פון דער צווישן־רעסאָרט־קאָמיסיע, וואָס האָט זיך פאַרנומען אין געטאָ מיט דער „אויס־זידלונגס־אַקציע". די צווישן־רעסאָרט־קאָמיסיע איז נאָך דער אינטערווענץ פון אדוו' נעפטאַלין, געווען להוט צו באַפרייען די יידישע ליטעראַריש־קינסטלערישע גרופּן אין געטאָ פון דער „אויסזידלונג". זי האָט אָבער צוליב פאָרמעלע טעמים נישט דערליידיקט דעם ענין, האַלטנדיק, ווי עס האָט דערקלערט דער דעלעגאַציע דער וויצע־פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע ווינאָגראַד, אַז נאָר רומקאָווסקי איז בכוח צו מאַכן וועלכע ס'איז ענדע־רונגען אין די צונויפגעשטעלטע ליסטעס, אַז דאָס איבערשטייגט אירע קאָמפּעטענצן.

די דעלעגאַציע האָט זיך דעריבער געווענדעט דירעקט צו רומקאָווסקין און נאָך אַ האַלב־שעדיקער קאָנפערענץ מיט אים (דעם 9טן יולי), האָט רומקאָווסקי פאַרלאַנגט, עס זאָל אים צוגעשטעלט ווערן אַ גענויע ליסטע פון די פּערזאָנען, וואָס דאַרפן באַפרייט ווערן פון דער „אויסזידלונג". דעם 11טן יולי האָבן די אויבן דערמאָנטע 2 פאָרשטייער איבערגעגעבן רומקאָווסקין די פאַרלאַנגטע ליסטע פון דער מערב־אייראָפּעישער יידישער אינטעליגענץ. נאָכן באַקענען זיך מיט איר האָט רומקאָווסקי דעצידירט, אַז אַלע אויסגערעכנטע אין איר פּערזאָנען, דאַרפן זיך דעם 12טן יולי, 6 אַזייגער אָוונט, מעלדן אין אַרבעטס־אַמט,

ווו זיי וועלן דורכגיין אַ פּערזענלעכע „מוסטערונג״ אין זיין אָנוועזנהייט.

דעם 12טן יולי 1944 — ווי עס גיט איבער די „טעגלעכע געטאָ־כראָניק״ — איז פּאַקטיש פּאָרגעקומען די פּערזענלעכע מוסטערונג. 70 פּערזאָן האָבן זיך געשטעלט אין אַרבעטס־אַמט. עס איז נאָר נישט קלאָר, צי האָבן זיך דאָרט געשטעלט אַלע אויבן אויסגערעכנטע יידישע שרייבער און קינסטלער, צי בלויז די „איינגעזידלטע״ אין אָקטאָבער 1941 מערב־אייראָפּעישע אינ־טעליגענץ און נאָר די צאָל פּאַלט זיך גראָד דאָ צונויף. די פּראַגע וואָלטן געדאַרפט אויפקלערן די לעבן געבליבענע יידישע שריי־בער פון לאָדזשער געטאָ.

אין רעזולטאַט פון דער מוסטערונג, וועלכע עס האָט דורכ־געפירט רומקאָווסקי גופא, זענען אַלע, חוץ איין פּרוי (עס ווערט נישט אָנגעגעבן איר נאָמען), באַפרייט געוואָרן פון דער „אויס־זידלונג״.

אויף אַזאַ אופן, זענען אַדאַנק דער ענערגישער אינטערווענץ פון אַדוו' נעפּטאַלין און ד״ר אָ. זינגער דערווייל באַפרייט גע־וואָרן די יידישע שרייבער און קינסטלער אין געטאָ. ווען דעם 14טן יולי האָט זיך אָפּגעשטעלט (אויף אַ קורצער צייט) די אַקציע אין געטאָ, האָט די ליטעראַריש־קינסטלערישע משפחה רואיק אָפּגעעטעמט. אויס גרויס דאַנקבאַרקייט פאַר די ענערגישע באַמיונגען פון אַדוו' נעפּטאַלין, האָט זי דעם 17טן יולי 1944 צוגעשיקט איר מעצענאַט פאָלגנדן דאַנק־בריוו:

„דערמיט האָבן מיר דעם כבוד אייך, אויף דעם וועג, אין נאָמען פון אַלע אונדזערע חברים, אויסצודריקן אונדזער האַרציקסטן דאַנק פאַר דער גרויסער פאַרשטענדעניש, וואָס איר האָט פאר אונדזער גרופּע, דעם שארית־הפליטה פון דער יידישער ליטעראַטור אין געוועזן פּוילן, אַרויסגעוויזן.

איצט, נאָך דעם ווי די בהלה איז אַדורך, קענען מיר ערשט מיט דעם גאַנצן ישוב־הדעת אָפּשאַצן די גרויס פון דער אחריות, וואָס איר האָט גענומען אויף זיך, בעת איר האָט זיך פאַר אונדז איינגעשטעלט. מיר וועלן דאָס אייך תמיד צום גוטן געדענקען. נעמט צו אונדזערע האַרציקסטע גרוסן און אויפריכטיקסטן דרך־ארץ.״

אין קורצן נאָך דעם האָבן זיך אָנגעהויבן די לעצטע, טראַ־גישע „אויסזידלונגען״. די עטלעכע זיבעציק טויזנט לעבן גע־בליבענע יידן זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון לאָדזש קיין אָשוויענטשים און אַנדערע פאַרניכטונגס־לאַגערן. מיט זיי זענען אויך מיטגעגאַנגען די לעצטע באַדייטנדע יידישע שרייבער און קינסטלער, פון וועלכע בלויז איינצלנע האָבן זיך אָפּגעראַ־טעוועט.



# ניי־דערשינענע ביכער אין פוילן

## דוד ספאַרד

„דער מלך שאול״ פון ישראל אַשענדאָרף.— פאַרלאַג „יידיש בוך״ביים צ״ק פון די יידן אין פוילן.

דאָס איז געשען מיט אַן ערך דריי טויזנט יאָר צוריק די בני־ישראל, וועלכע זענען געווען צעטיילט אויף שבטים און געפירט אַ פרימיטיוו לעבן פון פּאַסטוכער און ערד־אַרבעטער, זענען שוין מיד געווען פון די שטענדיקע איבערפאַלן פון די עמונים, עמלקים און מואבים. צולעצט איז נאָך צוגעקומען אַ נייער שטאַרקער שונא — די פלישתים.

דאָס פאָלק ישראל האָט דערפילט, אַז די הויפּט־סיבה פון זיין שוואַכקייט איז די צעשפּליטערטקייט אויף באַזונדערע שבטים און האָט אָנגעהויבן פאָדערן ביי די גייסטיקע מדריכים פון יענער צייט, די נביאים, אַן ערדישן פירער, וועלכער זאָל פאַראייניקן אַלע טיילן אין איין גאַנצעס — — — — — — —

אַזוי אַרום איז אַנטשטאַנען די ערשטע יידישע מלוכה אין ארץ־ישראל מיט איר ערשטן מלך שאול, דעם זון פון קיש, פון שבט בנימין — אַ שיינער, געזונטער פויערן־יונג פון שטעטל גבעה.

דער אויסוואַל פון מלך איז געווען נישט קיין צופעליקער. שמואל האָט פריער לאַנג געוואָרנט דאָס פאָלק קעגן דעם שווערן עול, וואָס עס נעמט אויף זיך. ער האָט אָבער געמוזט נאָכגעבן, ווייל די דאָזיקע פאָדערונג פון פאָלק איז געווען אין הסכם מיט דער צייט. האָט ער כאָטש אויסגעוויילט דעם באַשיידנסטן מענטשן, לויט זיין איינזען, פון דער קלענסטער משפחה און קלענסטן שבט, האָפנדיק, אַז אַזאַ איינער וועט סיי מחמת דאַנקבאַרקייט, סיי מחמת זיין געזעלשאַפטלעכער לאַגע אויף שטענדיק פאַרבלייבן אַ ווערקצייג ביי אים אין די הענט. אָבער דער גלאַנץ פון דער קעניגלעכער קרוין, די ערשטע זיגן איבער די שונאים, ווי אויך די אינטריגעס פון די אַרומיקע הויפישע מענטשן, האָבן אַלץ מער און מער געוועקט אין יונגן קעניג די אַמביציע פון זעלבסטשטענדיקן הערשן, און דורך דעם אים אויך אַלץ מער און מער פאַרפלאָנטערט אין אַן אומאויפהערלעכער מלחמה מיט דעם נביא שמואל.

ישראל אַשענדאָרפס היסטאָרישע טראַגעדיע „דער מלך שאול״ זעצט איבער די דאָזיקע מלחמה צווישן מלך און נביא אויף דער שפּראַך פון קאָנסעקווענט זיך אַנטוויקלענדיקע דראַמאַטישע האַנדלונגען. אַשענדאָרף הויבט נישט ארויס דעם דאָזיקן שטרייט בלויז ווי אַ שטרייט צווישן הוילע אָנשויאונגען און אַבסטראַקטע איינשטעלונגען, נאָר ער פאַרקערפּערט אים אין לעבעדיקע מענטשן מיט פּערזענלעכע אַמביציעס, נייגונגען און געשמאַקן.

די אָנשויאונגען, וועלכע עס רעפּרעזענטירן מיט זיך, שמואל פון איין זייט, און שאול פון דער צווייטער, וואַקסן אַרויס נאַטירלעך פון דער פאַרשידנקייט פון זייערע כאַראַקטערן און דערציאונג. אין שמואלן דעם נביא, וואָס האָט געהאַרטעוועט זיין גייסט אין די שטענדיקע געטלעכע באַטראַכטונגען, אין זוכעניש פון אַבסאָלוטער גערעכטיקייט, זענען אָפּגעטויט אַלע מענטשלעכע שוואַכקייטן. אים איז פרעמד דאָס געפיל פון רחמנות, פונקט ווי דאָס געפיל פון אייגענעם כבוד. ער קען בלויז דאָס געטלעכע געבאָט, דעם געטלעכן אַבסאָלוטן אמת, וואָס לאָזט זיך נישט טיילן, וואָס אָנערקענט נישט קיין אומשטענדן:

„עס טאָר נישט זיין אויף זינד קיין שום פאַרגעבונג!
דער יושר דאַרף זיין שטרענג, ווי ס׳איז דער אומרעכט!״

אין שאולן ווידער, דעם געזונטן ערדישן מענטשן, דערוועקט די פּלוצימדיקע קעניגלעכע מאַכט אַלע פאַרבאָרגענע מענטשלעכעליידנשאַפטן, וועלכע שטעלן זיך אין כסדרדיקער סתירה מיט דער פּשוטער נאַטירלעכער ערלעכקייט פון זיין פריערדיקן פויערשן לעבן. דער דאָזיקער אינערלעכער ריס ווערט אין אים אַלץ טיפער, צעשטערט זיין גייסטיקע גלייכגעוויכט און דערפירט אים ביז מרה־שחורהדיקע אָנפאַלן.

פאַר קינסטלערישער רעאַליזירונג שטעלט מיט זיך פאָר דער ערשטער מלך פון ישראל אַן אינטערעסאַנט און קאָמפּליצירט פּראָבלעם. זיין קאַמף מיט די נביאים, מיט זייער אויטאָריטעט ביים פאָלק, און זיין אינערלעכער פּסיכישער שטרייט צווישן דעם מלך און פויער, דאַרפן זיך קעגנזייטיק דערגענצן אין איין איינהייטלעכער לעבעדיקער געשטאַלט, וועלכע זאָל גלייכצייטיק אַנטשפּרעכן די פּרימיטיווע באַדינגונגען און פּרימיטיוון לעבנסשטייגער פון יענער צייט.

אַשענדאָרף באַריקזיכט אין אַלגעמיין די אַלע מאָמענטן: דער שטייגערישער פאָן איז געגעבן קאַרג, אָבער צייטמעסיק; פון דעם פרייען ריטמישן פּערז, אין וועלכן די טראַגעדיע איז געשריבן, גייט אויף אַ מין פייערלעכע רואיקייט פון ביבלישן שניט, עס איז אויך אין ביבלישן סטיל די דרייסטע עטוואָס איבערגעטריבענע בילדערישקייט, און דער עיקר, עס וואַקסן אָן גלייכצייטיק און האַרמאָניש די צוויי מאָמענטן אין שאולס געשטאַלט, וועלכע שאַפן דאָס וועזנטלעכע פון דראַמאַטישע קאָנפליקטן — זיין קאַמף מיט די נביאים פאַר אייגענער מאַכט און זיין אינערלעכע צעשפּאָלטנקייט, זיין טראַגישע פּסיכישע איבערלעבונג.

אַשענדאָרף לייגט מער דעם טראָפּ אויף דעם ערשטן מאָמענט. אים אינטערעסירט מער די אַנטוויקלונג פון דעם געזעלשאַפטלעכן קאַמף צווישן דער געטלעכער און ערדישער מאַכט. שאול אַלס טראַגישע פיגור, אַלס פּסיכאָלאָגיש פּראָבלעם, איז געגעבן קאַרג און אָפּטמאָל דרך־אַגבדיק, דאָך אין אַ גענוגנדיקער און כאַראַקטעריסטישער מאָס, כדי די דאָזיקע געשטאַלט זאָל אַרויסקומען לעבעדיק און סימפּאַטיש, נישט געקוקט אויף אַלע זיינע אַכזריותן, וואָס איז אין פולשטענדיקן הסכם מיט דער צייכענונג פון דער שאול־געשטאַלט אין דער אַלטער אגדה־ליטעראַטור.

לעבעדיק קומט אויך אַרויס די צווייטע צענטראַלע געשטאַלט פון נביא שמואל, כאָטש זי איז געגעבן אין פיל קאַרגערע שטריכן. די געציילטע ערטער, וווּ דער מחבר פירט ארויס דעם נביא אין זיין מענטשלעכער שוואַכקייט, מאַכט אונדז די שטרענגקייט און פאַרשלאָסנקייט פון דער דאָזיקער געשטאַלט אַ סך מענטשלעכער, צוטריטלעכער און לעבעדיקער.

די איבעריקע ווירקנדיקע פּערזאָנען, ווי דוד, מיכל, יונתן א״א זענען אין אַלגעמיין נאָר אָנגעדייט אויף אַזוי פיל, אויף וויפל זיי זענען נויטיק פאַר דער אַקציע. קינסטלעריש אָבער זענען זיי נאָך נישט אויפגעעפנט. דאָס דערקלערט זיך, וואַרשיינלעך, דערמיט, וואָס „דער מלך שאול״ איז בלויז דער ערשטער טייל פון אַ טרילאָגיע, און די פּערזאָנען באַקומען האָפנטלעך, ערשט זייער אמתן קינסטלערישן תיקון אין די ווייטערדיקע צוויי.

אויסער די דאָזיקע הויפּט־מאָמענטן, איז נויטיק אונטערצושטרייכן די שיינע פּאָעטישע שטעלן און פיינע געדאַנקלעכע

באַטראַכטונגען, וועלכע זענען אָרגאַניש איינגעגלידערט אין דער אַקציע און, נישט געקוקט אויף זייערע אַקטועלע אַקצענטן, באַהויכן זיי דאָס גאַנצע ווערק מיט דעם אָטעם פון פאַרצייטיקע טעג. אַזעלכע זענען די שיינע געזאַנגען פון מיכל צו דודן, אָדער פון די בני־הנביאים אין רמה, אַזעלכע זענען די פיין געבויטע און אינהאַלטלעך־רייכע סצענעס פון שאולס שמועס מיט די נביאים און שמואלן און דערנאָך מיט שמואלס גייסט, פון שמואלס צונויפטרעפן זיך מיט דער כשופמאַכערן תרצה, פון זיין קורצער באַגעגעניש מיט דודן און פיל אַנדערע. דער שטילער טראַגיזם פון אָט די סצענעס, זייער לירישע געדאַנקלעכקייט און גלייכצייטיק ליידנשאַפטלעכע אָנלאָדונג האַלט דעם לייענער די גאַנצע צייט אין אומרואיקער געשפּאַנטקייט.

באַזונדערס וואַרעם ווירקט דער פּאַטריאָטיש־מוטיקער גייסט, מיט וועלכן די גאַנצע דראַמע איז אייגנטלעך דורכגענומען. די סוגעסטיווע ווירקונג פון דעם פּאַטריאָטיזם איז פיל שטאַרקער דערמיט, וואָס ער איז נישט דעקלאַמאַטאָריש־שרייעריש, נאָר וואַקסט ארויס אויף אַ נאַטירלעכן אופן פון די האַנדלונגען ביז ער דערגרייכט צו זיין קולמינאַציע־פּונקט אין העלדישן און רירנדיקן טויט פון שאולן מיט זיינע זין.

צו די אַלע ליטעראַרישע און פּאָעטישע מעלות פון דעם ווערק דאַרף מען נאָך צוגעבן דאָס, וואָס איז דער עיקר פאַר יעדן דראַמאַטישן זשאַנר: די לעבעדיקייט און געשפּאַנטקייט פון דער אַקציע, די קורצקייט און אינערלעכע געאָרדנטקייט פון דיאַלאָג און די אַלץ־שטייגנדיקע פּאַבולאַרע ליניע.

מיט איין וואָרט: די ערשטע טייל פון דער פאַרקלערטער טרילאָגיע, „דער מלך שאול“, דערלויבט אונדז צו האָפן, אַז אַשענדאָרפס אינטערעסאַנטע און נוצלעכע ווענדונג צו אונדזער אַלטער געשיכטע וועט אויך אין די ווייטערדיקע טיילן געפינען איר געהעריקן תיקון.

## „אויף די חורבות“ פון חיים גראַדע.

„קליינע ביבליאָטעק“ ביים פאַרלאַג „דאָס נייע לעבן“.

דאָס אויפריכטיק־פּאָעטישע, דאָס אָנגעלאָדענע מיט עכטן געפיל און אמתער איבערלעבונג, אויף וויפל עס איז אַ דירעקטע אוממיטלבאַרע רעאַקציע אויף אַ באַשטימטער פרייידיקער, אָדער טרויעריקער אָנרעגונג, איז עס, געוויינלעך, פּרימיטיוו. פּרימיטיוו אין דעם זין, וואָס עס דריקט אויס אַן איינציק און גאַנץ געפיל.

אין דער דיכטונג פון חיים גראַדע גילט נישט, על־פּי רוב, די הנחה. דאָס ערשטיקע גליאיקע געפיל אין זיין דראַנג צו קינסטלערישער אויסלאָדונג מאַכט דורך ביי גראַדען אַ זיגזאַגישן וועג פון פאַרשידענע רעפלעקסן און מחשבותן און אויף דעם דאָזיקן וועג ווערט עס נישט בלויז אָפּגעקילט און פאַרגעדאַנקלעכט, נאָר פאַרקערט, אין אינערלעכן געראַנגל מיט אַלץ נייאָנוואַקסנדיקע קעגנזעצלעכע אידייען און באַטראַכטונגען, נעמט עס זיך אָן נאָך מיט מער היץ, ווערט ליידנשאַפטלעכער און באַצוווּנגענדיקער.

אין דער פּאָעמע „אויף די חורבות“ איז די דאָזיקע אייגנשאַפט פון חיים גראַדעס פּאָעטישער דיכטונג ספּעציעל אָנשוילעך. דער טיפער אויסגעשריי פון אַ צעווייטיקט דיכטעריש האַרץ אויף דעם אומקום פון זיין פאָלק איז דאָ, ביי זיין גאַנצער אוממיטלבאַרקייט און ספּאָנטאַנישקייט, דורכגעשניטן פון אַ גאַנצער ריי דערמאָנונגען, מחשבותן און פראַגן, ווי אַ לעבעדיקער גוף מיט הייס־בלוטיקע אָדערן.

אין דער טיף פון דיכטערס האַרץ הערט נישט אויף צו ברענען דער גרונט־ווייטיק פון דער גרויליקער פאַרטיליקונג, אָבער אין שיין פון אָט דעם בראַנד קומען אויף נאָך אַנדערע ווייטיקן.

עס קומען אויף די דערמאָנונגען פון שווערע יאָרן פון ערלעכער מי און האָרעוואַניע, וועלכע זענען אָפּגעמעקט געוואָרן אַזוי אַכזריותדיק און אין עלנטער פאַרשעמונג אָן זין און אָן באַשייד; עס גליט אָן ווי אַ ווונד די שענדלעכע פאַרלייקענונג פון אייגענעם שטאַם; ווי אַ טרייסטלאָזע פאַרשעמונג קומט אויף אַלעמאָל פונסניי דאָס בילד פון הכנעהדיקן גאַנג צום טויט, און עס קלאָגט אָן אויפהער אין האַרץ די ריינע קינדערשע ליבע, פאַרשוועכטע פון טמאדיקע, רוצחישע הענט.

דער קנויל פון ווייטיקן, באַוועגט פון זיין אינערלעכן פייער, וויקלט זיך אין דער דאָזיקער פּאָעמע ווי שלאַנגען איינער אין אַנדערן, דערגרייכנדיק ביז איר לעצטן אַפּאָטעאָז פון געטאָ־אויפשטאַנד:

„פון אומעטום ברעכט אויס דער האַס, ווי איינגעשלאָסן וואָלט איטלעכער זיין האַרץ אין אויפרייס“ — — — —

דאָ ווערן זיי אַלע פאַרענטפערט און אויפגעלעזט, ווי פאַרשידענע ברויזנדיקע שטראָמען אין דער טיפעניש פון ים.

דאָס איז אַ פּאָעמע פון ברענענדיקן ווייטיק, אויסגעגאָסן אין איין גליאיקער מאַסע, אין וועלכער עס שמעלצן זיך פאַרשידענע פּראָבלעמען, געדאַנקען און געפילן.

דאָס איז אַ פלאַמיקער דאָקומענט פון אונדזער פיין, וואָס וועט אויף לאַנגער צייט אויפהיטן די גהינומדיקע אַטמאָספער פון אונדזערע קאָשמאַרנע טעג.

## אברהם זאַק: „מיט אַש אויפן קאָפּ“.

„קליינע ביבליאָטעק“ ביים פאַרלאַג „דאָס נייע לעבן“.

א. זאַק געפינט זיך אינגאַנצן אונטער דער אומגעהייערער פינצטערער מאַסע פון אומגליק, וואָס האָט געטראָפן דאָס יידישע פאָלק. ער זעט נישט קיין איין ליכטיקן שטראַל אין לעבן נאָך דעם, וואָס האָט פּאַסירט. ארום הערשט טויט און חורבן, און דאָס איינציקע, וואָס איז נאָך פאַרבליבן ווי די הייליקסטע פליכט לגבי דעם פאָלק, איז דעם דאָזיקן טויט און חורבן צו באַוויינען לדורות.

א. זאַק טוט דאָס ווי אַ הייליקע עבודה מיט דער פּשטות פון אַ צעבראָכן האַרץ. און מיט אַן איבערחזרדיקער איינטאָניקער גרונט־שטימונג, וועלכע איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אוממיטלבאַרע קינות און טרויער־תפילות. דאָס באַצווינגענדיקע אין זאַקס ליד איז די שטילקייט און אינערלעכע רעזיגנירטקייט, וועלכע שטעקט אָן מיט נאָגנדיקן אומעט ווי די אויסטערלישע ריחות פון אַלטע בית־עולמס.

אין א. זאַקס בוך „מיט אַש אויפן קאָפּ“ הערשט אַ מין גרויסער אומענדלעכער אלול, ווען הינטער פאַרשידענע טרויערן פון אָפּשטאַרבנדיקע בלעטער, פאַרוויאַנעטע גראָזן, אויסלעשנדיקע זיך הימלען און אָפּגעשניטענע פעלדער גייט אויף אַ שטילע, גלייכמעסיקע און אומענדלעכע קלאָג וועגן פאַרגענגלעכקייט און טויט. ווען מען לייענט זיך אַריין אין דעם דאָזיקן בוך, דאַכט זיך באמת אויס, אַז דאָס איז די איינציקע פּאַסיקע שטימונג אויף דעם בית־עולם פון אַ פאָלק.

אָבער דער אינסטינקט פון לעבן האָט זיך זיינע פאַרבאָרגענע וועגן, דורך וועלכע ער פירט ארויס דעם דיכטער פון דעם תהום פון פאַרצווייפלונג אויף די ראַנדן פון אַ ניי לעבן, וואָס הויבט זיך צוריק אָן צו וועבן. דורך די לידער פון נקמה און האַס לגבי די דייטשע מערדער און פון סימבאָלישן פּראָטעסט קעגן גאָט און וועלט פאַר דער גלייכגילטיקייט, מיט וועלכער אַלץ ארום האָט זיך צוגעקוקט צום אויסשעכטן פון אַ פאָלק, הויבט זיך דער דיכטער אויף צוריק איבער דער אומענדלעכער דערשלאָגנקייט און אויסוועגלאָזן יאוש, וועלכע פילן אויס די מערהייט לידער אין דעם בוך. די דראַמאַטישע מיניאַטור פון געטאָ־אויפשטאַנד, אין וועלכן א. זאַק ברענגט צום אויסדרוק די מענטשלעכע ווירדע און

נאַטירלעכע גבורה פון דער יידישער יוגנט אין די שווידערלעכסטע באַדינגונגען, וועלכע האָבן צו זיך קיין גלייכן נישט אין דער געשיכטע, פירט אונדז ווידער ארויס צו די לעבנס־קוואַלן פון פאָלק, וואָס קאָן נישט און וועט נישט אונטערגיין.

דער דאָזיקער לעבעדיקער אָפּטימיסטישער אַקאָרד טראָגט אַריין אַ באַזיניקנדיק ליכט אין דער אַטמאָספער פון געדיכטן און טונקעלן טרויער פון בוך, אַנטפּלעקנדיק פאַר א. זאַקן דעם דיכטער נייע מעגלעכקייטן פון שאַפן .

## „חורבות דערציילן...״ פון ב. מאַרק.

פאַרלאַג: „דאָס נייע לעבן״.

„חורבות דערציילן״... איז אַן ערשטער פּרווו צו געבן אין איין סיסטעמאַטישער גאַנצקייט די איבערמענטשלעכע ליידן און איבערלעבונגען, ווי אויך די העלדישע קאַמפן פון גרויסן און רייכן יידישן קיבוץ אין וואַרשע פון דער ערשטער מינוט, ווען די היטלעריסטישע מערדער האָבן אַרויפגעלייגט זייער לאַפּע אויף אים ביז זיין שוידערלעכן אומקום. פאַרשטייט זיך, אַז ווי אַן ערשטער פּרווו איז נאָך אוממעגלעך געווען אויסצומיידן געוויסע טעותים און אַפילו פעלערן. נישט אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין אָט דעם פינצטערסטן צייט־אָפּשניט פון אונדזער געשיכטע, איז שוין געוואָרן ארויסגעהויבן פון דעם קאָשמאַרן תהום פון פאַרשיידענע, אָפטמאָל קעגנזעצלעכע און פאַר אונדז נישט פאַרשטענדלעכע, האַנדלונגען און געשעענישן און ווי געהעריק קאָנטראָלירט געוואָרן ביי דער שיין פון טאָג־ליכט. וואָס ווייטער אַלץ בולטער און קלאָרער ווערט פאַר אונדז די ראָל פון דער, אָדער יענער געזעלשאַפטלעכער גרופּע אין דער מאָראַלישער און פאַקטישער צוגרייטונג פון אַקטיוון ווידערשטאַנד, ווערט בולטער די ראָל פון דעם רעוואָלוציאָנערן טייל פון דער יידישער געזעלשאַפט, וועלכער האָט נאָך ביז אין ניין און דרייסיקסטן יאָר שוין געהאַט הינטער זיך לאַנגיעריקע דערפאַרונגען פון שטאָלצע און מוטיקע קאַמפן פאַר פרייהייט און מענטשלעכער ווירדע. און דער עיקר: עס ווערט בולטער די ראָל פון פּשוטן יידישן פאָלקס־מענטש, זיין העלדישער אויסדויער און זיין אָנטייל אין קאַמף מיט דעם חיהשן אָקופּאַנט. דאָס אַלץ וואַקסט ערשט אַרויס פּאַמעלעך, שווער און שיטערלעך פון דער פינצטערער צייט פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע, ווי טיף־פאַראַקערטע זוימען פון אַ פרוכטלאָזער ערד.

דאָס ווי־כטיקסטע אָבער פון דעם בוך, זיין באמת געשיכטלעכער באַדייט, באַשטייט אין דעם, וואָס זיין מחבר, ב. מאַרק, האָט רעאַליזירט אין טויזנטער איינצלנע פאַקטן, וועלכע ער האָט מיט אַזוי פיל איבערגעגעבנקייט און זאָרגפעלטיקייט צונויפגעזאַמלט און מיט אַזוי פיל האַרץ און זעלבסטאיבערלעבונג געשילדערט, איין גרונטיקע אידיי, וועלכע איז דער אָרגאַניזירנדיקער אינערלעכער פרינציפּ פון גאַנצן ווערק.

ב. מאַרק באַווייזט, נעמלעך, אין דעם דאָזיקן בוך, אַז דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ איז געווען אַ באַוווסטזיניקער נאַציאָנאַלער אַקט פון גאַנצן פאָלק, אַז ער איז נישט געקומען פלוצים און אומגעריכט, ווי אַן אַקט פון פאַרצווייפלונג, נאָר ווי אַ פּועל־יוצא פון נאַציאָנאַלער זעלבסט־ווירדע, וועלכע איז ביי די שוידערלעכסטע באַדינגונגען אָנגעוואַקסן פון טאָג צו טאָג און דורך פאַרשיידענע פאָרמען פון קעגנזייטיקער הילף, קולטור־אַרבעט, פּראָפּאַגאַנדע און צענדליקער קלענערע אָדער גרעסערע צוזאַמענשטויסן מיט דעם שונא געשטיגן פון אומבאַוווסטזיניקן פּאַסיוון נאָר מוטיקן פאַרהאַלטן זיך פון זייער פיל ביז באַוווסטזיניקן אַקטיוון און העלדישן ווידערשטאַנד.

די דאָזיקע גרונט־אידיי פון נאַציאָנאַלן שטאָלץ, וועלכע דורינגט אַדורך דאָס גאַנצע בוך, בינדט עס נישט בלויז אָן אין אונדזער דורותדיקער געשיכטע, ווי אויך אין אונדזער קעגנוואַרט, וועלכע איז באַהערשט דורך דעם קאַמף פון גאַנצן פאָלק מיט די פינצטערע כוחות, וועלכע חלומען ווידער זיך צוצוקריגן צו דער מאַכט, דעם קאַמף פאַר דער אָנערקענטער דורך אַלע באמת דעמאָקראַטישע מלוכות און פעלקער אומאָפּהענגיקייט פון דער יידישער מלוכה, ווי אויך פאַר דעם זיג פון דעם פּראָגרעסיוון און פאָרזיגעשריטענעם אין דער גאָרער וועלט.

די באַדייטונג פון „חורבות דערציילן״ ליגט אָבער נישט אויסשליסלעך אויף דער פלאַך פון געשיכטע. דאָס בוך האָט אויך זיינע באַזונדערע מעלות אַלס ליטעראריש ווערק. אַדאַנק דער בולטער און לעבעדיקער שילדערונג, האָט זיך ב. מאַרקן איינגעגעבן אַרויסצוהייבן אין דעם בוך די אַטמאָספער, אין וועלכער עס זענען פאָרגעקומען די טראַגישע און העלדישע געשעענישן פון יענער צייט, ווי אויך די לעבעדיקע מענטשן, וועלכע האָבן דעמלט געווירקט. אין דעם בוך גייען אויף די ספּעציפישע שטימונגען, וועלכע האָבן אין געטאָ געהערשט, און מיר הויבן אָן דורך זיי צו באַנעמען דעם נויטווענדיקן אינערלעכן צוזאַמענהאַנג פון די געשעענישן. דורך דעם געלונגענעם אויסוואַל פון כאַראַקטעריסטישע פּרטים און געהעריקן אופן פון גרופּירן זיי מאַכט אונדז ב. מאַרק דאָס אויסטערלישע בילד פון יענער צייט אַזוי נאָענט און אינטים, ווי אַן אייגענע איבערלעבונג.

אַ דאַנק די דאָזיקע ליטעראַרישע אייגנשאַפטן, הויבן אָן די באמת נאַציאָנאַלע און גלייכצייטיק טיף־מענטשלעכע אידייען פון „חורבות דערציילן״... צו רעדן נישט בלויז צו אונדזער פאַרשטאַנד און איבערצייגונג, נאָר אויך צו אונדזער האַרץ און געפיל.

מיר באַקומען אַזוי ארום אַ בוך נישט בלויז פון אומענדלעכער פיין און וווּנדערבאַרער גבורה, נאָר אַ בוך, וואָס דינט אויך ווי אַן אוממיטלבאַרע אָנרעגונג צו ווייטערדיקן מוטיקן קאַמף „פאַר פרייהייט פון ייד און פון מענטש״.

## „מלכות געטאָ״ פון ישעיה שפּיגל.

„קליינע ביבליאָטעק״ביים פאַרלאַג ,דאָס נייע לעבן״.

אין דעם בוך שילדערט י. שפּיגל דאָס טאָג־טעגלעכע, דאָס געוויינלעכע לעבן פון ייד אין געטאָ. ער שילדערט דאָס דאָזיקע לעבן אויסערלעך רואיק און באַהערשט, פאַרפיקסירנדיק קינסטלעריש די דינסטע ניואַנסן און קלענסטע פּרטים פון טיפּאַזש און פון שטייגער, ווי ער זאָל שילדערן אַ לעבן אַ נאָרמאַלס און איינגעזעסנס.

גראָד די אויסערלעך באַהערשטע און רואיקע פאָרם אין אָנווענדונג צו אַן אינהאַלט פון אַזאַ אויסטערלישן מאַקאַברישן כאַראַקטער רופט ארויס ביי אונדז דאָס געפיל פון אומהיימלעכקייט און געשפּענסטיקייט, ווי מיר זאָלן הערן אַ מעשה פון יענער זייט וועלט און יענער זייט לעבן. דאָס שאַפט גלייך די פאָרשטעלונג וועגן דער אויסטערלישער אַטמאָספער אין געטאָ, וווּ שרעק און טויט און אוממענטשלעכע דערנידעריקונגען ווערן נאָרמאַלע באַשטאַנדטיילן פון אַ מין לעבן אויף דערווייל.

אין דעם איבערגעבן די שטימונג פון יענער צייט ווייזט י. שפּיגל אַרויס אַ גרויסע פאַרשטענדניש פאַר מאָס און אַ סך קינסטלערישע ערלעכקייט, ער מיידט אויס די איבערטרייבונג, די פאַראַלגעמיינערונג און העלפט זיך קיינמאָל נישט ארויס מיט פאַלשער פאַטעטיק. פון קלענסטן פּרט, פון דער זייטיקסטער, אין פלוג, געשעעניש כשופט ער ארויס דאָס אַלגעמיינע טרויעריקע בילד, פון דער דינסטער פּסיכאָלאָגישער איבערלעבונג — דעם תהום פון מענטשלעכע ליידן.

מיט אויסערגעוויינלעכער צאַרטקייט שילדערט שפּיגל די איבערלעבונגען פון יידישן קינד אין יענער צייט. די קינדערשע

תמימות אין דער אַרומרינגלונג פון בלוטיקן, קאַשמאַרנעם לעבן, נעמט אונדז אַדורך מיט שוידער. אָבער נישט ווייניקער רירנדיק מאַכט שפּיגל אויפגיין אין דער דאָזיקער סביבה פון מאָראַלישן און פיזישן אומקום די פאַרבאָרגנסטע געפילן פון טיפער מענטשלעכקייט, ווי ברידערלעכע צוגעבונדנקייט, ליבע צום נאָענטן און גלויבן אין מענטש. אין דעם חושכדיקן תהו ובוהו פון אומ־מענטשלעכע ליידן קומען אויף די דאָזיקע געפילן ווי ליכטיקע פונקען פון האָפענונג אויף בעסערע צייטן. זיי פאַרטיפן אונדזער טרויער און ווייטיק, אָבער היטן אונדז אויס פון פולשטענדיקן יאוש.

די וויזיע פול מיט אינערלעכן בטחון פון דעם דאָרפס־ייִד יאָסי, בער אין זיין לעצטן קידוש־השם־טאַנץ אין דער דערציילונג „ערד", דאָס גרויסע געפיל פון בושה און חרטה פון טאַטעס שימעלע צוליבן אויפעסן אַן איבעריק שטיקל ברויט, אין קעגנזאַץ צו דער אַטמאָספער פון אַלגעמיינער מאָראַלישער אויסגעלאַסנקייט און הפקרות, אין דער נאָוועלע „ברויט", די התלהבות־דיקע תפילה פון איטשע בערן, פול מיט תמימות און ברידערלעכע ליבע, אין „יידן", די רירנדיקע פאַרגעטערונג פון שובערטן דורך דעם דייטשן פאַריאָגטן יידן היינץ פרידריך לעווי, וועלכער איז פול מיט גלויבן אין מענטשלעכן גייסט, און פיל אַנדערע בינדן אַן „מלכות־געטאָ" אין דער גרויסער און שיינער טראַדיציע פון אונדזערע בעסטע גייסטער אין אַלע צייטן, ווי אויך אין אונדזערע קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור, וועלכע האָבן אין די פאַרגרעבסטע נשמות אויסגעזוכט די צאַרטסטע טענער, און אין די פינצטערסטע צייטן — פונקען פון ליכט, ווי דעם גנזאַג אויף טאָג.

## ש. לאַסטיק

רחל אויערבאַך:

„אויף די פעלדער פון טרעבלינקע" (רעפּאָרטאַזש).

(אויסגאַבע פון דער צענטר' ייד' היסטאָרישער קאָמיסיע 1947).

„יידישער אויפשטאַנד, וואַרשע 1943"

(אויסגאַבע פון צענטר' קאָמ' פון יידן אין פּוילן 1948).

די גענעזע פון די צוויי ביכלעך איז פאַרשידן און זייער כאַראַקטער איז במילא אַ פאַרשידענער. אויב „אויף די פעלדער פון טרעבלינקע" איז אַ רעלאַציע וועגן דער לאָקאַל־וויזיע אין וועלכע די מחברין האָט צוזאַמען מיט טרעבלינקער אסורים, פאַרשטייער פון דער מאַכט און היסטאָריקער אָנטיילגענומען, איז דער „יידישער אויפשטאַנד, וואַרשע 1943" אַ „האַרץ־כראָניק".

ס'וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז דאָס עמאָציאָנעלע קומט בלויז צום אויסדרוק אין צווייטן בוך פון רחל אויערבאַך. אויך דער רעפּאָרטאַזש איז נישט בלויז באַשרייבונג פון געזעענעם אויפן שטח פון יידישן מאַסן־אומקום; נישט נאָר אַן אויסקלאָרונג און דערגענצונג פון בילד, וואָס רחל אויערבאַך האָט זיך געשאַפן וועגן דער הויפּט־פאַבריק פון יידן־מאָרד אין יאָר 1942, ווען די מחברין האָט זיך נאָך געפונען אין וואַרשעווער געטאָ און האָט זיך דאָרט אָנגעטראָפן מיט אַן אַנטלאָפענעם ייד; ס'קומט דאָ נישט צום אייסדרוק די פּיעטעט פאַרן אויטענטיש־ן פאַקט, נאָר ווי עס פּאַסט פאַר אַ פּילבאַר שרייבער־האַרץ דער געפילס־טאָן, דאָס רעפלעקסיוו־עמאָציאָנעלע, וואָס דאָס געזעענע און געהערטע האָט אין דמיון און געמיט אַרויסגערופן.

און ווי אַנדערש? איז עס דאָך דאָס אָרט, דער וועג, וואָס זי, וואָס טויזנטער יידן האָבן ווי על פּי נס אויסגעמיטן, איז עס דאָך אַן אָרט, וואָס וועט שטענדיק דערמאָנען אין די פאַרצווייפלטע געשרייען און געוויין פון די עופלעך, פון די מאַמעס און טאַטעס.

וואָס זענען נאַקעטע אונטער געפּאַר פון „פּייטש" און שפּיז געטריבן געוואָרן דורך דער שמאָלער אַלייע, (אָדער ווי ס'האָבן גערופן לצניש די מערדער — די „הימל־שטראַסע") אין די גאַז־קאַמערן.

אַ שווער ביכל. אָבער ווי זאָגט די מחברין, ס'איז אַ נאַציאָנאַלער חוב צו וויסן דעם אמת.

דער ציל פון דעם ביכל איז במילא נישט בלויז היסטאָריש־זאַכלעך, צי ליטעראַריש איבערגעבן פאַקטן, נאָר וועקן דעם באַוווסטזיין ביים פאָלק, עס זאָל ענדלעך אין דער פולער מאָס באַגרייפן „צו וואָס עס פירט פאַשיזם, טאָטאַליזם, אייגנטלעך פּאָליטישער אינדיפערענטיזם און פּאָליטישע אינערץ פון מאַסן".

דאָס ביכל, וואָס איז געווידמעט דעם אויפשטאַנד שטיצט זיך אויף אַלע פאַראַנענע אויף דעם געביט רעלאַציעס מיט איין אונטערשיד. ס'איז בלויז אַן עמאָציאָנעלער קיצור פון די רעלאַציעס און מיידט אויס אָנרופן נעמען, פאַרטייען. די טענדענץ איז במילא אַרויסטיילן די יידישע העראָיק, איבערמענטשלעכע גבורה, די טראַגיק און דערהויבונג פון יענע טעג און אונטערשטרייכן, אַז די רומרייכע קעמפער זענען נישט קיין אייגנטום פון באַזונדערע פאַרטייען און ריכטונגען. אַז זיי געהערן צום גאַנצן פאָלק.

די אינטענץ אַ ריכטיקע. ס'איז אָבער שווער צו זאָגן צי דאָס אויסמיידן לעבעדיקע געשטאַלטן, נעמען, האָט נישט אָפּגעשוואַכט די אויסדריקלעכקייט פון בוך.

וואָס נוגע דעם שרייב־אופן פון די צוויי ביכלעך, אַנטשפּרעכט ער פולשטענדיק דער געמיט־איינשטעלונג פון דער מחברין צום אַרויסגעבראַכטן שטאָף. קורצע קאַפּיטלעך, קורצע, אָפט אָפּגעהאַקטע שורות, אָפטע נישט דערזאָגונגען, חי די ווערטער זאָלן מיט שווערקייט זיך אַרויסבאַקומען פון קעל, ווי ס'רעדט אַ מענטש אַ פאַרסאַפּעטער, אָדער שטאַרק אויפגעבראַכטער, דערשיטערטער.

און הגם רחל אויערבאַך — ווי זי גיט זיך אויך אויסגעצייכנט אָפּ אַ דין־וחשבון — איז נישט געלונגען אַלץ צו ווייזן און מיר האָבן מער פאַר זיך אַ דערציילן, איז אָבער דער אופן פון דערציילן כאַראַקטעריסטיש פאַר אַן אויפגעציטערט, צעווייטיקט האַרץ, וואָס וויל דאָך זיך נישט אונטערגעבן די עמאָציעס, נאָר דאָס אַדורכגעפּיבערטע, דורכגעליטענע באַזיניקן; ציען פון דעם מסקנות אויף להבא. און פון דאַנען דער טיפער גלויבן אין וויטאַליטעט פון פאָלק, דער גלויבן אין זיין ליכטיקער צוקונפט.

## ל. אָליצקי — „דער מענטש וועט גוט זיין" (משלים)

(פאַרלאַג „דאָס נייע לעבן", לאָדזש, 1947 י.)

דער קרעדאָ פון דעם מחבר איז קלאָר דעפינירט געוואָרן נישט בלויז אין דעם נאָמען פון בוך, נייערט אויך אין דעם פאָרוואָרט: „איך גלייב באמת — שרייבט אָליצקי — אויך איצט, נאָכן גרעסטן בראָך פון אונדזער פאָלק, אַז דער מענטש גייט צו דער זון, אַז ער וועט זיין גוט, און אַז עס וועט אים גוט זיין". אָט דער „להכעיס־נאָמען" פון בוך, דער יידישער גלויבן אין זיג פון יושר און מענטשלעכקייט, שאַפט דעם ספּעציפישן קלימאַט פון די משלים, וואָס ווירקט דערמוטיקנדיק און מאַכט גלויבן; אין די אומאויסשעפּלעכע וויטאַלע כוחות פון אונדזער פאָלק, לאָזט אַרויסלייכטן פון אונטער די שוואַרצע וואָלקנס פון מענטשלעכער פאַרדאַרבנקייט די זון פון מענטשנליבע, וואָס קרעפּטיקט דאָס לעבן.

ל. אָליצקי האָט פאַר דער מלחמה פאַרעפנטלעכט 6 בענדער פּראָזע און צוויי ביכלעך משלים („משלים", 1929 י.; „וועגט האָבן אויערן, 1939). יאָר האָבן פאַרמאָגט אויסגעצייכנטע אַקטועלע אין דורכאויס אָריגינעלע משלים. זיין נייע בוך משלים „דער מענטש וועט גוט זיין" איז ל. אָליצקיס אַ ווייטערדיקער שריט פאָרויס אויף דעם געביט. ער האָט דאָ באַוויזן אַרויס־

צופאַנגען ביז גאָר וויכטיקע טעמען, פון גרויסן נאַציאָנאַלן באַטייט און זיי צוטראָגן אין דער פאָרם פון אַן איינדייטיקער אַלעגאָריע מיט אַ קלאָרער אָפּטימיסטישער איינשטעלונג.

ל. אָליצקי האָט אַ חוש פאַר דעם אַקטועלן, פאַר טעמע, אָפּעריִרט גלענצנדיק מיט דער אַלעגאָריע און מעטאַפאָר, קאָן אַנימיזירן, אַריינהויכן לעבן אין דומם, אין בעלי־חיים און זיי צווינגען לעבן און האַנדלען לויט די טיפערע אידעישע אינ־טענצן פון מחבר, נישט פאַרמינערנדיק דערביי אין זייער אייגנ־אַרט. מיר גלייבן דער האַנדלונג, דעם „קאָנפליקט", און מיר גלייבן במילא אין דעם מוסר־השכל, וואָס ווערט אונדז דורך דעם משל צוגעטראָגן.

וואָס איז די הויפּט־טעמע פון אָליצקיס משלים? צי ברענגט ער אַרויס בלויז דאָס נעגאַטיווע און מיידט אויס צו געבן פּאָ־זיטיווע אידעאַלן? אַן ענטפער אויף די פראַגן איז שוין במילא געגליכן צום אויפדעקן סיי דעם דידאַקטישן, סיי דעם קינסט־לעריש־שעפערישן, סיי דעם נאַציאָנאַלן ווערט פון אָליצקיס ניי משלים־בוך.

ס'איז אַ באַוווּסטער פאַקט, אַז די צייטלעכע סאַטירע האָט גרויסע אומשטערבלעכע פאַרדינסטן פאַר איר תקופה, אָבער מיט דער ענדערונג פון די סאָציאַל־פּאָליטישע, צי עקאָנאָמישע פאַר־העלטנישן ווערט זי אָפט דעאַקטואַליזירט און באַקומט בלויז אַ קולטור־היסטאָרישן באַדייט. אַנדערש איז מיט די משלים, וואָס זענען נישט בלויז אַלעגאָריע, נאָר אויך קינסטלעריש געמעל, וועלכע נעמען אַלס טעמע, ביינאַנד מיט דעם פאַרבייגייענדיק־צייטלעכן, אויך דאָס נאַציאָנאַל־אייגנטלעכע, וואָס הגם ס'איז צייטלעך, איז עס אָבער ווינציקער אויסגעשטעלט אויף דער אָפּשוואַכנדיקער ווירקונג פון דער צייט. און ווען די צייט ענ־דערט עס אַפילו, געפינט דאָך דער לייענער אין דעם משל אַזאַ רייך געמעל, אַזאַ שטייגער־לייוונט, וואָס פאַראינטערעסירט און אַנטציקט. ס'איז גענוג צו דערמאָנען די משלים פון קרילאָוו און לאַפאָנטען, וואָס זענען געבליבן אַלס לייען־ און לערן־שטאָף פון דורות, בכדי זיך איבערצייגן אין דער ריכטיקייט פון דער פעסטשטעלונג.

ל. אָליצקי איז אין זיינע משלים אי פּאָעט, אי שילדערער. זיין משל לאָזט זיך נישט איינפּאַסן — קעגן די אינטענצן פון מחבר גופא — אין די ד' אמות פון נמשל אַדאַנק דער ברייט־קייט פון שטייגער־געמעל. און ווייל אין די משלים געפינען מיר באַנאַנד מיטן אויסלאַכן מענטשלעכע צביעות, גיריקייט, באַרי־מעריי, פאַלשקייט און פאַרדאָרבנקייט; באַנאַנד מיטן אַראָפּרייסן די מאַסקע פון די פאָלקס־באַוויינער און פאָלקס־„פאַרזאָרגער"— אויך אַ רוף „צום בויען, שאַפן, זיך פאַרמערן", זיך צוצואיילן „ממלא זיין דעם שאָדן", וואָס ווערט באַגלייט פון דער ברכה „וואַקסט קינדערלעך און שאַפט"! היות מיר טרעפן אין זיי, אין די משלים, עכט יידישן חוזק־שמייכל איבער די פאַרשידענע „הירזשיקלעך", וואָס ווילן אויף זיך ארויפציען אַ פרעמדע הויט, ס'הייסט פאַרנייגן זייער נאַציאָנאַלן אָפּשטאַם בכדי צו ווערן מיט לייטן גלייך, און ס'קומט אויף דאָ און דאָרט דער טראַדי־ציאָנעל־יידישער, דערהויבענער אידעאַל פון „ואהבת לרעך כמוך", „די האָפנונג, אַז אַ ברודער דעם צווייטן וועט דערקענען און אַז די יונגע ריטלעך, וואָס זענען אויפגעקומען אויף דעם „פּניאָק" פון דעם אַמאָל פעסטן, צעצווייגטן בוים, וועלן אַלץ שטאַרקער זיך אָנפילן מיט זאַפט און קראַפט, זיך אַדורכנעמען מיט לעבנס־גלי און ווייטער זיך ציען צו זון, צו ליכט און פרייד", — גיט אָליצקיס בוך אַ באַזונדערע אַקטועלע באַצייטזאַמקייט.

אין סך־הכל: אַ בוך פון אַ לערער אַ דיכטער, אַ בוך וואָס האָט נישט בלויז קיין ענג־דידאַקטישן ווערט, נאָר פאַר־מאָגט אַ שלל פון פאָלקס־פּיקחות און קען דינען, אַלס אָנגענעמע, באַלערנדיקע לעקטור פאַר קליין און גרויס אויף היינט און אַלס אַ דערקענטניש־קוואַל פאַר מאָרגן.

נחמן ראַפּפּ „פונקען אין אַש" (לידער).

(פאַרלאַג „נידערשלעזיע", 1947 י.)

דאָס איז די ערשטע פּאָעטישע פּובליקאַציע אויף די נייַ־דערוואָרבענע, אַלט־פּוילישע געביטן, ווו עס האָט זיך באַזעצט און פירט אַ פּראָדוקטיוו לעבן אַ גרויסער טייל פון די געראַ־טעוועטע יידן.

נחמן ראַפּפּ איז אַ יונגער דיכטער. ער פאַרמאָגט געמיט, בילד אי אַ חוש פאַר די נייע פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר אין יידישן לעבן. חוץ די שטאַרקע געפילן פון עלנט, ווייַ־טיק און צער, וועלכע קומען צום אויסדרוק אין זיינע לידער צוליב דער גרויסער פאָלקס־קאַטאַסטראָפע, טרעפן מיר אין זיי אויך אַפּאָטעאָז פון קאַמף און באַוווּסטזיין פון נויטווענדיקייט צו שאַפן נייע ווערטן, בויען און איבערבויען אויף נייע יסו־דות אונדזער ווירקלעכקייט — ווייזט עס אונדז, אַז מיר האָבן אין נחמן ראַפּפּן אַ דיכטער, וואָס גיט זיך אָפּ אַ דין־וחשבון וועגן דער גרויסער שליחות פון דעם קינסטלערישן וואָרט.

פון פאָרמעלן שטאַנדפּונקט לאָזט זיך ראַפּפּן היבש פאָר־וואַרפן: ער לאָזט זיך נאָך טעמאַטיש באַאיינפלוסן פון אַנדע־רע דיכטער, ער איז נאָך נישט גענוג אָפּגעהיט אין אַדעקוואַטן וואָרט און פאַרגלייך־באַנוץ, ער גייט נאָך צו שטאַרק מיטן דיכ־טערישן פּלוס און באַזיצט נאָך נישט די פעיקייט פון שלייפן דאָס וואָרט.

אָבער אַ גאַנצע ריי געלונגענע לידער און ערטער זאָגן עדות, אַז ראַפּפּ פאַרמאָגט וויזיע און געמיט. נידערשלעזיע באַגינסטיקט דעם וווּקס פון איר באַזינגער. און נידערשלעזיע איז ווערט באַ־זונגען צו ווערן.

י. אָקרוטני — „בוים אין ווינט" (דערציילונגען).

(פאַרלאַג „דאָס נייע לעבן", לאָדזש 1948 י.)

דאָס נייע פּראָזע־ביכל פון י. אָקרוטני, וועלכער האָט שוין פאַר דער מלחמה פאַרעפנטלעכט צוויי גרעסערע בענדער פּראָזע („אונדזער אָרעם ברויט" (נאָוועלן), 1936; „אַ הויז אויף אַלט־שטאָט (ראָמאַן)„ 1938) ברענגט ארויס אין די דערציילונגען ביל־דער סיי פון פאַרמלחמהדיקן לאָדזש („וואָלקנס אין פענצטער"), סיי די איבערלעבונגען פון די יידן בעת די ערשטע חדשים פון דער דייטשער אָקופּאַציע און דאָס לויפן אויף מזרח („אַ בוים אין ווינט"), סיי דעם אַרבעט־אָנשטרענג אין אַ סאָוועטישן בוי־באַטאַליאָן („לעבן)" — טעמען אינטערעסאַנטע, וויכטיקע, נוי־טיקע, ווייל אַנקערן אין אַ צייט פון גרויער פּרוווּנג פאַר אונד־זער פאָלק.

י. אָקרוטני געהערט צו דער גרופּע פּראָזאַיקער אין פאַר־מלחמהדיקן פּוילן, וואָס האָבן פאַר זייער אויפגאַבע געזען נישט אַזוי דאָס באַזינגען, ווי דאָס שילדערן, דערציילן, נישט אַזוי די קינסטלערישע אינטערפּרעטאַציע פון לעבנס־פאַקטן, ווי זייער שפּראַכלעכן לבוש. אָבער די עצם רעלאַציע וועגן מענטשלעכע איבערלעבונגען, פסיכישע צושטאַנדן האָט אויך אַ גרויסן באַדייט פאַר דער פיקסירונג פון אונדזער לעבן אין די גורל־יאָרן פון דער מלחמה, און אין דעם פּרט איז י. אָקרוטניס בוך אַ וויכ־טיקע פּאָזיציע אין אונדזער נאָכמלחמהדיקער פּראָזע.

מען קאָן נישט זאָגן, אַז די איינשטעלונג אויף אַן פּאַבו־לעבקייט, אַז דאָס נישט מאַכן דעם מינדעסטן אָנשטרענג אין דער ריכטונג פון קאָמפּאָזיציאָנעלער שלימות, פון בויען אויף הוילער נאַראַציע און פּסיכאָלאָגיזם איז אַ גליקלעכער. כ'ווייס נישט צי דער „פּרוסטיזם" איז בכלל פאַר אונדז אָננעמבאַר, יעדנפאַלס האָט ער ביי אָקרוטנין דעם עקזאַמען נישט אויסגעהאַלטן, און האָט בלויז באַשווערט די אוממיטלבאַרע אויפנעמלעכקייט פון דעם

געשילדערטן. ס׳באַקומט זיך דער איינדרוק פון שפּראַכלעכער איבערלאָדונג, פון טראַקטירן די שפּראַך אַלס זעלבסט־ציל און נישט ווי אַן אינסטרומענט, פון אַ נישט פּראָפּאָרציאָנעלקייט פון די טיילן.

לעוו טאָלסטאָי האָט אַמאָל געזאָגט: „די קונסט פון גוט שרייבן באַשטייט פאַר אַ פילבאַרן און קלוגן מענטש נישט אין דעם וויסן, וואָס צו שרייבן, נאָר אין דעם, ער זאָל נעמלעך וויסן, וואָס מען דאַרף נישט שרייבן. קיין שום געניאַלע צוזאָגן קאָנען דאָס ווערק אויף אַזוי פיל נישט פאַרבעסערן, ווי עס קאָנען פאַרבעסערן די אויסשטרייכונגען“.

אין ביכל „אַ בוים אין ווינט“ מערקן זיך מער די „צוגאָבן“, ווי די „אויסשטרייכונגען“ און דעריבער ווערט אָפּט צוליב דער אָנהויפונג פון מעטאַפאָריק, פון בילד, פון שילדערונג אָפּגעשוואַכט דאָס אויפנעמען פון דעם גרונט־געדאַנק פון די דערציילונגען.

נישט נאָר אין די פאַרמלחמהדיקע ווערק פון י. אַקרוטני, נאָר אַפילו אין זיין ערשט־דערשינענעם ביכל דערציילונגען איז אָנצוטרעפן אויף פּרעכטיקע ערטער, עפּיזאָדן, וואָס זאָגן אומצווייטייטיק עדות אויף גרויסע פּאָטענציעלע מעגלעכקייטן פון מחבר צו שילדערן קאַפּיטלעך פון יידישן לעבן אין דער ערשטער צייט פון דער היטלער־אָקופּאַציע אין פּוילן, סיי דאָס לעבן פון די פּליטים אויף דער גאַסטפריינדלעכער סאָוויעטישער ערד; סיי די פּראָצעסן אין דעם יידישן לעבן, וואָס בויט זיך אָפּ אויף די חורבות אין דעם דעמאָקראַטישן פּוילן.



די מאַטעריאַלן פון דער אָפּטיילונג „פון אומגעקומענע שרייבער“ האָבן מיר באַקומען פון דעם יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע. זיי שטאַמען פון רינגעלבלום־אַרכיוו. אויף די מאַנוסקריפּטן זענען אָנגעגעבן געוואָרן פּסעוודאָנימען. מיר גיבן זיי אָבער מיט די אמתע נעמען. (לויט די דערקלערונגען פון רינגעלבלומס נאָענטן מיטאַרבעטער ה. וואַסער). די מאַטעריאַלן האָט אויסגעקליבן רחל אויערבאַך.



דער אַלמאַנאַך דערשיינט מיט דער מאַטעריעלער הילף פון ניו־יאָרקער רעטונגס־פאָנד פאַר יידישע שרייבער אין אייראָפּע.



די הילע איז געצייכנט פון מאָלער י. רייזמאַן.

# אינהאַלט: